הערבערט וועלס

# וועלט-געשיכטע

פון דער פינפטער ענגלישער אויסגאַבע, מיט
הערות און דערקלערונגען ז. קלמנאָוויטש

מיט פיל אילוסטראַציעס

ווילנע — 1930

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

הערבערט וועלס

# וועלט-געשיכטע

באַנד III

ווילנע – 1930

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# קאַפּיטל 23

## וויסנשאַפט און רעליגיע אין אַלכּסנדריא

1. די וויסנשאַפט אין אַלכּסנדריא. 2. די פילאָסאָפיע אין אַלכּסנדריא. 3. אַלכּסנדריא ווי אַ וואַרשטאַט פון רעליגיעס. 4. אַלכּסנדר אין אינדיע.

איינער פון די גליקלעכסטע טיילן פון אלכּסנדר דעם גרויסנס קורצלעביקער וועלט־אימפעריע איז געווען עגיפטן, וואָס איז אָנגעקומען אין גורל פון פּטאָלעמאַיאָס (פּטאָלעמיי), וואָס מיר האָבן וועגן אים שוין גערעדט ווי וועגן איינעם פון אלכּסנדרס מקורבים, וואָס קיניג פיליפּ האָט געהאַט בשעתו פאַרטריבן פון לאַנד. עגיפּטן איז געווען ווייט פון די גאַליער און פּאַרטער און האָט ניט געליטן פון זייערע אָנפאַלן, און נאָכדעם ווי עס איז צעשטערט געוואָרן צור און די פעניקישע ים־מאַכט און עס איז געגרינדעט געוואָרן אלכּסנדריא, האָט די עגיפּטישע מלוכה ציטווייליק געקראָגן די איבערהערשאַפט אין מזרחדיקן טייל פון מיטללענדישן ים. אלכּסנדריא איז אויסגעוואַקסן אַזוי, אַז זי האָט געקאָנט זיך פאַרמעסטן מיט קאַרטאַגאָ. אין מזרח־זייט האָט זי געפירט אַ ים־האַנדל איבערן רויטן ים מיט אַראַביע און אינדיע; און אין מערב האָבן אירע סוחרים קאָנקורירט מיט די קאַרטאַגער. עס איז באַשערט געווען, אַז איר באַטייט ווי אַ האַנדלס־צענטער זאָל זיך האַלטן אַ סך יאָרהונדערטער; צו איר העכסטער מדרגה האָט זי באַדאַרפט אויסוואַקסן אונטער די רוימישע קיסרים.

אין די מאַקעדאָנישע און גריכישע מושלים פון די פּטאָלעמייער האָבן די עגיפּטער געפונען רעגירערס, וואָס איז זיי געווען

מער ניחא און גרינגער צו טראָגן, ווי אַלע פריערדיקע, וואָס זיי האָבן
געהאַט, זינט עגיפטן האָט אויפגעהערט צו זיין אַ זעלבשטענדיק



פטאָלעמיי סאָטער, דער „אויסלייזער", דער גרינדער פון דער פטאָ-
לעמיישער דינאַסטיע פון עגיפטן.

קיניגרייך. אין דער אמתן איז ריכטיקער צו זאָגן, אַז פּאָליטיש האָט עגיפּטן באַצוואונגען און איינגענומען די פּטאָלעמייער, איידער אַז די מאַקעדאָניער האָבן רעגירט איבער עגיפּטן.

עס איז געווען מער אַן אומקער צו די עגיפּטישע פּאָליטישע אידעעס, איידער אַ פּרווו צו העלעניזירן די רעגירונג פון לאַנד. פּטאָלעמיי איז געוואָרן פּרעה, דער גאָט-קיניג, און זיין רעגירונג האָט ווייטער געפירט די טראַדיציע פון פּעפּי, תותמס, רעמסס און נכו. אין אירע שטאָטישע ענינים, ווי ווייט זיי האָבן ניט אָנגערירט די געטלעכע איבערהערשאַפט פון פּרעה, האָט אלכסנדריא געהאַט אַ קאָנסטיטוציע פון דעם טיפּ, ווי אַ גריכישע שטאָט. און די שפּראַך פון הויף און פון דער אַדמיניסטראַציע איז געווען אַטיש גריכיש. גריכיש איז געוואָרן אַזוי ווייט די אַלגעמיינע שפּראַך פון די געבילדעטע אין עגיפּטן, אַז די יידישע עדה האָט געפונען פאַר נייטיק צו איבערזעצן איר ביבל אין גריכיש, ווייל אַ סך פון אירע אייגענע מענטשן האָבן מער ניט פאַרשטאַנען קיין העברעיש. אַטיש גריכיש איז עטלעכע יאָרהונדערטער פאַר און נאָך קריסטוס געווען די שפּראַך פון אַלע געבילדעטע פון אַדריאַטישן ים ביז צום פּערסישן אויסגוס.

פון אלכסנדרס מקורבים האָט פּטאָלעמיי, ווייזט אויס, אויפגעטאָן דאָס גרעסטע אויף צו פאַרווירקלעכן יענע אידעען וועגן אַ סיסטעמאַטישער אָרגאַניזאַציע פון וויסנשאַפט, וואָס אַריסטאָטעלעס האָט בלי-ספק מיט זיי באַקענט און געמאַכט זיי פּאָפּולער ביים הויף פון פיליפּ פון מאַקעדאָניע. פּטאָלעמיי איז געווען אַ מענטש מיט אויסערגעוויינטלעכע כשרונות, צוגלייך שעפעריש און באַשיידן. ער האָט אָנגעשריבן אַ געשיכטע פון אלכסנדרס מלחמות, נאָר זי איז פאַרלאָרן געגאַנגען; אָבער אַלע שפּעטערע באַריכטן, וואָס זיינען דערגאַנגען צו אונז, האָבן זיי אויסגענוצט פאַר אַ מקור.

דער מוזיי, וואָס ער האָט געגרינדעט אין אלכסנדריא, איז פּאַקטיש געווען דער ערשטער אוניווערסיטעט אין דער וועלט. ווי זיין נאָמען ווייזט, איז ער געווען געהייליקט דעם דינסט פון די מוזעס, אַזוי ווי די פּעריפּאַטעטישע שול אין אַטען, וואָס אַריסטאָטעלעסעס תלמידים האָבן געגרינדעט. אָבער אַ רעליגיעזע קערפּערשאַפט איז עס געווען בלויז לויט דער פאָרם, בכדי צו פאַרזיכערן די הכנסות פון דעם

מוסד אין א וועלט, וואס האט ניט געהאט קיין השגה וועגן א וועלט־לעכן גייסטיקן פראצעס. דאס איז געווען א קאלעגיע פון געלערנטע, וואס האבן זיך פארנומען דער עיקר מיט פארשן און מיט שרייבן ביכער, אבער אין א געוויסער מאס האבן זיי אויך געלערנט מיט תל־מידים. ביים אנהייב און אין משך פון צוויי־דריי דורות האט דער מוזיי פון אלכסנדריא פארגעשטעלט אזא וויסנשאפטלעכן שטאנד, אז אפילו אטען אין אירע בעסטע יארן האט ניט געקאנט זיך מיט אים פארגלייכן. באזונדערס גרונטיק און גוט איז געווען אוועקגעשטעלט מאטעמאטיקע און געאגראפיע. עס צייכענען זיך אויס די נעמען פון אייקליד, וואס איטלעך שול־יינגל ווייס אים איצט, עראטאסטענעס, וואס האט אויסגעמאסטן די גרייס פון דער ערד און האט נאר געהאט א טעות אין 50 ענגל. מייל ביים באשטימען איר דיאמעטער, אפאלא־גיוס, וואס האט געשריבן וועגן קאנישע שניטן. היפארכוס האט גע־מאכט דעם ערשטן פרווו צו קאטאלאגירן די שטערן און ארויסטראגן זיי אויף קארטעס, מיט דער כוונה צו קאנטראלירן די שינויים, וואס קאנען צוגיין אין הימל. הערא האט אויסגעפונען די ערשטע דאמף־מאשין. ארכימעדעס איז געקומען קיין אלכסנדריא שטודירן און איז געבליבן אן אפטער קארעספאנדענט מיטן מוזיי. בארימט איז אויך געווען די מעדיצינישע שול פון אלכסנדריא. דאס ערשטע מאל אין דער וועלט־געשיכטע איז געווארן געגרינדעט א שטאנד פון פראפעסיאנעלע וויסנשאפטלער. וועגן העראפילוסן, דעם גרעסטן פון די אלכסנדרינישע אנאטאמען, זאגט מען, ער זאל האבן געמאכט וויוויסעקציעס איבער פארמשפטע פארברעכערס. אנדערע לערערס, פארקערט, האבן ניט געהאלטן פון העראפילוסעס אנאטאמישער שיטה און האבן אנטוויקלט די וויסנשאפט פון רפואות.

אבער דער דאזיקער וויסנשאפטלעכער גלאנץ פון אלכסנדריא האט ניט געהאלטן לענגער פון א יארהונדערט. די ארגאניזאציע פון דעם מוזיי איז ניט געווען לכתחילה איינגעשטעלט צו פארזיכערן די שטאנדהאפטיקייט און כסדרקייט פון זיין קיום. ער איז געווען א „קיניגלעכע“ קאלעגיע; זיינע פראפעסארן און מיטגלידער (ווי מיר וואלטן זיי אנגערופן היינט) זיינען געווארן באשטימט און באצאלט דורך פרעה. „דער רעפובליקאנישער כאראקטער פון דעם מין פרי־

וואַטע קאָרפּאָראַציעס, וואָס זיינען אָנגערופן געוואָרן שולן אָדער אַקאַדעמיעס אין אַטען", זאָגט דער היסטאָריקער מעהעפי, „האָט זיי געמאַכט מער שטאַנדהאַפטיק און אומאָפּהענגיק". דער קיניגלעכער שוץ איז געווען זייער גוט, כּל זמן עס האָט געקיניגט פּטאָלעמיי I אָדער פּטאָלעמיי II, אָבער די משפּחה האָט דעגענערירט, און די אַלטע טראַדיציע פון דער עגיפּטישער כּהונהשאַפט האָט פאַרפלייצט די פּטאָלעמייער — און אינגאַנצן צעשטערט די אַריסטאָטעל'שע וויסנשאַפטלעכע גייסט-ריכטונג פון דעם מוזיי. דער מוזיי האָט ניט עקסיסטירט קיין הונדערט יאָר, ווי זיין וויסנשאַפטלעכע ענערגיע איז אויסגעגאַנגען.

זייט ביי זייט מיטן מוזיי האָט פּטאָלעמיי I געשאַפן אַ מער דויערנדיקן דענקמאָל פאַר זיך — דאָס איז די ביבליאָטעק. דאָס איז געווען אַ קאָמבינאַציע פון אַ מלוכה-ביבליאָטעק און אַ מלוכה-פאַרלאַג אין אַ ביז דעמאָלט ניט געהערטן מאַסשטאַב. זי האָט באַדאַרפט זיין אַן ענציקלאָפּעדישע אין פולן זין. אויב אַ פרעמדער האָט געבראַכט אַן אומבאַוואוסט בוך קיין עגיפּטן, האָט ער באַדאַרפט עס לאָזן קאָפּירן פאַר דער קאָלעקציע, און אַ גרויסער שטאַב קאָפּיסטן איז געווען אָנגעשטעלט אויף איבערצושרייבן כּסדר קאָפּיעס פון די מער פּאָפּולערע און נייטיקע ביכער. די ביבליאָטעק האָט געפירט אַ האַנדל מיט דער אויסווייניקסטער וועלט. זי איז געווען אַ ביכער-געשעפט. אונטער קאַלימאַכוס, וואָס איז געווען דער פירער פון דער ביבליאָטעק אונטער פּטאָלעמיי II און פּטאָלעמיי III, האָט מען זיך גענומען סיסטעמאַטיש אָרדענען און קאַטאַלאָגירן די זאַמלונגען.

אין יענע צייטן, באַדאַרף מען געדענקען, זיינען ביכער געווען געשריבן ניט אויף איינציקע בלעטער, דפים, נאָר אויף מגילות, וואָס זיינען געווען צונויפגעוויקלט אַזוי ווי איצט ספר-תורות ביי יידן, אַזוי אַז אויב דער לייענער האָט געוואָלט צוקומען צו אַ באַשטימטן אָרט אין בוך, האָט ער געמוזט אָפּוויקלען די מגילה; אַזאַ אַרבעט האָט אי דעם לייענער איינגעמאַטערט אי דעם בוך קיין טובה ניט געטאָן. מען האָט געקאָנט אפשר אויסקלערן אַ מין פּשוט מאַשינדל, וואָס זאָל קאָנען גרינג פונאַנדערוויקלען און צוּוויקלען אַזאַ מגילה, נאָר קענטיק, אַז מען האָט פון אַזוינע ניט געוואוסט. איטלעכס מאָל, ווען מען האָט באַדאַרפט לייענען אַ מגילה, האָט מען זי געמוזט נעמען מיט שווייסיקע

הענט. בכדי צו פֿאַרשפּאָרן צייט און מי ביים לייענען האָט קאַלימאַכוס צעטיילט גרעסערע ווערק, אַזעלכע ווי אַ שטייגער הערא‌דאָטס געשיכטע, אין „ביכער" אָדער בענד, ווי מיר זאָלטן זיי גערופֿן, איטלעכן אין אַ באַזונדער מגילה. די ביבליאָטעק פֿון אלכסנדריא האָט צוגעצויגן אַ סך מער מענטשן, וואָס זיינען געקומען אַהין שטודירן, אייִדער די לערערס פֿון מוזיי. די אייַנוואוינער פֿון אלכסנדריא, וואָס האָבן באַדאַרפֿט באַזאָרגן מיט דירה און קעסט אַלע די דאָזיקע פֿרעמדע, וואָס זיינען געקומען פֿון אַלע עקן וועלט, האָבן דערפֿון געהאַט אַ פֿיינע פּרנסה.

עס איז טשיקאַווע צו פֿאַרצייכענען, ווי פּאַוואָליע עס ווערט אויסגעבעסערט דער מעכאַניזם פֿון אינטעלעקטועלן לעבן. זאָל מען אַוועקשטעלן איינס קעגן אַנדערן די ביבליאָטעק פֿון אַ געוויינטלעכער ענגלישער שטוב פֿון מיטעלן שטאַנד, אַן ערך אַזעלכע, וואָס דער מחבר אַרבעט איצט אין איר, מיט די אַרבעטס-תּנאָים פֿון אַן אלכסנדרינישן מחבר, וועט מען תּיכּף זען, ווי גרינג עס אַרבעט זיך דעם ערשטן און וואָסערע שוועריקייטן עס האָט באַדאַרפֿט גובֿר זיין דער לעצטער. עס איז גרינג זיך אויסצומעלן, וויפֿיל איבעריקע צייט איז געפּטרט געוואָרן, וויפֿיל פֿיזישע אָנשטרענגונג און וויפֿיל אויפֿמערקזאַמקייט איז אומזיסט אַוועקגעגאַנגען אין משך פֿון אַלע די יאָרהונדערטער, וואָס די ביבליאָטעק האָט עקסיסטירט. פֿאַרן מחבר פֿון דעם בוך ליגן אַ האַלב טוץ ביכער, און אין דריי זיינען פֿאַראַן גוטע זוך-צעטלען. ער קאָן אַ נעם טאָן גרינג איינס פֿון די זעקס ביכער, אויפֿזוכן גיך אַלץ וואָס ער דאַרף, קאָנטראָלירן אַ ציטאַטע און ווייטער שרייבן. שטעלט אַנטקעגן דעם — וויפֿיל דאַרף דאָס אָפּנעמען צייט און כּוח פֿונאַנדערצוויקלען אַ געשריבענע מגילה. האַרט ביי דער האַנט האָט ער צוויי ענציקלאָפּעדיעס, אַ ווערטערבוך, אַ וועלט-אַטלאַס, אַ ביאָגראַפֿיש ווערטערבוך, און אַנדערע נאָכקוק-ביכער. אמת, ניטאָ אויף די ראַנדן פֿון די עמודים קיין מראי-מקומות; אָבער דאָס איז אפֿשר צופֿיל פֿאַרלאַנגט. 300 פֿאַר קר. זיינען אַזעלכע מיטלען אין דער וועלט ניט געווען. אלכסנדריא האָט באַדאַרפֿט אַרויסברענגען די ערשטע גראַמאַטיק און דאָס ערשטע ווערטערבוך. איצט ווערט אַ בוך אָנגע-

שריבן מיטן האַנט; דערנאָך נעמט דאָס אַ מאַשין-שרייבער און שרייבט עס איבער אויף דער מאַשין זייער גענוי. דעמאָלט קאָן עס, מיט דער גרעסטער באַקוועמקייט, נאָך אַמאָל ווערן איבערגעלייענט, אויסגעבעסערט שטאַרק, פריי איבערגעשטעלט, ווידער אַמאָל איבערגעשריבן אויף דער מאַשין און נאָך אַמאָל אויסגעבעסערט. דער אַלכּסנדרישער מחבר האָט באַדאַרפט דיקטירן אָדער איבערקאָפּירן איטלעך וואָרט, וואָס ער האָט געשריבן. איידער ער האָט זיך געקאָנט ווענדן צו דעם, וואָס ער האָט געהאַט פריער אָנגעשריבן, האָט ער באַדאַרפט אָפּטריקענען זיינע לעצטע ווערטער דורך אַרומפירן דאָס אין דער לופט אָדער אַרויפשיטן זאַמד; ער האָט אַפילו ניט געהאַט קיין קלעקפּאַפּיר. אויב אַ מחבר האָט עפּעס אָנגעשריבן, האָט עס באַדאַרפט ווערן איבערגעקאָפּירט איין מאָל און נאָך אַמאָל, איידער עס איז אָנגעקומען צו אַ מער ווייניקער באַדייטיקן קלאַס לייענער, און איטלעכער איבערשרייבער האָט אַריינגעשריבן נייע טעותן. נייע ביכער פלעגט מען דיקטירן פאַר אַ סך איבערשרייבערס, און אַזוי פלעגט מען אַרויסלאָזן כּוף-כּל-סוף אַן ערשטע אויפלאַגע פון עטלעכע הונדערט עקזעמפּלאַרן. אין רוים זיינען האָראַץ און ווירגילי געוואָרן אַרויסגעלאָזט אין גאַנץ היפּשע אויסגאַבעס. אַז מען האָט באַדאַרפט האָבן דיאַגראַמעס אָדער קאַרטעס, זיינען ווייטער געווען שוועריקייטן. אַזאַ וויסנשאַפט, ווי אַנאַטאָמיע למשל, וואָס איז אָפּגעהאַנגען פון גענוי צייכענען, איז מסתּמא שטאַרק געשטערט געוואָרן דורך דער נאַטירלעכער באַגרענעצטקייט פון דעם קאָפּיסט. איבערגעבן געאָגראַפישע פאַקטן איז ווידעראַמאָל געווען אַ פאַרשלעפּטער עסק. עס וועט בלי-ספק קומען אַ טאָג, ווען די פּריוואַטע ביבליאָטעק און דער שרייב-טיש פון יאָר 1925 פאַר קר. וועלן אויך אויסקומען אומגעלומפּערט און אומבאַקוועם ביז גאָר; אָבער ווען מען מעסט מיט דער מאָס פון אַלכּסנדריאַ, זיינען זיי הפלאדיק באַקוועם און פאַרשפּאָרן אַ סך נערוון- און גייסט-ענערגיע.

אין אַלכּסנדריאַ האָט מען קענטיק ניט געמאַכט קיין פּרוּוו צו דרוקן עפּעס. דאָס איז אין פלוג זייער אַ חידושדיקע זאַך. די וועלט איז ממש אויסגעגאַנגען נאָך ביכער, און ניט נאָר פּשוט נאָך ביכער. עס איז געווען אַ פּובליקע, וואָס האָט זיך שטאַרק געניטיקט אין

ידיעות, פּראָקלאַמאַציעס, וכדומה. נאָר ביזן 15טן י"ה נאָך קר. איז אין דער געשיכטע פון די מערבדיקע ציוויליזאַציעס ניט געווען גאָרנישט, וואָס מען זאָל קאָנען אָנרופן דרוק. דאָס באַטייט ניט, אַז דאָס דרוקן פאַר זיך זאָל זיין געווען עפּעס אַ פאַרבאָרגענע קונסט אָדער אַז עס זאָל זיין אָפּהענגיק פון וואָסערע עס איז פריערדיקע אַנטדעקונגען. דאָס דרוקן איז זייער אַ פּשוטער קונץ. אין פּרינציפּ האָט מען שוין פון דעם געוואוסט. ווי מיר האָבן שוין קאָנסטאַטירט, איז פאַראַן אַ יסוד משער צו זיין, אַז די פּאַלעאָליטישע מענטשן פון דעם מאַדליין=פעריאָד האָבן אפשר אויפגעדרוקט צייכנס אויף זייערע לעדערנע בגדים. די „זיגלען" פון די אַלטע שומערער האָבן אויך געדינט צום דרוקן. מטבעות ווערן געדרוקט. מענטשן וואָס קאָנען ניט שרייבן האָבן אין אַלע צייטן גענוצט הילצערנע אָדער מעטאַלענע שטעמפּלען אָנשטאָט זייערע חתימות; אַזוי, למשל, האָט ווילהעלם I, דער גאָרמאַנישער באַצווינגער פון ענגלאַנד, געהאַט אַזאַ שטעמפּל מיט טינט אויף צו חתמען דאָקומענטן. אין כינע פלעגט מען דרוקן די קלאַסיקער אַרום צווייטן יאָרהונדערט נאָך קר. אָבער צי איבער אַ סכום קליינע שוועריקייטן מכּוח טינט אָדער פּאַפּירוס אָדער דער פאָרם פון די ביכער, אָדער ווייל עס האָבן אפשר געשטערט די באַלעבאַטים פון שקלאַפן קאָפּיסטן, אָדער ווייל דאָס שרייבן האָט זיך אויסגעוויזן אַזוי גרינג און גיך, אַז מענטשן האָבן פאַרשפּאָרט זוכן נאָך אַ גרינגערן אופן שרייבן, ווי די כינעזישע צייכנס אָדער גאָטישע אותיות, אָדער מחמת דער שפּאַלטונג אין דער סאָציאַלער סיסטעם צווישן די מענטשן פון דענקען און וויסנשאַפט און צווישן די מענטשן פון טעכנישער געשולטקייט, — מען איז ניט געפאַלן אויפן שכל צו נוצן דרוק, אַפילו ניט בכדי צו רעפּראָדוצירן גענויע אילוסטראַציעס.

די הויפּט=סיבה, פאַרוואָס דרוקעריי איז סיסטעמאַטיש ניט אַנטוויקלט געוואָרן, ליגט בלי=ספק דערין, וואָס עס איז ניט געווען קיין פּאַסיקער מאַטעריאַל צו דרוקן אויף אים. פּאַפּירוס איז געווען גאָר קנאַפּ, דערביי האָט מען געדאַרפט צוקלעפּן איין פאַס צום צווייטן, און עס איז ניט געווען קיין פעסטער פאָרמאַט פון בויגן. ערשט אַז פּאַפּיר איז אַראָפּגעקומען פון כינע קיין איראָפּע, האָט מען געקאָנט קלערן וועגן דרוק. וואָלטן אין דער אַלטער וועלט אַפילו געווען דרוק=

פרעסן, וואָלטן זיי באַדאַרפֿט שטיין און וואַרטן, ביז מען וועט פֿאַרטיק מאַכן די פּאַפּירוס-מגילה. אָבער די דאָזיקע דערקלערונג איז ניט גענוג צו פֿאַרענטפֿערן, פֿאַרוואָס מען האָט ניט גענוצט די דרוק-מעטאָדע אויף צו מאַכן אילוסטראַציעס און דיאַגראַמעס.

די דאָזיקע באַגרענעצונגען דערקלערן אונז, פֿאַרוואָס איז דאָס געשען אַזוי, וואָס פֿון איין זייט האָט אַלכּסנדריא געקאָנט דערגרייכן צו די העכסטע אויפֿטוען פֿון שכל — למשל, עראַטאָס-טענעסעס חשבון, אַז מען נעמט אין אַכט זיין אָרעמקייט אין אַפּאַראַטן, איז גענוג אים אַוועקצושטעלן אויף איין מדרגה מיט ניוטאָן און פּאַסטער — נאָר פֿון דער אַנדער זייט האָט זי געהאַט ווינ-ציק אָדער גאָר קיין השפּעה ניט אויפֿן גאַנג פֿון דער פּאָליטיק אָדער פֿון לעבן און דענקען פֿון פֿאָלק אַרום איר. איר מוזיי און ביבליאָטעק זיינען געווען אַ צענטער פֿון ליכטיקייט, אָבער עס איז געווען אַ ליכטי-קייט איינגעשלאָסן אין אַ פֿינסטערן לאַמטערן, באַהאַלטן פֿון גאָר דער וועלט. ניט געווען קיין מיטל אַרויסצוטראָגן די רעזולטאַטן אַפֿילו צו מענטשן, וואָס האָבן זיך דערמיט אינטערעסירט, סיידן דורך שרייבן בריוו. ניט געווען קיין מעגלעכקייט מיטצוטיילן דעם כּלל מענטשן דאָס, וואָס מען איז דאָ דערגאַנגען. שטודירנדיקע האָבן געמוזט אויסגעבן אוצרות, בכדי צו קומען קיין אַלכּסנדריא און זיצן דאָרט און לערנען, ווארעם ס'איז ניט געווען קיין אַנדער וועג, ווי אַזוי צו כאַפּן אַפֿילו אַ בראָק וויסן. אין אַטען און אַלכּסנדריא זיינען געווען ביכער-קראָמען, וואו מען האָט געקאָנט קויפֿן פֿאַר געמעסיקטע פּרייזן כּתבֿ-ידן פֿון פֿאַרשיידענעם אינהאַלט און פֿאַרשיידענעם ווערט, אָבער אויב מען וואָלט וועלן פֿאַרשפּרייטן בילדונג צווישן ברייטערע שיכטן און אין אַנדערע צענטרען, וואָלט באַלד פּאַפּירוס ניט געקלעקט. צו די מאַסן האָט בילדונג לגמרי ניט דערגרייכט; בכדי צו באַקומען ביל-דונג פֿון העכערן גראַד האָט מען געמוזט אינגאַנצן פֿאַרלאָזן דאָס געוויינטלעכע לעבן און אויף יאָרן-לאַנג זיך באַזעצן אין דער גע-זעלשאַפֿט פֿון געלערנטע, וואָס האָבן זיך אינגאַנצן אויסגעטאָן פֿון דער וועלט און זיינען אינגאַנצן געווען פֿאַרזונקען אין זייערע מגילות. דאָס לערנען איז, אמת, ניט געווען אַזאַ אָפּשיידן זיך פֿון וואָכעדיקן לעבן, ווי די הייליקונג אין אַ כּהונה, אָבער ענלעך צו דעם איז דאָס געווען.

און גאָר גיך האָט יענער געפיל פון פרייהייט, יענע אָפּנקייט און אָנפּניותדיקייט פון באַהויפּטונג, וואָס איז די לעבּנס־לופט פון דעם אמתן אינטעלעקטועלן לעבּן, זיך געפעלט אין אלכּסנדריא. שוין לכתחילה האָט דער שויך אַפילו פון פּטאָלעמיי I געשטעלט אַ גרענעץ באַר פּאָליטישע חקירות. איצט האָבּן די חילוקי־דעות פון די וויסנשאַפטלעכע שולן געלאָזט די אָבּערגלויבּנס און פּאָראורטיילן פון שטאָטישן המון־עם אַריינדרינגען אין די וויסנשאַפטלעכע ענינים.

וויסנשאַפט איז פון אלכּסנדריא פאַרשוואונדן און האָט איבּערגעלאָזט נאָך זיך פּעדאַנטיזם. אָנשטאָט דעם באַנוץ פון ביכער איז געשטעלט געוואָרן אַ קולט פון ביכער. גאָר גיך זיינען די געלערנטע געוואָרן אַ קלאַס מענטשן צעדרייטע, ניט פון דער וועלט, וואָס עס איז געווען שווער מיט זיי דורכצוקומען. דער מוזיי האָט ניט עקסיסטירט קיין האַלבּ טוץ דורות, ווי אלכּסנדריא האָט זיך באַקענט מיט אַ נייעם טיפּ מענטש: אַן אָפּגעזונדערטן פון דער וועלט, מיט כּאָרגע גענג, אומפּראַקטיש, פאַרשטייט זיך ניט אויף תוך־זאַכן, איינגעגעסן אין די קלייניקייטן פון אות, גרויסהאַלטעריש קעגן קאָלעגן און אַ פּשיטא שוין קעגן דער ניט־געלערנטער וועלט — מיט איין וואָרט, דער טיפּ פּעדאַנטישער געלערנטער. ער איז געווען פּונקט אַזוי אומטאָלעראַנט ווי דער כּוהן, הגם ער האָט קיין מזבח ניט געהאַט; ער איז געווען פּונקט אַזוי פינסטער ווי דער מאַגיקער, הגם ער האָט קיין הייל ניט געהאַט. פאַר אים איז ניט געווען קיין מעטאָד פון קאָפּירן צו נודנע און קיין זעלטן בוך איז ניט געווען גענוג אומצוטריטלעך. ער איז געווען אַ מין טפל־פּראָדוקט פון דעם אינטעלעקטועלן פּראָצעס פון דער מענטשהייט. אין משך פון אַ סך ווערטפולע דורות זיינען די ניי אָנגעצונדענע פייערן פון מענטשלעכן שכל געווען פאַרשטעלט דורך אָט דעם טפל־פּראָדוקט.

## 2. די פילאָסאָפיע אין אַלכּסנדריאַ.

צוערשט איז די גייסטיקע אַקטיוויטעט אין אלכּסנדריא געווען קאָנצענטרירט אין מוזיי, און איז געווען דער עיקר געווענדט אויף נאַטור־וויסנשאַפט. פילאָסאָפיע, וואָס איז אין אַ מעכטיקערער תקופה

געוועזן די לעדיע וועגן דער מאַכט איבער זיך אַליין און איבער דער מאַטעריעלער וועלט, איז אָן צו פֿאַרלירן די דאָזיקע פּרעטענזיעס גע־וואָרן פּאַקטיש אַ דאָקטרינע פֿון אַ פֿאַרבאָרגענער טרייסטונג. דאָס וואָס האָט באַדאַרפֿט וועקן און טרייבן צו מעשים איז געוואָרן אַ שיכּרות־מיטל, וואָס פֿאַרשלעפֿערט. דער פֿילאָסאָף האָט פֿאַרלאָזן די מיאוסע וועלט, וואָס ער איז געווען אַ טייל פֿון איר, און האָט זיך געטרייסט מיט די שיינע און הויכע ווערטער, אַז די וועלט איז אַ חלום, און אַז אין אים גופֿא איז פֿאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס געהער ניט צו דער דאָזיקער וועלט און איז העכער און בעסער פֿאַר איר. אַטען — פּאָליטיש אָן שום באַטייט, נאָר אין משך פֿון 4טן י״ה נאָך אַ גרויסער און גוט באַפֿעלקערטער האַנדלס־צענטער, וואָס איז נאָר בהדרגה געגאַנגען אַראָפּ, וואָס איז שייך דעם אויסווייניקסטן אויסזען, באַהאַנדלט מיט אַ משונהדיקן דרך־ארץ, וואָס אין דעם האָט געשטעקט האַלב ביטול, דורך די אַלע קריגערישע אַוואַנטוריסטן פֿון דער וועלט — איז געווען דער פּאַסיקער צענטער פֿאַר אַזאַ פֿילאָסאָפֿישער תּורה. דאָס איז געווען אַ פּאָר יאָרהונדערטער פֿריער, איידער די שולן פֿון אלכּסנדריא האָבן געקראָגן אַזאַ חשיבות אין דער פֿילאָסאָפֿיע.

---

3. אַלכּסנדריאַ ווי אַ וואַרשטאַט פֿון רעליגיעס.

אויב אלכּסנדריא האָט ערשט שפּעט אַנטוויקלט אַן אייגענע פֿילאָסאָפֿיע, האָט זי פֿרי זיך אויסגעצייכנט ווי אַ גרויסער וואַרשטאַט און אויסבייט־פּונקט פֿון רעליגיעזע אידעעס.

דער מוזיי און די ביבליאָטעק האָבן רעפּרעזענטירט נאָר איינע פֿון די דריי זייטן פֿון דער דרייקער שטאָט אלכּסנדריא. זיי האָבן רעפּרעזענטירט דעם אַריסטאָטעלישן, דעם העלענישן, דעם מאַקעדאָ־נישן עלעמענט. נאָר פּטאָלעמיי I האָט צונויפֿגעבראַכט אַנדערע פֿאַקטאָרן אין דעם דאָזיקן אויסטערלישן צענטער. צוערשט זיינען דאָרט געווען אַ גרויסע צאָל יידן, געבראַכט צום טייל פֿון פּאַלעסטינע, נאָר אַ סך אויך פֿון יענע ישובים אין עגיפּטן, וואָס האָבן קיינמאָל ניט געהערט צו ירושלים. דאָס זיינען געווען די יידן פֿון דער דיאַס־



בודיסטישע סקולפּטור, מיט גריכישן איינפלוס.

פֿאָרע, אָדער צעשפּרייטונג, יידן וואָס זיינען קיין מאָל ניט געווען אין גלות־בבל, נאָר פֿונדעסטוועגן האָבן זיי אויך געהאַט די ביבל און זיינען געווען פֿאַרבונדן דורך קאָרעספּאָנדענץ מיט זייערע גלויבנס־ברידער אין גאָר דער וועלט. די יידן האָבן באַזעצט אַזאַ גרויסן קוואַרטאַל פֿון אַלכּסנדריא, אַז די דאָזיקע שטאָט איז געוואָרן די גרעסטע יידישע שטאָט אין דער וועלט, מיט אַ סך מער יידן, ווי עס זיינען געווען אין ירושלים. מיר האָבן שוין פֿאַרצייכנט, אַז זיי האָבן געפֿונען פֿאַר נייטיק צו איבערזעצן זייערע שריפֿטן אין גריכיש. און עס איז נאָך געווען אַ גרויסע באַפֿעלקערונג פֿון איינגעבאָרענע עגיפּטער, וואָס האָבן אייך על־פּי־רוב גערעדט גריכיש, נאָר טיף אין זייער נשמה איז געווען פֿאַרגראָבן אַ טראַדיציע פֿון פֿערציק יאָרהונדערטער טעמפּל־רעליגיע און טעמפּל־קרבנות. אין אלכּסנדריא האָבן זיך באַגעגנט דריי טיפֿן פֿון גייסט און געמיט, די דריי הויפּט־טיפּן פֿון דער ווייסער ראַסע: דער קלאָרער קריטישער גייסט פֿון די אַרישע גריכן, דער מאָראַלישער ברען און דער מאָנאָטעיזם פֿון די סעמיטישע יידן און די אַלטע טראַדיציע פֿון מיסטעריעס און קרבנות, וואָס מיר האָבן זיי שוין געזען אין די פֿאַרבאָרגענע קולטן און מנהגים פֿון גריכנלאַנד און וואָס די חמיטישע עגיפּטער האָבן זיי אָפּגעריכט אין גרויסע טעמפּלען אָפֿן פֿאַר דער ליכטיקער שיין.

אָט די דריי יסודות זיינען דאָס געווען די שטענדיקע עלעמענטן פֿון דעם אַלכּסנדרינישן געמיש. אָבער אין דעם ים־האַפֿן און אויף די מערק האָבן זיך אויסגעמישט מענטשן פֿון אַלע באַוואוסטע פֿעלקער, האָבן פֿאַרגלייכט און אָנגעמאָסטן מיט אַנאַנד זייערע רעליגיעזע אידעעס און מנהגים. עס ווערט אַפֿילו דערציילט, אַז אין דריטן יאָרהונדערט פֿאַר קר. זיינען אַראָפּגעקומען בודיסטישע מיסיאָנערן פֿון קיניג אַסאָקאַס הויף אין אינדיע, און שפּעטער איז דאָרט געווים געווען אַ קאָלאָניע פֿון אינדישע סוחרים. אַריסטאָטעלעס באַמערקט אין זיין „פּאָליטיק“, אַז די רעליגיעזע גלויבונגען פֿון מענטשן זיינען מסוגל אַראָפּצונעמען זייער פֿאָרם פֿון די פּאָליטישע אינסטיטוציעס. „מענטשן פּאַסן צו דאָס לעבן און די קערפּערלעכע פֿאָרמען

פון די געטער צו זייערע אייגענע". און יענע תּקופה, ווען עס זיינען געוואָרן די גרויסע העלעניסטישע אימפּעריעס אונטער אַוטאָקראַטישע מאָנאַרכן, האָט שוין מער ניט געקאָנט פאַרטראָגן יענע אַלטע באַרימטע געטער פון די שבטים און איינציקע שטעט. מענטשן האָבן געזוכט געטער, וואָס זאָלן אַרומנעמען לכל־הפּחות אַזאַ שטח, ווי אַן אימפּעריע, און ווי ווייט עס האָבן ניט געשטערט די אינטערעסן פון די מעכטיקע כּהנים־אָרגאַניזאַציעס, איז צוגעגאַנגען אַן אינטערעסאַנטער פּראָצעס פון צונויפשמעלצונג פון די געטער. מענטשן האָבן איינגעזען, אַז הגם עס זיינען פאַראַן אַ סך געטער, זיינען זיי אָבער אַלע שטאַרק ענלעך צו אַנאַנד. דאָרט, וואו עס זיינען געווען אַ סך געטער, זיינען מענטשן געפאַלן אויפן רעיון, אַז בעצם איז דאָס נאָר איין גאָט אונטער פאַרשיידענע נעמען. ער איז געווען אומעטום דער זעלביקער אונטער אַן אַנדער געשטאַלט. דער רוימישער יופּיטער, דער גריכישער זעוס, דער בבלישער בל־מרדוך, דער עגיפּטישער אַמאָן — דער זעלביקער אַמאָן, וואָס איז געווען דער כּלומרשטער פאָטער אַלכּסנדרס און דער אַמאָליקער קעגנער פון אַמענאָפּיס IV — אָט די אַלע זיינען געווען גענוג ענלעך צו אַנאַנד, אַז מען זאָל זיי קאָנען האַלטן פאַר איינס.

דאָרט, וואו עס זיינען געווען בפירושע אונטערשייד, האָט מען די שוועריקייט פאַרענטפערט דורך דעם, וואָס מען האָט געזאָגט, אַז דאָס זיינען פאַרשיידענע בחינות פון דעם זעלביקן גאָט. נאָר בל־מרדוך איז איצט געווען אַ גאָט אַ יורד, וואָס האָט קוים געלעבט ווי אַ פסעוודאָנים; אַשור, דגון און כּדומה אַזעלכע אַלטע געטער פון געפאַלענע פעלקער זיינען שוין לאַנג געווען פאַרגעסן און זיינען ניט אַריינגענומען געוואָרן אין דעם צונויפשמעלץ. אָמרים, אַ גאָט, וואָס איז געווען היפּש פּאָפּולער ביים עגיפּטישן המון־עם, איז שוין געווען אידענטיפיצירט מיט אַפּיס, דעם הייליקן אָקס אין טעמפּל פון מעמפיס, און אין אַ געוויסער מאָס אויסגעמישט מיט אַמאָן. אונטערן נאָמען סעראַפּיס איז ער געוואָרן דער גרויסער גאָט פון דער העלעניסטישער אַלכּסנדריא. ער איז געווען יופּיטער־סעראַפּיס. די עגיפּטישע קו־געטין האַתאָר אָדער איזיס איז איצט פאַרגעשטעלט געוואָרן אין מענטשלעכער געשטאַלט, ווי די ווייב פון

אָסירים, וואָס אים האָט זי געבאָרן דאָס קינד האָרוס, וואָס איז ווידער אויסגעוואַקסן צו זיין אָסירים. פאַר אַ מאָדערנעם גייסט קלינגען די דאָזיקע פּראָסטע הנחות געוויס משונהדיק, אָבער אָט־די אידענטיפיצירונג און צונויפשמעלצונג פון איין גאָט מיט אַ צווייטן גאָט אילוסטרירט גוט די אָנשטרענגונג פון אויפגעוועקטן מענטשלעכן פאַרשטאַנד, וואָס האָט זיך געמיט ניט צו פאַרלירן די רעליגיע מיט אירע עמאָציעס און חברשאַפט דורכדעם, וואָס ער האָט די געטער מקרב געווען צו שכל.

אָט די צונויפשמעלצונג פון די געטער ווערט אָנגערופן ט ע אָ ק ר אַ ס י אַ, און אין ערגעץ איז זי ניט געגאַנגען שטאַרקער, ווי אין אַלכּסנדריאַ. מער ניט צוויי פעלקער זיינען אין יענעם פּעריאָד געבליבן פאַר זיך: די יידן, וואָס האָבן שוין געהאַט זייער גלויבן אין איין איינציקן גאָט פון הימל און ערד, און די פּערסער, וואָס האָבן געהאַט אַ מאָנאָטעיסטישן זון־קולט.

פּטאָלעמיי I האָט געגרינדעט ניט נאָר דעם מוזיי אין אַלכּסנדריאַ, נייערט אויך דעם סעראַפּייאָן, וואָס איז געווען געהייליקט דעם קולט פון אַ געטער־דרייהייט, וואָס שטעלט פאָר דעם רעזולטאַט פון אַ טעאָקראַסיאַ, וואָס איז געווען ספּעציעל צוגעפּאַסט צו די געטער פון גריכנלאַנד און עגיפּטן.

די דאָזיקע דרייהייט איז באַשטאַנען פון דעם גאָט סעראַפּיס (= אָסירים + אַפּיס), דער געטין איזיס (= האַתאָר, די קו־לבנה־געטין) און דעם קינד־גאָט האָרוס. אויף דעם אָדער יענעם וועג איז במעט איטלעכער אַנדער גאָט געווען אידענטיפיצירט מיט איינער אָדער דער אַנדערער פון די דריי בחינות פון דעם איין גאָט, אַפּילו דער פּערסישער זון־גאָט מיטראַ. און איטלעכער פון זיי איז געווען אויך דער אַנדערער; זיי זיינען געווען דריי, אָבער זיי זיינען אויך געווען איינער. מען האָט צו זיי געדינט מיט אַ גרויסן ברען, און זייערע צערעמאָניעס האָט מען געקלינגען מיט אַן איסטערלישן אינסטרומענט, דעם ס י ס ט ר ו ם, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ ראַם, באַזעצט מיט גלעקלעך.

איצט געפינען מיר דאָס ערשטע מאָל די אידעע פון דער אומשטאַרבלעכקייט (השארת הנפש), ווי די צענטראַלע אידעע פון אַ

רעליגיע, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אויך אַריבער די גרענעצן פון עגיפּטן. עס ווייזט אויס, אַז ניט די אַלטע אַריער און ניט די אַלטע סעמיטן האָבן ניט געדאַגהט שטאַרק וועגן השאָרת־הנפש, איך דעם



די דהאמעק סטופּא, אָרט פאַר עולה רגל זיין אין סאַרנאַטה ביי בענאַרעס, דעם געבוירן־אָרט פון בודיזם.

מאָנגאָלישן גייסט האָט דאָס גאָר ווינציק פאַרטשעפּעט, מער ניט די עגיפּטער האָבן, פון די עלטסטע צייטן אָן, שטאַרק אינטערע־

פירט זיך מיטן המשך פון דעם אינדיווידועלן לעבן נאָכן טויט. איצט האָט דער דאָזיקער רעיון געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דעם קולט פון סעראַפּיס. אין דער הייליקער ליטעראַטור פון דעם דאָזיקן קולט ווערט ער אָנגערופן „דער אויסלייזער און פירער פון די נשמות, וואָס פירט די נשמות צו ליכטיקייט און נעמט זיי ווידער צוריק“. עס שטייט געשריבן, אַז „ער וועקט אויף די טויטע, ער באַווייזט די געגאַרטע זון־שיין צו אַלע, וואָס זעען, וואָס זייערע הייליקע קברים האָבן אַ סך הייליקע ביכער“; און ווייטער: „קיינמאָל קאָנען מיר אים ניט אויסמיידן, ער וועט אונז אויסלייזן, נאָכן טויט וועלן מיר נאָך זיין אונטער זיין השגחה“. צום קולט אין סעראַפּיאָן האָט געהערט דער מנהג אָנצוצינדן ליכט און מקריב זיין קליינע מאָדעלן פון דעם מענטשנס גלידער, וואָס האָבן זיך געניטיקט אין אַ רפואה. איזיס האָט צוגעצויגן אַ סך גלויביקע, וואָס האָבן איר געהייליקט זייער לעבן. אירע בילדער זיינען געשטאַנען אין טעמפּל, געקרוינט ווי די קיניגין פון הימל, מיטן קינד האָרוס אויף דער האַנט. די ליכט האָבן געפלאַקערט און געטריפט פאַר איר, און די וועקסענע סגולה־בילדלעך זיינען געהאַנגען אַרום די ווענט פון היליקטום. דער ניי איינגעהייליקטער האָט געדאַרפט דורכמאַכן אַ לאַנגע און זאָרגעוודיקע צוגרייטונג. ער האָט אַ נדר געטאָן ניט חתונה צו האָבן, און אַז מען האָט אים איינגעהייליקט, האָט מען אים אָפּגעגאָלט די האָר פון קאָפּ און אָנגעטאָן אין אַ ליינענעם בגד...

אין אָט דעם קולט פון סעראַפּיס, וואָס האָט זיך ווייט אויסגעשפּרייט איבער דער ציוויליזירטער וועלט אין דריטן און צווייטן י״ה פאַר קר., זעען מיר די מוסטערן פון מנהגים און אויסדרוקספאָרמען, וואָס האָבן געהערשט אין דער אייראָפּעישער וועלט אין משך פון גאָר דער קריסטלעכער ערע. דער עצם מהות פון קריסטנטום, זיין לעבעדיקער גייסט, איז געווען, ווי מיר וועלן באַלד ווייזן, אַ נייס אין דער געשיכטע פון מענטשלעכן געמיט און ווילן; אָבער דער לבוש פון ריטואַל און סימבאָל און פאָרמולע, וואָס דער קריסטנטום האָט געטראָגן און טראָגט אים נאָך אין אַ סך לענדער עד־היום, איז געוויס אויסגעוועבט אין דעם קולט און אין די טעמפּלען פון יופּיטער, סעראַפּיס און איזיס, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט פון

אַלכּסנדריא איבער גאָר דער ציוויליזירטער וועלט אין דער תּקופֿה פֿון טעאָקראַסיאַ אין צווייטן און ערשטן יאָרהונדערט פֿאַר קריסטוס.

---

### 4. אַלכּסנדר אין אינדיע.

די קאָמערציעלע און אינטעלעקטועלע חשיבות פֿון אַלכּסנדריא האָט אָנגעהאַלטן אַ סך יאָרהונדערטער. פֿאַרלויפֿנדיק דעם באַרכט, וואָס מיר וועלן באַלד געבן וועגן איפּשטיינג פֿון דער רוימישער מאַכט, ווילן מיר דאָ זאָגן, אַז אונטער דער רוימישער אימפּעריע איז אַלכּסנדריא געוואָרן דערגרעסטער האַנדלס־צענטער אין דער וועלט. די רוימיש־אַלכּסנדרינישע סוחרים האָבן געהאַט אַ סך ישובֿים אין דרום־אינדיע. אין קראַנגאַנאָר איפֿן מאַלאַבאַר־ברעג איז געווען אַ טעמפּל געהייליקט צו אַווגוסטוסן, און דער ישוב איז געווען געשיצט דורך צוויי רוימישע קאָהאָרטעס. דער רוימישער קייסר האָט געשיקט שלוחים צו פֿאַרשיידענע דרום־אינדישע מושלים. נאָך מער די אַלטע קריסטלעכע שרייבערס, ווי קלעמענס, כריזאָסטאָמאָס און אַנדערע, ריידן מכּוח אינדער אין אַלכּסנדריא און זייערע קולטן.

---

קאַפּיטל 24

# אויפקום און אויסשפּרייטונג פון בודיזם

1. געשיכטע פון גאַוטאַמאַ. 2. די סתירה צווישן לערנונג און לעגענדע. 3. די תורה פון גאַוטאַמאַ בודאַ. 4. בודיזם און אַסאָקאַ. 5. צוויי גרויסע כינעזישע לערערס. 6. די פאַרדאַרבונג פון בודיזם. 7. דער איצטיקער מעמד פון בודיזם.

עס איז אינטערעסאַנט זיך אַ ווענד צו טאָן פון די גייסטיקע און מאָראַלישע אויפטוען פון אַטען און אַלכסנדריא און פון דעם וואוקס פון די מענטשלעכע אידעען אין דער מיטללענדישער וועלט צו דעם כמעט אינגאַנצן אָפּגעזונדערטן אינטעלעקטועלן לעבן פון אינדיע. דאָס איז געווען אַ ציוויליזאַציע, וואָס איז פון אָנהייב, משמעות, אויסגעוואַקסן פון די אייגענע וואָרצלען און מיט אַן אייגענעם כאַראַקטער. זי איז געווען אָפּגעשניטן פון די ציוויליזאַציעס אין מערב און אין מזרח דורך גרויסע בערג-מחיצות און דורך מדבריות. די אַרישע שבטים, וואָס זיינען אַראָפּגעקומען אויפן האַלב-אינזל, האָבן גיך פאַרלאָרן דעם צונויפבונד מיט זייערע קרובים אין מערב און אין צפון און האָבן זיך אַנטוויקלט לויט אייגענע ליניעס. באַזונדערס איז דאָס שייך צו יענע, וואָס זיינען אַריבער אין גאַנגעס-לאַנד און ווייטער. זיי האָבן געפונען אַ ציוויליזאַציע, וואָס איז שוין געווען פאַרשפּרייט איבער אינדיע, די דראַווידישע ציוויליזאַציע. זי איז אויפגעקומען אומאָפּהענגיק, קענטיק אַזוי ווי די ציוויליזאַציעס פון שומער, קרעטאַ און עגיפּטן, פון אַ ווייט פאַרשפּרייטער נעאָליטישער קולטור, וואָס אירע כאַראַקטעריסטישע סימנים האָבן מיר שוין באַשריבן. די אינדישע אַריער האָבן באַלעבט און איבערגעביטן



בודיסטישער כוהן.

די האָזיקע דראַווידישע ציוויליזאַציע, פונקט אַזוי ווי די גריכן האָבן איבערגעאַנדערשט די עגעישע ציוויליזאַציע, און די סעמיטן די שומערישע.

די אינדישע אַריער האָבן געלעבט אונטער גאָר אַנדערע תּנאים, ווי די, וואָס האָבן געהערשט אין צפון. זיי האָבן געלעבט אין אַ וואַרעמערן קלימאַט, וואו פלייש־שפּייז און געוויירענע משקאות זיינען שעדלעך פאַרן מענטשן. זיינען זיי דעריבער געווען געצוואונגען צו דערנערן זיך מיט וועגעטאַרישער שפּייז, און די פעטע ערד האָט זיי געגעבן, כמעט אומגעבעטענערהייט, אַלץ וואָס זיי האָבן באַדאַרפט. עס איז אויך דאָרטן ניט געווען קיין נויט צו וואַנדערן. די צייטן פון יאָר זיינען געווען איינגעשטעלטע, און די גערעטענישן זיכערע. קליידער און דירה האָבן זיי נייטיק געהאַט ווינציק. אַזוי קליין זיינען געווען זייערע באַדערפענישן, אַז מלאכה און האַנדל זיינען געווען ווינציק אַנטוויקלט. עס איז געווען נאָך גענוג ערד פאַר איטלעכן, ווער עס האָט געוואָלט באַאַרבעטן זיין נחלה — און עס האָט געקלעקט אַ קליין שטיקל. זייער פּאָליטיש לעבן איז געווען אַ פשוטס און לפי־ערך רויִקס; קיין גרויסע באַצווינגערישע מלוכות זיינען אין אינדיע נאָך ניט געווען אויפגעקומען, און אירע נאַטירלעכע מחיצות זיינען געווען גענוג אויף אָפּצוהאַלטן דעם אימפּעריאַליזם פון אירע שכנים אין מזרח און אין מערב. טויזנטער פון לפי־ערך פרידלעכע קליינע דאָרפס־רעפּובליקן און הויפּטמאַנשאַפטן זיינען געווען פאַרשפּרייט איבערן לאַנד. ניט געווען דאָ קיין ים־לעבן, ניט קיין אָנפאַלערס פּיראַטן, ניט קיין פרעמדע סוחרים. מען וואָלט געקאָנט שרייבן אַ געשיכטע פון אינדיע ביז מיט פיר הונדערט יאָר צוריק, און ניט דערמאָנען דערביי קיין איין מאָל דעם ים.

די געשיכטע פון אינדיע איז אין משך פון אַ סך יאָרהונדערטער געווען גליקלעכער, ווינציקער מערדעריש און מער טרוימעריש, ווי וואָסער עס איז אַנדער געשיכטע. די אַדל־לייט, די ראַדזשאַס, זיינען געגאַנגען אויף געיעג; דאָס לעבן איז אין גרויסן און גאַנצן באַשטאַנען פון ליבע־געשיכטעס. דאָ און דאָרט פלעגט אויפשטיין צווישן די ראַדזשאַס אַ מאַהאַראַדזשאַ און אויסבויען אַ שטאָט, פאַנגען און צוגעוויינען אַ סך העלפאַנדן, דערהרגענען אַ סך טיגערס און

איבערלאָזן נאָך זיך אַ געדעכעניש אויף צו דערציילן די שפּעטערדיקע דורות וועגן זיין גלאַנץ און זיינע הפלאדיקע פּראָצעסיעס.

עס איז נאָך געווען אַ סך גייסטיקע אַקטיוויטעט צווישן די פאַרמזרחטע אַריער; עס זיינען פאַרפאַכט געוואָרן גרויסע פּאָעמעס, וואָס זיינען געוואָרן איבערגעגעבן פון דור צו דור בעל-פּה — קיין שריפט איז נאָך דאָרט ניט געווען דעמאָלט. עס זיינען אויך געווען אַ סך טיפע פילאָסאָפישע חקירות, וואָס מען האָט זיי נאָך באַדאַרפט צונויפבינדן מיט די פילאָסאָפישע סיסטעמעס פון מערב-לאַנד.

אַן ערך צווישן 600 און 500 פאַר קר., אין דער צייט, ווען קרעזוס האָט געבליט אין לידיע און כורש האָט זיך געגרייט צוצוכאַפּן בבל ביי נאַבונאַהיד, — דעמאָלט איז געבאָרן געוואָרן אין אינדיע דער גרינדער פון בודיזם. ער איז געבאָרן געוואָרן אין אַ קליינער רעפּובליקאַנישער שבט-געמיינדע אין צפון-זייט פון בענגאַליע אונטער די הימאַלאַיען-בערג, אין אַ געגנט ביי די גרענעצן פון נעפּאַל, וואָס איז איצט פאַרוואַקסן מיט דזשאָנגל. איבער דער קליינער מלוכה האָט רעגירט די משפחה פון די סאַקיאַ, וואָס צו איר האָט געהערט דער מאַן, סידהאַטהאַ גאַוטאַמאַ. סידהאַטהאַ איז געווען זיין נאָמען, גאַוטאַמאַ אָדער גאָטאַמאַ דער פאַמיליע-נאָמען; סאַקיאַ — דער נאָמען פון דער משפחה. די אינסטיטוציע פון די קאַסטעס איז נאָך ניט געווען פולקום איינגעפעסטיקט אין אינדיע, און די בראַמינער, הגם זיי האָבן געהאַט פּריווילעגיעס און השפּעה, נאָר זיי האָבן זיך נאָך ניט געהאַט דערשלאָגן צום שפּיץ פון דער סיסטעם. נאָר עס זיינען שוין געווען שאַרף אָנגעצייכנטע קלאַסן-אונטערשיידן און אַ פאַקטישע מחיצה ניט דורכצודרינגען צווישן די האַרן די אַריער און צווישן דעם טונקעלערן געמיינעם פאָלק. גאַוטאַמאַ האָט געהערט צו דער אַרישער ראַסע. זיין תורה, דאַרפן מיר באַמערקן, האָט געהייסן דער אַרישער וועג, אָדער דער אַרישער אמת.

ערשט אין דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט, אַז מען האָט בעסער אויסשטודירט די פּאַלי-שפּראַך, וואָס אין איר זיינען געשריבן דאָס רוב אָריגינעלע בודיסטישע מקורים, האָט די וועלט געקראָגן אַ

ריכטיקע ידיעה וועגן לעבן און דענקען פון גאַוטאַמאַ, ווי דאָס איז פּאַקטיש געווען. פריער איז זיין געשיכטע געווען איבערגעלאָדן מיט גאַנצע הויפנס לעגענדעס און זיין לערנונג איז געווען שטאַרק פאַרדרייט. איצט אָבער האָבן מיר וועגן דעם אַ באַריכט, וואָס איז זייער מענטשליך און פאַרשטענדליך.

ער איז געווען אַ יונגערמאַן פון אַ פאַרמעגלעכער פאַמיליע, אַ שיינער פון געשטאַלט, און ביזן 29טן יאָר האָט ער געלעבט, ווי אַלע געוויינטלעכע אַריסטאָקראַטן פון זיין צייט. גייסטיק האָט אַזאַ לעבן ניט געקאָנט שטאַרק באַפרידיקן. קיין אַנדער ליטעראַטור איז ניט געווען, חוץ די ווערישע געזאַנגען, וואָס פלעגן ווערן איבערגעגעבן אויסנווייניק, און אויך זיי האָבן דער עיקר מאָנאָפּאָליזירט די בראַמינען. די וועלט איז געווען באַגרענעצט אין צפון=זייט דורך די שניי=באַדעקטע הימאַלאַיען און אין דרום=זייט האָט זי זיך אויסגעשפּרייט אָן אַ ברעג. די שטאָט בענאַרעס, וואָס האָט געהאַט אַ קיניג, איז געווען ווייט אַ הונדערט מייל. די הויפּט=פאַרוויילונגען זיינען געווען געיעג און שפּיל אין ליבע. גאַוטאַמאַ האָט גענאָסן פון אַלצדינג, וואָס דאָס לעבן האָט אין פלוג געקאָנט אָנבאָטן. צו ניינצן יאָר האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ שיין מיידל, זיינס אַ שוועסטערקינד. עטלעכע יאָר זיינען זיי געבליבן אָן קינדער. ער איז געגאַנגען אויף געיעג און האָט געשפּילט און אַרומגעגאַנגען אין זיין באַזונטער וועלט פון סעדער און וועלדלעך און באַוואַסערטע רייז=פעלדער. און אינמיטן אָט=דעם לעבן איז אויף אים אָנגעפאַלן אַ גרויסע אומצופרידנקייט. דאָס איז געווען די פּיין פון אַ פיינעם מוח, וואָס זוכט אַרבעט. ער האָט געלעבט אין שפע און רייכקייט, ער איז געגאַנגען פון תענוג צו תענוג, אָבער באַפרידיקט איז ער ניט געווען. עס איז געווען אַזוי ווי ער וואָלט געהערט, ווי עס רופט אים דער גורל פון דער מענטשהייט. ער האָט געשפּירט, אַז דאָס לעבן, וואָס ער האָט געפירט, איז ניט געווען קיין לעבן פון ווירקלעכקייט, נאָר אַ יום=טוב — אַ יום=טוב, וואָס געדויערט צו=לאַנג.

אין דער צייט, וואָס ער איז געווען פאַרזונקען אין דער שטימונג, האָט ער געזען פיר זאַכן, וואָס האָבן באַדאַרפט באַשטימען

זיינע געדאַנקען. ער איז איינמאָל געפאָרן צו אַ פאַרגעניגן-עקסקורסיע, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ מענטשן, וואָס איז געווען מוראדיק צעבראָכן פון עלטער. אָט דאָס אָרעמע, איינגעבויגענע, אָפּגעשוואַכטע באַשעפעניש האָט פאַרכאַפּט זיין דמיון. און טשענאַ, זיין אָנטרייבער, האָט געזאָגט: „דאָס איז דער וועג פון לעבן, און צו דעם מוזן מיר אַלע קומען". און בעת זיין געמיט איז נאָך געווען פאַרנומען דערמיט, האָט ער אָנגעגעגנט אַ מענטשן, וואָס האָט שרעקלעך געליטן פון אַ מיאוסער קרענק. „דאָס איז דער וועג פון לעבן", האָט געזאָגט טשענאַ. די דריטע זעונג איז געווען אַ טויטער קערפּער, אַ ניט באַגראָבענער, געשוואָלן, אָן אויגן, און די פייגלען און חיות פון פעלד האָבן אים געפרעסן, און איינגאַנצן איז ער געווען מאויימדיק אָנצוקוקן. „דאָס איז דער וועג פון לעבן", האָט געזאָגט טשענאַ.

אַזוי האָט איפּן געמיט פון גאַוטאַמאַ אַראָפּגענידערט דאָס געפיל פון קראַנקהייט און שטאַרבלעכקייט, און ער האָט גענומען שפּירן, אַז גאָר דאָס וואוילזיין באַפרידיקט ניט. און דערנאָך האָט ער און טשענאַ געזען איינעם פון יענע אַסעקטן (נזירים), אַרומגייערס, וואָס שוין דעמאָלט זיינען אַ סך פון זיי געווען אין אינדיע. די דאָזיקע מענטשן האָבן געלעבט לויט שטרענגע כללים, פאַרבראַכט זייער צייט אין התבודדות און אין רעליגיעזע חקירות. וואָרעם נאָך פאַר גאַוטאַמאַ האָבן אַ סך מענטשן אין אָט דעם לאַנד פון שטענדיקער זון-שיין איינגעפונען דאָס לעבן פיינלעך און סודותדיק. אָט פון די דאָזיקע אַסקעטן האָט מען געהאַלטן, אַז זיי זוכן אַ טיפערע רעאַליטעט אין לעבן, און גאַוטאַמאַ איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַן ענלעכן הייסן באַגער.

ער איז געווען פאַרטיפט אין אַרומקלערן דעם פּלאַן, דערציילט די געשיכטע, ווען מען האָט אים אָנגעזאָגט די בשורה, אַז זיין פרוי איז גענעזן געוואָרן מיט אַ זון. „נאָך אַ קייט, וואָס מען דאַרף צערייסן", האָט גאַוטאַמאַ געזאָגט.

ער איז געקומען צוריק אין דאָרף און געפונען אַ גרויסע שמחה ביי דער גאַנצער משפחה. עס איז געווען אַ יום-טוב, און מען האָט געטאַנצט און געיובלט לכבוד דעם געבוירן פון גאַו-

טאַמאַם בכור, און גאַוטאַמאַ אַליין האָט די נאַכט ניט געקאָנט שלאָפן פאַר נשמה־פּיין, „ווי אַ מענטש, וואָס מען האָט אים אָנגעזאָגט, אַז זיין הויז ברענט". אין פאָדער־צימער זיינען געלעגן די מיידלעך די טענצערינס אין פאַסן פון לבנה־שיין און פינסטערניש. האָט ער גערופן זיין דינער טשענאַ און געהייסן אים שפּאַנען זיין פערד. דערנאָך איז ער שטיל צוגעגאַנגען צום שוועל פון זיין פרוים צימער און האָט זי געזען ביי דער שיין פון אַ קליינעם בוימל־לעמפל, ווי זי איז געשלאָפן זאַנפט, אַרומגערינגלט מיט בלומען, מיטן קינד אין די אָרעמס. האָט אים אָנגעכאַפּט אַ הייסער באַגער צו נעמען דאָס קינד אין האַנט און דעם אַ קוש צו טאָן צום ערשטן און צום לעצטן מאָל, איידער ער גייט אַוועק, אָבער ער האָט מורא געהאַט אויפצוּוועקן די ווייב, און ער האָט זיך אָפּגעווענדט, איז אַרויס אין דער ליכטיקער לבנה־שיין צו טשענאַ, וואָס האָט געוואַרט מיט די פערד, האָט זיך אַרויפגעזעצט און אַוועקגעריטן אין דער וועלט אַריין.

אַז ער איז געריטן אין דער נאַכט מיט טשענאַ, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז מאַראַ, דער פאַרפירער פון דער מענטשהייט, האָט אָנגעפילט דעם האָריזאָנט פון הימל און האָט צו אים געטענהט. „קער זיך אום, האָט געזאָגט מאַראַ, און זיי אַ קעניג, און איך וועל דיך מאַכן פאַרן גרעסטן פון די מלכים. גייסטו אַוועק, וועסטו אַריינפאַלן. קיינמאָל וועל איך ניט אויפהערן נאָכגיין דיינע פוס־טריט. גלוסטונג אָדער רשעות אָדער כעס וועט דיך שוין אַריינכאַפּן אומגעריכטערהייט; פריער אָדער שפּעטער וועסטו זיין מיינער".

זייער ווייט זיינען זיי אַוועקגעריטן די דאָזיקע נאַכט, און אינדערפרי האָט ער זיך פאַרהאַלטן אויף יענער זייט גרענעץ פון זיין משפחה־לאַנד און איז אַראָפּ פון פערד אויף אַ זאַמדיקן ברעג פון אַ טייך. דאָרט האָט ער אָפּגעשניטן מיט זיין שווערד זיינע פרעכטיקע לאָקן, אַראָפּגענומען גאָר זיין פוץ און געהייסן טשענאַ אָפּפירן דאָס צו אים אַהיים צוזאַמען מיט זיין שווערד און פערד. דערנאָך איז ער געגאַנגען ווייטער און האָט באַלד געטראָפן אַ מענטשן אין שמאַטעס, האָט ער מיט אים זיך געביטן דאָס אָנטון. אַזוי אַרום האָט ער זיך פריי געמאַכט פון דער פאַרבונדנקייט מיט דער

וועלט און האָט געקאָנט זיך אָפּגעבן אינגאַנצן מיט זוכן דעם אמת. ער האָט זיך געלאָזט גיין קיין דרום־זייט צו אַ מקלט פון מתבודדים און לערערס, וואָס האָט זיך געפונען אין דער בערגלדיקער געגנט פון בענגאַליע אין צפון־זייט פון די ווינדהיאַ־בערג, ניט ווייט פון דער שטאָט ראַידזשיר. דאָרט האָבן געלעבט אין היילן נזירים, וואָס פלעגן לערנען מיט די, וואָס זיינען געקומען צו זיי הערן חכמה פון זיי־ער מויל, און אויך צו באַפרידיקן זייערע קאַרגע נויט־באַדערפעענישן פלעגן זיי גיין אין שטאָט אַריין.

דער אופן לערנען פון די דאָזיקע חכמים איז מסתמא געווען ענלעך צו די שמועסן און חקירות, וואָס סאָקראַטעס און זיינע תלמידים האָבן געפירט אין אַטען מיט אַ פּאָר יאָרהונדערט שפּעטער. גאַוטאַמאַ איז געוואָרן אַ בקי אין גאָר דער מעטאַפיזיק פון זיין צייט. נאָר זיין שאַרפער שכל איז ניט געווען באַפרידיקט מיט די ענט־פערס, וואָס זיינען אים דאָ געגעבן געוואָרן.

דער אינדישער גייסט איז שטענדיק געווען נוטה צו גלויבן, אַז מאַכט און וויסן קאָן מען דערגרייכן דורך אַסקעטיזם און סיגופים, דורך פאַסטן, ניט שלאָפן די נעכט, פייניקן דעם גוף, און גאַוטאַמאַ האָט זיך פירגענומען דאָס אויסצופּרווון. מיט פינף תלמידים באַגליי־טערס איז ער אַוועק אין דזשאָנגל אין אַ שמאָלן טאָל צווישן די ווינדהיאַ־בערג, און דאָרט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט תעניתים און מוראַ־דיקע פייניקונגען. זיין שם האָט זיך אויסגעשפרייט „ווי דער קלאַנג פון אַ גרויסן גלאָק, וואָס הענגט אויף דער הימלס־חופּה“. נאָר ער האָט נאָך אַלץ ניט געפילט, אַז ער האָט דערגרייכט צום אמת. איינמאָל איז ער אַרומגעגאַנגען אַהין און צוריק, געסטאַרעט זיך טראַכטן, הגם ער איז געווען אָן כוחות. פלוצים האָט ער זיך אַ שאָקל געטאָן און איז אַנידערגעפאַלן אין חלשות. אַז ער איז געקומען צו זיך, איז פאַר אים געווען קלאָר, אַז עס איז געווען קרום צו זוכן חכמה אויף אָט דעם האַלב־מאַגישן וועג.

זיינע פינף חברים זיינען געוואָרן פאַרחידושט און דערשראָקן, אַז זיי האָבן דערהערט, אַז ער בעט עסן און אַז ער וויל מער ניט זיך פייניקן ווי פריער. ער איז געקומען צו דער אַיינזעעניש, אַז צום אמת קאָן אַ מענטש דערלאַנגען צום בעסטן, ווען זיין גוף

איז געזונט און זיין מוח געשפּייזט. אַזאַ השגה איז געווען לחלוטין פרעמד אין זיין לאַנד און אין זיין תקופה. זיינע תלמידים האָבן אים פאַרלאָזט און זיינען אַוועק אומעטיקע קיין בענאַרעס. דער געקלאַנג פון גרויסן גלאָק האָט אויפגעהערט. גאַוטאַמאַ דער בעל־מופת איז געפאַלן. אַ צייט לאַנג האָט גאַוטאַמאַ אַרומגעוואַנדערט איינער



די פּאָטאַלאַ. אָדער פּאַלאַץ־פעסטונג, פון דעם דאַלאַי לאַמאַ, דעם „לעבעדיקן בורא", אין להאַסאַ, דער הויפטשטאָט פון טיבעט.

אַליין, די איינזאַמסטע פיגור אין דער געשיכטע, און האָט געריסן זיך צו ליכטיקייט.

ווען דער גייסט ראַנגלט זיך מיט אַ גרויסער און האַרבער פּראָבלעם, גייט ער זיך פּאַוואָליע פאָרויס, טרעט ביי טריט, פאַרזיכערט זיך איין פּאָזיציע נאָך דער צווייטער, נאָך אָן אַ קלאָרער השגה פון זיינע געווינסן. נאָר מיטאַמאָל טוט ווי עפּעס פּלוצים אַ בליץ

אויף, און ער דערזעט זיין ניצחון. אַזוי איז דאָס, ווייזט אויס, געשען אויך מיט גאַוטאַמאַ. ער איז איינמאָל געזעסן אונטער אַ גרויסן בוים אויפן ברעג טייך און האָט זיך געגרייט עסן, און מיט־אַמאָל איז צו אים געקומען ווי אַ זעונג. עס האָט אים אויסגעוויזן, אַז ער זעט דאָס לעבן קלאָר. מען דערציילט, אַז אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט איז ער אַזוי געזעסן פאַרטיפט אין מחשבות, און דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען, בכדי צו לאָזן וויסן דער וועלט זיין זעונג.

---

## 2. די סתירה צווישן לערנונג און לעגענדע.

דאָס איז די פשוטע און קלאָרע געשיכטע פון גאַוטאַמאַ, ווי מיר קאָנען זי אַרויסנעמען דורך פאַרגלייכן אַלטע שריפטן. נאָר דער המון־עם מוז דאָך האָבן זיינע וואָלוועלע מופתים און וואונדער.

פאַרן המון האָט דאָס קיין באַטרעף ניט, וואָס אונזער קליינע פּלאַנעטע האָט געקאָנט כּוח־כּל־סוף אַרויסברענגען אויף איר איי־בערפלאַך אַ מענטשן, וואָס קלערט וועגן דעם, וואָס איז געזען און וואָס וועט זיין (מה לאָחור ומה לפנים) און וואָס איז די מהות פון זיין. בכן האָבן מיר אין דעם רוב פּאַלי־שריפטן אַן ערך אַזעלכע שילדערונגען פון דער געשעעניש:

„ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה צווישן דעם אויס־לייזער פון דער וועלט און צווישן דעם האַר פון רשעות, זיינען גע־פאַלן טויזנט מוראדיקע מעטעאָרן... טייכן האָבן געשטראָמט צוריק צו זייערע קוואַלן; שפּיצן און הויכע בערג, וואו עס האָבן תּקופות־לאַנג געוואַקסן ביימער אָן אַ צאָל, זיינען אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד און צעבּרעקלט געוואָרן אויף שטויב... די זון האָט זיך איינגע־הילט אין אימהדיקער פינסטערניש, און אַ מחנה רוחות אָן קעפּ האָבן אָנגעפילט די לופט“.

די געשיכטע האָט אַזעלכע ערשיינונגען ניט פאַרצייכנט לזיכּרון. אָנשטאָט דעם האָבן מיר נאָר די פיגור פון אַן איינזאַמען מאַן, וואָס גייט זיך קיין בענאַרעס.

אויסערגעוויינטלעך אַכט האָט מען געגעבן אויפֿן בוים, וואָס אונטער אים האָט גאַוטאַמאַ דערשפּירט די קלאָרקייט פֿון גייסט. דאָס איז געווען אַ פֿייגנבוים, און גלייך פֿון אָנהייב אָן האָט מען זיך צו אים פֿאַרהאַלטן מיט אַ באַזונדער יראת־הכבוד. מען האָט אים אָנגערופֿן ״דער באָ־בוים״. ער איז שוין לאַנג אומגעקומען, נאָר ניט ווייט פֿון יענעם אָרט לעבט נאָך אַ גרויסער בוים, וואָס שטאַמט אפשר פֿון אים, און אויפֿן אינזל ציילאָן וואַקסט נאָך ביזן היינטיקן טאָג אַ בוים, דער עלטסטער היסטאָרישער בוים אין דער וועלט, וואָס וועגן אים ווייסן מיר געוויס, אַז ער איז געפֿלאַנצט געוואָרן פֿון אַ צווייגל פֿון דעם באָ־בוים אין יאָר 245 פֿאַר קר. פֿון דעמאָלט אָן ביז היינט האָט מען אים זאָרגעוודיק געפֿילנעוועט און געטרענקט; זיינע גרויסע צווייגן ווערן אונטערגעהאַלטן דורך אָנשפּאַרן, און די ערד איז אָנגעשאָטן געוואָרן אַרום אים אין טעראַסעס, אַזוי אַז ער האָט געקאָנט אַרויסלאָזן כּסדר אַלץ נייע וואָרצלען. פֿון דעם בוים קאָן מען אָפּלערנען, ווי קורץ עס איז די געשיכטע פֿון דער מענטשהייט, אַז איין־איינציקער בוים באַשטייט פֿאַר אַזויפֿיל מענטשלעכע דורות. צום אומגליק האָבן גאַוטאַמאַס תּלמידים געזאָרגט מער פֿאַר אײפּהיטן זיין בוים, איידער פֿאַר אויפֿהיטן זיינע געדאַנקען; זיי האָבן זיי פֿון ערשטן טאָג שלעכט פֿאַרשטאַנען און צערי׳ט.

אין בענאַרעס האָט גאַוטאַמאַ אויפֿגעזוכט זיינע פֿינף תּלמידים, וואָס האָבן נאָך אַלץ געפֿירט אַן אַסקעטיש לעבן. פֿאַראַן אַ באַריכט מכּוח דעם, אַז זיי האָבן אים ניט געוואָלט צונעמען, ווען זיי האָבן אים געזען זיך דערנענען. ער איז דאָך געווען אַן אָפּטריניקער. אָבער אין זיין פּערזאָן האָט געשטעקט אַ כּוח, וואָס האָט גובר געווען זייער קאַלטקייט און האָט זיי געצוואונגען אויסצוהערן זיינע רייד. פֿינף טעג האָט געדויערט דער וויכּוח. אַז ער האָט זיי סוף־כּל־סוף געהאַט דערוויזן, אַז ער איז אַ ווייסער, האָבן זיי אים באַגריסט פֿאַר אַ בודאַ (משיח). אין יענע צייטן איז שוין געווען אין אינדיע פֿאַרשפּרייט דער גלויבן, אַז פֿון צייט צו צייט קומט די חכמה צוריק אַראָפּ אויף דער ערד און ווערט נתגלה צו

מענטשן דורך אַן איבערוויילטן, וואָס טראָגט דעם נאָמען בודאַ. די אינדער האָבן געגלייבט, אַז עס זיינען געווען אַ סך אַזעלכע בודאַס; גאַוטאַמאַ בודאַ איז נאָר געווען דער לעצטער צווישן זיי. ס'איז אָבער אַ ספק, צי ער אַליין האָט אָנגענומען דעם טיטל אָדער



די גרויסע צרקע און צסצקאס זייל אין דעלהי, אינדיע; דער עלטסטער אייזערנער זייל אין דער וועלט.

צי האָט ער בכלל געגלייבט אין דער דאָזיקער טעאָריע. אין זיי־נע רעדעס האָט ער קיינמאָל זיך ניט אָנגערופן דער בודאַ.

ער מיט זיינע תלמידים האָבן געבילדעט אַ מין אַקאַדעמיע אין דעם הירש־פּאַרק אין בענאַרעס. זיי האָבן פאַר זיך אויסגעבויט בייד־

לעך, און צו זיי זיינען צוגעקומען נאָך עטלעכע צענדליק אָנ-הענגערס. אין דער רעגן-צייט זיינען זיי פאַרבליבן אין דעם דאָ-זיקן ישוב און האָבן זיך פאַרנומען מיט זייערע חקירות, און אין דער טרוקענער צייט האָבן זי זיך צעשפּרייט איבערן לאַנד, כּדי צו לערנען די נייע תּורה, נאָר איטליכער פון זיי האָט געגעבן איר זיין באַזונדערן אויסטייטש. זייער לערנונג איז געגאַנגען, ווייזט אויס, פון מויל צו מויל. עס איז מסתּמא אין יענער צייט נאָך בכלל ניט געווען קיין שריפט אין אינדיע. מיר דאַרפן געדענקען, אַז עס איז אַ ספק, צי אין בודאַס צייט איז שוין אפילו די „איליאַדע" געווען פאַרשריבן. מסתּמא האָט דער מיטללענדישער אַלף-בית, וואָס איז דער יסוד פון דער אינדישער שריפט, נאָך ניט געהאַט דער-גרייכט ביז אינדיע. דערפאַר האָט הער לעדער אויסגעאַרבעט און צונויפגעשטעלט אַ צאָל קורצע און שאַרפע פּסוקים און מימרות און אַ רשימה פון „פּונקטן", און די תּלמידים פלעגן זיי פאַרשפּרייטן אין זייערע דרשות צום עולם. עס האָט זיי שטאַרק געהאָלפן צו פאַרגעדענקען די שפּראָכן, ווייל זיי זיינען געוואָרן איבערגעענט-פערט אין אַ באַשטימטער צאָל. דער מאָדערנער גייסט קאָן ניט גורם זיין די נטיה פון דעם אינדישן גייסט אַלץ איינצואָרדענען אין אַ צאָל, ווי דער אַכטפאַכיקער וועג, די פיר אמתן און אַזוי, אָבער די דאָזיקע ציילונג איז נאָר נייטיק געווען אונטערצוהעלפן דעם זיכרון אין אַ וועלט, וואו עס איז נאָך קיין שריפט ניט געווען.

---

### 3. די תּורה פון גאַוטאַמאַ בודאַ.

די גרונט-תּורה פון גאַוטאַמאַ, ווי ווייט זי איז איצט אויפגע-קלערט געוואָרן דורך דעם שטודיום פון די אָריגינעלע מקורים, איז קלאָר און פּשוט און שטייט אין הסכּם מיט די מאָדערנע אידעעס. עס קאָן גאָר קיין ספק ניט זיין, אַז זי איז אַן אויפטו פון איינעם פון די טיפסטע אינטעלעקטן, וואָס די וועלט האָט ווען עס איז געזען.

מיר האָבן די הויפּט-פּונקטן פון זיין שמועס מיט זיינע תּלמידים, וואָס מען מעג רעכענען כּמעט אויף זיכער, אַז זיי שטאַמען טאַקע

פון אים אליין, און אין זיי איז נכלל דער תמצית פון זיין שיטה. ער האלט, אז אלע צרות און אומצופרידנקייט אין לעבן שטאמען פון מענטשנס עגאיזם, וואס לאזט זיך ניט שטילן. ליידן, זאגט ער, נעמט זיך פון דער באגרענדיקער אינדיווידואליטעט, פון דער פיין פון גלוסטונג. כל־זמן דער מענטש האט ניט גובר געווען יעדער מין פערזענלעכע גלוסטעניש, איז זיין לעבן א בהלה און זיין סוף טרויער. דאס זיינען די דריי פארמען פון גלוסטונג, וואס זיינען פאראן אין לעבן. און אלע זיינען אן אומגליק. די ערשטע פארם איז דער גלוסט צו באפרידיקן די תאוות, די תאווהדיקייט. די צווייטע איז דער גלוסט פון פערזענלעכער אומשטארבלעכקייט. די דריטע איז דער גלוסט פון עשירות און געוועלטיקונג. דאס אלץ מוז מען גובר זיין — דאס הייסט, דער מענטש טאר מער ניט לעבן פאר זיך אליין — כדי דאס לעבן זאל ווערן לויטער. אבער ווען דער מענטש האט שוין באמת גובר געווען די דאזיקע גלוסטענישן און זיי געוועלטיקן מער ניט איבער זיין לעבן, ווען פון זיינע געדאנקען איז בכלל פארשוואונדן דאס וואס „איך“, דעמאלט האט ער דערגרייכט צו העכערער חכמה, צו דער נירוואנא, וואס באטייט לויטערקייט פון דער נשמה. ווארעם נירוואנא איז גארניט טייטש, ווי א סך מענטשן מיינען פאלש, „ניט זיין“, זי באטייט מער ניט דאס פארשווינדן פון אלע נישטיקע פערזענלעכע צוועקן, וואס מאכן בהכרח דאס לעבן נידעריק אדער עלנט אדער שרעקלעך.

דא האבן מיר, בלי־ספק, דעם פולקומסטן אנאליז פון דער פראבלעם וועגן נשמה־רו. איטלעכע רעליגיע, וואס איז ווערט צו טראגן דעם נאמען, איז אונז מזהיר, מיר זאלן זיך איבערענטפערן אינגאנצן איינעם אן עפעס, וואס איז גרעסער פאר אונז. דאס ווארט פון דער קריסטלעכער עוואנגעליע „ווער עס וויל זיין לעבן מציל זיין, זאל דאס פארלירן“, לאזט אונז הערן די זעלביקע לערנונג.

די געשיכטע פון דער מענטשהייט לערנט אונז גענוי דאס זעלביקע, וואס בודאס תורה. עס קאן ניט געמאלט זיין, וועדליך מיר זעען, ניט קיין סאציאלע ארדענונג, ניט קיין גערעכטע פירערשאפט אדער קיניגטום, סיידן די מענטשן גיבן זיך איבער, פארלירן זיך אליין אין עפעס אזוינס, וואס איז גרעסער פאר זיי

גופא. דער שטודיום פון ביאלאגישן פראגרעס אנטפלעקט אייך גענוי דעם זעלביקן פראצעס — דער ענגער קרייז פון אינדיווידועלער דערפארונג ווערט איינגעשלאסן אין א ברייטערן זיין. פארגעסן זיך אליין צוליב גרעסערע אינטערעסן, הייסט זיך באפרייען פון תפיסה.

די אליין=פארלייקענונג מוז זיין א פולקומע. פון גאוטאמאס שטאנדפונקט איז די שרעק פארן טויט, דער גלוסט אן א סוף איפצוהאלטן דאס אייגענע קליינע לעבן, וואס האט געטריבן דעם עגיפטער און אלע, וואס האבן פון אים געלערנט, אין די טעמפלען אריין מיט קרבנות און השבעות, פונקט אזא נידעריקע, מיאוסע און שלעכטע זאך, ווי תאווה, קנאה אדער שנאה. גאוטאמאס רעליגיע איז גענוי דער היפוך פון די „אומשטארבלעכקייט"=רעליגיעס. און זיין לערנונג שטייט ווי א פעלז קעגן אסקעטיזם, וואס איז א פשוטער פרווו צו געווינען פערזענלעכע מאכט דורך פייניקן זיך.

אבער ווען מיר קומען צום לעבנס=כלל, צום ארישן וועג, וואס דורך אים באדארפן מיר זיך ארויסראטעווען פון די דרייפאכיקע בידעריקע גלוסטן, וואס מאכן צו שאנד דעם מענטשנס לעבן, דארט איז שוין די לערנונג ניט אזוי קלאר. זי איז ניט אזוי קלאר איבער איין באשיימפערלעכן טעם: גאוטאמא האט ניט געהאט ניט קיין וויסן, ניט קיין זעונג פון געשיכטע; ער האט ניט געהאט קיין קלארע השגה דערפון, ווי גרויס און ווי פילזייטיק עס איז דער לעבנס=פראצעס אין רוים און צייט. זיין גייסט איז געווען באגרענעצט דורך די אידעעס פון זיין צייט און פון זיין פאלק, און זייערע גייסטער זיינען געווען איינגעפורעמט אין די פארשטעלונגען פון אייביקן אומקער, אז איין וועלט קומט נאך דער אנדערער וועלט, אז איין בודא גייט נאך א צווייטן בודא און אזוי כסדר אן א סוף, עס איז א ראד, וואס דרייט זיך און קערט זיך אום צוריק צום ערשטן איינגאנגס=פונקט. די אידעע פון דער מענטשהייט ווי א גרויסע ברודערשאפט, וואס גייט צו אן אומענדלעכן ציל אונטער דער פירונג פון גאט פון משפט, די אידעע, וואס האט גענומען ארויסשיינען אין דעם סעמיטישן באוואוסטזיין אין בבל אין יענער צייט, האט אין זיין וועלט ניט עקסיסטירט. נאר פונדעסטוועגן פארמאגט זיין לערנונג פון „אכטפאכיקן וועג, ביי גאר איר באגרענעצטקייט א טיפע חכמה.

לאָמיר בקיצור איבערחזרן די אַכט יסודות פון דעם „אַרישן װעג“. צוערשט — דאָס רעכטע מיינען: גאַוטאַמאַ האָט געשטעלט די ערשטע פאָדערונג צו זיינע אָנהענגערס, זיי זאָלן שטרענג אויספאָרשן אַלע מיינונגען און געדאַנקען, זיי זאָלן באַשטיין דווקא אויפן ריינעם אמת. מען טאָר זיך ניט לאָזן בינדן דורך בלענדנדיקע אָבער-



דער דאיבוטסו, אָדער גרויסער בראָנזענער בודאַ, אין קאַמאַקורא, יאַפּאַן, געגאָסן אין יאָר 1252.

גלויבנס. ער האָט, למשל, געהאַלטן, אַז דער הערשנדיקער גלויבן װעגן גילגול פון די נשמות איז פאַלש. אין אַ גוט-באַוואוסטן אַלטן בודיסטישן דיאַלאָג איז פאַראַן אַ הקירה, וואָס באַווייזט די גאַנצע פאַלשקייט פון געדאַנק װעגן אַ פערזענלעכער אייביקער נשמה. נאָך

דעם רעכטן מיינען נייט די רעכטע החלטה(2): היות ווי די נאַטור לײדט ניט קיין פּוסטקייט אין היות ווי די בייזע גלוסטן מוזן פאַר-טריבן ווערן, מוזן ווערן געשטאַרקט אַנדערע פאַרלאַנגען — דער חשק צו העלפען אַנדערע, דער גלוסט צו טאָן גערעכטיקייט און צו זיכערן זי און כּדומה נאָך אַזעלכע. דער לכתּחילהדיקער און



דער זעלביקער קאַמאַקורא דאַיבוטסו, פון פאָרנט. אויפן שטערן איז בײ אים דאָס קײקעלע פון חכמה.

ניט פאַרדאָרבענער בודיזם האָט ניט געשטעלט קיין ציל אויסצו-וואָרצלען גלוסטן בכלל, ער האָט מער ניט געוואָלט אומבייטן דעם גלוסט. איבערגעבנקייט פאַר וויסנשאַפט און קונסט אָדער דאָס שטרעבן איבצובעסערן די וועלט שטימען בפירוש מיט די בודיסטישע

החלטות, בתנאי אַז די דאָזיקע צילן זיינען פריי פון קנאה און פון כבוד-גלוסט. דאָס רעכטע וואָרט(3), דער רעכטער איינפיר (4) און דאָס רעכטע לעבן(5) — וועגן דעם באַדאַרף מען דאָ ניט מאריך זיין. דער זעקסטער יסוד אין דער רשימה איז דאָס רעכטע שטרעבן(6), וואָרעם גאַוטאַמאַ האָט ניט געהאַלטן פון גוטע כוונות, וואָס ווערן ניט פאַרווירקלעכט ווי געהעריק: דער פרומער מאַן מוז שטענדיק בודק זיין זיינע מעשים. דער זיבעטער יסוד פון דעם ריכטיקן וועג איז דאָס רעכטע געדענקען(7), איז דאָס שטענדיקע האַלטן אין זינען, אַז מען טאָר ניט לאָזן אַריינכאַפּן זיך פון איינגליבע, פון כבוד-זוכעריי, פון גרויס האַלטן זיך פאַר עפּעס, וואָס מען האָט געטאָן אָדער ניט געטאָן. און צולעצט גייט דאָס רעכטע פאַרזינקען זיין(8) —וואָס איז קענטיק געווענדט קעגן דעם אַריינלאָזן זיך אין אָנבּרעניקן עקסטאַז, קעגן אַזעלכע ווילדע שטימונגען, ווי אַ שטייגער די, וואָס ווערן אַרויסגערופן דורכן קלינגען פון אַלכסנדרי-נישן סיסטרום.

מיר ווילן דאָ ניט באַטראַכטן די בודיסטישע דאָקטרינע וועגן „קאַרמאַ", וואָרעם דאָס געהער צו אַ געדאַנקען-וועלט, וואָס איז פאַרשוואונדן. די גוטע און שלעכטע מעשים פון איטלעכנס לעבן, האָט דאָס געהייסן, באַשטימען דעם גליק אָדער אומגליק פון אַ ווייטערדיקן לעבן, וואָס איז אויך אַ געוויסן אומפאַרשטענדלעכן אופן פאַרבונדן מיטן פריערדיקן. ביי היינטיקן טאָג שטעלן מיר זיך פאָר, אַז לעבן בכלל ציט זיך אָן אַ סוף, אָבער מיר האַלטן ניט פאַר נייטיק משער צו זיין, אַז וואָסער עס איז אינדיווידועל לעבן זאָל ווערן באַנייט. דער אינדישער גייסט איז געווען פול מיטן גע-דאַנק פון גילגול, פון שטענדיקן קרייזלויף; מען האָט געהאַלטן, אַז אַלצדינג קערט זיך אום צוריק צום פריערדיקן שטאַנד. עס איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס מענטשן האָבן געמאַכט אַזאַ השערה; אַלע זאַכן ווייזן אויס צו האָבן די דאָזיקע טבע, איידער מען אַנאַליזירט זיי. די מאָדערנע נאַטורוויסנשאַפט האָט קלאָר געמאַכט, אַז עס איז ניטאָ קיין גענויער אומקער, ווי מיר זיינען מסוגל צו קלערן; איט-לעכער טאָג איז מיט אַן אומענדלעך קליינעם עפּעס לענגער פאַרן פריערדיקן טאָג; קיין חור חזרט ניט איבער פּינקטלעך דעם פרי-

ערדיקן הור; געשיכטע חזרט זיך קיינמאָל ניט איבער; מיר האָבן איצט די פאָרשטעלונג, אַז דער בייט נעמט זיך קיינמאָל ניט אויס; אַלע זאַכן זיינען שטענדיק ניי. אָבער די דאָזיקע אונטערשיידן צווישן אונזערע אַלגעמיינע אידעעס און די אידעעס, וואָס בודאַ האָט באַדאַרפט האָבן, מאָרן אונז ניט שטערן אָפּצושאַצן די חכמה, וואָס איר גלייכן איז פריער ניט געווען, די גוטסקייט און די גרויסקייט פון דעם פּלאַן פון אַ באַפרייטן לעבן, וואָס גאַוטאַמאַ האָט אים אָנגעצייכנט אַ זעקס הונדערט יאָר פאַר קר.

גאַוטאַמאַ האָט ניט אויסגעאַרבעט קיין טעאָריע, ווי אַזוי קאָנען צוזאַמענגעמען ווערן אַלע ווילנס פון די רעכטפאַרטיקע צוליב אַ פאַרשיידנאַרטיקער אַקטיוויטעט פון דעם גאָרן מין מענטש, וואָס קעמפט קעגן טויט און שטאַרבן אין צייט און רוים. ער האָט מער ניט אַיינגעשטעלט זיין אייגן לעבן און דאָס לעבן פון זיינע נאָענטע תלמידים אויף איין אויפגאַבע: צו לערנען און צו פאַרשפּרייטן די תורה און די געגנ פון דער נירוואַנאַ, צו ווייזן, ווי אַזוי קאָן מען דערגרייכן צו קלאָרקייט פון דער נשמה אין אונזער צעטומלטער וועלט. פאַר זיי לכל-הפּחות איז זיין תורה געווען פיל און גאַנץ. אָבער אַלע מענטשן קאָנען דאָך ניט זיין נאָר זאָגערס און לערערס; לערנען איז דאָך נאָר איינע פון די פיל לעבנס-פונקציעס, וואָס זיינען רעכטשאַפן ליט זייער מהות. דער מאָדערנער גייסט קאָן זיך גוט פאָרשטעלן, אַז עס קאָן געמאָלט זיין, הגם עס איז ניט פון די גרינגע זאַכן, עמעצער זאָל באַאַרבעטן די ערד, רעגירן אַ מלוכה, מאַכן וועגן, בויען הייזער, קאָנסטרוירן מאַשינעס, און טאָן דאָס אַלץ מיט אמתער מסירת נפש, אָן צו קלערן וועגן זיך, מיט דער פולסטער נשמה-קלאָרקייט. דאָס שטעקט אויך אין גאַוטאַמאַס תורה, אָבער די טראָפּ איז געווים געוואָרן געשטעלט אויף דעם לערנען גופא, און מען איז מער געווען נוטה אָפּצושיידן זיך פון דער וועלט, איידער זוכן אויסצובעסערן דאָס טאָגטעגלעכע לעבן פון די מענטשן.

אין געוויסע אַנדערע פּרטים איז אָט דער פּרימיטיווער בודיזם געווען פאַרשיידן פון אַלע רעליגיעס, וואָס מיר האָבן ביז איצט באַטראַכט. עס איז געווען פון לכתחילה אָן מער אַ רעליגיע פון אויפ-

פּיר, פֿון בין־אָדם־לחברו, איידער אַ רעליגיע פֿון צערעמאָניע און קרבנות, זי האָט ניט געהאַט קיין געהייליקטן אָרדן אָדער כּוהנים. זי האָט אויך ניט געהאַט קיין טעאָלאָגיע, קיין טעאָריע וועגן דער גאָטהייט. ניט זי האָט באַשטעטיקט, ניט זי האָט געלייקנט די עקסיסטענץ פֿון די אָן אַ צאָל אָפּט גראָטעסקע געטער, וואָס מען האָט אין יענער צייט געדינט צו זיי אין אינדיע. זי האָט פּשוט זיי איגנאָרירט.

---

## 4. בודיזם און אַסאָקאַ.

גלייך פֿון אָנהייב אָן האָט מען די דאָזיקע תורה שלעכט פֿאַר־שטאַנען. איין פֿעלער האָט אפשר געשטעקט אין דער לערנונג גופא. וואָרעם די מענטשן־וועלט האָט נאָך דעמאָלט ניט געהאַט קיין פֿאַר־שטאַנד פֿאַר אַ כּסדרדיקער פּראָגרעסיווער לעבנסשטרעבונג, עס איז געווען זייער גרינג זיך אַראָפּצוגליטשן פֿון געדאַנק וועגן אָפּזאָגן זיך פֿון זיך אַליין צו דעם געדאַנק וועגן אָפּזאָגן זיך פֿון אַקטיוון לעבן בכלל. ווי גאַוטאַמאַס אייגענע דערפֿאַרונג האָט געוויזן, איז גרינגער צו אַנטלויפֿן פֿון דער וועלט, איידער פֿון זיך אַליין. זיינע ערשטע תלמידים זיינען געווען ענערגישע דענקערס און לערערס, נאָר עס איז געווען זייער גרינג אַריינצופֿאַלן אין נזירישער אָפּגעזונדערטקייט, באַזונדערס גרינג אין דעם קלימאַט פֿון אינדיע, וואו אַ ביז גאָר פּשוט לעבן איז באַקוועם און גוט, און אַקטיווע אָנשטרענגונג קומט אָן שווערער, ווי ערגעץ אַנדערש אין דער וועלט.

און עס האָט געטראָפֿן מיט גאַוטאַמאַ דאָס, וואָס עס האָט גע־טראָפֿן מיטן רוב גרינדער פֿון רעליגיעס אין שפּעטערע צייטן: זיינע ווינציקער אינטעליגענטע תלמידים האָבן פֿון אים געמאַכט אַ מופֿת, כּדי שטאַרקער צו ווירקן אויף דער אויסגעווייניקסטער וועלט. מיר האָבן שוין פֿאַרצייכנט, ווי אַזוי איינער פֿון זיינע געטרייע אָנ־הענגער האָט זיך אַנדערש ניט געקאָנט אויסמעלן דעם מאָמענט, ווען דער רבי זיינער האָט געהאַט די אַנטפּלעקונג, ווי נאָר אַז גאָר די וועלט איז אויפגעטרייסלט געוואָרן אין אירע גרונטפֿעסטן.

דאָס איז נאָר איין קלײנער מוסטער פֿון דער גרויסער אָנזאַמלונג פֿון מופֿתים, וואָס מען האָט איצט געטומען אין פֿאָלק אַרומרינגלען מיט זיי דעם אָנדענק פֿון גאַוטאַמאַ.

עס קאָן גאָר קיין ספֿק ניט זיין, אַז פֿאַרן גרעסטן רוב מענטשן, דעמאָלט פּונקט ווי איצט, איז זייער שווער תּופֿס צו זיין דעם געדאַנק וועגן באַפֿרייען זיך פֿון דעם אייגענעם „איך". עס איז קרוב לאמת, אַז אַפֿילו צווישן די משולחים זיינע, וואָס בודאַ




האָט אַרויסגעשיקט פֿון בענאַרעס, כּדי צו פֿאַרשפּרייטן זיין תּורה, זיינען געווען אַ פּולע, וואָס האָבן דאָס ניט תּופֿס געווען און נאָך ווינציקער זיינען געווען מסוגל דאָס צו געבן צו פֿאַרשטיין זייערע צוהערער. זייער לערנונג האָט בהכרח געקראָגן דעם טייטש אויסלייזונג, אָבער ניט פֿון דעם אייגענעם איך — אַזאַ געדאַנק איז געווען איבער זייער פֿאַרשטאַנד — נאָר פֿון אומגליק און ליידן אויף דער וועלט און יענער וועלט. אין די ביז-דעמאָלטיקע אָבערגלויבענישן פֿון פֿאָלק, בפֿרט אין דער אידעע פֿון דער וואַנדערונג

פון דער נשמה נאָכן טויט, הגם די דאָזיקע אידעע איז געווען כנגד זייער רבינס אייגענער שיטה, האָבן זיי געפונען אַן אָנהאַלט אויף צו פאַרשפּרייטן דעם נייעם גלויבן. זיי פלעגן זאָגן מוסר די מענטשן פון המון און מאָנען ביי זיי גוטע מעשים, אויב זיי ווילן ניט לעבן אין צווייטן גילגול אין ערגערע און נידעריקערע פאָרמען אָדער אַריינפאַלן אין איינעם פון די אָן אַ צאָל גיהנומס, וואָס די בראַמינישע זאָגערס האָבן שוין זיי געהאַט באַקאַנט געמאַכט מיט זיי. זיי האָבן פאָרגעשטעלט דעם בודאַ, ווי דעם אויסלייזער פון די כמעט אומבאַגרענעצטע עינויים.

ווייזט אויס, אַז עס איז גאָר ניטאָ קיין שיעור צו די שקרים, וואָס ערלעכע אָבער טעמפּע תלמידים קאָנען זיך אָנדערציילן צוליב פאַרגרעסערן דעם שבח פון זייער רבין און וואָס דאַרפן, לויט זייער מיינונג, העלפן פאַרשפּרייטן זיין תורה. מענטשן, וואָס וואָלטן אין געוויינטלעכן לעבן זיך געמיאוסט צו זאָגן אַ ליגן, ווערן אומפאַרשעמטע אָפּנאַרערס און ליגנערס, בעת עס גייט וועגן פּראָפּאַגאַנדע; דאָס איז איינע פון די משונהדיקסטע ווידעראַנאַנדן אין מענטשנס טבע. אַזוי פלעגן די ערלעכע נשמות — וואָרעם דער גרעסטער רוב פון זיי זיינען בלי-ספק געווען ערלעך — איצט דערציילן פאַר זייערע צוהערערס ניסים ונפלאות פון דעם, וואָס האָט געטראָפן ביי בודאַס געבאָרן ווערן — זיי האָבן אים שוין מער ניט גערופן ביי זיין אייגענעם נאָמען גאַוטאַמאַ, וואָרעם דאָס איז געווען אַ פאַמיליערער נאָמען — פון זיינע גבורות, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן יונגערהייט, פון די וואונדער פון זיין טאָג-טעגלעכן לעבן, פאַרענדיקט מיט דער שיינונג פון זיין גוף אין מאָמענט פון זיין טויט.

אַוודאי איז שוין נישט געווען מעגלעך צו גלויבן, אַז בודאַ איז געווען דער זון פון אַ פאָטער אַ בשר-ודם. זיין מוטער איז בדרך-נס פאַרגאַנגען איז טראָגן מיט אים, בעת זי האָט געזען אין חלום אַ שיינעם, ווייסן העלפאַנד. צוערשט איז ער אַליין געווען אַ וואונדערלעכער העלפאַנד מיט זעקס רייס-ציינער; מיט זיין חסד האָט ער זיי אַוועקגעגעבן אַן אָרעמען יעגער — ער האָט אים אַליין געהאָלפן זיי אָפּזעגן. און אַזוי ווייטער.

נאָך מער, אַחוץ בודאַ איז אויסגעוואַקסן אַ טעאָלאָגיע. מ'האָט אַנטדעקט, אַז ער איז אַ גאָט. ער איז איינער פון אַ שורה געטלעכע וועזנס, די בודאַס. עס איז געווען אַן אומשטאַרבלעכער „גייסט פון אַלע בודאַס"; עס איז געווען אַ גרויסע שורה בודאַס, וואָס זיינען געווען, און בודאַס (אָדער בודיסאַוואַס), וואָס באַדאַרפן נאָך קומען. נאָר מיר קאָנען זיך ניט אַריינלאָזן אין די פּלאָנטערנישן פון אַזיאַטישער טעאָלאָגיע. „אונטער דער דערדריקנדיקער השפּעה פון אַ קראַנקן דמיון זיינען די מאָראַלישע לערנונגען פון גאַוטאַמאַ כמעט פאַרשטעלט געוואָרן פון איר. טעאָריעס האָבן געוואַקסן און געבליט; איטלעכער נייער טריט, איטלעכע נייע היפּאָטעזע האָט געצויגן נאָך זיך אַ צווייטע; ביז דער גאַנצער האָריזאָנט איז באַדעקט געוואָרן מיט מוח-אויסטראַכטענישן, און די איידעלע און פּשוטע כללים פון דעם גרינדער פון דער רעליגיע זיינען פאַרשטיקט געוואָרן אונטער דער בלישטשענדיקער מאַסע פון די מעטאַפיזישע חקירות".

אין דריטן יאָרהונדערט פאַר קר. האָט דער בודיזם דערגרייכט צו רייכטום און מאַכט. אויפן אָרט פון די קליינע גרופּעס פּשוטע ביידלעך, וואו די לערערס פון אָרדן פלעגן זיך צונויפקלייבן אין דער רעגן-צייט, זיינען אויסגעבויט געוואָרן גרויסע בנינים פון קלויסטערס. צו יענעם פּעריאָד געהערן די התחלות פון דער בודיסטישער קונסט. אויב מיר דערמאָנען זיך, אַז אין יענער צייט איז געווען פריש דער אָנדענק אָן אַלכּסנדרס אַוואַנטורע, אַז גאַנץ פּענדזשאַב איז נאָך געווען אונטער סעלייקידישער איבערהערשאַפט, אַז גאַנץ אינדיע איז נאָך געווען פול מיט גריכישע אַוואַנטוריסטן, און אַז עס איז געווען נאָך אַ היפּשער פאַרקער מיט אַלכּסנדריא איבער דער יבשה און איבערן ים, דעמאָלט וועט אונז ניט זיין קיין חידוש, אויב מיר געפינען די אַלטע בודיסטישע קונסט שטאַרק גריכיש לויטן כאַראַקטער, און אויב מיר זעען, אַז דער נייער אַלכּסנדרינישער קולט פון סעראַפּיס האָט געהאַט אַ ניט-געוויינטלעכע השפּעה אויף איר אַנטוויקלונג.

דאָס קיניגרייך גאַנדאַראַ אויף דער צפונית-מערביתדיקער גרענעץ ניט ווייט פון פּעשאַוואַר, וואָס האָט געבליט אין דריטן יאָר-

הונדערט פאַר קר., איז געווען אַ טיפּישער טרעף=פּלאַץ פאַר דער העלענישער און אינדישער וועלט. דאָ געפינט מען די עלטסטע בודיסטישע סקולפּטורן, און אויף זיי געפינען זיך פיגורן, וואָס מען קאָן זיי דערקענען, אַז דאָס זיינען סעראַפּיס, איזיס און האָרוס, וואָס זיינען אַריינגעוועבט געוואָרן אין דער לעגענדעס=נעץ, וואָס איז שוין געווען אויסגעשפּונען אַרום בודאַ. די גריכישע מייסטערס, וואָס זיינען געקומען קיין גאַנדאַראַ, האָבן אַוודאַי ניט געוואָלט אָפּלאָזן אַ טעמע, וואָס איז זיי געווען נאָענט. נאָר איזיס, דערציילט מען אונז, איז שוין ניט געווען מער איזיס, נייערט האַריטי, אַ פּעכטגעטין, וואָס בודאַ האָט זי באַקערט און געמאַכט פאַר אַ גוטער געטין. פּושע ציט ליניעס פון איזיס פון דעם דאָזיקן צענטער ביז צו כינע, נאָר דאָ האָבן געווירקט נאָך אַנדערע השפּעות, און די גאַנצע געשיכטע ווערט פאַר אונז צופיל געפּלאָנטערט, אַז מיר זאָלן קאָנען זי אויספּלאָנטערן אין די דאָזיקע „קאָנטורן”. כינע האָט געהאַט אַ טאַאָיסטישע גאָטהייט, די הייליקע מוטער, די קיניגין פון הימל, וואָס האָט געקראָגן דעם נאָמען קואַן=יין (לכתחילה אַ מאַנסבילשער נאָמען) און וואָס איז געוואָרן שטאַרק נאָענט צו דער פיגור פון איזיס. מיר פילן, אַז די איזיס=פיגור האָט געמוזט האָבן משפּיע געווען אויף דער באַהאַנדלונג פון קואַן=יין. פּונקט ווי איזיס איז זי געווען די קיניגין פון די ימען, דער ים=שטערן. אין יאַפּאַן האָט מען זי גערופן קוואַנאָן. משמעות, אַז עס איז געגאַנגען אַ שטענדיקער בייט פון אויסווייניקסטע פאָרמען פון רעליגיע צווישן מזרח און מערב. אין דער רייזע=באַשרייבונג פון דעם פראַנצויזישן מיסיאָנער איק (Huc, 1813—1860) לייענען מיר, ווי פאַרחידושט זיינען געווען ער און זיינע חברים מיסיאָנערן, ווען זיי האָבן געטראָפן אָט=די בשותּפישע קולט=טראַדיציע. „דער קרייץ, זאָגט ער, די מיטרע*, די דאַלמאַטיקע**, דער לאַנגער אייבער=בגד פון די גייסט=

* מיטרע — דער הויכער הוט, וואָס עס טראָגן קאַטוילישע ביסקופּן און קאַרדינאַלן.

** דאַלמאַטיקע — דער קורצער אייבערבגד, וואָס עס טראָגט דער דיאַקאָן ביים קאַטוילישן גאָטדינסט.

לעכע, וואָס די גרויסע לאַמאַס טראָגן, ווען זיי פֿאָרן אַרויס אָדער ווען זיי ריכטן אָפּ אַ וואַסער עס איז צערעמאָניע אויסע האַלב פֿון טעמפּל; דער דינסט מיט טאָפּלטע כאָר, די תּפֿילה־געזאַנגען, די השבֿעות, דאָס ריכער־געפֿעס, וואָס הענגט אַראָפּ אויף פֿינף קייטן, וואָס מען קאָן דאָס עפֿענען און פֿאַרמאַכן לויט פֿאַרלאַנג; די ברכות, וואָס די לאַמאַס בענטשן דורך אויסשטרעקן די רעכטע האַנט איבער די מאַמינים; די פּאַטשערקעס אויף צו ציילן די תּפֿילות, דאָס ניט חתונה האָבן פֿון די גייסטלעכע, די גייסטיקע אײַנגע־שלאָסנקייט, דער קולט פֿון די הייליקע, די תּעניתים, די פּראָצעסיעס, דאָס הייליקע וואַסער, — דאָס אַלץ זיינען ענלעכקייטן צווישן די בו־דיסטן און אונז".

דער קולט און די תּורה פֿון גאַוטאַמאַ איז פֿאַרשפּרייט געוואָרן איבער גאַנץ אינדיע דורך לערערס, וואָס זייער צאָל איז אַלץ גרע־סער געוואָרן, און פֿערטן און דריטן י"ה פֿאַר קר.; פֿאַר דער צייט האָט דער בודיזם אַריינגענומען אין זיך ברעקלעך און שטיקלעך פֿון בראַמאַניזם און העלעניזם. אין משך פֿון עטלעכע דורות האָט ער נאָך אויפֿגעהיט פֿונדעסטוועגן אַ סך פֿון דער מאָראַלישער שיינ־קייט און עפּעס פֿון דער פּשוטקייט פֿון זיין לכתּחילהדיקן פֿאַזיס. אַ סך מענטשן, וואָס קאָנען ניט תּופֿס זיין מיטן שכל, וואָס איז טייטש זיך אָפּזאָגן זיך פֿון אייגענעם איך און פֿאַרזען די אייגענע אינטערעסן, זיינען פֿונדעסטוועגן מסוגל אָפּצושאַצן די דאָזיקע מעלות, ווען זיי ווייזן זיך אַרויס אין דער ווירקלעכקייט. דער אַלטער בודיזם האָט געוויס געהאַט צווישן זיינע לערערס פֿיינע לייט, און מענטשנס געמיט ווערן אויפֿגעוועקט די פֿאַרבאָרגענע גוטע מידות ניט נאָר דורכן שכל. דער בודיזם האָט זיך פֿאַרשפּרייט גיכער, ניט געקוקט אויף דעם, איידער דערפֿאַר, וואָס ער האָט געלאָזט אַ צוטריט פֿאַר די פֿאָלקסטימלעכע דמיונות. ער האָט זיך פֿאַרשפּרייט דערפֿאַר, ווייל אַ סך פֿון די אַלטע בודיסטן זיינען געווען גוטע און האַרציקע מענטשן, גרייט אַלעמאָל צו העלפֿן, מענטשן וואונדערלעכע, וואָס מען האָט געמוזט זיי גלויבן און נאָכגיין נאָך זיי.

גאָר אין אָנהייב פֿון זיין וועג האָט דער בודיזם זיך צונויפֿגע־שטויסן מיט די וואַקסנדיקע פּרעטענזיעס פֿון די בראַמינער. ווי מיר

האָבּן שוין פאַרצייכנט, האָט די דאָזיקע כּהנים־קאַסטע אין גאַנצן
מאָס צייט געהאַלטן ערשט אינמיטן קאַמף פאַר איר איבּערהער־
שאַפט אין אינדישן לעבּן. זיי האָבּן שוין געהאַט אַ סך פּאָר. זיי
האָבּן געהאַלטן די מאָנאָפּאָל פון דער טראַדיציע און פון די רע־
ליגיעזע צערעמאָניעס. נאָך זייער מאַכט איז צעטרייסלט געוואָרן דורך
דער אַנטוויקלונג פון קיניגטום, וואָרעם די מענטשן, וואָס זיינען גע־
וואָרן פירערס פון שבטים און מלכים, האָבּן ניט געהערט צו דער
בּראַמינער־קאַסטע.

דאָס קיניגטום האָט געקראָגן אַ שטופּ פון דער פּערסישער
און גריכישער אינוואַזיע אין פּענדזשאַבּ. מיר האָבּן שוין דערמאָנט
דעם נאָמען פון קיניג פּאָרוס, וואָס אַלכּסנדר האָט אים, ניט גע־
קוקט אויף זיינע העלפאַנדן, צעשלאָגן און געמאַכט פאַר זיין סאַט־
ראַפּ. עס איז אויך געקומען אין גריכישן לאַגער בּיים אינדוס אַ
יונגער אַוואַנטוריסט מיטן נאָמען טשאַנדראַגופּטאַ מאַוריאַ, וואָס די
גריכן האָבּן אים גערופן סאַנדראַקאָטוס, מיט אַ פּלאַן, ווי אַזוי אַיינ־
צונעמען דאָס גאַנגעס־לאַנד. דער פּלאַן איז ניט געפעלן געוואָרן
די מאַקעדאָניער, וואָס האָבּן זיך געבּונטעוועט און ניט געוואָלט
גיין וויטער אין אינדיע אַריין, און טשאַנדראַגופּטאַ האָט געמוזט
אַנטלויפן פון לאַגער. ער האָט דערנאָך אַרומגעוואַנדערט צווישן די
שבטים בּיי דער צפונית־מערבית־גרענעץ, פאַרזיכערט זייער אונטער־
שטיצונג, און נאָכדעם ווי אַלכּסנדר איז אַוועק, איז ער בּאַפאַלן דעם
פּענדזשאַבּ, בּכדי אַרויסצושטויסן די פאָרשטייער פון די מאַקעדאָניער.
דערנאָך האָט ער אַיינגענומען דאָס גאַנגעס־לאַנד (321 פאַר קר.), זיך
אַיינגעשטעלט צו פירן מלחמה קעגן סעלייקוס I, בּעת יענער האָט
געפּרוווט ווידער אַיינצונעמען פּענדזשאַבּ (303 פאַר קר.), און האָט
פאַרפעסטיקט אַ גרויסע אימפּעריע, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אי־
בּערן גאַנצן פליין פון צפון־אינדיע פון מערבדיקן ים בּיזן מזרחדיקן
ים. און ער האָט אויך געהאַט אויסצושטיין די זעלבּיקע מלחמה
מיטן וואַקסנדיקן כּוח פון די בּראַמינער, די מלחמה צווישן דער קרוין
און דער כּהונהשאַפט, וואָס מיר האָבּן אַזעלכע שוין פאַרצייכנט
אין בּבל, אין עגיפּטן און כינע. ער האָט אַיינגעזען אין דער תורה
פון בּודיזם, וואָס האָט געהאַלטן אין אויסשפּרייטן זיך, אַ פאַרבּינדעטן

קעגן דעם וואוקס פון דער כהונה און קאַסטע. ער האָט אונטער־געהאַלטן דעם בודיסטישן אָרדן און געגעבן אים מתנות און האָט געהאָלפן דער אויסשפרייטונג פון זיינע לערנונגען.

נאָך אים האָט רעגירט זיין זון, און נאָך יענעם ווידער דער קיניג אַסאָקאַ (264 ביז 227 פאַר קר.), איינער פון די גרעסטע מאָנאַרכן אין דער געשיכטע, וואָס זיין מלוכה האָט זיך אויסגע־שפרייט פון אַפגאַניסטאַן ביז צו יענעם קאַנט, וואָס איז איצט די פראָווינץ פון מאַדראַס. ער איז דער איינציקער קריגערישער מאָנאַרך אין דער באַוואוסטער געשיכטע, וואָס האָט נאָכן ניצחון זיך אָפּגע־זאָגט פון מלחמה. ער איז אָנגעפאַלן אויף קאַלינגאַ (255 פאַר קר.), אַ לאַנד פאַזע דעם מזרח־ברעג פון מאַדראַס, אפשר מיטן מיין צו פאַרענדיקן די באַצווינגונג פון דעם שפּיץ פון אינדישן האַלב־אינזל. די עקספּעדיציע האָט אָפּגעגליקט, נאָר די אַכזריות און די שרעקנס פון דער מלחמה, וואָס ער האָט געזען, האָבן אַרויסגערופן אַן עקל אין זיין נשמה. אין עטלעכע אויפשריפטן, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן ביז איצט, האָט ער געלאָזט מעלדן, אַז להבא וועט ער באַצווינגען לענדער ניט דורך מלחמה, נאָר דורך רעליגיע, און דער רעשט פון זיין לעבן איז געווען אָפּגעגעבן אויף צו פאַרשפרייטן דעם בודיזם אין דער וועלט

עס ווייזט אויס, אַז ער האָט רעגירט זיין גרויסע אימפעריע אין שלום און מיט גרויס געשיקטקייט. ער איז ניט געווען אַ פשוטער רעליגיעזער פאַנאַטיקער. נאָר אין יענעם יאָר פון זיין איין און איינציקן קריג איז ער אַריינגעטראָטן אין דער בודיסטישער גע־מיינדע, ווי אַ וועלטלעכער מיטגליד, און אין עטלעכע יאָר אַרום איז ער געוואָרן אַ פולקומער אָרדן־מענטש און האָט אויף זיך גענומען צו דערגרייכן די נירוואַנאַ דורך דעם אַכטפאַכיקן וועג. זיין לעבן באַווייזט, ווי ווייט דער דאָזיקער לעבנס־וועג האָט געשטימט דעמאָלט מיט די נוציקסטע און מענטשנפריינדלעכסטע אויפטוען. מיט די גוטע מידות פון בודיזם: דאָס רעכטע באַשליסן, דאָס רעכטע שטרעבן און דאָס רעכטע לעבן — דערמיט האָט זיך אויסגעצייכנט זיין

קאַריערע. ער האָט אָרגאַניזירט, מען זאָל אומעטום אין אינדיע גראָבן ברונימער און אײַנפלאַנצן ביימער צום שאָטן. ער האָט באַשטימט איפזעער, וואָס זאָלן האָבן די השגחה איבער די צדקה־ענינים. ער האָט געגרינדעט שפּיטאָלן און עפנטלעכע סעדער. ער האָט געמאַכט גערטנער, וואו מען האָט געזעצט מעדיצינישע גראָזן צום וואַקסן. וואָלט ער געהאַט אַן אַריסטאָטעלעס, וואָס זאָל אויף אים ווירקן, וואָלט ער בלי־ספק געשטיצט וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג אין אַ גרויסן מאַסשטאַב. ער האָט געשאַפן אַ מיניסטעריום צו זאָרגן פאַר די אײַנגעבאָרענע און אונטערטעניקע ראַסעס. ער האָט געהאַט אין זינען די דערציִונג פון פרויען. ער האָט געפּרוּווט — ער איז געווען דער ערשטער מאָנאַרך, וואָס האָט דאָס געטאָן — צו דערציען זײַן פאָלק מיט אַ בשותּפישן אויסקוק אויף די צילן און וועגן פון לעבן. ער האָט געגעבן רײַכע מתּנות צו די בודיסטישע לערער־אָרדנס און האָט געפּרוּווט זיי אײַנצוגעבן חשק צו שטודירן בעסער זייער אייגענע ליטעראַטור. איבערן גאַנצן לאַנד האָט ער צעשטעלט זײַלן מיט אויפשריפטן, וואָס האָבן איבערגעחזרט די תּורה פון גאַוטאַמאַ, און דווקא זײַנע פּשוטע און הומאַנע לערנונגען און די שפּעטערדיקע צוואַקסן. פינף־און־דרײַסיק פון די דאָזיקע אויפשריפטן זײַנען פאַראַן ביזן הײַנטיקן טאָג. נאָך מער, ער האָט געשיקט מיסיאָנערן צו פאַרשפּרייטן די אידעלע און פאַרשטאַנדיקע תּורה פון זײַן רבין איבער דער וועלט, קיין קאַשמיר, קיין צײַלאָן, צו די סעלייקידן, צו די פּטאָלעמייער. איינע פון די דאָזיקע מיסיעס האָט געבראַכט יענעם אָפּצווײַג פון דעם באָ־בוים, וואָס וועגן אים האָבן מיר שוין דערציילט, קיין צײַלאָן.

אין משך פון אַכט־און־צוואַנציק יאָר האָט אַסאָקאַ געווירקט פאַר דער אמתער טובֿה פון מענטשן. צווישן די צענער טויזנטער נעמען פון מאָנאַרכן, וואָס פאַרדעקן די שפּאַלטן פון דער געשיכטע, צווישן אַט־די אַלע „מאַיעסטעטן“ און „גנאָדן“ און „דורכלויכטן“ און „קיניגלעכע הויכהייטן“ וכדומה שײַנט אַרויס דער נאָמען פון אַסאָקאַ, און שײַנט כמעט אַליין, ווי אַ שטערן. פון וואָלגע ביז קיין יאַפּאַן איז זײַן נאָמען נאָך עד־היום געאַכפּערט. כינע, טיבעט, און אַפילו אינדיע, הגם זי האָט פאַרלאָזט זײַן תּורה, היטן אָפּ די מסורה

פון זיין גרויסקייט. זיין אָנדענק פאַרגעטערן היינטיקן טאָג מער לעבעדיקע מענטשן, ווי די, וואָס האָבן ווען עס=איז געהערט די נעמען פון קאָנסטאַנטין אָדער קאַרל דעם גרויסן.

---

## 5. צוויי גרויסע כינעזישע לערערס.

מען האַלט, אַז די גרויסע מתנות אַסאָקעס האָבן סוף=כל=סוף פאַרדאָרבן דעם בודיזם, מחמת זיי האָבן צוגעצויגן אין אָרדן אַריין אַ גרויסע צאָל ניט=אויפריכטיקע אָנהענגערס, וואָס זיינען אויסן געווען נאָר די אייגענע טובה, אָבער עס קאָן קיין ספק ניט זיין, אַז דעם אויסשפרייט פון בודיזם דורך אַזיע האָט מען צו פאַרדאַנקען אין זייער אַ גרויסער מאָס דווקא אים.

דער בודיזם האָט זיך פאַרשפרייט אין צענטראַל=אַזיע דורך אַפגאַניסטאַן און טורקעסטאַן און האָט אַזוי אַרום דערגרייכט ביז כינע. פראָפעסאָר פראַמאַטהאַ נאַטה באָסע זאָגט, אַז די בודיסטישע תורה האָט דערגרייכט קיין כינע אַרום 64 נאָך קר. אין דער רעגירונג פון קיסר מינג=טי פון דער כאַן=דינאַסטיע. דער פאַנדיט קאַסיאַ=פאַ איז געווען דער אַפאָסטאָל פון כינע, און נאָך אים זיינען געקומען נאָך אַנדערע גרויסע לערערס. די גרויסע טעג פון דער בודיסטישער פראָפאַגאַנדע אין כינע זיינען געווען דער דריטער און פערטער יאָרהונדערט נאָך קר. ער האָט דעמאָלט געהאַט אויסצושטיין רדיפות און איז ווידער געוואָרן אַ מאַכט ביים אָנהייב פון דער טאַנג=דינאַסטיע.

בודיזם האָט שוין פאָרגעפונען אין כינע אַ פאָלקסטימלעכע און הערשנדיקע רעליגיע, דעם טאַאָיזם, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט פון אַ זייער אַלטער פרימיטיווער מאַגישער און אָקולטער פראַקטיק. ער איז געוואָרן רעאָרגאַניזירט צו אַן אָפענעם קולט דורך טשאַנג=טאַאָלין אין די טעג פון דער כאַן=דינאַסטיע. טאַאָ איז טייטש דער וועג, וואָס איז כמעט דאָס נעמלעכע, וואָס דער אַרישער וועג. נאָך אַן אָפענעם קאַמף האָבן ביידע רעליגיעס זיך אויסגעשפרייט זייט ביי זייט און האָבן דורכגעמאַכט ענלעכע שינויים, אַזוי אַז ביי היינטיקן טאָג איז זייער אויסווייניקסטע פראַקטיק זייער ענלעך. בודיזם האָט זיך באַ-

געגנט אויך מיטן קאָנפוציאַניזם, וואָס איז געווען ווינציקער טעאָלאָגיש און מער אַ מאָראַל־קאָדעקס, וואָס לערנט, ווי אַזוי דער מענטש באַדאַרף זיך אויפפירן. ער האָט זיך צולעצט צונויפגעטראָפן אויך מיט דער לערנונג פון לאַאָ טסע, דעם „אַנאַרכיסט, עוואָלוציאָניסט, פּאַציפיסט און מאָראַל־פילאָסאָף, וואָס איז געווען ווינציקער אַ רעליגיע ווי אַ פילאָסאָפישע סיסטעם פון לעבנס־כללים. שפּעטער האָט טשען טואַן, דער גרינדער פון מאָדערנעם טאַאָיזם, פאַרבונדן די לערנונגען פון לאַאָ טסע מיט דער טאַאָיסטישער רעליגיע.

קאָנפוציוס, דער גרינדער פון קאָנפוציאַניזם, האָט געלעבט פונקט ווי דער גרויסער דרומדיקער לערער לאַאָ טסע און גאַוטאַמאַ, אין זעקסטן יאָרהונדערט פאַר קר. זיין לעבן האָט עטלעכע אינטערעסאַנטע פּאַראַלעלן מיטן לעבן פון עטלעכע מער פּאָליטישע גריכישע פילאָסאָפן פון 5טן און 4טן יאָרהונדערט. דער זעקסטער יאָרהונדערט פאַר קר. געפאַלט אין אַ פּעריאָד, וואָס די כינעזישע היסטאָריקער באַצייכענען אים ווי די צייט פון דער טשאַו־דינאַסטיע; אָבער אין יענע טעג איז די רעגירונג פון יענער דינאַסטיע געווען קוים מער ווי אַ נאָמינעלע; דער קיסר פלעגט אָנפירן די טראַדיציאָנעלע קרבנות פון דעם הימל־זון און מען פלעגט אים אָפּגעבן אַ געוויסן פאָרמעלן כבוד. און אָט די דאָזיקע נאָמינעלע אימפּעריע האָט ניט פאַרנומען אַפילו קיין זעקסט חלק פון דער איצטיקער כינע. מיר האָבן שוין געוואָרפן אַ בליק אויפן מצב פון כינע אין יענער צייט: פאַקטיש איז כינע באַשטאַנען פון אַ סך איינציקע מלוכות, וואָס האָבן זיך געקריגט צווישן אַנאַנד, און די צפונדיקע באַרבאַרן האָבן זי געקאָנט באַפאַלן ווען זייער האַרץ גלוסט. קאָנפוציוס איז געווען אַן אונטערטאַן פון איינער פון די דאָזיקע מלוכות, לו; ער האָט געשטאַמט פון אַריסטאָקראַטישן יחוס, ער איז אָבער געווען אָרעם. נאָך דעם ווי ער האָט געהאַט פאַרנומען פאַרשיידענע אָפיציעלע פּאָסטנס, האָט ער געגרינדעט אין לו אַ מין אַקאַדעמיע צוליב אַנטדעקן און לערנען חכמה. מיר געפינען אויך קאָנפוציוס וואַנדערנדיק פון מלוכה צו מלוכה אין כינע, זוכנדיק אַ פירשט, וואָס זאָל אים מאַכן פאַר זיין יועץ און זאָל ווערן דער צענטער פון אַ רעפאָרמירטער וועלט. מיט צוויי יאָרהונדערטער שפּעטער איז פּלאַטאָן, גענוי מיט דער זעלביקער כוונה, אָנגעקומען פאַר אַ יונ־

צו דיאָניסיוס דעם טיראַן פון סיראַקוז; מיר האָבן שוין אויך פאַרצייכנט דאָס פאַרהעלטעניש פון אַריסטאָטעלעס און איסאָקראַטעס צו פיליפּ פון מאַקעדאָניע.



סטאַטוע פון אַ לאָהאַן אָדער בודיסטישן אַפּאָסטל (פון דער כינעזישער טאַנג-דינאַסטיע, 618—916 נאָך קר), איצט אין בריטישן מוזיי.

די שיטה פון קאָנפוציוס איז קאָנצענטרירט אין דער אידעע פון אַן איידעלן לעבן, וואָס ער האָט פאַרקערפּערט אין אַ מוסטער-

מענטש אָדער אידעאַל, אין דעם אַריסטאָקראַטישן מענטש. ער האָט פאָרגעשטעלט פאַר זיין צייט דעם אידעאַל פון אַ מענטשן, וואָס איז איבערגעגעבן דעם כלל. די כלל־ענינים זיינען געווען זייער וויכטיק פאַר קאָנפוציוסן. ער איז געווען אַ סך מער קאָנסטרוקטיווער פּאָליטישער דענקער, איידער גאַוטאַמאַ אָדער לאַאָ טסע. ער האָט שטענדיק געטראַכט וועגן מצב פון כינע, און ער האָט געזוכט אויסצוהאָדעווען דעם אַריסטאָקראַטישן מענטשן אין גרויסן און גאַנצן צוליב דעם, כדי ער זאָל שאַפן די יושרדיקע מלוכה. עס איז כדאי דאָ צו ברענגען איינע פון זיינע מימרות: „עס איז ניט מעגלעך אַוועקצוגיין פון דער וועלט און חברון זיך מיט פייגלען און חיות, וואָס זיינען ניט נאָענט צו אונז. מיט וועמען זאָל איך זיך חברן, אויב ניט מיט די ליידנדיקע מענטשן? די הערשנדיקע אומאָרדענונג — אָט אַנטקעגן איר מוז איך ווענדן מיינע אָנשטרענגונגען. אויב עס וואָלטן אין קיניגרייך געהערשט יושרדיקע געזעצן, וואָלט פאַר מיר ניט נייטיק געווען אומצובייטן איר צושטאַנד“.

דער פּאָליטישער באַזיס פון זיין שיטה איז, ווייזט אויס, כאַראַקטעריסטיש פאַר די כינעזישע מאָראַלישע אידעעס. דאָ איז פאַראַן אַ סך אַ דירעקטערע שייכות צו דער מלוכה, ווי אין דעם רוב אינדישע און איראָפּעישע מאָראַלישע און רעליגיעזע שיטות. אַ געוויסע צייט איז ער געווען באַשטימט פאַר אַ פאַרוואַלטער אין טשונג־פו, אַ שטאָט אין פירשטנטום לו, און דאָ האָט ער געזוכט צו רעגולירן דאָס לעבן אין אַן אויסערגעוויינטלעכן פאָרנעם, אונטערצושטעלן איטלעכע שייכות און איטלעכע טועכץ אונטער די כללים פון אַ בפרטיותדיקן עטיקעט. „צערעמאָניעס אין איטלעכן פרט, אַזעלכע ווי מיר זיינען געוויינט צו זען נאָר אין די הויפן פון מושלים אָדער אין די הייזער פון גרויסע שרים, זיינען געוואָרן אַ חוב פאַרן פאָלק אינגאַנצן, און אַלע ענינים פון טעגלעכן לעבן זיינען אונטערגעשטעלט געוואָרן אונטער אַ שטרענגן כלל. עס איז אַפילו רעגולירט געוואָרן די שפּייז, וואָס די פאַרשיידענע קלאַסן פון פאָלק מעגן עסן; מאַנסבילן און ווייבער זיינען געוואָרן געהאַלטן אָפּגעזונדערט אין די גאַסן; עס איז אַפילו באַשטימט געוואָרן דורך אַ באַזונדער כלל, ווי גראָב עס דאַרפן זיין די אָרונות פון די מתים און די פאָרם און די לאַגע פון די קברים“.

דאָס אַליץ איז, ווי מען זאָגט, זייער כינעזיש. קיין אַנדער פאָלק האָט נאָך ניט צונויפגעבראַכט דעם מאָראַלישן סדר מיט דער סאָציאַלער שטאַנדהאַפטיקייט דורך דער פאַרמיטלונג פון מאַנירן. נאָר אין כינע, לכל הפחות, האָבן קאָנפוציוסעס מעטאָדן געהאַט אַ געוואַלדיקן באַטייט, און קיין איין פאָלק אין דער וועלט ביי היינטיקן טאָג האָט ניט אַזאַ אַלגעמיינע טראַדיציע פון דעם, וואָס עס פאַסט און עס פאַסט ניט.

שפּעטער האָט קאָנפוציוס אָנגעוואָרן זיין השפעה אויף זיין פירשט, און ער האָט זיך ווידער צוריקגעצויגן אין פּריוואַט-לעבן. זיינע לעצטע טעג זיינען געווען פאַראומערט דורך דעם טויט פון עטלעכע פון זיינע בעסטע תלמידים. „קיין איין פאַרשטאַנדיקער רעגירער, האָט ער געזאָגט, שטייט ניט אויף צו נעמען מיך פאַר זיין לערער, און עס איז געקומען מיין צייט צו שטאַרבן“...

נאָר ער איז געשטאָרבן, בכדי צו לעבן. הירט זאָגט: „עס קאָן גאָר קיין ספק ניט זיין, אַז קאָנפוציוס האָט געהאַט אַ גרעסערע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון כינעזישן פאָלקס-כאַראַקטער, ווי אַ סך קיסרים גענומען אינאיינעם. ער איז דעריבער איינער פון די הויפּט-פיגורן, וואָס מען מוז נעמען אין אַכט בנוגע דער געשיכטע פון כינע. דאָס, וואָס ער האָט געקאָנט אַזוי ווירקן אויף זיין פאָלק אין אַזאַ מאָס, איז, ווי מיר דוכט, גיכער אַ פועל-יוצא פון דער איינגטימלעכקייט פון פאָלק, איידער פון זיין אייגענער פּערזענלעכקייט. וואָלט ער געלעבט אין אַן אַנדער טייל פון דער וועלט, וואָלט זיין נאָמען אפשר געווען פאַרגעסן. ווי מיר האָבן געזען, האָט ער אויסגעפורעמט זיין כאַראַקטער און זיין קוק אויפן מענטשנס לעבן דורך גענוי שטודירן דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ נאָענטע שייכות צו דער מאָראַל-פילאָסאָפיע, וואָס פריערדיקע דורות האָבן אויסגעאַרבעט. בכן, איז דאָס, וואָס ער האָט געלערנט זיינע בני-דור, ניט געווען פאַר זיי לחלוטין ניי. נאָר בעת ער אַליין האָט ביים שטודירן די אַלטע כראָניקעס געהערט דעם פאַרשטיקטן קול פון די חכמים פון פאַרגאַנגענע צייטן, איז ער געוואָרן אַזוי ווי דער מעגאַפאָנישער פאָנאָגראַף, וואָס דורך אים זיינען אויסגעדריקט געוואָרן פאַרן פאָלק יענע מיינונגען, וואָס ער האָט אַרויסגעדרונגען פון דער פאַרצייטיקער געשיכטע פון פאָלק גופא... די גרויסע השפעה פון קאָנפוציוסעס פּערזאָן אויפן פאָלקס-לעבן אין

כינע האָט זיך גענומען ניט נאָר פון זיינע שריפטן און פון זיינע לערנונגען, ווי ווייט אַנדערע האָבן זיי פאַרשריבן, נייערט אויך פון זיינע מעשים. זיין פערזענליכער כאַראַקטער, ווי ווייט ער איז באַשריבן פון זיינע תלמידים און אין די באַריכטן פון שפּעטערדיקע שרייבערס, וואָס טייל פון זיי זיינען אפשר אינגאַנצן לעגענדאַריש, איז געוואָרן דער מוסטער פאַר מיליאָנען מענטשן, וואָס זיינען נוטה נאָכצומאַכן די



דער קאָלאָסאַלער ליגנדיקער בודא פון פעגו, בירמא. ער האלט 183 פוס אין דער לענג.

אויסוויינקסטע מאַנירן פון אַ גרויסן מענטשן... אַלצדינג, וואָס ער האָט געטאָן עפנטלעך, איז געוואָרן רעגולירט ביז צום קלענסטן פּרט אין אַ צערעמאָניע. דאָס איז ניט געווען אויסגעטראַכט פון אים, וואָרעם צערעמאָניע־לעבן איז געוואָרן קולטיווירט אַ סך יאָהונדערטער פאַר קאָנפוציוס; נאָר זיין אַוטאָריטעט און זיין ביישפּיל האָט אַ סך

געווירקט צו פאַראייביקן דאָס, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר אַ גע־וואונטשענער זאַך צוליב דעם כלל".

די שיטה פון לאַאָ טסע, וואָס איז אַ לאַנגע צייט געווען אָנגע־שטעלט אין דער קייזערלעכער ביבליאָטעק פון דער טשאָו־דינאַסטיע איז געווען אַ סך מער מיסטיש און אומבאַשטימט און געפלאָנטערט, ווי די שיטה פון קאָנפוציוס. ער האָט, ווייזט אויס, געלערנט, אַז מען מוז זיין גלייכגילטיק צו די תענוגים און צו דער הערשאַפט פון דער וועלט און אומקערן זיך צום פשוטן לעבן, וואָס ער האָט זיך אויסגע־מעלט אין דער פאַרגאַנגענהייט. ער האָט איבערגעלאָזט שריפטן, וואָס זיי איז זייער שווער צו פאַרשטיין, מחמת ער האָט געשריבן גאָר בקיצור, ער האָט געשריבן אין רעטענישן. נאָך לאַאָ טסעס טויט איז זיין לערנונג, פונקט ווי גאַוטאַמאַס תורה, פאַרדאָרבן געוואָרן און אָנגעפילט מיט לעגענדעס און האָט אַריינגענומען אין זיך משונהדיקע און אָבערגלויבישע אידעעס. פאַקערט, קאָנפוציוס שיטה איז ניט אַזוי פאַרענדערט געוואָרן, וואָרעם זי איז געווען אַרומגעגרענעצט און קלאָר און פשוט, און האָט זיך ניט געלאָזט אַזוי פאַרדרייען.

דער כינעזער רעדט וועגן בודיזם און וועגן די שיטות פון לאַאָ טסע און פון קאָנפוציוס ווי וועגן די דריי תורות. זיי אינאיינעם בילדן דעם באַזיס און דעם אויסגאַנגס־פונקט פון שפּעטערדיקן כינעזישן געדאַנק. בכדי עס זאָל קאָנען ווערן איינגעשטעלט אַן אמתע אינטעלעק־טועלע און מאָראַלישע פאַרבינדונג צווישן די גרויסע פעלקער פון דער מזרחדיקער און פון דער מערבדיקער וועלט, איז נייטיק גרונטיק אויסצושטודירן פריער אָט די דריי שיטות.

עס זיינען צו באַמערקן געוויסע בשותפישע שטריכן ביי אַלע דריי לערערס, וואָס פון זיי איז גאַוטאַמאַ אָן ספק געווען דער גרעס־טער און דער טיפסטער, און וואָס זייערע שיטות באַהערשן ביזן היינטיקן טאָג דעם געדאַנק פון גרעסטן רוב פון דער מענטשהייט; עס זיינען פאַראַן געוויסע זאַכן, וואָס דערין שטייען זייערע תורות אין ווידעראַנאַנד צו די געדאַנקען און געפילן, וואָס האָבן באַהערשט די מערבדיקע וועלט. קודם־כל זיינען זיי פערסאָנאַלע און טאָלעראַנטע שיטות; זיי זיינען שיטות פון אַ וועג, פון אַ דרך, פון איידלקייט, און ניט קיין שיטות פון אַ קירך אָדער פון אַן אַלגעמיינעם געזעץ. וואטער

האָבן זיי אין זיך גאָרנישט ניט פאַר און ניט קעגן דער עקסיסטענץ און דעם קולט פון די אָנגענומענע געטער. די אַטענישע פילאָסאָפן, דאָס מוז ווערן באַמערקט, האָבן געהאַט די געמלעכע באַציִונג צו



א בודיסטישע פאגאדא (טעמפל) אין הואי־קינג־פו, אין דער כינעזישער פראווינץ כאנאן.

טעאָלאָגיע; סאָקראַטעס האָט גאָרנישט ניט געהאַט קעגן דעם, זיך צו בוקן העפלעך כמעט פאַר איטלעכן גאָט אָדער צו ברענגען פאָרמעל קרבנות — אַבי מען זאָל אים לאָזן פריי זיינע געדאַנקען.

אָט די שטעלונג איז פּונקט דער היפּוך פֿון דער גייסטיקער אײַנשטעלונג, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין די יידישע געמיינדעס אין יהודה, עגיפּטן און בבל, וואו דער געדאַנק פֿון איינציקן גאָט איז געווען דער ערשטער און דער איבערשטער. ניט גאַיטאַמאַ, ניט לאַאָ טסע, ניט קאָנפֿוציוס האָבן ניט געהאַט קיין רמז אויף דעם „אל קנא", דעם גאָט, וואָס וויל ניט האָבן „קיין אַנדערע געטער" לעבן זיך, דעם גאָט פֿון שרעקלעכן אמת, וואָס וויל ניט לײַדן קיין פֿאַרבאָרגענעם גלויבן אין כּישוף, מאַגיע, קיין אַלטע מנהגים, קיין קרבנות פֿאַר אַ גאָט-קיניג אָדער אַ קאַטאָוועס מיט דער שטרענגער איינהייט פֿון דער וועלט.

---

## 6. די פֿאַרדאַרבונג פֿון בודיזם.

די אומטאָלעראַנץ פֿון יידישן גייסט האָט געהאַלטן דעם עצם מהות פֿון זײַן אמונה קלאָר און ריין. פֿאַרקערט דאָס, וואָס די גרויסע לערערס פֿון דער מזרח-וועלט האָבן ניט געלייגט קיין אַכט אויף דער לערנונג וועגן גאָט, וואָס זיי האָבן ניט געזאָגט ניט יאָ און ניט ניין, האָט דערלאָזן, מען זאָל זייער תורה אויסטייטשן אויף די משונהדיקסטע אופֿנים, מען זאָל באַלד פֿון אָנהייב אָן אַרײַנטראָגן אין זיי די פֿאַרשיידנסטע מנהגים. ווען מען זאָל אַראָפּרעכענען גאָר טאַמאַס פֿאָדערונג פֿון דער רעכטער מיינונג, וואָס מען האָט געקאָנט גרינג פֿאַרזען, איז בעצם ניט געווען קיין יסוד פֿון אַליינהייליקונג ניט אין בודיזם, ניט אין טאַאָיזם, ניט אין קאָנפֿוציאַניזם. עס איז פּאַקטיש ניט געווען קיין פֿאַרבאָט פֿון אָבערגלויבישע מנהגים, פֿון אַרויסרופֿן רוחות, פֿון כּישוף-מאַכערײַ, פֿון בוקן זיך צו געצן. שוין אין אַ פֿריער סטאַדיע האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּראָצעס פֿון אַרומוואַקסן מיט אָבערגלויבענישן און האָט ניט אויפֿגעהערט. די נײַע אמונות האָבן איבערגענומען כּמעט אַלע שלעכטע זײַטן פֿון די פֿאַרדאָרבענע רעליגיעס, וואָס זיי האָבן געזוכט צו פֿאַרנעמען זייער אָרט; זיי האָבן איבערגענומען די געצן און די טעמפּלען, די מזבחות און די רויכער-געפֿעס.

טיבעט איז ביי היינטיקן טאָג אַ בודיסטיש לאַנד. אָבער גאָו־טאַמאַ, ווען ער וואָלט איצט געקומען צוריק אויף דער ערד, וואָלט אויסגעגאַנגען גאַנץ טיבעט אין דער לענג און אין דער ברייט צו זוכן זיין תורה, און וואָלט זי נישט געפונען. ער וואָלט געפונען דעם עלטסטן טיפּ פון אַ מענטשלעכן מושל, דעם גאָט־קיניג, זיצנדיק אויפן כסא המלוכה, דעם דאַלאַי לאַמאַ, דעם „לעבעדיקן בודאַ". אין דער שטאָט להאַסאַ וואָלט ער געפונען אַ גרויסן טעמפּל אָנגעפילט מיט גלחים, נידעריקערע און העכערע, מיט לאַמאַס — בעת ער אַליין האָט פון קיין אַנדער בנין ניט געוואָלט וויסן ווי פון אַ ביידל, און קיין כוהנים האָט ער ניט געמאַכט — און איבער אַ גרויסן אַלטאַר וואָלט ער דערזען אַ גרויסן גילדערנעם געץ, וואָס, ווי ער וואָלט געוואָר געוואָרן, טראָגט ער דעם נאָמען „גאַוטאַמאַ בודאַ"! ער וואָלט געהערט, ווי פאַר אָט דער גאָטהייט זינגט מען תפילות, און עס קלינגען אַרויס פסוקים, וואָס דוכטן זיך אים אויס צו זיין באַקאַנט. גלעקער־געקלאַנג, רויכערייַ, בוקענישן גייען אויך אַ־יין אין אָט די אויסטערלישע צערעמאָניעס. בעת איין מאָמענט פון דער עבודה טוט מיט אַמאָל אַ קלונג, און עס ווערט אויפגעדעקט אַ שפּיגל, בעת די גאַנצע עדה בוקט זיך נידעריק מיט יראת הכבוד...

אומעטום אין דער דאָזיקער בודיסטישער געגנט וואָלט ער אַרויס־געפונען אַזעלכע טשיקאַווע מאַשינדלעך, קליינע ווינטמילכלעך, צי וואַסער־מילכלעך, וואָס זייערע רעדער דרייען זיך און אויף די רע־ד'ער זיינען אויפגעשריבן קורצע תפילות. און ער וואָלט געוואָר געוואָרן, אַז איטלעכס מאָל, וואָס דאָס רעדל גיט זיך אַ דריי, ווערט פאַררעכנט ווי געזאָגט אַ תפילה. „צו וועמען?" וואָלט ער געפרעגט. נאָך מער, אומעטום אין לאַנד זיינען צעשטעלט פלאַג־שטעקנס, וואָס צו זיי זיינען צוגעהעפט שיינע זיידענע פאָנעס, און אויף די פאָנעס זיינען אָנגעשריבן אַזעלכע אויסטערלישע אויפשריפטן „אָם מאַני פאַדמע הום", דאָס איז טייטש: „דער יוּוועל געפינט זיך אין לאָטאָס־בלום. און ער וואָלט געוואָר ווערן, אַז ווען די פאָנע פלאַטערט, דעמאָלט באַטייט דאָס אויך אַ תפילה, וואָס דאַרף וואויל באַקומען דעם יעניקן, וואָס האָט באַצאָלט פאַר דער פאָנע, און אויך דעם גאַנצן לאַנד. גרופּעס אַרבעטער, וואָס פרומע מענטשן דינגען זיי, גייען אַרום איבערן לאַנד

און שניצן אויס די דאָזיקע פאָרמל אין אַלע פעלזן און שטיינער. און דאָס איז, וואָלט ער סוף-כל-סוף איינגעזען, וואָס די וועלט האָט געמאַכט פון זיין רעליגיע! אונטער אָט דעם פוסטן גלאַנץ איז געוואָרן באַגראָבן דער אָרישער וועג צו לויטערקייט פון דער נשמה.



דער הייליקער צאָן בודאס אין טעמפל פון קענדי, ציילאָן.

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז אין דעם פרימיטיוון בודיזם האָט געפעלט אַ פּראָגרעסיווע אידעע. דערין איז ער אויך געווען דער היפוך פון יהדות. די אידעע פון אַ קומענדיקער אויסלייזונג האָט גע-

געבן דער יהדות אַזעלכע מעלות, וואָס קיין פריערדיקע אָדער גלייכצייטיקע רעליגיע האָט זיי ניט פאַרמאָגט; דאָס האָט געמאַכט יידישקייט היסטאָריש און דראַמאַטיש. דאָס האָט באַרעכטיקט איר שטאָלצע אומטאָלעראַנץ, וואָרעם זי האָט אָנגעוויזן אויף אַ ציל. ניט געקוקט אויפן אמת און טיפקייט פון דער פסיכאָלאָגישער זייט פון גאַטאַמאַס תורה, איז דאָך דער בודיזם פאַרגליווערט געוואָרן און פאַרדאָרבן, ווייל עס האָט אים געפעלט די דאָזיקע פירנדיקע אידעע. יהדות, דאָס מוז מען מודה זיין, איז אין אירע פריע סטאַדיעס נאָר ווינציק אַריינגעדרונגען אין די נשמות פון מענטשן; זי האָט זיי געלאָזט בלייבן גלוסטיק, להוט נאָך רייכקייט, וועלטלעך אָדער אָבערגלויביש. אָבער ווייל זי האָט געלערנט, אַז ס'וועט קומען אַ בעסערע צייט, און אַז גאָט פירט די וועלט צו אַ געטלעכן ציל, איז זי געבליבן אין פאַרגלייך מיטן בודיזם שיינענדיק און אָנגעברייט ווי אַ גוט-געשליפענע שווערד*.

---

## 7. דער איצטיקער מעמד פון בודיזם.

אַ געוויסע צייט האָט דער בודיזם געבליט אין אינדיע. נאָר זייט בײַ זייט מיט אים האָט שטענדיק געבליט דער בראַמיניזם מיט זיינע פיל געטער און מיט זיינע אָן אַ סוף פאַרשיידענע קולטן, און די אָרגאַניזאַציע פון די בראַמינען איז געוואַקסן אַלץ מעכטיקער, ביז זיי זיינען געוואָרן בכוח זיך צו ווענדן קעגן דעם דאָזיקן קולט, וואָס האַלט ניט פון די קאַסטעס, און אַרויסשטופן אים פון אינדיע אינגאַנצן. די געשיכטע פון דאָזיקן קאַמף לאָזט זיך דאָ ניט דערציילן; עס זיינען געווען רדיפות און רעאַקציעס, נאָר אין עלפטן יאָרהונדערט איז די בודיסטישע תורה געווען פאַרטיליקט אין אינדיע, חוץ אין אָריסאַ.

---

* דאָ איז דער מחבר אליין מודה אין דער איינציקאַרטיקייט פון יידישקייט, וואָס אין איניקע ערטער פריער האָט ער געלייקנט. דורך דעם פאַרגלייך מיטן בודיזם, וואָס נאָך אים איז אין כמה פרטים נאָכגעגאַנגען דער קריסטנטום, ווערט באַזונדערס קלאָר, אַז דער מאָראַלישער געזעץ האָט קיין קיום ניט אָן דעם באַגריף פון איין איינציקן גאָט, דאָס הייסט אָן יידישקייט.
(דער איבערז.).

נאָר אַ סך פון זיינע גוטע מידות און פון זיין צדקה־טאָן איז אַריין אין בראַמיניזם.

איבער גרויסע שטרעקעס פון דער וועלט לעבט ער נאָך ביז היינט. עס איז מעגלעך, אַז אויב דער בודיזם וועט קומען אין באַריר מיט דער מערבדיקער וויסנשאַפט און וועט זיך אָננעמען מיטן גייסט פון היסטאָריע, וועט די לכתחילהדיקע תורה גאַוטאַמאַס, אַן אויפגעלעבטע און געלייטערטע, אפשר נאָך שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין ווענדן דעם גורל פון דער מענטשהייט.

אָבער נאָך דעם ווי אינדיע איז געווען פאַרלאָרן, האָט דער אַרישער וועג אויפגעהערט צו רעגירן איבערן לעבן פון אַרישע פעלקער. עס איז טשיקאַווע צו פאַרצייכענען, אַז אין דער צייט, ווען די איין גרויסע אַרישע רעליגיע איז כמעט אויסשליסלעך באַגרענעצט מיט די מאָנגאָלישע פעלקער, געפינען זיך די אַריער גופא אונטער דער ממשלה פון צוויי רעליגיעס, דעם קריסטנטום און דעם איסלאַם, וואָס זיינען, ווי מיר וועלן זען, אין זייער עצם מהות סעמיטיש. און דער בודיזם און טאַאָיזם און קריסטנטום טראָגן אַלע צוגלייך דעם לבוש פון צערעמאָניעס און פאָרמולעס, וואָס ווייזן אויס אָפּצושטאַמען דורך די העלעניסטישע קאַנאַלן פון עגיפּטן, יענעם לאַנד פון טעמפּלען און חרטומים, און פון דער מער פּרימיטיווער און מער פאַרוואָרצלטער מענטאַליטעט פון די ברוינע חמיטישע פעלקער.

---

## בוך V

# דער אויפשטייג און די ירידה פון דער רוימישער אימפעריע

## קאַפּיטל 25

# די צוויי מערבדיקע רעפּובליקן

1. די התחלות פון די לאַטיינער. 2. אַ נייער מין מלוכה. 3. די קאַרטאַגישע רעפּובליק פון רייכע לייט. 4. די ערשטע פּונישע מלחמה. 5 קאַטאָן דער עלטערער און דער קאַטאָנישער גייסט. 6. די צווייטע פּונישע מלחמה. 7. די דריטע פּונישע מלחמה. 8. ווי אַזוי די פּונישע מלחמות האָבן אונטערגעגראָבן די רוימישע פרייהייט. 9. פאַרגלייכונג פון דער רוימישער רעפּובליק מיט אַ מאָדערנער מלוכה.

מיר מוזן זיך איצט ווענדן צו דער געשיכטע פון די צוויי גרויסע רעפּובליקן אין מערב פון מיטללענדישן בעקן, רוים און קאַר־טאַגאָ, און דערציילן, ווי אַזוי רוים האָט אָפּגעגליקט אײַנצוהאַלטן עטלעכע יאָרהונדערטער צייט אַן אימפּעריע, גרעסער אַפילו פאַר דער, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן דורך אַלכּסנדרס באַצווינגונגען. ווי מיר וועלן פּרוּוון קלאָר מאַכן, איז די דאָזיקע נייע אימפּעריע געווען אַ פּאָליטיש געביי, זייער שטאַרק פאַרשיידן לויט איר טבע פון יעדער איינער פון די מזרחדיקע אימפּעריעס, וואָס זיינען געווען פאַר איר. אין משך פון עטלעכע יאָרהונדערטער זיינען פאָרגעקומען גרויסע שינויים אין דעם צונויפשטעל פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט און אין די קעגנזייטיקע סאָציאַלע שייכותן, די בויגעוודיקייט און אי־בערטראָגעוודיקייט פון געלט איז געוואָרן אַ כּוח, און ווי איטלעכער כּוח אין ניט געניטע הענט איז ער געוואָרן אַ סכּנה אין די מענטשלעכע ענינים. דאָס האָט אומגעביטן די פאַרהעלטענישן פון רייכע לייט צו דער מלוכה און צו זייערע אָרעמערע מיטבירגער. די

דאָזיקע נייע אימפעריע, די רוימישע אימפעריע, איז ניט געווען, חי־
אַלע פריערדיקע אימפעריעס, דער באַשאַף פון אַ גרויסן באַצווינגער.
ניט קיין סרגון, אָדער אַ תותמעס, אָדער אַ נבוכדנאצר, אָדער אַ
כורש, אָדער אַן אַלכסנדר, אָדער אַ טשאַנדראַגופּטאַ איז ניט געווען



א קיווער, וואס היעראָן פון סיראַקוז האָט אים געהייליקט ווי א טייל
פון דעם זאַק־רויב, וואס איז אָפּגענומען געוואָרן ביי די עטרוסקער
אין יאָר 474 פ׳ ר קר. איצט אין בריטישן מוזיי.

איר התחלה. זי איז געשאַפן געוואָרן דורך אַ רעפּובליק; זי איז אויס־
געוואַקסן דורך אַ מין נויטווענדיקייט, דורך נייע קאָנצענטרירנדיקע און
פאַראייניקנדיקע כוחות, וואָס האָבן שטענדיק געקליבן מאַכט אין
מענטשלעכע ענינים.

נאָר צוערשט איז נייטיק צו געבן אַ געוויסע פאָרשטעלונג וועגן דעם, ווי אַזוי איטאַליע האָט אויסגעזען אין יענע יאָרהונדערטער, וואָס דירעקט פאַר דעם דערשיינען פון רוים אין דער וועלט-געשיכטע.

פאַר 1200 פאַר קר., דאָס הייסט, איידער די אַשורישע אימפעריע איז אויפגעקומען, פאַר דער באַלעגערונג פון טראָיאַ און פאַרן לעצטן חורבן פון קנאָסאָס, אָבער נאָך דער צייט פון אַמענאָפיס IV, איז איטאַליע, פונקט ווי שפּאַניע, נאָך געווען באַזעצט דער עיקר דורך טונקל-ווייסע מענטשן פון דער עלטערער איבעריישער אָדער מיטללענדישער ראַסע. די דאָזיקע אַיינגעבאָרענע באַפעלקערונג איז מסתמא געווען אַ דין פאַרשפּרייטע און אַן אָפּגעשטאַנענע. נאָר שוין זיינען אויך אין איטאַליע, פונקט ווי אין גריכנלאַנד, אַריינגעדרונגען די אַריער און האָבן זיך גערוקט קיין דרום. אַרום 1000 פאַר קר. האָבן אַיינוואַנדערער פון צפון-זייט זיך געהאַט באַזעצט איבערן גרעסטן טייל פון צפון און פון צענטער פון איטאַליע. פונקט ווי אין גריכנלאַנד האָבן די נײַ-אָנגעקומענע זיך אויסגעמישט מיט די טונקעלע פריערדיקע אַיינוואוינער און האָבן געשאַפן אַ גרופּע אַרישע שפּראַכן, די איטאַלישע גרופּע, וואָס איז נעענטער צו דער קעלטישער (גאַלישער) גרופּע מער ווי יעדער אַנדערע; פון זיי איז פון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט די אינטערעסאַנטסטע יענע שפּראַך, וואָס עס האָבן גערעדט די לאַטיינישע שבטים אין די פּליינען אין דרום-זייט און מזרח-זייט פון דעם טייך טיבער. בינתים האָבן די גריכן זיך געהאַט באַזעצט אין גריכנלאַנד, און איצט האָבן זיי זיך אַריבערגעשיפט איבערן ים קיין דרום-איטאַליע און קיין סיציליע און זיך דאָרט באַזעצט. בהדרגה האָבן זיי געגרינדעט קאָלאָניעס פאַזע דער איצטיקער פראַנצויזישער ריוויערע און אויסגעבויט מאַרסעל לעבן דער עלטערער פעניקישער קאָלאָניע אין יענעם אָרט. איבערן ים איז אויך אָנגעקומען קיין איטאַליע נאָך אַן אינטערעסאַנט פאָלק. דאָס זיינען געווען קרעטיקע, ברוינלעכע מענטשן, צו משפּטן לויט די בילדער, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך; מען מעג משער זיין, אַז זיי זיינען געווען אַ שבט פון יענע עגעישע „טונקל-ווייסע“, וואָס די גריכן האָבן זיי געהאַט אַרויסגעטריבן פון גריכנלאַנד אין

קליין־אַזיע און פון די אינזלען. מיר האָבן שוין דערציילט וועגן קנאָסאָס און וועגן דעם, ווי אַזוי די פלישתים, וואָס האָבן אויך געהערט צו יענער ראַסע, האָבן זיך באַזעצט אין פאַלעסטינע. וועגן די דאָזיקע עטרוסקער, ווי מען פלעגט זיי אָנרופן אין איטאַליע, האָט מען נאָך אין אַלטע צייטן געוואוסט, אַז זיי שטאַמען פון אַזיע, און מען האָט געפרווט, נאָר מסתמא אָן אַ גרונד, צו פאַרבינדן די דאָזיקע טראַדיציע מיט דער „ענעידע", דער פאָעמע פון לאַטיינישן פאָעט ווירגילי, וואָס לויט איר איז די לאַטיינישע ציוויליזאַציע געגרינדעט געוואָרן דורך טראָיאַנישע איינוואַנדערער (די טראָ‑



דער מערב־טייל פון מיטללענדישן ים, 800–600 פאַר קר.

יאַנער גופא זיינען מסתמא געווען אַן אַריש פאָלק, מסתמא פאַרקרובעט מיט די פריגער). די עטרוסקער האָבן אָפגענומען דעם גרעסטן טייל פון איטאַליע אין צפון־זייט פון טיבער פון די אַרישע שבטים, וואָס זיינען געווען צעשפרייט איבערן לאַנד. מסתמא האָבן די עטרוסקער געוועלטיקט איבער אַן אונטערטעניקער איטאַלישער באַפעלקערונג, להיפוך צום מצב אין גריכנלאַנד, וואו די אַריער האָבן געהאַט די אייבערהאַנט.

די קאַרטע, וואָס איז געגעבן אויף דער זייט, שטעלט פאָר אין רויע שטריכן דעם מצב אַרום 750 פאַר קר.; זי ווייזט אויך די

ישובים פון די פעניקישע סוחרים, וואָס פון זיי איז קאַרטאַגאָ געווען דער גרעסטער, פאַזע די ברעגעס פון אַפריקע און שפּאַניע.

פון אַלע פעלקער, וואָס האָבן דעמאָלט געוואוינט אין איטאַליע, זיינען די עטרוסקער געווען די צום מיינסט ציוויליזירטע. זיי האָבן געבויט שטאַרקע פעסטונגען פון דעם מיקענישן אַרכיטעקטור=טיפּ; זיי האָבן געהאַט אַ מעטאַל=אינדוסטריע; זיי האָבן גענוצט גריכישע ליימענע כלים פון אַ זייער פיינעם טיפּ. די לאַטיינישע שבטים אויף דער אַנדער זייט טיבער זיינען לגבי זיי געווען באַרבאַרן

די לאַטיינער זיינען נאָך געווען אַ רוי פאָלק פון ערדאַרבעטער. דער צענטער פון זייער קולט איז געווען אַ טעמפּל פון דעם שבט=גאָט יופּיטער אויף דעם אַלבאַנישן באַרג. דאָ פלעגן זיי זיך צונויפקלייבן צו זייערע גרויסע יום=טובים אויפן שטייגער אַן ערך, ווי עס פלעגן זיך צונויפקלייבן אין די עלטסטע צייטן די שבטים, ווי מיר האָבן דאָס אויסגעמעלט פאַר דעם זאַמל=פּלאַץ אין אַלטן ענגלאַנד. דער דאָזיקער זאַמל=פּלאַץ איז ניט געווען קיין באַוואוינטע שטאָט; עס איז געווען אַן אָפענער פּלאַץ, געלעגן אויף אַ הויכעניש. דאָרט איז ניט געווען קיין שטענדיקע באַפעלקערונג. עס זיינען געווען צוועלף שטאָט=געמיינדעס אין דעם לאַטיינישן בונד. אין איין פּונקט אויבן טיבער איז געווען אַן אַריבערגאַנג איבערן טייך, און דאָ איז פּאָרגעקומען אַ האַנדל צווישן די לאַטיינער און די עטרוסקער. ביים דאָזיקן איבערגאַנג איז געווען די התחלה פון דער שטאָט רוים. עס פלעגן זיך דאָ צונויפקומען סוחרים, און אַנטרונענע פון די צוועלף שטעט האָבן געפונען אַ מקום=מקלט און פרנסה אין דעם דאָזיקן האַנדלס=צענטער. אויף די זיבן בערגלעך ניט ווייט פון אַריבערגאַנג זיינען אויפגעקומען ישובים, וואָס האָבן סוף=כל=סוף זיך צונויפגעגאָסן צו איין שטאָט=געמיינדע.

דאָס רוב מענטשן האָבן געהערט די מעשה פון די צוויי ברידער ראָמולוס און רעמוס, וואָס האָבן געגרינדעט רוים, ווי מען האָט זיי נאָכן געבוירן ווערן אַרויסגעוואָרפן פון זייער מוטערס הויז, און אַ וועלפין האָט זיי צוגענומען צו זיך און געזויגן און אויסגעהאָדעוועט. די מאָדערנע היסטאָריקער האַלטן גאָר ווינציק פון אָנ=

דער מעשה. עס איז פאַרצייכנט דאָס יאָר 753 ווי דאָס גרינדונגס־יאָר פון רוים, אָבער לעבן רוימישן פאָרום זיינען פאַראַן עטרוסקישע קברים, וואָס שטאַמען פון אַ סך אַן עלטערער דאַטע, און דער אַזוי גערופענער קבר פון ראָמולוס טראָגט אַן עטרוסקישע אויפשריפט, וואָס מען קאָן נאָך ניט איבערלייענען.

דער האַלב־אינזל איטאַליע איז נאָך דעמאָלט ניט געווען דאָס זוניקע לאַנד פון וויינגערטנער און איילבירטן־וועלדלעך, ווי ער איז געוואָרן שפּעטער. עס איז נאָך געווען אַ רוי לאַנד פון זומפּן און וועלדער, וואו די ערד־אַרבעטער פלעגן לאָזן פיטערן זייערע בהמות און אויסהאַקן פלעצער צום פאַרזייען. רוים, אויפן גרענעץ פון די לאַטיינער און עטרוסקער, האָט ניט געהאַט קיין שטאַרקע פּאָזיציע זיך צו פאַרטיידיקן. צוערשט זיינען אין רוים אפשר געווען לאַטיינישע מלכים; דערנאָך איז די שטאָט, ווייזט אויס, אַריינגעפאַלן אין די הענט פון עטרוסקישע מושלים, וואָס זיינען זיך אכזריותדיק באַגאַנגען מיט די אונטערטאַנען, און דערפאַר האָט מען זיי סוף־כל־סוף אַרויסגעטריבן, און רוים איז געוואָרן אַ לאַטייניש־ריידנדיקע רעפּובליק. די עטרוסקישע מלכים זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון רוים אין זעקסטן יאָרהונדערט פאַר קר., גראָד אין יענער צייט, ווען נבוכדנאצרס יורשים האָבן רעגירט אין בבל מיטן חסד פון מדי, בעת קאָנפוציוס האָט געזוכט אַ קיניג, וואָס זאָל איינשטעלן אַ גוטן מלוכה־סדר אין כינע, און גאַוטאַמאַ האָט מיט זיינע תלמידים אין בענאַרעס געלערנט דעם אַרישן וועג

וועגן דעם קאַמף צווישן די רוימער און עטרוסקער קאָנען מיר דאָ קיין פּרטים ניט דערציילן. די עטרוסקער זיינען געווען בעסער באַוואָפנט, העכער ציוויליזירט און מער אין צאָל, און די רוימער וואָלט מסתמא געווען ביטער, אויב די עטרוסקער וואָלטן געהאַט צו קעמפן נאָר מיט זיי אַליין. אָבער מיט די עטרוסקער האָבן געטראָפן צוויי מפּלות, וואָס האָבן זיי אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז די רוימער האָבן געהאַט בכוח זיי צו באַוועלטיקן. די ערשטע מפּלה זייערע איז געווען אין אַ מלחמה מיט די גריכן פון סיראַקוז אין סיציליע, וואָס אין איר איז צעשטערט געוואָרן דער עטרוסקישער פלאָט (474 פאַר קר.), און די צווייטע מפּלה איז געווען אַ גרויסער אָנפאַל פון די

גאַליער פון צפון־זייט אויף איטאַליע. דאָס דאָזיקע פאָלק איז אַריינגעדרונגען אין צפון־איטאַליע און האָט פאַרנומען דעם טאָל פון טייך פאָ אַרום סוף פינפטן יאָרהונדערט פאַר קר., פונקט ווי מיט אַ פאָר יאָרהונדערטער שפּעטער האָבן זייערע קרובים זיך אַראָפּגעלאָזן אויף גריכנלאַנד און קליין־אַזיע און באַזעצט גאַלאַטיע. אַזוי אַרום זיינען די עטרוסקער געהאַלטן געוואָרן צווישן האַמער און קאָוואַדלע, און נאָך אַ לאַנגער מלחמה מיט הפסקות זיינען די רוימער געווען בכוח איינצונעמען די עטרוסקישע פעסטונג ווייִ, פינף מייל ווייט פון רוים, וואָס איז געווען שטענדיק אַ סכנה און אַן אבן־נגף פאַר רוים.

די אינוואַזיע פון די גאַליער איז געווען איינע פון יענע צעטרייסלונגען אין לעבן פון די פעלקער, וואָס לאָזן קיין זאַך ניט איבער אין דעם זעלביקן צושטאַנד, ווי דאָס איז געווען פריער. זיי האָבן זיך אַריינגעריסן אויפן איטאַליענישן האַלב־אינזל, חרוב געמאַכט גאַנץ עטרוריע. זיי האָבן איינגענומען און אויסגערויבט רוים (390 פאַר קר.). לויט די רוימישע לעגענדעס — וואָס מען איז מסופק אין זייער ריכטיקייט — האָט די פעסטונג אויפן קאַפּיטאָל געהאַלטן זיך, און די גאַליער האָבן זי אויך געוואָלט איינגעמען דורך אַ פלוצימדיקן אָנפאַל ביינאַכט, נאָר די גענז, וואָס זיינען דאָרט געווען, האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון גערודער און האָבן אויפגעהויבן אַזאַ גראַגעריי, אַז די רוימישע זעלנער האָבן זיך אויפגעכאַפּט. נאָך דער מעשה זיינען די גאַליער אַוועק; זיי זיינען געווען שלעכט צוגעגרייט צו אַ באַלעגערונג, און אפשר האָבן זיי אויך געליטן צרות אין אייגענעם לאַגער, נאָר זיי האָבן גענומען אַן אויסקויף און זיינען אָפּגעטראָטן קיין צפון: שפּעטער האָבן זיי אויך געמאַכט אָפטלעכע אָנפאַלן, אָבער ביז קיין רוים זיינען זיי קיינמאָל ניט דערגאַנגען.

דער אָנפירער פון די גאַליער, וואָס האָבן אויסגערויבט רוים, האָט געהייסן ברענוס. וועגן אים דערציילט מען אַזאַ מעשה: בשעת מען האָט געוואויגן דאָס גאָלט פאַרן אויסקויף, איז אַרויסגעקומען אַ שטיקל סיכסוך מכּוח דער ריכטיקייט פון דער וואָג; דעמאָלט האָט ער אַריינגעוואָרפן זיין שווערד אין וואָגשאָל און אויסגערופן: „ווע וויקטיס!“ („אָך און ווי צו די באַזיגטע!“) — דאָס דאָזיקע לאַ־

טײנישע ווערטל חורט זיך איבער אין אַלע דיסקוסיעס, וואָס ווערן געפירט מכוח אויסקויף אָדער רעפּאַראַציעס ביזן הײַנטיקן טאָג.

אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט נאָך דעם ניסיון איז רוים געווען אַרײַנגעטאָן אין אַ רײ מלחמות, וואָס האָבן זי סוף־כל־סוף אַוועק־געשטעלט בראש פון די לאַטײנישע שבטים. וואָרעם די פֿאַרבּרענונג פון דער הויפּטשטאָט האָט קענטיק מער געשטאַרקט, ווי אָפּגעשוואַכט איר ענערגיע. וויפיל זי האָט ניט געליטן, דאָס רוב פון אירע שכנים האָבן, משמעות, געליטן נאָך מער. אַרום 290 פאַר קר. איז רוים געווען די הערשערין איבער גאַנץ איטאַליע פון דעם טײַך אַרנאָ ביז אין דרום־זײַט פון נעאַפּאָל. זי האָט געהאַט אײַנגענומען די עטרוסקער אינגאַנצן, און אירע גרענעצן האָבן זיך באַרירט מיט די ישובים פון די גאַליער אין צפון־זײַט און מיט די איטאַליענישע געגנטן אונטער גריכישער אײבּערהערשאַפט אין דרום־זײַט. פּאַזע דעם גאַלישן גרענעץ האָט זי אַוועקגעזעצט גאַרניזאָנען און קאָלאָניאַלע שטעט, און עס איז קײן ספק ניט, אַז מחמת אָט דער פאַרטײדי־קונגס־ליניע זײַנען די אָנפאַלן פון די גאַליער אָפּגעווענדט געוואָרן קײן מזרח־זײַט אויף די באַלקאַנען.

נאָך דעם, וואָס מיר האָבן דערציילט פון דער געשיכטע פון גריכנלאַנד און פון דער קאָנסטיטוציע פון אירע מלוכות, וועט עס דעם לעזער ניט פאַרחידושן, ווען ער וועט געוואָר ווערן, אַז די גריכן פון סיציליע און איטאַליע זײַנען געווען צעטײלט אין אַ סך אײנ־ציקע מלוכות, וואָס די גרעסטע צווישן זײ זײַנען געווען סיראַקוז און טאַרענט (די איצטיקע טאַראַנטאָ), און אַז זײ האָבן ניט גע־האַט קײן אַלגעמײנע פירונג אָדער פּאָליטיק. נאָר איצט, באַאומ־רויקט דורך דער אויסשפּרײטונג פון דער רוימישער מאַכט, האָבן זײ זיך גענומען אַרומקוקן נאָך הילף אויף יענער זײַט אַדריאַטישן ים און האָבן זי געפונען אין דער אַמביציע פון פירוס דעם קי־ניק פון עפּירוס. די גריכן פון דרום־איטאַליע האָבן זיך געפונען כמעט אין דער זעלביקער לאַגע צווישן די רוימער און פירוסן, ווי גריכנלאַנד גופא מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט פריער צווישן די מאַקעדאָניער און פּערסער.

דער לעזער באַדאַרף זיך דערמאָנען, אַז עפּירוס, יענער טייל גריכנלאַנד, וואָס איז צום נעענטסטן צוגערוקט צו איטאַליע, איז געווען דאָס געבוירן-לאַנד פון אָלימפּיאַס, אַלכּסנדרס מוטער. אין די קאַליידאָסקאָפּישע שינויים פון דער קאַרטע, וואָס זיינען פאָרגעקומען נאָך אַלכּסנדרס טויט, איז עפּירוס טיילמאָל געוואָרן פאַרכאַפּט פון מאַקעדאָניע, טיילמאָל געבליבן אומאָפּהענגיק. דער דאָזיקער פּירוס איז געווען פון אַלכּסנדר דעם גרויסנס משפּחה, און עס ווייזט אויס, אַז ער האָט געפּלאַנעוועט צו באַצווינגען איטאַליע און סיציליע. ער האָט געהאַט אונטער זיין קאָמאַנדע אַ הפלאדיקע אַרמיי, וואָס קעגן איר האָבן די לפי-ערך אומגעניטע רוימישע פּויערים צוערשט שוואַך געקאָנט באַשטיין. זיין אַרמיי האָט אַריינגענומען אין זיך אַלע מינים מיליטער פון יענער צייט, אַ פוסגייער-פאַלאַנגס, טעסאַלישע רייטעריי און צוואַנציק שלאַכט-העלפאַנדן פון מזרח. ער האָט צעקלאַפּט די רוימער ביי העראַקלעע (280 פאַר קר.) און דערנאָך זיי געגעבן אַ מפּלה ווידער ביי אַוסקולום (279 פאַר קר.) אויף זייער אייגענער טעריטאָריע. דערנאָך האָט ער, אָנשטאָט נאָכצויאָגן די רוימער ווייטער, געמאַכט מיט זיי שלום אויף דערווייל און האָט געווענדט זיין אויפמערק אויף צו באַצווינגען סיציליע. אָבער מחמת דעם האָט ער אויפגעוועקט קאַרטאַגאָ אַרויסצוטרעטן קעגן אים. וואָרעם קאַרטאַגאָ האָט ניט געקאָנט דערלאָזן, אַז עס זאָל זיך איינפעסטיקן אַ שטאַרקע מאַכט אין סיציליע, וואָס איז אַזוי נאָענט צו איר. רוים האָט אין יענע טעג אויסגעוויזן פאַר קאַרטאַגאָ אַ סך אַ קלענערע סכנה, איידער די מעגלעכקייט, אַז אין סיציליע זאָל געוועלטיקן אַ צווייטער אַלכּסנדר מוקדון. דעריבער האָט אַ קאַרטאַגישער פלאָט זיך באַוויזן ביי דער לעפּצונג פון טיבער, בכדי אויפצומונטערן די רוימער און צו באַוועגן זיי צו באַנייען דעם קאַמף — אַזוי-אַרום האָבן רוים און קאַרטאַגאָ זיך פאַרבונדן קעגן דעם אַריינדרינגער.

אָט-די אַריינמישונג פון קאַרטאַגאָ האָט געמאַכט צו נישט פּירוסעס פּלענער. אָן אַ באַשטימענדיקער שלאַכט האָט זיין מאַכט געגומען ברעקלען זיך, און נאָכדעם ווי ער האָט געפּרוווט אָנפאַלן אויפן רוימישן לאַגער ביי בענעווענטום, איז ער צוריקגעשטופּט געוואָרן מיט גרויסע אָנווערן און האָט געמוזט זיך אומקערן קיין עפּירוס (275 פאַר קר.).

עס ווערט דערציילט, אַז בעת פּירוס האָט פאַרלאָזן סיציליע, האָט ער געזאָגט, אַז ער פאַרלאָזט דעם אָרט, וואָס דאַרף ווערן אַ שלאַכט־פעלד צווישן רוים און קאַרטאַגאָ. אין דריי יאָר אַרום איז ער דערהרגעט געוואָרן אין אַ שלאַכט אין די גאַסן פון אַרגאָס.

די מלחמה קעגן פּירוסן האָט געוואונען דער קאַרטאַגישער פלאָט, און רוים האָט אַראָפּגענומען אַ פולע העלפט פון דעם ניצחון־שניט. סיציליע איז אַרונטער אונטער דער ממשלה פון קאַרטאַגאָ, און רוים האָט זיך אַראָפּגערוקט איבער גאַנץ דרום־איטאַליע און האָט דורך דעם מעסינע־דורכגוס אַריבערגעקוקט צו איר נייעם גרענעץ־שכן און קאָנקורענט. אין עלף יאָר צייט (264 פאַר קר.) איז די נבואה פון פּירוס מקויים געוואָרן, וואָרעם עס האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע מלחמה מיט קאַרטאַגאָ, די ערשטע פון די דריי פונישע מלחמות (פוניש האָבן זיי געהייסן דערפאַר, ווייל די רוימער האָבן גערופן די קאַרטאַגער פוניער, ד. ה. פעניקיער).

---

## 2. אַ נייער מין מלוכה.

מיר שרייבן „רוים“ און „רוימער“, נאָר מיר דאַרפן ערשט דערקלערן, וואָס פאַר אַ מין פאָלק איז דאָס געווען, וואָס האָט געקאָנט שפּילן די ראָלע פון באַצווינגערס, בעת ביז איצט האָבן דאָס געקאָנט נאָר פעניקיע און אַגרעסיווע מאָנאַרכן.

זייער מלוכה איז אין פינפטן יאָרהונדערט פאַר קר. געווען אַ רעפּובליק פון אַרישן טיפּ, שטאַרק ענלעך צו אַ גריכישער אַריסטאָקראַטישער רעפּובליק. די עלטסטע באַשרייבונגען פון סאָציאַלן לעבן אין רוים גיבן אונז אַ בילד פון אַ זייער פּרימיטיווער אַרישער געמיינשאַפט. „אין דער צווייטער העלפט פון פינסטן יאָרהונדערט פאַר קריסטוס איז רוים נאָך געווען אַן אַריסטאָקראַטישע געמיינשאַפט פון פרייע פויערים, וואָס האָט פאַרנומען אַ פּלאַץ פון אַן ערך 400 קוואַדראַט מייל, מיט אַ באַפעלקערונג זיכער ניט מער פון 150.000, כמעט איינגאַנצן צעשפּרייט איבערן לאַנד און איינגעטיילט אין זיבן קרייזן אָדער דאָרפס־געמיינדעס. דער גרעסטער רוב משפחות האָבן

געהאַט זייער אייגנס אַ קליינע נחלה און אַ הויז צום וואוינען, דער פאָטער מיט די זין האָבן געלעבט און געאַרבעט אינאיינעם, על-פי-רוב קולטיווירט תבואה, וואו-ניט-וואו אויך אַ וויינגאָרטן אָדער איילבירט-בוים. זייערע ווינציקע בהמות האָבן זיי געפאַשעט אויף די שכנישע שותּפישע פאַשע-פּלעצער; זייערע קליידער און די פּשוטע געצייג פון דער באַלעבאַטישקייט האָבן זיי אַליין געמאַכט פאַר זיך אין דער היים. נאָר זעלטן-ווען און ביי באַזונדערע געלעגנהייטן פלעגן זיי גיין אין דער באַפעסטיקטער שטאָט אַריין, וואָס איז געוועזן צוגלייך אי זייער רעליגיעזער צענטער, אי זייער רעגירונגס-צענטער. דאָ זיינען געוועזן די טעמפּלען פון די געטער, די הייזער פון רייכע לייט, די וואַרשטאַטן פון בעלי-מלאכות און קראָמען פון סוחרים, דאָרט האָט מען געקאָנט אויסבייטן קליינע סכומים תבואה, בוימל, וויין אויף זאַלץ אָבער גראָבע געצייג און געווער פון אַייזן". *

די דאָזיקע געמיינשאַפט האָט זיך געהאַלטן פאַר דער טראַדיציאָנעלער אַיינטיילונג פון די בירגער אין אַריסטאָקראַטן און געמיינע. — אין רוים האָט מען זיי גערופן פּאַטריציער און פּלעבייער. דאָס זיינען געוועזן די בירגער; דער שקלאַף אָדער דער אויסלענדער האָבן געהאַט ניט קיין גרעסערן חלק אין דער מלוכה, ווי דאָס איז געוועזן אין גריכנלאַנד. נאָר די קאָנסטיטוציע האָט זיך אונטערשיידט פון אַלע גריכישע קאָנסטיטוציעס אין דעם פּרט, וואָס אַ גרויסער טייל פון דער רעגירונגס-מאַכט איז געוועזן קאָנצענטרירט אין די הענט פון אַ קערפּערשאַפט, וואָס האָט געהייסן דער סענאַט און וואָס איז באַשטאַנען ניט נאָר פון מיטגלידער, וואָס האָבן איבערגענומען זייער רעכט בירושה, און אויך ניט פון דירעקט-אויסגעקליבענע פאַרטרעטער. דער סענאַט איז געוועזן אַ קערפּערשאַפט פון באַשטימטע מיטגלידער, און אין די עלטסטע צייטן פלעגן זיי ווערן באַשטימט נאָר פון צווישן די פּאַטריציער. ער האָט עקסיסטירט, איידער די מלכים זיינען פאַרטריבן געוואָרן. אין דער צייט פון די מלכים פלעגט דער קיניג באַשטימען סענאַטאָרן. נאָר נאָך דער פאַרטרייבונג פון די מלכים (510 פאַר קר.) איז די העכסטע רעגירונגס-

---

* פערעראָ, „די גדולה פון רוים און איר ירידה".

מאַכט איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון צוויי אויסגעקליבענע
רעגירערס, די קאָנסולן; און אַט די קאָנסולן האָבן איבערגענו=
מען די פונקציע פון באַשטימען סענאַטאָרן. אין יענע אַלטע צייטן
פון דער רעפובליק האָבן נאָר פאַטריציער געמעגט אויסגעקליבן ווערן
פאַר קאָנסולן אָדער סענאַטאָרן, און דער חלק פון די פלעבייער אין
דער רעגירונג איז באַשטאַנען נאָר דערין, וואָס זיי האָבן געהאַט
דאָס רעכט צו שטימען פאַר די קאָנסולן און פאַר אַנדערע באַ=
אַמטע. אַפילו אין דעם פאַל האָבן זייערע שטימען ניט געהאַט
דעם זעלביקן כּוח, ווי די שטים פון די פאַטריציער. נאָר זייערע
שטימען האָבן דאָך געהאַט לכל=הפּחות דעם באַטייט, וואָס זיי האָבן
באַוואויגן אַ סך פון די פאַטריצישע קאַנדידאַטן, זיך מער אָדער
ווייניקער אויפריכטיק אַרויסצוזאָגן פאַר נעמען אין אַכט די טענות
פון די פלעבייער. נאָך מער, אין די עלטערע פאַזעס פון דער
רוימישער מלוכה זיינען די פלעבייער לא די וואָס געווען אויסגע=
שלאָסן פון עפנטלעכן דינסט, נאָר זיי האָבן אויך ניט געטאָרט זיך
משדך זיין מיט פאַטריציער. די אַדמיניסטראַציע איז צוערשט גע=
ווען באַשיימפערלעך אַן ענין פאַר פאַטריציער.

דער כאַראַקטער פון דער רוימישער מלוכה אין דער עלט=
סטער צייט איז, בכן, געווען אַ בפירוש אַריסטאָקראַטישער, און
די אינעווייניקסטע געשיכטע פון רוים אין די דריטהאַלבן יאָרהונ=
דערטער צווישן דער פאַרטרייבונג פון דעם לעצטן עטרוסקישן קיניג,
טאַרקוויניוס דעם בעל=גאווה, און צווישן דעם אָנהייב פון ערשטן
פונישן קריג (264 פאַר קר.) איז אין גרויסן און גאַנצן געווען אַ
קאַמף פאַר דער הערשאַפט צווישן די צוויי שטאַנדן, די פאַטריציער
און די פלעבייער. דאָס איז פאַקטיש געווען כּמעט דאָס אייגענע,
וואָס דער קאַמף צווישן דער אַריסטאָקראַטיע און דער דעמאָקראַטיע
אין די שטאָט=מלוכות פון גריכנלאַנד, און פונקט ווי אין גריכנ=
לאַנד, זיינען דאָ געווען אין דער געמיינדע קלאַסן גאַנצע, שקלאַפן,
פרייגעלאָזטע שקלאַפן, פרייע מענטשן אָן אייגנס, אויסלענדער וכּדומה,
וואָס זיינען געשטאַנען אינגאַנצן אויסערהאַלב פון דעם קאַמף. מיר
האָבן שוין אָנגעמערקט דעם גרונטיקן חילוק צווישן דער גריכישער
דעמאָקראַטיע און צווישן דעם, וואָס מען רופט אָן דעמאָקראַטיע ביי

היינטיקן טאָג. אַ צווייט וואָרט, וואָס ווערט פאַלש באַנוצט, איז דער רוימישער טערמין „פּראָלעטאַריאַט“. אין דעם מאָדערנעם פּאָליטישן זשאַרגאָן באַטייט דאָס אַלע אָרעמעלייט אין אַ מאָדערנער מלוכה. אין רוים זיינען די proletarii געווען אַ קלאַס פולבאַרעכטיקטע בירגער, וואָס זייער אייגנס האָט באַטראָפן ווייניקער פון 10.000 קופּערנע אַס (275 פונט סט.). זיי זיינען געווען פאַרשריבן אין די רייסטערס, ווי אַ באַזונדער קלאַס; זייער באַטרעף פאַר דער מלוכה איז באַשטאַנען דערין, וואָס זיי האָבן פאַרגרעסערט די צאָל בירגער־משפחות (פּראָלעס הייסט אויף לאַטייניש דור), און פון צווישן זיי זיינען גענומען געוואָרן די קאָלאָניסטן, וואָס האָבן באַזעצט די לאַטיינישע שטעט אָבער געבילדעט דעם גאַרניזאָן פון וויכטיקע פונקטן. נאָר די פּראָלעטאַריער זיינען לויט זייער אָפּשטאַם געווען פאַרשיידן פון שקלאַפן און פרייגעלאָזטע אָדער פון דעם ערב־רב פון אַ גרויסער שטאָט, און עס איז אַ גרויסער שאָד, וואָס די מאָדערנע פּאָליטישע דיסקוסיעס ווערן מבולבל דורך דעם אומפּינקטלעכן באַנוץ פון אַ טערמין, וואָס ביי היינטיקן טאָג האָט ער ניט קיין גענויעם עקוויוואַלענט און וואָס דריקט ניט אויס קיין שום רעאַליע זאַך אין דער מאָדערנער סאָציאַלער קלאַסיפיקאַציע.

אַלע פּרטים פון דעם קאַמף צווישן די פּאַטריציער און פּלעבייער מעגן מיר אין אָט־דעם „קאָנטור“ אויסלאָזן. דאָס איז געווען אַ קאַמף, וואָס האָט געוויזן, אַז די רוימער זיינען אַ פאָלק פון אַ טשיקאַווע איינגעשפּאַרטן כאַראַקטער, זיי האָבן קיינמאָל ניט געשטופּט צו אַ צעשטערערישן קריזיס, אָבער ביי גאָר זייער אָפּגעהיטקייט זיינען זיי געווען האַרטע בעל־דברים. די פּאַטריציער האָבן אויסגענוצט זייערע פּאָליטישע פּריווילעגיעס, כדי צו באַרייכערן זיך דורך די ניצחונות פון זייער פאָלק, ניט נאָר אויפן חשבון פון באַזיגטן שונא, נייערט אויך אויפן חשבון פון אָרעמערן פּלעבייער, וואָס ער האָט געמוזט פאַרלאָזן זיין באַלעבאַטישקייט בעתן קריגס־דינסט און איז פאַרחובעט געוואָרן. די איינגענומענע לענדער האָבן די פּאַטריציער צעטיילט צווישן זיך, און די פּלעבייער האָבן גאָר קיין חלק ניט געקראָגן אין דעם מלחמה־רויב. די איינפירונג פון מטבעות־געלט

האָט מסתמא גרינגער געמאַכט דעם פּראָצענטניק דעם מלווה און שווערער געמאַכט דעם מצב פון דעם לווה.

די פּלעבייער האָבן געזוכט צו דריקן אויף די פּאַטריציער, זיי זאָלן זיי אויך צולאָזן צו דער רעגירונג און צו די אַלע גוטיקייטן, וואָס זיינען אָנגעקומען רוים, ווען זי איז געוואָרן מעכטיק, און זיי האָבן דאָס געטאָן אויף דרייערליי אופנים. דער ערשטער (1) איז געווען אַן אַלגעמיינער שטרייק פון די פּלעבייער. צוויי מאָל זיינען זיי אַרויס פון רוים און האָבן געסטראַשעט צו בויען אַן אַנדער שטאָט העכער ביים טיבער, און ביידע מאָל האָבן זיי געפּועלט. דער צווייטער אופן צו דריקן (2) איז געווען די סכנה פון אַ טיראַניע. פּונקט ווי אין אַטיקאַ (די קליינע מלוכה, וואָס איר הויפּטשטאָט איז געווען אַטען) איז פּייסיסטראַטוס געקומען צו דער מאַכט אַדאַנק דער אונטערשטיצונג פון די אָרעמערע לאַנד־קרייזן, אַזוי האָט זיך אויך דאָ געפונען אין דעם רוב פאַלן, ווען די פּלעבייער זיינען געווען אומצופרידן, אַ כבוד־זוכער, וואָס איז געווען גרייט צו שפּילן די ראָלע פון אַ פירער און אַרויסרייסן מאַכט ביי דעם סענאַט. אַ צייט לאַנג זיינען די רוימישע פּאַטריציער געווען קלוג גענוג צו שלאָגן איטלעכס מאָל אַזאַ צוקונפטיקן טיראַן, דורך דעם, וואָס זיי פלעגן ביז אַ געוויסער מאָס נאָכגעבן די פּלעבייער. און צולעצט (3) זיינען אויך געווען פּאַטריציער גרויסמוטיק און ווייטזעיק גענוג, כדי צו פאַרשטיין, אַז מען מוז לעבן בשלום מיט די פּלעבייער.

אַזוי האָט אין יאָר 509 פאַר קר. דער קאָנסול וואַלעריוס פּאָפּליקאָלאַ (3) דורכגעפירט אַ תקנה, אַז אַלעמאָל, ווען עס שטייט אין קאָן דאָס לעבן אָדער דאָס רעכט פון אַ בירגער, מוז די אויספיר־מאַכט זיך ווענדן צו דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג. דער דאָזיקער געזעץ, די lex Valeria איז געווען דער „האַבעאַס קאָרפּוס“ פון רוים: ער האָט באַפרייט די רוימישע פּלעבייער פון די ערגסטע סכנות פון דער קלאַסן־נקמה אין די געריכטלעכע אינסטיטוציעס.

אין יאָר 494 האָט געטראָפן אַ שטרייק (1). „נאָך דער לאַטיינישער מלחמה איז דער דרוק פון די חובות געוואָרן ניט אויסצוהאַלטן, און די פּלעבייער האָבן געזען מיט צאָרן, ווי אַזוי זייערע גוטע פריינד, וואָס האָבן אָפטמאָלס געדינט בראַוו דער מלוכה

אין די לעגיאָנען, זיינען געוואָרן געשמידט אין קייטן און פאַרקויפט אין שקלאַפעריי, לויט דער פאָדערינג פון זייערע קרעדיטאָרן פאַטריציער. עס איז געוואָרן אויסגעפירט דער קריג קעגן די וואָלסקער; אַז די לעגיאָנען זיינען געקומען צוריק מיט ניצחון, האָבן זיי זיך אָפגעזאָגט צו פאָלגן די קאָנסולן און האָבן אַוועקמאַרשירט אין פולער אָרדענונג ביז צום הייליקן באַרג אויף יענער זייט אַניאָ (ביים אייבערשטן טיבער). דאָרט האָבן זיי גענומען זיך גרייטן צו בויען אַ נייע שטאָט, וויבאַלד אַז אין דער אַלטער שטאָט וויל מען זיי ניט געבן קיין בירגער=רעכט. אַזוי זיינען די פאַטריציער געווען געצוואונגען נאָכצוגעבן, און די פּלעבייער זיינען געקומען צוריק קיין רוים נאָך אָט דער „ערשטער אָפּשיידונג", נאָכדעם ווי זיי האָבן געקראָגן די פּריווילעגיע צו האָבן אייגענע באַאַמטע, טריבונען און עדילן".*

אין יאָר 486 פאַר קר. איז אויפגעשטאַנען ספוריוס קאַסיוס (2), אַ קאָנסול, וואָס האָט אַריינגעטראָגן אַן אַגראַר=געזעץ, וואָס האָט פאַרזיכערט מלוכה=ערד פאַר די פּלעבייער. נאָר אין אַ יאָר אַרום האָט מען אים באַשולדיקט, אַז ער שטרעבט צו דער קיניגלעכער מאַכט, און מען האָט אים פאַרמשפּט צום טויט. זיין געזעץ איז קיינמאָל ניט אויסגעפירט געוואָרן.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגער קאַמף פון די פּלעבייער פאַר דער פאָדערונג, אַז מען זאָל אויפשרייבן די געזעצן פון רוים, כדי מען זאָל ניט דאַרפן להבא פאַרלאָזן זיך אויפן זכרון פון די פאַטריציער. אין די יאָרן 450 — 451 פאַר קר. איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דאָס געזעץ פון די צוועלף טאָוולען, וואָס איז געוואָרן דער יסוד פון גאַנצן רוימישן רעכט.

נאָר בכדי די צוועלף טאָוולען זאָלן ווערן פאָרמולירט, איז אָנשטאָט די געוויינטלעכע רעגירונגס=אָרגאַנען באַשטימט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון צען (אַ דעצעמוויראַט). אַ צווייטער דעצעמוויראַט,

* דזש. וועלס, קורצע געשיכטע פון רוים ביזן טויט פון אויגוסטוס (ענגליש).

וואָס איז באַשטימט געוואָרן צו פירן ווייטער די אַרבעט פון ערשטן, האָט געפּרוווט אונטער דער פירונג פון אַפּיוס קלאַודיוס מאַכן אַ מין קאָנטרערעוואָלוציע. די פּלעבייער זיינען אַ צווייט מאָל אַוועק צום הייליקן באַרג, און אַפּיוס קלאַודיוס האָט זיך גענומען דאָס לעבן אין תּפיסה.

אין יאָר 440 איז געווען אַ הונגער. דעמאָלט האָט אַ ריי-כער פּלעבייער ספּוריוס מעליוס ווידער אַמאָל געפּרוּווט גריגדן אַ פּאָלקישע טיראַניע, אויסנוצנדיק דעם פֿאָלקס-אומגליק, אָבער סוף-כּל-סוף איז ער דערהרגעט געוואָרן.

נאָכדעם, ווי רוים איז אויסגערויבט געוואָרן דורך די גאַליער (390 פאַר קר.), האָט זיך אַרויסגערוקט ווי אַ פֿאָלקס-פירער מאַרקוס מאַנליוס, דער וואָס איז געווען דער קאָמאַנדיר אין יענער נאַכט, ווען די גענז האָבן גערעטעוועט רוים. די פּלעבייער האָבן שווער געליטן נאָך דער מלחמה פון די פּאַטריציער, וואָס האָבן ביי זיי געריסן די הויט פאַר צינזן, און האָבן זיך אָנגעמאַכט גרויסע חובות צוליב אויפריכטן זייערע באַלעבאַטישקייטן. מאַנליוס האָט אויסגע-געבן זיין אייגנס אויף אויסצולייזן פאַרשולדיקטע בעלי-חובות. האָבן די פּאַטריציער אים באַשולדיקט, אַז ער האָט בדעה צו ווערן אַ טיראַן, און האָבן אים פאַרמשפּט; ער האָט געהאַט דעם סוף פון אַ פאַרמשפּטן בוגד אין רוים: מען האָט אים אַראָפּגעוואָרפן פון טאַרפּעיִשן פעלז פון יענעם זעלביקן קאַפּיטאָל-באַרג, וואָס ער האָט אים געהאַט פאַרטיידיקט.

אין יאָר 376 פאַר קר. האָט ליציניוס, וואָס איז געווען איי-נער פון די צען פֿאָלקס-טריבונען, אָנגעהויבן אַ לאַנגן קאַמף קעגן די פּאַטריציער און האָט פאָרגעלייגט געוויסע פּראָיעקטן, וואָס האָבן גיהייסן ליציניִיסעם געזעצן, וואָס פון זיי זיינען געווען די וויכטיקסטע: אַז מען דאַרף באַגרענעצן דעם סכום מלוכה-ערד, וואָס יעדער איינ-ציקער בירגער האָט דאָס רעכט צו נעמען, אַזוי אַז עס זאָל בלייבן ערד פאַר אַלעמען; אַז פון אַלע פריערדיקע חובות זאָלן ווערן גע-שאָנקען די פּראָצענטן, מען זאָל מער ניט אָפּצאָלן דעם קרן; אַז פון איצט אָן זאָל לכל-הפּחות איינער פון די קאָנסולן זיין אַ פּלע-בייער. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ מלחמה פון צען יאָר. די פּלע-

בייער האָבן אין דער פולער מאָס אויסגענוצט דאָס רעכט פון וועטאָ, וואָס עס האָבן געהאַט זייערע פאָרשטייער אין סענאַט, די טריבונען, בכדי אָפּצושטעלן אַלע רעגירונגס-ענינים. אין רוים איז געווען אַ מנהג, אַז בעת עס איז אַ סכנה פאַרן פאָלק, פלעגט מען אַראָפּזעצן אַלע געוויינטלעכע רעגירונגס-אָרגאַנען און באַשטימען איין פירער, דעם דיקטאַטאָר. אַזאַ זאַך פלעגט מען פריער טאָן אין צייטן פון אַן אייסנווייניקסטער מלחמה, נאָר איצט האָבן די פּאַטריציער אַוועקגעשטעלט אַ דיקטאַטאָר אין אַ צייט פון פולן שלום, נאָר צייטן פון אַן אויסווייניקסטער מלחמה, נאָר איצט האָבן די פּאַטקאַמילוסן, דער וואָס האָט געהאַט באַלעגערט און איינגענומען ווייפון די עטרוסקער. נאָר קאַמילוס איז געווען קליגער, ווי זיינע פּאַרטיי-לייט; ער האָט געבראַכט צו אַ פּשרה צווישן די צוויי שטאַנדן, וואָס דער גרעסטער טייל פון די פאָדערונגען פון די פלעבייער איז אין אים געוואָרן באַפרידיקט (367 פאַר קר.), האָט געהייליקט אַ טעמפּל דער קאָנקאָרדיאַ, דער געטין פון אַחדות, און האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין מאַכט.

נאָך דער מעשה איז דער קאַמף צווישן די שטאַנדן איינגעשטילט געוואָרן. איינגעשטילט געוואָרן איז ער דערפאַר, ווייל, צווישן אַנדערע סיבות, זיינען די סאָציאַלע ווידעראַנאַנדן צווישן פּאַטריציער און פלעבייער קלענער געוואָרן. אינאיינעם מיט דער שטייגנדיקער פּאָליטישער מאַכט איז אין רוים אַריינגעקומען האַנדל, און אַ סך פלעבייער זיינען געוואָרן רייך, און אַ סך פּאַטריציער זיינען לפי-ערך אָרעמער געוואָרן. עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דער געזעץ, וואָס האָט פאַרבאָטן שידוכים צווישן פּאַטריציער און פלעבייער, און ביידע שטאַנדן האָבן גענומען סאָציאַל זיך אויסמישן. בעת די רייכע פלעבייער זיינען געוואָרן, אויב ניט אַריסטאָקראַטיש, איז דאָך אָליגאַרכיש אין זייערע רגילותן און סימפּאַטיעס, זיינען אין רוים אויפגעקומען נייע קלאַסן מיט נייע אינטערעסן אין אַן אַ פּאָליטישער שטעלונג. באַזונדערס אַ סך זיינען געווען פריי-געלאָזענע, באַפרייטע שקלאַפן, על-פי-רוב בעלי-מלאכות, נאָר טייל פון זיי אויך סוחרים, וואָס זיינען רייך געוואָרן. און דער סענאַט, שוין מער ניט קיין ריין פּאַטריציִשע קערפּערשאַפט — וואָרעם אויך

פלעבייער האבן געמעגט פארנעמען איצט פארשיידענע אפיציעלע פאסטנס, און די דאזיקע פלעבייישע באאמטע זיינען דערנאך געווארן סענאטארן — איז איצט געווארן א פארזאמלונג פון אלע רייכע, פעיקע, ענערגישע און השפעהדיקע מענטשן אין דער מלוכה. די רוימישע מאכט האט געהאלטן אין אויסשפרייטן זיך, און אין דער מאס, ווי זי האט זיך אויסגעשפרייט, האבן די אלטע קלאסן ווידעראנאנדן אין דער אלטער לאטיינישער געמיינשאפט אנגעווארן זייער באטייט. אויף זייער ארט זיינען אויפגעקומען נייע פארבינדונגען און נייע אנטאגאניזמען. רייכע מענטשן פון פארשיידענעם אפשטאם האבן זיך צונויפגענומען אלע אין איין בשותפישן אינטערעס קעגן די קאמוניסטישע אידעען פון די ארעמע.

390 פאר קר. איז רוים געווען א נעבעכדיק קליין שטעטל ביים גרעניץ פון עטרוריא, אויסגערויבט פון די גאליער; 275 פאר קר. האט זי ארומגענומען אונטער איר ממשלה גאנץ איטאליע, פון דעם טייך ארנא ביז צום דורכגוס פון מעסינע. די פשרה פון קאמילוס (367 פאר קר.) האט געמאכט א סוף צו די אינעווייניקסטע מחלוקתן און באפרייט איר ענערגיע פאר אן אויסנווייניקער אויסשפרייטונג. און די זעלביקע אויסטערלישע קאמבינאציע פון שארפזיכטיקייט און אגרעסיווער איינגליבע, וואס האט אויסגעצייכנט דעם קאמף פון די שטאנדן אינעווייניק און וואס האט געמאכט די באפעלקערונג פעיק איינצוהאלטן די גלייכוואג פון מאכט אן שום קאטאסטראפע, באצייכנט אויך איר אויסנווייניקסטע פאליטיק. זי האט פארשטאנען דעם ווערט פון פארבינדעטע; זי האט פארשטאנען צו אסימילירן; אינדרויסן פונקט ווי אין דער היים האט זי, לכל-הפחות אין יענע טעג, פארשטאנען „צו געבן און צו נעמען“ מיט א געוויסער ערלעכקייט און ניכטערקייט. דערין ליגט דער איינגנטלעכער כוח פון רוים. דאס איז געווען דער סוד פון איר הצלחה דארט, וואו אטען, א שטייגער, האט בפירוש פארשפילט.

די אטענישע דעמאקראטיע האט א סך געליטן פון דער ענגקייט פון יענעם „פאטריאטיזם“, וואס איז אן אומגליק און א חורבן פאר אלע פעלקער. אטען האט געוועקט צו זיך שנאה און קנאה אין דער איינענער אימפעריע, ווייל זי האט געוועלטיקט אין א גייסט פון ענג-

עגאָיזם, וואָס האָט געוואָלט אויסנוצן אַליין נאָר פאַר זיך; די אונטערטעניקע מלוכות האָבן ניט געשפּירט אירע מפּלות ווי איינע־נע מפּלות. די שאַרפער זוענדיקע און פּריימוטיקערע רוימישע בענאַטאָרן פון יענע גרויסע יאָרן פון רוים, איידער דער ערשטער פּונישער קריג האָט אָנגעשפּאַנט אירע מאָראַלישע כּוחות און געמאַכט אָן אָנהייב צו איר דעגענעראַציע, זיינען לא די וואָס מרוצה געווען סוף־כּל־סוף צו טיילן זייערע פּריווילעגיעס מיט דער מאַסע פון אייגענעם פאָלק, נייערט זיי זיינען אויך געווען גרייט אַריינצונעמען זייערע שאַרפסטע



חורבות פון קברים, וואָס געפינען זיך אין א גרויסער צאָל פאַזע דער וויא אפּיא ביי רוים.

קעגנער אויף תּנאים, וואָס האָבן זיי אויסגעגלייכט מיט זיי. פּאָרזיכטיק, אָבער כּסדר האָבן זיי אויסגעברייטערט זייער בירגערשאַפט. טייל שטעט זיינען געוואָרן רוימישע און האָבן אַפילו געהאַט אַ שטים אין דער רעגי־רונג. אַנדערע האָבן געהאַט אַליינפאַרוואַלטונג און דאָס רעכט צו האַנדלען אין רוים אָדער צו שליסן דאָרט שידוכים, הגם אָן פולער רוימישער בירגערשאַפט. אינמיטן באַצוואונגענע פעלקער האָט מען אַריינגעשטעלט גאַרניזאָנען מיט פול־באַרעכטיקטע בירגער אין סטראַטע־גישע פּונקטן, און מען האָט געגרינדעט קאָלאָניעס מיט פאַרשיידענע

פריוויליגיעס. אין אַט דער גרויסער און אַלץ וואַקסנדיקער מאָסע בירגער האָט זיך אַרויסגעוויזן גלייך פון אָנהייב, אַז מען מוז איינהאַלטן אין איר שטענדיקע פאַרבינדונגען. דרוק און פאַפיר זיינען נאָך צום פאַרקער ניט צוגעגרייט געווען, אָבער אַ סיסטעם פון וועגן איז איינגעפירט געוואָרן צוזאַמען מיט דער לאַטיינישער שפּראַך און דער רוימישער רעגירונג. דער ערשטער פון די דאָזיקע וועגן, דער אַפּישער וועג (וויאַ אַפּיאַ) האָט זיך געצויגן פון רוים ביז צום עק פון איטאַליע. דעם וועג האָט אָנגעהויבן מאַכן דער צענזאָר אַפּיוס קלאַודיוס (וואָס מען דאַרף אים ניט צונויפמישן מיטן דעצעמוויר אַפּיוס קלאַודיוס מיט הונדערט יאָר פריער) אין יאָר 312 פאַר קר.

לויט אַ ציילונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין יאָר 265 פאַר קר., זיינען שוין געווען אין רוימישן געביט, דאָס הייסט אין איטאַליע אין דרום-זייט פון טייך אַרנאָ, 300.000 בירגער. זיי אַלע האָבן געהאַט אַ בשותּפישן אינטערעס אין דעם וואוילשטאַנד פון דער מלוכה; זיי אַלע האָבן געהאַט מער ווייניקער שייכות צו דער אויסגעשפּרייטער ממשלה פון דער רעפּובליק. דאָס, באַדאַרפן מיר האָבן אין זינען, איז געווען לחלוטין אַ נייס אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. אַלע גרעסערע מלוכות און קיניגרייכן און אימפּעריעס ביז איצט זיינען געווען פאַרבונדן נאָר דורך דער אונטערטעניקייט צו איין ראָש, צו איין מאָנאַרך און גאָר דער וואוילשטאַנד פון דעם קיבוץ איז געווען אָפּגעהאַנגען נאָר פון איין כאַראַקטער און זיינע קאַפּריזן. קיין איין רעפּובליק האָט ביז אַהער נאָך ניט באַוויזן צו ווערן עפּעס מער ווי אַ שטאָט-מלוכה. די אַזוי גערופענע אַטענישע „אימפּעריע" איז געווען פּשוט אַ שטאָט-מלוכה, וואָס רעגירט איבער אירע פאַרבינדעטע און אונטערטעניקע שטאָט-מלוכות. אין עטלעכע יאָרצענדליקער איז דער רוימישער רעפּובליק באַשערט געווען אויסצושפּרייטן איר בירגערשאַפט ביז דעם טאָל פון פּאָ, אַסימילירן די קרובישע גאַליער, פאַרבייטן זייער שפּראַך דורך לאַטייניש און צו גרינדן אַ לאַטיינישע שטאָט, אַקווילעיאַ, ביי סאַמע שפּיץ פון אַדריאַטישן ים. אין יאָר 89 פאַר קר. זיינען אַלע פרייע איינוואוינער פון איטאַליע געוואָרן רוימישע בירגער; 212 נאָך קר. איז די בירגערשאַפט אויסגעשפּרייט געוואָרן אויף אַלע פרייע מענטשן פון דער אימפּעריע.

אָט דער ניט-געוויינטלעכער פּאָליטישער וואוקס איז געווען באַשיימפּערלעך דער פֿאַרגייער פֿאַר אַלע מאָדערנע מלוכות פֿון מערבדיקן טיפּ. פֿאַר דעם פֿאָרשער פֿון דער פּאָליטישער געשיכטע איז ער פּונקט אַזוי אינטערעסאַנט, ווי אַן אַמעביע פֿון דער שטיינקוילן-צייט אָדער אַן אַרכעאָפּטעריקס פֿאַרן פֿאָרשער פֿון דער זאָאָלאָגישער אַנטוויקלונג. דאָס איז דער פּרימיטיווער טיפּ פֿון יענעם סדר, וואָס איז איצט דער הערשנדיקער. זיינע ערשטע פּריזון וואַרפֿן אַ שיין אויף גאָר דער ווייטערדיקער פּאָליטישער געשיכטע.

איין נאַטירלעכער פּועל-יוצא פֿון אָט דעם וואוקס פֿון אַ דעמאָקראַטיע פֿון הונדערטער טויזנטער בירגער, צעשפּרייט איבערן גרעסטן טייל פֿון איטאַליע, איז געווען דאָס, וואָס עס איז געוואַקסן די מאַכט פֿון סענאַט. אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער רוימישער קאָנסטיטוציע זיינען געווען אַ סך פֿאַרשיידענע פֿאָרמען פֿון פֿאָלקס-פֿאַרזאַמלונגען: פֿאַרזאַמלונג פֿון די פּלעבייער, פֿאַרזאַמלונג פֿון די טריבעס*, פֿאַרזאַמלונג פֿון די צענטוריעס**, וכדומה, נאָר מיר קאָנען דאָ זיך ניט אַריינטאָן אין פֿונאַנדערנעמען דעם ענין בפּרוטרוט. איין זאַך אָבער איז געווען אַ פֿעסטע: אַז די פֿאָלקספֿאַרזאַמלונג האָט געהאַט די מאַכט פֿאָרצו-לייגן געזעצן. מען דאַרף האָבן אין זינען, אַז אין דער דאָזיקער סיסטעם איז געווען אַ מין פּאַראַלעלע רעגירונג. די פֿאַרזאַמלונג אין טריבעס אָדער צענטוריעס איז געווען אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון דער גאַנצער באַ-פֿעלקערונג, סיי פּאַטריציער סיי פּלעבייער; די פֿאַרזאַמלונג פֿון די פּלעבייער, ווידער, איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען די פֿאַרזאַמלונג נאָר פֿון דעם קלאַס פּלעבייער. איטלעכע פֿאַרזאַמלונג האָט זיך געהאַט אירע פֿאַרוואַלטונגס-אָרגאַנען, די ערשטע האָט געהאַט די קאָנסולן און אַז"וו, די צווייטע — די טריבונען. כל-זמן רוים איז געווען אַ קליינע מלוכה פֿון אַ צוואַנציק קוואַדראַט מייל, איז געווען מעגלעך ווי עס איז צונויפֿצוקלייבן אַ מין אַלגעמיינע פֿאָלקס-פֿאַרזאַמלונג, נאָר ס'איז באַ-שיימפּערלעך, אַז ביי די פֿאַרקערס-מיטלען, וואָס האָבן אין יענער

* טריבע (tribus) — אַ פֿאָלקס-אָפּטיילונג, געווען אַזעלכע 4 שטאָ-טישע אין 26, שפּעטער 31 לאַנדישע פֿאַרן רוימישן געביט. (איבערז.).

** צענטוריע (centuria) אָפּטייל פֿון אַ טריבע.

צייט עקסיסטירט אין איטאַליע, האָט דער גרעסטער רוב פון דער בירגער-מאַסע אַפילו ניט געקאָנט וויסן, וואָס עס טוט זיך אין רוים, שוין אָפּגערעדט מכּוח נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דאָרטיקן פּאָליטישן לעבן. אַריסטאָטעלעס האָט שוין אָנגעוויזן אין זיין „פּאָליטיק״, אַז די בירגער, וואָס לעבן אויסערהאַלב פון דער שטאָט און וואָס פאַרנעמען זיך מיט אַגראַרע פּרנסות, קאָנען ניט אויסנוצן זייערע בירגער-רעכט, און דער גרעסטער רוב פון די רוימישע בירגער האָבן מחמת די טעכנישע מניעות טאַקע ניט געקאָנט אויסנוצן זייער רעכט. וואָס מער רוים איז געוואַקסן, האָט זיך אין פּאָליטישן לעבן מחמת די דאָזיקע סיבות אַריינגעגנבעט אַ שוואַכקייט, וואָס איז ניט געווען פאָראויסצוזען, און די פאָלקס-פאַרזאַמלונג איז געוואָרן אַלץ מער און מער אַ פאַרזאַמלונג פון גדונגענע פּאָליטישע קלאַפּערס און פון שטאָטישן ערב-רב, און אַלץ ווינציקער און ווינציקער אַ פאַרטרעטער-שאַפט פון די געוויינטלעכע אָרנטלעכע בירגער. די פאָלקספאַרזאַמלונג איז געקומען צום נאָענטסטן צו מאַכט און ווערדע אין פערטן י״ה פאַר קר. זינט יענעם פעריאָד איז איר השפּעה כּסדר געפאַלן, און דער נייער סענאַט, וואָס איז מער ניט געווען קיין פּאַטריצישע קערפּערשאַפט מיט אַ גלייכאַרטיקער און אין גרויסן און גאַנצן איידעלער טראַדיציע, גאָר אַ קערפּערשאַפט פון רייכע לייט, געוועזענע רעגירער, מעכטיקע באַאַמטע, דרייסטע אַוואַנטוריסטן וכּדומה, דורכגעדרונגען מיט אַ שטאַרקער נטיה זיך אומצוקערן צו דעם געדאַנק פון געירשעטער קוואַליפיקאַציע, איז אין משך פון דריי יאָרהונדערטער געוואָרן די רעגירנדיקע מאַכט אין דער רוימישער וועלט.

עס זיינען געווען צווי מיטלען, וואָס וואָלטן געקאָנט העלפן דער פאָלקס-רעגירונג פון רוים זיך אַנטוויקלען ווייטער אַריבער יענעם שפּיץ, וואָס צו אים האָט זי דערגרייכט אין די טעג פון אַפּיוס קלאַודיוס דעם צענזאָר, צום סוף פון פערטן יאָרהונדערט פאַר קר. אָבער קיין איינער פון די מיטלען איז ניט איינגעפאַלן די רוימער צו באַנוצן. איינער פון די מיטלען איז געווען דער באַנוץ פון דרוק. אין אונזער באַריכט וועגן דער אַלטער אַלכּסנדריא האָבן מיר שוין פאַרצייכנט יענעם מאָדנעם פאַקט, וואָס אין פערטן און דריטן יאָרהונדערט פאַר קר. האָבן זיך אין דער

וועלט ניט באַוויזן קיין געדרוקטע ביכער. דער באַריכט וועגן די רוימישע ענינים צווינגט אונז איבערצוחזרן די דאָזיקע באַמערקונג. פאַר דעם מאָדערנעם גייסט איז קלאָר, אַז אַן אויסגעשפּרייטע פאָלקס־רעגירונג קאָן עקסיסטירן געזונטערהייט נאָר מיט דעם תנאי, אויב אַלע בירגער ווערן ריכטיק אינפאָרמירט וועגן די ענינים פון דער מלוכה און אינטערעסירן זיך מיט זיי. די דעמאָקראַטישע רעגירונג און די מלוכות, וואָס זיינען אויפגעקומען אין די לעצטע צוויי יאָרהונדערטער אויף ביידע זייטן אַטלאַנטישן אָקעאַן, האָבן געקאָנט עקסיסטירן נאָר אַדאַנק דעם, וואָס די פּרעסע האָט מער אָדער ווייניקער ערלעך דורכגעלופטערט און דורכדיסקוטירט די פראַגן פון עפנטלעכן לעבן. נאָר אין איטאַליע אין יענער צייט האָט די רעגירונג פון רוים געהאַט די מעגלעכקייט זיך אויפצוטראָגן מיט וואָסער עס איז בירגער־גרופּע אַנדערשוואו איינציק און אַליין דורך שיקן אַ העראָלד, און מיט אַ בירגער אַ יחיד האָט זי לגמרי ניט געהאַט קיין מיטלען צו פאַרקערן.

דער צווייטער וועג, וואָס אים האָבן אויסגעטראָטן פאַר דער מענטשהייט די ערשטע די ענגלענדער, און די רוימער האָבן אים קיין מאָל ניט באַנוצט, איז געווען דער כמעט גלייך קלאָרער וועג פון קלייבן אַ פאָרשטייער־רעגירונג. אויפן אָרט פון דער אַלטער פאָלקס־פאַרזאַמלונג (אין איר דרייַיקער פאָרם) וואָלט מעגלעך געווען אַוועקצושטעלן אַ פאַרזאַמלונג פון דעלעגאַטן. אין דער שפּעטערדיקער געשיכטע זיינען די ענגלענדער געקומען צו פאַרווירקלעכן די דאָזיקע נויטווענדיקייט, בעת זייער מלוכה איז אויסגעוואַקסן. געוויסע מענטשן, די ריטערס פון די גראַפשאַפטן, זיינען גערופן געוואָרן אין וועסטמינסטער, כדי צו ריידן און צו שטימען לויט די אָרטיקע באַדערפעניש, און זיי זיינען מער אָדער ווייניקער פאָרמעל געווען אויסגעקליבן צוליב דעם צוועק. לויט די מאָדערנע השגות האָט דער מצב אין רוים בקולי קולות געמאָנט אַזאַ רעפאָרמע. זי איז אָבער קיינמאָל ניט געמאַכט געוואָרן.

צונויפקלייבן די comitia tributa (דאָס איז איינע פון דריי הויפּט־פאָרמען פון דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג) פלעגט מען אויף אַזאַ שטייגער. 17 טעג פאַר דער דאַטע, ווען די פאַרזאַמלונג האָט באַ־

דאַרפט פאָרקומען, פלעגט דאָס אויסרופן אַ העראָלד -- גאַנץ איטאַליע האָט אים באין אופן ניט געקאָנט הערן. אין דער נאַכט פאַר דער פאַרזאַמלונג פלעגן די אַוגורן, דאָס זיינען די כהנים וואָרזאָגערס, וואָס די רוימער האָבן זיי אָפגעירשעט פון די עטרוסקער, בודק זיין די געדערים פון די געקוילעטע קרבן-בהמות, און אויב זיי האָט געלוינט צו זאָגן, אַז די סימנים זיינען געווען ניט קיין מזלדיקע, האָבן די די קאָמיציאַ טריבוטאַ זיך געמוזט פונאַנדערגיין. ערשט ווען די אַוגורן האָבן געמאָלדן, אַז די לעבערס זיינען מזלדיק, דעמאָלט פלעגט מען בלאָזן אין שופרות פון דעם קאַפיטאָל אַראָפ און פון די שטאָט-מויערן, און די פאַרזאַמלונג פלעגט זיך אָנהייבן. זי פלעגט ווערן אָפגעהאַלטן אונטערן פרייען הימל, אָדער אויפן קליינעם פאָרום, דעם פלאַץ לעבן קאַפיטאָל אָדער אויף נאָך אַ קלענערן פלאַץ, וואָס מען איז אויף אים אַרויסגעגאַנגען פון פאָרום, אָדער אויפן מושטיר-פלאַץ, דעם מאַרס-פעלד (Campus Martius), וואָס איז איצט דער צום געדיכטסטן באַזעצטער טייל פון רוים, נאָר דעמאָלט איז ער געווען אַ פרייער פלאַץ. מען פלעגט אָנהייבן די פאַרזאַמלונג באַגינען מיט אַ תפילה. קיין ערטער צום זיצן זיינען ניט געווען, און דאָס האָט מסתמא מיטגעהאָלפן דעם בירגער שלום צו מאַכן מיטן פאַקט, אַז מיט זון-אונטערגאַנג מוז אַלצדינג זיין געענדיקט.

נאָך דער עפן-תפילה האָט זיך אָנגעהויבן די דיסקוסיע איבער די ענינים, וואָס די פאַרזאַמלונג האָט צו באַטראַכטן, און עס פלעגן ווערן פאָרגעלייגט די פאָרשלאָגן צו באַשליסן. איז דאָס ניט אַ חידוש, וואָס עס זייענען ניט געוואָרן פונאַנדערגעטיילט קיין געדרוקטע פאָרשלאָגן? אויב מען האָט צעטיילט וואָסערע געשריבענע קאָפיעס, האָבן זיי געקאָנט זיין מיט גרייזן אָדער מיט בכיוונדיקע פעלשונגען. קיין פראַגעס זייַנען, ווייזט אויס, ניט געווען צוגעלאָזן, אָבער פריוואַטע יחידים האָבן געמעגט ריידן צו דער פאַרזאַמלונג מיט דעם דערלויב פון דעם פאָרזיצער.

דערנאָך פלעגט די מאַסע מוזן אַריינגיין אין אַרומגעצאַמטע פלעצער, אַזעלכע ווי מען בויט פאַר בהמות צו האַלטן, צעטיילט לויט טריבעס, און איטלעכע טריבע פלעגט אָפשטימען איבער דעם באַהאַנדלטן פאָרשלאָג. די החלטה פלעגט ווערן אָנגענומען ניט דורך

דעם רוב בירגער, נייערט דורך דעם רוב טריבעס. נאָכדעם פלעגן הערשאָלדן זי אויסרופן.

די פאָלקס־פאַרזאַמלונג אין צענטוריעס, די comitia centuriata, איז לויט איר כאַראַקטער געווען ענלעך, מערניט וואָס אָנשטאָט 35 טריבעס זיינען געווען אין 3טן י"ה פאַר קר. 373 צענטוריעס, און עס איז געווען אַ קרבן און אַ תפילה ביים אָנהייב פון דער פאַרזאַמלונג. די צענטוריעס זיינען לכתחילה געווען מיליטערישע אָפּטיילונגען („הונדערטשאַפטן"), אָבער שפּעטער האָבן זיי אָנגעוואָרן דעם כאַראַקטער, און אויך די צאָל הונדערט איז שוין געווען ניט מער ווי אין נאָמען. טייל פון זיי האָבן געהאַט ווינציק מענטשן, טייל גאָר אַ פולע. עס זיינען געווען 18 צענטוריעס רייטערס (equites), וואָס לכתחילה זיינען זיי באַשטאַנען פון מענטשן, וואָס זיינען בכוח אויסצוהאַלטן אַ פערד און צו דינען אין דער רייטעריי, שפּעטער אָבער האָט די רוימישע ריטערשאַפט אָנגעוואָרן איר מיליטערישן כאַראַקטער. די דאָזיקע ריטערס (equites) זיינען געוואָרן אַ וויכטיקער קלאַס, בעת רוים האָט גענומען האַנדלען און איז געוואָרן רייך. אַ געוויסע צייט זיינען די רייטערס געווען דער רירעוודיקסטער קלאַס אין דער געזעלשאַפט, די סענאַטאָרן זיינען פון אַרום 200 פאַר קר. געווען אויסגעשלאָסן פון האַנדל. די עקוויטעס זיינען אַזוי אַרום געוואָרן די גרויסע געשעפטסלייט, negotiatores (פון דעם דאָס אינטערנאַציאָנאַלע וואָרט נעגאָציאַנטן), און זיי האָבן אויך געהאַלטן אין אַרענדע די אָפּצאָלן. ווייטער זיינען געווען אַכציק (!) צענטוריעס פון רייכע מענטשן (איטלעכער פון זיי האָט פאַרמאָגט מער פון 100.000 אַס), 22 צענטוריעס פון מענטשן, וואָס פאַרמאָגן איבער 75.000 אַס און אַזוי ווייטער. עס זיינען נאָך געווען צוויי צענטוריעס, איינע פון מעכאַניקער, איינע פון מוזיקער, און די פּראָלעטאַריער האָבן געבילדעט איין צענטוריע. החלטות אין די comitia centuriata פלעגן ווערן אָנגענומען מיט אַ רוב שטימען פון די צענטוריעס.

עס איז דעריבער קיין חידוש ניט, וואָס אין דער מאָס ווי די רוימישע מלוכה איז געוואַקסן און אירע עסקים זיינען געוואָרן אַלץ קאָמפּליצירטער, האָט די מאַכט זיך אַרויסגעגליטשט פון אַזאַ פאָלקס־פאַרזאַמלונג און איז אַריבער צום סענאַט, וואָס איז געווען אַ לפי־ערך

קאָמפּאַקטע קערפּערשאַפט, וואָס איז באַשטאַנען אין פאַרשיידענע צייטן אַמאָל פון 300 מיטגלידער, ווי אַ מינימום, און דאָס גרעסטע פון 900 מיטגלידער (אַזוי פיל האָט אַיינגעפירט צעזאַר), אַלץ מענטשן, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט עסקים און מיט גרויסע געשעפטן, וואָס האָבן מער ווייניקער געקענט איינער דעם אַנדערן און האָבן געהאַט אַ טראַדיציע פון רעגירן און פירן פּאָליטיק. דאָס רעכט צו באַשטימען און צונויפרופן די סענאַטאָרן האָבן צוערשט געהאַט די קאָנסולן, און אַז שפּעטער אַ ביסל זיינען באַשטימט געוואָרן „צענזאָרן", און אַ סך פון די זכיות פון די קאָנסולן זיינען געוואָרן אַריבערגעטראָגן אויף זיי, האָט מען זיי אויך געגעבן דאָס רעכט צו באַשטימען סענאַטאָרן. אַפּיוס קלאַודיוס, איינער פון די ערשטע צענזאָרן, וואָס האָט אויסגענוצט דאָס דאָזיקע רעכט, האָט אַריינגעשריבן פריינעלאָזטע שקלאַפן אין די טריבעס און האָט באַשטימט זין פון פריינעלאָזטע אין סענאַט. נאָר די קאָנסערוואַטיווע אינסטינקטן פון יענער צייט האָבן דאָס ניט געקאָנט פאַרטראָגן; די קאָנסולן האָבן זיין סענאַט ניט געוואָלט אָנערקענען, און די קומענדיקע צענזאָרן (304 פאַר קר.) האָבן די פון אים פאַרבעטענע סענאַטאָרן אויסגעשלאָסן. בכל אופן באַווייזן אָבער זיינע פרוון, ווי ווייט דער סענאַט איז אַוועק פון זיין לכתחילהדיקן מצב פון אַ ריין פּאַטריצישער קערפּערשאַפט. פונקט ווי דאָס איצטיקע בריטישע לאָרדן־הויז, איז ער געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון גרויסע געשעפטסלייט, ענערגישע פּאָליטיקער, געראָטענע אַוואַנטוריסטן, גרויסע ערד־איינגנטימער וכדומה; זיין פּאַטריצישע ווערדע איז געווען ניט מער ווי אַן איינגערעדטע זאַך. אַנדערש ווי דאָס ענגלישע לאָרדן־הויז איז ער געזעצליך ניט געווען דורך קיין זאַך באַגרענעצט, חוץ דורך דער ניט־אַרבעטספעיקער פאָלקספאַרזאַמלונג, וואָס מיר האָבן באַשריבן, און דורך די טריבונען אויסגעקליבן פון דער פאַרזאַמלונג פון די פּלעבייער. זיין קאָנטראָל איבער די קאָנסולן און פּראָקאָנסולן איז לויטן געזעץ ניט געווען גרויס; אָן אויספיר־מאַכט האָט ער געהאַט אַ קליינע; זיין כוח און זיין השפעה זיינען געלעגן אין זיין שם און אין זיין געניטקייט. די אינטערעסן פון זיינע מיטגלידער זיינען נאַטירלעך געווען אין סתירה צו די אינטערעסן פון דער בירגער־מאַסע, נאָר אין משך פון עטלעכע דורות איז די גרויסע מאַסע געוויינטלעכע בירגער ניט געווען

בכּוח אויסצודריקן איר אומצופרידנקייט מיט די מעשים פון דער דאָ-זיקער אָליגאַרכיע. דירעקטע פאָלקס-רעגירונג אין אַ מלוכה גרעסער פון אַ שטאָט-מלוכה האָט שוין דערפאַר אַליין אין איטאַליע ניט געקאָנט אויסהאַלטן, ווייל דאָרט איז ניט געווען ניט קיין פאָלקס-בילדונג, ניט קיין פּרעסע, ניט קיין רעפּרעזענטאַטיווע סיסטעם; מחמת אָט די טעכנישע שוועריקייטן איז די דעמאָקראַטיע שוין געווען געבראָכן נאָך פאַרן ערשטן פּונישן קריג. נאָר די רוימישע דעמאָקראַטיע האָט אַ גוואַלדיקן אינטערעס, ווייל דאָ זיינען צום ערשטן מאָל געשטעלט גע-וואָרן פּראָבלעמען, וואָס די פּאָליטישע טעאָריע פון גאָר דער וועלט קאָן זיי נאָך ביזן היינטיקן טאָג ניט בייקומען.

דער סענאַט פלעגט געוויינטלעך אָפּהאַלטן זיינע זיצונגען אין סענאַט-הויז אויפן פאָרום, נאָר אין באַזונדערע פאַלן האָט ער זיך צונויפגעקליבן אין דעם אָדער יענעם טעמפּל. און אַז ער האָט באַדאַרפט פאַרהאַנדלען מיט פרעמדע אַמבאַסאַדאָרס אָדער מיט די אייגענע גענע-ראַלן (וואָס האָבן ניט געטאָרט אַריינטרעטן אין שטאָט אין דער צייט, ווען זיי האָבן קאָמאַנדירט די אַרמייען), פלעגט ער זיך צונויפקלייבן אויפן מאַרס-פעלד אויסער די מויערן.

---

### 3. די קאַרטאַגישע רעפּובליק פון רייכע לייט.

עס איז געווען נייטיק צו דערציילן געגוי וועגן דער פּאָליטי-טישער סטרוקטור פון דער רוימישער רעפּובליק מחמת איר גוואַל-דיקער וויכטיקייט ביזן היינטיקן טאָג. אויף דער קאָנסטיטוציע פון קאַרטאַגאָ דאַרף מען זיך אַזוי לאַנג ניט אָפּשטעלן.

איטאַליע אונטער רוים איז געווען אַ רעפּובליקאַניש לאַנד; קאַר-טאַגאָ איז געווען די עלטערע פאָרם — אַ רעפּובליקאַנישע שטאָט. זי האָט געהאַט אַן „אימפּעריע", פּונקט ווי אַטען האָט געהאַט אַן „אימפּעריע" פון צינז-צאָלנדיקע מלוכות, וואָס האָבן זי ניט ליב געהאַט, און זי האָט געהאַט אַ גרויסע ניט-לאָיאַלע באַפעלקערונג פון אינדוסטריעלע שקלאַפן.

אין דער שטאָט זיינען געווען צוויי געקליבענע „מלכים“, ווי אַריסטאָטעלעס רופט זיי אָן, די סופטים, וואָס פאַקטיש זיינען זיי אין זייער מאַכט געווען גלייך צו די רוימישע צענזאָרן; דער נאָמען זייערער איז דער העבּרעישער שופט. עס איז אויך געווען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, וואָס האָט קיין מאַכט ניט געהאַט, און אַ סענאַט פון פירנדיקע פערזענלעכקייטן; נאָר די אמתע מאַכט האָבן געהאַט צוויי קאָמיסיעס פון אָט דעם סענאַט, אויסגעקליבן נאָמענטלעך, אָבער אַזוי, אַז עס איז גרינג געווען צו קאָנטראָלירן די קאָמיסיע פון די הונדערט און פיר און די קאָמיסיע פון די דרייסיק: זיי האָבן פאַקטיש געבילדעט אַ געשלאָסענע אָליגאַרכיע פון די רייכסטע און מעכטיקסטע מענטשן. זיי פלעגן ווי ווייט מעגלעך ווינציקער דערציילן זייערע פאַרבּינדעטע און זייערע מיטבירגער און פלעגן בּיי זיי ווי מעגלעך ווינציקער פרעגן עצות. אין זייערע פלענער זיינען זיי באַשיימפערלעך אויסן געווען מער די אינטערעסן פון זייער אייגענער גרופּע, איידער דאָס וואוילזיין פון קאַרטאַגאָ. זיי זיינען געווען פיינטלעך געשטימט קעגן נייע מענטשן און קעגן אַלע נייסן בכלל און זיינען געווען זיכער, אַז די ים-מאַכט, וואָס האָט זיך בּיי זיי געהאַלטן צוויי הונדערט יאָר, וועט זיך האַלטן שטענדיק.

---

## 4. די ערשטע פּונישע מלחמה.

עס וואָלט געווען אַן אינטערעסאַנטע און ניט קיין איננאַנצן איבּעריקע חקירה, ווען מען זאָל באַקלערן, וואָס פאַר אַ פּנים די מענטשהייט וואָלט געהאַט, אויב רוים און קאַרטאַגאָ וואָלטן געקאָנט דורכקומען צווישן זיך און שאַפן אַ שטענדיקן בּונד אין דער מערבדיקער וועלט. אויב אלכסנדר דער גרויסער וואָלט געלעבּט, וואָלט ער מסתּמא זיך געווענדט קיין מערב און וואָלט דעמאָלט געצוואונגען די צוויי מערבדיקע מלוכות זיך צונויפצוגיסן. דאָס וואָלט אוודאי זיך ניט געפּאַסט מיט די פּריוואַטע פלענער און מיט דער אייגענער גדולה פון דער קאַרטאַגישער אָליגאַרכיע, און דעם נייעם סענאַט פון דער

פאַרגרעסערטער רוים ווידער האָט פאַרשמעקט דער רויב-געשעפט און ער האָט גענומען וואַרפן גלוסטיקע אייגלעך אַריבער דעם דורכ-גום פון מעסינע אויף די קאַרטאַגישע נחלאות אין סיציליע. חשק האָבן זיי דערצו געהאַט, אָבער זיי האָבן מורא געהאַט פאַר דער



א ביוסט פון סציפיאָ דעם עלטערן, דעם רוימישן קריגס-פירער, וואָס האָט צעשלאָגן האַניבאַלן ביי זאַמאַ.

קאַרטאַגישער ים-מאַכט. דער רוימישער „פאַטריאָטיזם" האָט געקוקט מיט קנאה און מיט שרעק אויף די קאַרטאַגער און איז זייניק געווען גוטה צו צאָלן דעם חשבון פון אַ קאָנפליקט. דער בונד, וואָס פי-

רום האָט אַרויפֿגעצוואונגען אויף רוים און קאַרטאַגאָ, האָט זיך געהאַלטן עלף יאָר, נאָר רוים איז שוין געווען צייטיק צו דעם, וואָס מען רופֿט אויפֿן היינטיקן פּאָליטישן זשאַרגאָן אַן „אָפּענזיוו=דעפֿענזיוון קריג“. די געלעגנהייט דערצו איז געקומען אין יאָר 264.

אין יענער צייט איז סיציליע ניט געווען אינגאַנצן אין די הענט פֿון די קאַרטאַגער. דער מזרחדיקער טייל איז נאָך געווען אונטער דער ממשלה פֿון אַ גריכישן קיניג פֿון סיראַקוז, מיטן נאָמען היעראָן, אַ יורש פֿון יענעם דיאָניסיוס, וואָס צו אים איז פּלאַטאָן געקומען צו ווערן בײַ אים אַ הויף=פֿילאָסאָף. אַ באַנדע געדונגענע זעלנערס, וואָס זיינען פֿריער געווען אין דינסט פֿון סיראַקוז, האָבן פֿאַרכאַפּט מעסינע (284 פֿאַר קר.) און האָבן גענומען אָנפֿאַלן אויף די סיראַקוזישע סוחרים און שטערן דעם האַנדל; מחמת דעם איז היעראָן סוף=כל=סוף געווען גענויט אָנצונעמען מיטלען אויף זיי צו אונטערדריקן (270 פֿאַר קר.). דערויף איז קאַרטאַגאָ, וואָס איז אויך געווען אין לעבן פֿאַראינטערעסירט צו דערשטיקן פּיראַטעריי, געקומען אים צו הילף און אַוועקגעשטעלט אַ קאַרטאַגישן גאַרניזאָן אין מעסינע. דאָס איז געווען אַ שריט, וואָס מען האָט בעצם קיין שום טענות ניט געקאָנט האָבן קעגן אים. ווייבאַלד אַז צור איז געווען חרוב איצט, איז די איינציקע מאַכט, וואָס האָט געקאָנט אָפּהיטן די ים=געזעצן אויפֿן מיטללענדישן ים, געווען קאַרטאַגאָ, און עס איז שוין געווען אַן איינגעשטעלטער מנהג און טראַדיציע, אַז דאָס איז איר אויפֿגאַבע צו דערשטיקן ים=רויבעריי.

נאָר די פּיראַטן פֿון מעסינע האָבן זיך געווענדט נאָך הילף קיין רוים, און די קנאה און די מורא, וואָס האָט זיך געהאַט אָנגעקליבן אין רוים, קעגן קאַרטאַגאָ, האָבן באַוואויגן דאָס רוימישע פֿאָלק זיי צו העלפֿן. אויף דער גיך האָט מען אָפּגעשיקט אַן עקספּעדיציע קיין מעסינע אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דעם קאָנסול אַפּיוס קלאַדיוס (דאָס איז שוין דער דריטער אַפּיוס קלאַדיוס, וואָס מיר דערמאָנען אין דער דאָזיקער געשיכטע).

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע פֿון יענער שורה מלחמות, וואָס מען מעג זיי צורעכענען צו די בלוטיקסטע און צעשטערערישסטע מלחמות, וואָס האָבן פֿאַרפֿינסטערט די געשיכטע פֿון דער מענטשהייט.

נאָר אָט וואָס אַ היסטאָריקער, וואָס איז דורכגענומען מיט די פאַנ־טאַסטישע פּאָליטישע אידעען פון אונזער צייט, האָט געפונען פאַר ריכטיק צו שרייבן וועגן אָט דעם מיאוסן קריג: „די רוימער האָבן געוואוסט, אַז זיי טרעטן אַריין אין אַ מלחמה מיט קאַרטאַגאָ; נאָר די פּאָליטישע אינסטינקטן פון פאָלק האָבן זיי ריכטיק געפירט, וואָרעם אַ קאַרטאַגישער גאַרניזאָן ביים דורכגוס פון טיציליע וואָלט גע־ווען אַ גרויסע סכנה פאַרן שלום פון איטאַליע“. בכן האָבן זיי גע־שיצט דעם שלום פון איטאַליע קעגן דער „סכנה“ דורך אַ קריג, וואָס געדויערט כמעט אַ פערטל יאָרהונדערט; אין דעם דאָזיקן פּראָצעס האָבן זיי אונטערגעגראָבן די אייגענע פּאָליטישע מאָראַל, וואָס זיי האָבן פאַוואָליע זיך געהאַט אָנגעאייגנט.

די רוימער האָבן אַיינגענומען מעסינע, און הירעאָן איז אַריבער־געגאַנגען פון די קאַרטאַגער אויפן צד פון די רוימער. דערנאָך איז די מלחמה אַ שטיק צייט געווען קאָנצענטרירט אַרום דער שטאָט אַגריגענט. די רוימער האָבן באַלעגערט די שטאָט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פעריאָד פון אַ גראָבן־קריג. ביידע צדדים האָבן שטאַרק געליטן פון מגפות און פון הונגער; די רוימער האָבן אָנגעוואָרן 30.000 מאַן, נאָר צולעצט (262 פאַר קר.) האָבן די קאַרטאַגער פאַרלאָזט דעם אָרט און האָבן זיך צוריקגעצויגן אין זייערע באַ־פעסטיקטע שטעט אויפן מערבדיקן ברעג פון אינזל, וואָס צווישן זיי איז ליליבײ געווען די מעכטיקסטע. דאָ האָבן זיי געקאָנט זיך פאַרזאָרגן מיט אַלע נייטיקע עסנוואַרג און מכשירים פון אַפריקאַנישן קאָנטינענט, און כל־זמן זייער ים־מאַכט איז געווען גענוג שטאַרק, האָבן זיי געקאָנט מאַכן צונישט אַלע אָנשטרענגונגען פון די רוימער קעגן זיי.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער און אַ זייער אויסגאַמלעכער פאַזיס פון דער מלחמה. די רוימער האָבן זיך איינגעשטעלט אַרויס־צוטרעטן אויפן ים, און צום גרויסן חידוש פון די קאַרטאַגער און אויך פון די רוימער גופא האָבן זיי צעשלאָגן דעם קאַרטאַגישן פלאָט. זינט די טעג פון סאַלאַמיס האָט די שיף־בויקונסט זיך געהאַט היפש

אַנטוויקלט. דעמאָלט איז דער הערשנדיקער טיפּ פון אַ שלאַכט=שיף געווען אַ טרירעמע, אַ גאַלערע=שיף מיט דריי רייען (גאָרנס=רודער=בענק; איצט איז די פירנדיקע קאַרטאַגער שיף געווען אַ קווינקווערעמע, אַ סך אַ גרעסערע גאַלערע מיט פינף אַזעלכע רייען, און אַזאַ שיף האָט געקאָנט דורכלעכערן איטלעכע שוואַכערע שיף אָדער צעברעכן ביי איר די רודערס. ביים אָנהייב מלחמה האָבן די רוימער אַזעלכע שיפן ניט געהאַט. איצט האָבן זיי זיך גענומען בויען קווינקווערעמעס, און ווערליק מען דערציילט, האָט זיי געדינט פאַר אַ מוסטער נאָכצומאַכן אַ קאַרטאַגישע שיף, וואָס איז געבליבן שטעקן אויפן גרונט ניט ווייט פון ברעג. אין צוויי חדשים צייט האָבן זיי אויסגעבויט אַ הונדערט קווינקווערעמעס און דרייסיק טרירעמעס. אָבער זיי האָבן ניט געהאַט ניט קיין געלערנטע שיפסלייט, ניט קיין געניטע רודערערס, און די דאָזיקע חסרונות האָבן זיי ממלא געווען צום טייל דורך דעם ביישטאַנד פון זייערע גריכישע בעלי=ברית און צום טייל דורך אַרויסגעפינען נייע טאַקטישע קונצן. אָנשטאָט צו פאַרלאָזן זיך אויף דורכלעכערן אָדער צעברעכן די רודערס פון דעם קעגנער, וואָס צוליב דעם וואָלטן זיי באַדאַרפט האָבן מער ים=לייט, ווי זיי האָבן געהאַט אין זייער רשות, האָבן זיי באַשלאָסן, אַז עס איז גלייכער צו פאַרטשעפּען דעם שונאס שיף און אַרויפכאַפּן זיך אויף איר. זיי האָבן אויסגעבויט אויף זייערע שיפן אַ מין לאַנגן צי=בריק, וואָס איז צוגעהעפט געווען צום זעגל=בוים מיט אַ בלאָק, און דער בריק האָט געהאַט ביים עק כאַפּ=האָקנס און טשוועקעס. זייערע שיפן האָבן זיי אָנגעלאָדן מיט זעלנער. דערנאָך, אַז די קאַרטאַגער פלעגן ווערן זיי דורכעקבערן מיט זייערע שפּיצן אָדער פאַרביישווימען, פלעגט אָט דער בריק ווערן אַראָפּגעלאָזט, און די זעלנער האָבן געקאָנט זיך אַריבערכאַפּן אין דעם שונאס שיף.

ווי פשוט אָט דער גאַנג איז, האָט ער דאָך אַרויסגעוויזן זיך אינגאַנצן געראָטן. דאָס האָט אומגעביטן דעם גאַנג פון דער מלחמה און דעם גורל פון דער וועלט. דאָס קליין ביסל שכל, וואָס מען האָט באַדאַרפט האָבן, כדי צו באַשיצן זיך קעגן אָט דעם שיפס=בריק, האָבן די רעגירערס פון קאַרטאַגאָ באַשיימפערלעך ניט פאַרמאָגט.

אין דער שלאַכט בײַ מילע (260 פאַר קר.) האָבן די רוימער געוואונען זייער ערשטן ניצחון אויפן ים און האָבן פאַרכאַפּט אָדער צעשטערט פופציק שיפן. אין דער גרויסער שלאַכט פון עקנאָמוס (256 פאַר קר.), „מסתמא די גרעסטע ים-שלאַכט אין דער אַלטער וועלט“*, וואָס אין איר האָבן זיך באַטייליקט 7 ביז 8 הונדערט גרויסע שיפן, האָבן די קאַרטאַגער באַוויזן, אַז זיי האָבן גאָרנישט ניט אָפּגעלערנט פון זייער פריערדיקער מפּלה. זיי האָבן מאַנעוורירט לויטן אַלטן כּלל און זיי וואָלטן צעשלאָגן די רוימער, אויב ניט יענע שיף-בריקן. די רוימער האָבן אַראָפּגעלאָזט צום גרונט 30 שיפן און 64 גענומען געפאַנגען.

דערנאָך איז די מלחמה ווייטער געפירט געוואָרן, און דער מזל האָט זיך שטאַרק געוויגט פון איין זייט אויף דער אַנדערער, נאָר שטענדיק איז געווען דייטלעך צו זען אויפן צד פון די רוימער די גרעסערע ענערגיע, סאָלידאַריטעט און איניציאַטיווע. נאָך עקנאָמוס זיינען די רוימער אַריינגעדרונגען קיין אַפריקע איבערן ים און האָבן אַריבערגעשיקט אַן אַרמיי, וואָס איז ניט גענוג געוואָרן אונטערגעהאַלטן. נאָך אַ סך ניצחונות און נאָכן איינגעמען טוניס (בײַ אַ צען מייל פון קאַרטאַגאָ) איז די דאָזיקע אַרמיי אינגאַנצן צעקלאַפּט געוואָרן. אין אַ שטורעם האָבן די רוימער אָנגעוואָרן זייערע שיפן, אָבער זיי זיינען ווידער געקומען צו זייער ים-מאַכט, נאָכדעם ווי זיי האָבן ווידער אַמאָל אויסגעבויט צוויי הונדערט מיט צוואַנציק שיפן אין משך פון דריי חדשים. זיי האָבן איינגענומען פּאַלערמאָ און צעשלאָגן דאָרט אַ גרויסע קאַרטאַגישע אַרמיי (251 פאַר קר.), גענומען געפאַנגען הונדערט מיט פיר העלפאַנדן און אָפּגעריכט אַזאַ טריומף-פּראָצעסיע, וואָס רוים האָט נאָך אַזוינע ביז דעמאָלט ניט געהאַט געזען. זיי האָבן באַלעגערט לילבײַ, דעם לעצטן קאַרטאַגישן באַפעסטיקטן פונקט אין סיציליע, נאָר זיי האָבן קיין הצלחה ניט געהאַט. זיי האָבן אָנגעוואָרן זייער צווייטן פלאָט אין אַ גרויסער ים-שלאַכט בײַ דרעפּאַנום (249 פאַר קר.), וואו זיי האָבן פאַרלאָרן 180 פון 210 שיפן; און אַ דריטן פלאָט פון 120 שלאַכט-שיפן און 800

* דזש. וועלס, קורצע געשיכטע פון רוים ביז אויגוסטוסעס טויט (ענגל.).

טראַנספּאָרט־שיפן האָבן זיי פאַרלאָרן דאָס זעלביקע יאָר צום טייל אין שלאַכט און צום טייל אין אַ שטורעם.

זיבן יאָר האָט זיך געצויגן אַמין מלחמה צווישן די כמעט אויסגעשעפּטע קעגנער, אַ מלחמה פון אָנפאַלן און שוואַכע באַלעגע־רונגען, און די קאַרטאַגער האָבן די גאַנצע צייט געהאַט די איבערהאַנט אויפן ים. דערנאָך האָט רוים געמאַכט אַ לעצטע אָנשטרענגונג און אַראָפּגעלאָזט אַ פערטן פלאָט פון צוויי הונדערט שיפן און האָט צעקלאַפּט דעם לעצטן כוח פון די קאַרטאַגער אין דער שלאַכט



רעשטן פון גריכישן טעאַטער אין טאַאָרמינאַ, סיציליע, וואָס די רוימער האָבן אים געהאַט רעקאָנסטרויִרט. ער איז געווען צום גרויסן טייל אויסגעהאַקט אין פעלד.

ביי די עגאַטישע אינזלען (241 פאַר קר.) — ערשט נאָכדעם (240 פאַר קר.) האָט קאַרטאַגאָ געבעטן שלום.

לויט די תנאים פון דאָזיקן שלום איז גאַנץ סיציליע, חוץ דעם געביט פון היעראָן פון סיראַקוז, געוואָרן אַ „נחלה“ פון רוימישן פאָלק. דאָ איז ניט געווען אַזאַ פּראָצעס פון אַסימילאַציע, וואָס איז פּראַקטיקירט געוואָרן אין איטאַליע; סיציליע איז געוואָרן אַן איינגענומענע פּראָווינץ, וואָס האָט געצאָלט צינז און האָט געגעבן ריווח, פּונקט ווי די פּראָווינצן פון די עלטערע אימפּעריעס. און חוץ

דעם האָט קאַרטאַגאָ באַצאָלט אַ קריגס-אָפּצאָל פון 3.200 טאַלענט (788.000 פונט סט.).

---

### 5. קאַטאָן דער עלטערער און דער קאַטאָנישער גייסט.

צוויי און צוואַנציק יאָר איז געווען שלום צווישן רוים און קאַרטאַגאָ. דאָס איז געווען אַ שלום אָן וואַפּלשטאַנד. ביידע צדדים האָבן געליטן פון דער נויט און דעזאָרגאַניזאַציע, וואָס מוזן נאַטירלעך און בהכרח קומען נאָך אַלע גרויסע מלחמות. די טעריטאָריעס פון קאַרטאַגאָ האָבן געזאָדן פון מהומות; די צוריקגעקומענע זעלנער האָבן ניט געקראָגן אויסגעצאָלט זייער לוין און האָבן זיך געבונטעוועט און געראַבעוועט; די ערד איז געלעגן ניט באַאַרבעט. מיר לייענען וועגן דער מוראדיקער אכזריות, וואָס דער קאַרטאַגישער קריגספירער האַמילקאַר האָט אָנגעווענדט אויף צו דערשטיקן די אומרוען; וועגן טויזנטער געקרייציקטע מענטשן. סאַרדיניע און קאָרסיקע זיינען אויפגעשטאַנען. דער „שלום פון איטאַליע“ איז קוים געווען גליקלעכער. די גאַליער זיינען אויפגעשטאַנען און האָבן מאַרשירט קיין דרום; זיי זיינען געשלאָגן געוואָרן און 40.000 פון זיי זיינען דערהרגעט געוואָרן אין טעלאַמאָן. עס איז באַשיימפּערלעך, אַז איטאַליע איז נאָך ניט געווען גאַנץ, איידער זי האָט דערגרייכט ביז די אַלפּן. רוימישע קאָלאָניעס זיינען באַזעצט געוואָרן אין דעם טאָל פון פּאָ, און מען האָט אָנגעהויבן בויען די גרויסע צפונדיקע אַרטעריע, די וויאַ פלאַמיניאַ. נאָך די מאָראַלישע און אינטעלעקטועלע ירידה פון דעם דאָזיקן נאָך-מלחמה-פּעריאָד איז צו זען דערפון, וואָס אין דער צייט, ווען עס איז געהאַנגען איבער רוים די סכנה פון גאַלישן אָנפאַל, זיינען געוואָרן פאָרגעשלאָגן און אויסגעפירט מענטשלעכע קרבנות. דער אַלטער קאַרטאַגישער ים-גזלניק איז געווען געבראָכן — ער האָט געקאָנט זיין עגאָיסטיש און מאָנאָפּאָליסטיש, אָבער אַ גזלניק און אַ סדר איז געווען — דער אַדריאַטישער ים איז פול געוואָרן מיט אילירישע ים-רויבערס, און נאָך אַ סיכסוך, וואָס איז אַרויסגעקומען פון אָט דעם מצב, האָבן די רוימער נאָך צוויי מל-

חמות אײַנגענומען איליריע און צוגענומען זי פאַר דער צווייטער „פּראָווינץ“. דורך שיקן עקספּעדיציעס אײַנצונעמען סאַרדיניע און קאָרסיקע, וואָס זיינען געווען אויפגעשטאַנענע קאַרטאַגישע פּראָווינצן, האָבן די רוימער צוגעגרייט דעם וועג פאַר דער צווייטער פּונישער מלחמה.

דער ערשטער פּונישער קריג האָט אויסגעפּרוּווט און באַוויזן, ווער עס איז שטאַרקער, רוים אָדער קאַרטאַגאָ. וואָלטן ביידע צדדים פאַרמאָגט אַ ביסעלע מער חכמה, וואָלט רוים געהאַט כאָטש אַ ביסל גרויסמוט, וואָלט די מלחמה קיינמאָל ניט באַדאַרפט זיך אָנהייבן. נאָר רוים איז געווען אַן אָנרחמנותדיקער באַצווינגער. זי האָט פאַרכאַפּט קאָרסיקע און סאַרדיניע אָן אַ גערעכטן גרונט, זי האָט פאַרגרעסערט דעם צינז אויף 1.200 טאַלענטן, זי האָט געשטעלט אַ גרענעץ ביי דעם טייך עבראָ פאַר דעם וואוקס פון דער מאַכט פון קאַרטאַגאָ אין שפּאַניע. געווען אַ שטאַרקע פּאַרטיי אין קאַרטאַגאָ, אונטער דער אָנפירונג פון האַנאָן (חנון), וואָס האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף דורכקומען מיט רוים. נאָר ס'איז געווען נאַטירלעך, וואָס אַ סך קאַרטאַגער האָבן גענומען קוקן אויף זייער נאַטירלעכן קעגנער מיט פאַריאושטער שנאה.

שנאה איז איינע פון יענע ליידנשאַפטן, וואָס קאָנען באַהערשן אַ לעבן. פאַראַן אַ טיפּ פון טעמפּעראַמענטן, וואָס זיינען שטאַרק נוטה צו שנאה, וואָס דאָס גאַנצע לעבן נעמען זיי אויף ווי אַ מעלאָדראַמע פון נקמה, וואָס איטלעכע רגע זיינען זיי גרייט זיך אָפּצורעכענען מיט אַ שונא און אָפּצאָלן אים די „גערעכטע“ שטראָף. די געפילן פון שרעק און קנאה, וואָס זיינען געלעגן אין דער נשמה פון אורמענטש אין די היילן און לאַגער-פעלצער, לאָזן נאָך עד-היום אַרויס זייערע פינסטערע בלומען אין אונזער לעבן; מיר זיינען דאָך ערשט קנאַפּע פיר הונדערט דורות אָפּגעשיידט פון דער אַלטער שטיין-צייט. גרויסע מלחמות, דאָס ווייס איצט גאַנץ אייראָפּע, גיבן די בעסטע געלעגנהייט פאַר אָט דעם שנאה-טעמפּעראַמענט זיך אויסצושפּרייטן. אַזוי האָט די זשעדנעקייט און דער שטאָלץ און די אכזריות, וואָס דער ערשטער פּונישער קריג האָט אַנטפּלעקט, איצט געבראַכט אַ רייכן שניט פון שנאה קעגן פרעמדע.

די אָנזעעוודיקסטע פיגור אויפן צד פון קאַרטאַגאָ איז געווען אַ גרויסער גענעראַל און אַדמיניסטראַטאָר האַמילקאַר באַרקאַ, וואָס האָט זיך אַריינגענומען אין זינען אַרומצורינגלען און צו צעשמעטערן רוים. ער איז געווען דער שווער פון האַזדרובאַל (עזרובעל) און דער פאָטער פון האַניבאַל, וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען אַ קינד און וואָס שפּעטער איז ער אויסגעוואַקסן צום שרעקלעכסטן שונא, וואָס דער רוימישער סענאַט האָט ווען עס איז געהאַט. קאַרטאַגאָ האָט אין פלוג געהאַט פאַר זיך איין קלאָרן ציל: ווידער אויסצובויען איר פלאָט און איר שיף=פאַרוואַלטונג, כּדי ווידער צו קומען צו איר ים=מאַכט. נאָר האַמילקאַר האָט דאָס, ווייזט אויס, ניט געקאָנט דערגרייכן. אָנשטאָט דעם האָט ער באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן שפּאַניע, זי זאָל ווערן דער באַזיס פון אַן אָנפאַל אויף איטאַליע פון דער יבשה=זייט. ער איז געקומען קיין שפּאַניע ווי אַ גובערנאַטאָר אין יאָר 236 פאַר קר., און האַניבאַל האָט שפּעטער דערציילט, אַז זיין פאָטער האָט אים באַשוואָרן — ער איז דעמאָלט געווען אַ יינגל פון עלף יאָר — אַז ער זאָל זיין אַ שונא דער רוימישער מלוכה אויף טויט און לעבן.

אָט די דאָזיקע פלומרשט אומזיניקע קאָנצענטראַציע פון דעם לעבן און פון דער גייסטיקער אַקטיווקייט פון דער פאַמיליע באַרקאַ אויף נקמה איז נאָר איין ביישפּיל פון דער איינשרומפּונג און פאַרביטערונג פון לעבן, וואָס עס האָבן אַרויסגעבראַכט די ווילדקייטן און דאָס אַלגעמיינע געפיל פון אומזיכערקייט פון דער גרויסער מלחמה אין די נשמות פון מענטשן. דאָס פערטל יאָרהונדערט מלחמה האָט איבערגעלאָזט די מערבדיקע וועלט פאַראָרעמט און פאַרגרעבט. אין דער זעלביקער צייט, ווען דער עלף=יאָריקער האַניבאַל האָט אָפּגעגעבן זיין שבועה, אַז ער וועט קיינמאָל ניט אויפהערן פיינט צו האָבן רוים, איז אַרום אַ פויערישן הויף אין טוסקולום אַרומגעלאָפן אַ קליין, אָבער מסתמא זייער ניט קיין וואויל קינד פון צוויי יאָר, וואָס האָט געהייסן מאַרקוס פּאָרציוס קאַטאָן. דאָס דאָזיקע יינגל האָט דערלעבט ביז פינף און אַכציק יאָר, און זיין הויפּט=תאווה איז געווען, ווייזט אויס, קנאה=שנאה צו אַלע מענטשן, חוץ אים אַליין. ער איז געווען אַ גוטער זעלנער און האָט געמאַכט אַ פיינע פּאָליטישע

קאַריערע. ער האָט געהאַט אַ קאָמאַנדע אין שפּאַניע און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אכזריות. ער האָט זיך אַרויסגעשטעלט ווי ווי אַ קעמפער פאַר רעליגיע און מאָראַל, און אונטער דעם דאָזיקן מאַנטל האָט ער געפירט אַ גאַנץ לעבן לאַנג מלחמה קעגן אַלץ, וואָס איז יונג, גראַציעז אָדער שיין. ווער עס האָט נאָר דערוועקט זיין קנאה, דער האָט שוין געהאַט אויסצושטיין רדיפות פאַר אַנטימאָראַ-לישקייט. ער איז געווען ענערגיש דורכצופירן געזעצן קעגן ווייבערשע קליידער און צירונג, קעגן פאַרווײלונגען און פרייע דיסקוסיעס. גראָד האָט אים אָפּגעגאָלטן צו ווערן אַ צענזאָר, און דאָס האָט אים געגעבן אַ גרויסע מאַכט איבערן פּריוואַטן לעבן פון געזעלשאַפטלעכע טוער. ער איז אויך אַזאַ אופן געווען פעיק צו רויִנירן פּאָליטישע קעגנער דורך פּריוואַטע סקאַנדאַלן. ער האָט אַרויסגעטריבן מאַנליוסן פון סענאַט דערפאַר, וואָס ער האָט אַ קוש געטאָן זיין אייגענע פרוי פאַר דער טאָכטער אין די אויגן. ער האָט גערודפט די גריכישע ליטעראַטור, הגם ער האָט זי ביז די עלטערע יאָרן לחלוטין ניט געקענט. ערשט דע-מאָלט האָט ער געלייענט און באַוואונדערט דעמאָסטענעסן. ער האָט געשריבן לאַטייניש וועגן ערד-אַרבעט און וועגן די אַלטע און איצט פאַרלאָרענע מידות טובות פון רוים. פון די דאָזיקע שריפטן פאַלט אַ ליכטיקע שיין אויף זיין כאַראַקטער. איינער פון זיינע כללים איז געווען, אַז אויב אַ שקלאַף שלאָפט ניט, מוז ער אַרבעטן, אַ צווייטער כלל איז, אַז אַלטע אָקסן און אַלטע שקלאַפן מוזן ווערן פאַרקויפט. ווייל ער האָט געוואָלט פאַרשפּאָרן די הוצאות פון איבערפירן, האָט ער איבערגעלאָזט אין שפּאַניע דאָס קריג-פערד, וואָס אויף דעם איז ער געריטן דאָרט בעת די מלחמות, ווען ער האָט באַדאַרפט זיך אומ-קערן קיין איטאַליע. ער האָט פיינט געהאַט די סעדער פון אַנדערע מענטשן און האָט פאַרבאָטן צו געבן אין רוים וואַסער אויף צו באַ-גיסן די סעדער. נאָך אַן אינטערעסאַנטער פאַרווײלונג, ווען די סעודה איז געווען געענדיקט, פלעגט ער גיין מיט אַ לעדערנעם רימען צו דער דינערשאַפט, כדי צו שטראָפן פאַר פעלערן, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן ביי דער באַדינונג. מיט זיינע אייגענע מעלות האָט ער זיך שטאַרק געגרייסט, און ער שטרייכט זיי אונטער אין זיינע שריפטן. געווען אַ שלאַכט ביי טערמאָפּילע קעגן אַנטיוכוס דעם גרויסן, וואָס

וועגן איר האָט ער געשריבן: „יענע, וואָס האָבן געזען, ווי ער פּאַלט אָן אויפן שונא, ווי ער שלאָגט אים און יאָגט אים נאָך, האָבן דערקלערט, אַז קאַטאָן איז ווינציקער שולדיק דעם רוימישן פאָלק, ווי דאָס רוימישע פאָלק קאַטאָנען“*. אין זיינע אַלטע יאָרן איז קאַטאָן געוואָרן אַ בעל=תאווהניק און האָט זיך אַריינגעלאָזן מיט אַ שקלאַפין. קעגן דער דאָזיקער אומאָרדענונג אין דער היימישער באַלעבאַטישקייט האָט פּראָטעסטירט זיין זון, און קאַטאָן האָט גענומען אַ יונגע ווייב, די טאָכטער פון זיין סעקרעטאַר, וואָס האָט אים ניט געקאָנט אָפּזאָגן (וואָס איז געוואָרן מיט דער שקלאַפין, ווערט ניט דערציילט. מסתמא האָט ער זי פאַרקויפט). אָט דער לעבעדיקער „שולחן=ערוך“ פון אַלע אַלטע רוימישע מידות=טובות איז געשטאָרבן אין אַ טיפן עלטער, געאַכפּערט פון אַלעמען. כמעט זיין לעצטער געזעלשאַפטלעכער אויפטו איז געווען אויפצוהעצן דעם דריטן פונישן קריג און דעם חורבן פון קאַרטאַגאָ. ער איז געווען געפאָרן קיין קאַרטאַגאָ ווי אַ קאָמיסאַר אויף אויסצוגלייכן אַ סיכסוך צווישן קאַרטאַגאָ און נומידיע, און צו זיין חידוש און שרעק האָט ער געפונען געוויסע סימנים, אַז דעם לאַנד גייט עס גוט.

זינט אָט דעם באַזוך אין קאַרטאַגאָ פלעגט קאַטאָן איטלעכע רעדע זיינע אין סענאַט ענדיקן מיט די ווערטער: Delenda est Carthago („קאַרטאַגאָ מוז צעשטערט ווערן“).

דאָס איז געווען דער טיפּ מענטש, וואָס איז עולה לגדולה געווען אין רוים אין דער צייט פון קאַמף מיט קאַרטאַגאָ, דאָס איז געווען דער קעגנער פון האַניבאַל און פון דעם קאַרטאַגישן „רעוואַנש“; לויט אים און לויט האַניבאַלן מעגן מיר משפטן וועגן דעם טאָן און טבע פון יענער תקופה.

די צוויי גרויסע מערבדיקע מלוכות זיינען ביידע גייסטיק און מאָראַליש געשלאָגן געוואָרן דורך די קלעפּ פון ערשטן פונישן קריג, רוים אפשר נאָך מער ווי קאַרטאַגאָ. די שלעכטע זייט פון לעבן האָט גובר געווען. די געשיכטע פון צווייטן און דריטן פונישן קריג (218 ביז 201 און 149 ביז 146 פאַר קר.) איז באַשיימפּערלעך ניט

* פלוטאַרך, דאָס לעבן פון קאַטאָן.

די געשיכטע פון פולקום געזונטע פעלקער. עס איז א קרומע זאך צו שרייבן, ווי היסטאָריקער טוען דאָס, וועגן די „פּאָליטישע אינסטינקטן" פון די רוימער אָדער קאַרטאַגער. גאָר אַנדערע אינסטינקטן זיינען אָפּ־געלאָזן געוואָרן פון קייט. די פייערדיקע אויגן פון דעם עלטערזיידן דער מאַלפּע האָבן זיך ווידער באַוויזן אין דער וועלט. עס איז גע־ווען אַ צייט, ווען מענטשן מיט שכל פלעגט מען פאַרשרייען אָדער דערהרגענען; דער אמתער גייסט פון דער תקופה האָט זיך אַרויסגע־וויזן אין דעם אומגעדולדיקן זוכן גוטע סימנים אין דער נאָך ציטערנ־דיקער לעבער פון יענע מענטשלעכע קרבנות, וואָס זיינען געקוי־לעט געוואָרן אין רוים בעת דער פּאַניקע פאַר דער שלאַכט ביי טע־לאַמאָן. די מערבדיקע וועלט איז געווען באמת משוגע אין בלוט־דאָרשטיקייט. צוויי גרויסע פעלקער, וואָס זיינען ביידע שטאַרק נייטיק געווען פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער וועלט, זיינען אָנגעפאַלן איינס אויפן אַנדערן מיט רציחה, און צום סוף האָט רוים אָפּגעגאָלטן צו דערקוילען קאַרטאַגאָ.

---

## 6. די צווייטע פּונישע מלחמה.

מיר קאָנען דאָ דערציילן נאָר שטאַרק בקיצור די פּרטים פון צווייטן און דריטן פּונישן קריג. מיר האָבן שוין דערציילט, ווי אַזוי האַמילקאַר האָט אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן שפּאַניע און ווי אַזוי די רוימער האָבן אים פאַרבאָטן אַריבערצוטרעטן דעם טייך עבראָ. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 228 פאַר קר., און נאָך אים איז געוואָרן קאָמאַנדיר זיין איידעם האַזדרובאַל, וואָס איז דערהרגעט געוואָרן אין יאָר 221 פאַר קר. זיין אָרט האָט פאַרנומען האַניבאַל, וואָס איז איצט געווען אַלט זעקס און צוואַנציק יאָר. די מלחמה האָבן פאַרגיכערט די רוימער, וואָס האָבן געבראָכן זייערע אייגענע תקנות, דורך דעם וואָס זיי האָבן זיך אַריינגעמישט אין די ענינים פון דעם לאַנד אין דרום־זייט פון עבראָ. דערויף האָט האַניבאַל זיך געלאָזט גיין גלייך דורך דרום־גאַליע און איז אַריבער די אַלפּן (218 פאַר קר.) גלייך קיין איטאַליע.

די געשיכטע פון די ווייטערדיקע 15 יאָר איז אַ מעשה פון דעם גלענצנדיקסטן קריגס-מאַרש אין דער געשיכטע, וואָס האָט אָבער גאָר קיין האַפט ניט געהאַט. אין משך פון פופצן יאָר האָט האַניבאַל זיך



א ביוסט פון האַניבאַל, דעם קאַרטאַגישן קריגספירער. איצט אין נאַציאָנאַלן מוזיי אין נעאַפּאָל.

געהאַלטן אין איטאַליע, זיגרייך און ניט באַצוואונגען. די רוימישע גענעראַלן האָבן אַנטקעגן דעם קאַרטאַגער ניט געקאָנט באַשטיין,

און וואו נאָר זיי האָבן זיך מיט אים צונויפגעטראָפן, זיינען זיי געוואָרן געשלאָגן. מער ניט איין רוימישער גענעראַל, פּ. קאָרנעליוס סציפּיאָ, האָט געהאַט דעם סטראַטעגישן חוש צו נעמען אַזאַ קורס, וואָס האָט ביי האַניבאַלן צוגענומען די גאַנצע פרוכט פון זיינע ניצחונות. ביים אָנהייב פון דער מלחמה איז ער געשיקט געוואָרן איבערן ים קיין מאַרסעל, בכדי צו כאַפּן האַניבאַלן; ער איז אָנגעקומען דריי טעג צו שפּעט, און אָנשטאָט אים נאָכצויאָגן, האָט ער געשיקט זיין אַרמיי קיין שפּאַניע, בכדי אָפּצושניידן האַניבאַלן, מען זאָל ניט קאָנען צושיקן אים פון קאַרטאַגאָ קריגס-געצייג און פאַרשטאַרקונגען. אין משך פון דער גאַנצער מלחמה איז אין שפּאַניע פאַרבליבן די דאָזיקע רוימישע אַרמיי אַ צווישנשייד צווישן האַניבאַלן און זיין אַפריקאַנישער באַזע. ער איז געבליבן „הענגען אין דער לופטן“, ניט געווען בכוח צו פירן באַלעגערונגען אָדער צו פאַרפעסטיקן באַצווינגונגען.

ווען ער פלעגט זיך טרעפן מיט די רוימער אין אָפענער שלאַכט, פלעגט ער זיי צעקלאַפּן. ער האָט געוואונען צוויי גרויסע ניצחונות אין צפון-איטאַליע און האָט אַריבערגעצויגן די גאַליער אויף זיין צד. ער איז אַריינגעדרונגען אין דרום-זייט קיין עטרוריע און האָט פאַרנאַרט, אַרומגערינגלט און אינגאַנצן פאַרטיליקט אַ רוימישע אַרמיי ביי דער טראַסימענער אָזערע. אין יאָר 216 פאַר קר. איז ביי קאַנע אויף אים אָנגעפאַלן אַ רוימישע אַרמיי אַ סך אַ גרעסערע ווי זיינע אונטער וואַראָנס אָנפירונג, און ער האָט זי צעקלאַפּט און ניט געלאָזן פון איר קיין שריד ופליט. מען זאָגט, אַז 5000 מענטשן זיינען דערהרגעט געוואָרן און 10.000 גענומען געפאַנגען. אויף רוים גופא האָט ער אָבער ניט געקאָנט אָנפאַלן און זי איינעמען, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין באַלעגער-מכשירים.

אָבער דער ניצחון ביי קאַנע האָט געהאַט אַן אַנדער רעזולטאַט. אַ גרויסער טייל פון דרום-איטאַליע איז אַריבער אויף האַניבאַלס צד, דערין אויך קאַפּואַ, די צווייטע שטאָט לויט איר גרייס נאָך רוים, און אויך די מאַקעדאָניער האָבן זיך פאַרבונדן מיט אים. נאָך מער, היעראָן פון סיראַקוז, דער געטרייער פאַרבינדעטער פון רוים, איז איצט געווען טויט, און זיין זון היעראָנימוס איז אַריבער צו די קאַרטאַגער. נאָר די רוימער האָבן אויסגעהאַלטן דעם קריג מיט גרויס עקשנות

און פעסטקייט; זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו ריידן מיט האַניבאַלן נאָך דער מפּלה בּיי קאַנע, זיי האָבן פּאַוואָליע אָבער זיכער בּלאָקירט און בּאַלעגערט קאַפּואַ, און אַ רוימישע אַרמיי איז אַריבּערגעשיפּט געוואָרן קיין סיציליע אויף אונטערטעניק צו מאַכן סיראַקוז. די בּאַלעגערונג פון סיראַקוז איז דער עיקר בּאַרימט אין דער געשיכטע מחמת די גלענצנדע ערפינדונגען פון דעם פילאָסאָף אַרכימעדעס, וואָס האָבן אַ לאַנגע צייט שטאַרק צוגעדריקט די רוימער. מיר האָבן שוין דערמאָנט דעם נאָמען פון דעם דאָזיקן אַרכימעדעס, ווי איינעם פון די תלמידים און קאָרעספּאָנדענטן פון דער שול פון מוזיי אין אלכּסנדריא. בּיי דעם לעצטן שטורעם אויף סיראַקוז איז ער דערהרגעט געוואָרן. נאָך סיראַקוז (212 פאַר קר.) און נאָך קאַפּואַ (209 פאַר קר.) האָבן די רוימער אַיינגענומען אויך טאַרענט (209 פאַר קר.), האַניבּאַלס הויפּט=האַפן, וואָס דורך דאָרט האָט ער געקאָנט קריגן הילף און מלחמה=מכשירים פון קאַרטאַגאָ, און זיינע פאַרבּינדונגען זיינען געוואָרן אומרעגולער.

אויך שפּאַניע איז אַרויסגעריסן געוואָרן שפּאַן נאָך שפּאַן פון דער קאַרטאַגישער ממשלה. און אַז עס האָבן זיך סוף=כל=סוף דורכגעשלאָגן קיין איטאַליע הילפס=חיילות פאַר האַניבּאַלן אונטער זיין בּרודער האַזדרובּאַל (ניט צונויפצומישן מיט זיין שוואָגער מיטן זעלביקן נאָמען, וואָס איז דערהרגעט געוואָרן דורך מערדערס), זיינען זיי צעקלאַפּט געוואָרן אין דער שלאַכט פון מעטאַורוס (207 פאַר קר.), און די ערשטע בּשורה, וואָס איז אָנגעקומען צו האַניבּאַלן מכּוח אָט דער מפּלה, איז געווען זיין בּרודערס אַראָפּגעהאַקטער קאָפּ, וואָס איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן צו אים אין לאַגער.

דערנאָך איז האַניבּאַל געוואָרן בּלאָקירט אין קאַלאַבּריע, אין דער „פּיאַטע“ פון איטאַליענישן האַלבּ=אינזל [דער איטאַליענישער האַלבּאינזל האָט אויף דער קאַרטע די געשטאַלט פון אַ שטיוול. איבּערז.]. ער האָט מער ניט געהאַט גענוג חיילות צו פירן ווייטער וואָסערע עס איז קריגס=אָפּעראַציעס, און ער איז סוף=כל=סוף אַוועק קיין קאַרטאַגאָ אין דער רעכטער צייט, בּכדי צו קאָמאַנדירן איבּער די קאַרטאַגער אין דער לעצטער שלאַכט פון דער מלחמה.

די דאָזיקע לעצטע שלאַכט, די שלאַכט פון זאַמאַ (202 פאַר קר.), איז געשלאָגן געוואָרן ניט ווייט פון קאַרטאַגאָ.

דאָס איז געווען די ערשטע מפלה, וואָס האַניבאַל האָט געליטן, און עס איז כדאי זיך אַ ווײַלע אָפּצושטעלן אויף דער פּערזאָן פון זיין באַצווינגער, סציפּיאָ אַפריקאַנוס דעם עלטערן, וואָס ערשײַנט אין דער געשיכטע ווי אַן אמתער אַדלמאַן, אַ גרויסער זעלנער און אַן איידעלער מענטש. מיר האָבן שוין דערמאָנט אַ געוויסן פּ. קאָרנעליוס סציפּיאָ, וואָס האָט אָפּגעשניטן האַניבאַלס באַזע אין שפּאַניע; דער איז געווען יענעמס זון; ביז נאָך דער שלאַכט ביי זאַמאַ האָט דער זון אויך גע־טראָגן דעם זעלביקן נאָמען פּ. קאָרנעליוס סציפּיאָ, און דערנאָך איז אים געגעבן געוואָרן דער צונאָמען אַפריקאַנוס — דער אַפריקאַנער. (דער יינגערער סציפּיאָ אַפריקאַנוס, סציפּיאָ אַפריקאַנוס מינאָר, וואָס האָט שפּעטער באַדאַרפט ענדיקן דעם דריטן פּונישן קריג, איז גע־ווען אַן אַדאָפּטירטער זון פון אָט דעם ערשטן סציפּיאָ אַפריקאַנוס דעם עלטערנס אַ זון). סציפּיאָ אַפריקאַנוס איז געווען דאָס אַלץ, וואָס האָט געוועקט דעם אומצוטרוי, שנאה און אָפּאָזיציע מצד די אַלט־פרענקישע רוימער פון קאַטאָנס חדר. ער איז געווען יונג, ער איז געווען גליקלעך און באַגאַבט, ער האָט געפּטרט געלט מיט אַ פרייער האַנט, ער איז געווען קלאָר אין דער גריכישער ליטעראַטור און גיבער נוטה צו די פריגישע נייסן אין רעליגיע, איידער צו די שטרענגערע גאָט־הייטן פון רוים. און ער האָט ניט געגלויבט אין דער איבערמאָסיקער אָפּ־געהיטקייט, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין דער רוימישער סטראַ־טעגיע.

נאָך די ערשטע מפּלות פון דער צווייטער פּונישער מלחמה זיינען די רוימישע קריגס־אָפּעראַציעס געוואָרן באַהערשט דורך דער פּערזאָן פון אַ גענעראַל, מיטן נאָמען פאַביוס, וואָס האָט געמאַכט פון דער נויטווענדיקייט אויסצומיידן אַ שלאַכט מיט האַניבאַלן אַ מין הייליקן פּרינציפּ. אין משך פון צען יאָר האָט די „פאַבישע טאַקטיק" געהערשט אין איטאַליע. די רוימער פלעגן בלאָקירן, אָפּשניידן וואַך־אָפּטיילונגען, אָנפאַלן אויף איינציקע אַרומבלאָנדזשענדיקע זעלנער, אָבער פלעגט זיך באַווייזן האַניבאַל, פלעגן זיי אַנטלויפן. אוודאי איז דאָס געווען קלוג צו טאָן אַזוי אַ געוויסע צייט נאָך זייערע ערשטע מפלות, אָבער די אויפ־

גאַבע פון דעם שטאַרקן צד, — און רוים איז געווען די שטאַרקערע מאַכט די גאַנצע צייט פון דעם צווייטן פּונישן קריג, — איז דאָך ניט צו דערלאָזן, אַז אַ קריג זאָל זיך פאַרציען אָן אַ סוף, נייערט ממלא זיין אָנווערן, אַרויסגעפינען פעיקע גענעראַלן, אויסמושטירן בעסערע אַרמייען און פאַרלענדן דעם שונאס מאַכט. אַנטשלאָסנקייט איז איינע פון די חובות פון שטאַרקייט.

אַזעלכע מענטשן ווי דער יונגער סציפּיאָ האָבן די איבערגע־שפּיצטע, אומאַקטיווע קלוגשאַפט פון פאַביאַניזם געהאַלטן פאַר שעדלעך, ווייל ער האָט פאַוואָליע אָפּגעצאַפּט דאָס בלוט ביי איטאַליע, פּונקט ווי ביי קאַרטאַגאָ. דערפאַר האָט ער געפאָדערט, מען זאָל מאַכן אַן אָנפאַל אויף קאַרטאַגאָ גופא.

„נאָר פאַביוס האָט, ביי דער געלעגנהייט, פול געמאַכט די שטאָט מיט אויפרייצנדיקע קלאַנגען, אַזוי ווי די רעפּובליק וואָלט געוואָרן אַריינ־געפירט אין דער גרעסטער סכנה דורך אַ האַסטיקן און אומפאָרזיכטיקן יונגן מענטשן; בקיצור, ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר גאָרנישט, אַבי איבערצורייַדן זיינע לאַנדסלייט, אַז זיי זאָלן ניט אָננעמען דעם פאָר־שלאָג. ביים סענאַט האָט ער געפּועלט. נאָר דאָס פאָלק האָט געהאַלטן, אַז זיין אָפּאָזיציע צו סציפּיאָ נעמט זיך אָדער דערפון, וואָס ער איז מקנא זיין הצלחה, אָדער ווייל ער האָט אין האַרצן מורא, אַז אויב דער דאָזיקער יונגער העלד וועט אויפטאָן די גרויסע גבורה, פאַרענדיקן די מלחמה אָדער אַפילו נאָר אַריבערטראָגן זי אויסערהאַלב פון איטאַליע, וועט מען דעמאָלט אים, פאַביוסן, אויפוואַרפן, אַז ער האָט אַזויפיל יאָר פאַרשלעפּט אַזוי די מלחמה מחמת פוילקייט אָדער פחדנות... ער האָט זיך געווענדט צו קראַסוסן, סציפּיאָס קאָלעגע, און האָט אים געפּרוּווט איינרייַדן, ער זאָל ניט אָפּטרעטן די דאָזיקע פּראָווינץ סציפּיאָן, נאָר אויב ער האַלט, אַז עס לוינט צו פירן דעם קריג אויף אַזאַ שטייגער, זאָל ער אַליין גיין קעגן קאַרטאַגאָ. און סוף־כל־סוף האָט ער אַפילו געשטערט אין אַסיגנירן געלט פאַר דער עקס־פּעדיציע, אַזוי אַז סציפּיאָ איז געווען געצוואונגען אַליין צו פאַרשאַפן זיך געלט... ער האָט געפּרוּווט ניט דערלאָזן יונגעלייט, וואָס האָבן געוואָלט גיין ווי פרייוויליקע, און האָט דערקלערט עפנטלעך סיי אין סענאַט, סיי אויפן פאָרום: „אַז סציפּיאָ לאַ די וואָס ער אַנטלויפט אַליין

פאַר האַניבאַלן, נאָר ער האָט נאָך בדעה מיטצונעמען מיט זיך דאָס רעשט ביסל כוח פון איטאַליע, דורכדעם וואָס ער רעדט אַיין די יונגעלייט צו פאַרלאָזן זייערע עלטערן, זייערע ווייבער און זייערע היימען, בעת אַ ניט־באַצוואונגענער און מעכטיקער שונא שטייט נאָך פאַר דער טיר". מיט די דאָזיקע טענות האָט ער אַזוי אַיינגעשראָקן דאָס פאָלק, אַז מען האָט סציפּיאָן ערלויבט מיט־



די שיס־מאַשינעס (קאַטאַפּולטן), וואָס די רוימער פלעגן באַנוצן על־פי־רוב ביי באַלעגערונגען: אַ גרויסער קלאָץ צוגעפעסטיקט צו אַ שטאַרקער הילצערנער פּלאַטפאָרם; דער קלאָפּער צוגעהאַלטן פעכט מיט שטריק, דערווייל ווערט אויבן צוועקגעלייגט אַ גרויסער שטיין אָדער אַ שווערער וואַרף־שפּיז.

צונעמען מיט זיך נאָר די לעגיאָנען, וואָס זיינען געווען אין סיציליע, און דריי הונדערט מאַן פון יענע, וואָס האָבן אים געטריי געדינט אין שפּאַניע... נאָכדעם ווי סציפּיאָ האָט זיך אַריבערגעשיפט קיין אַפ־

ריקע, איז באַלד אָנגעקומען קיין רוים אַ באַריכט וועגן זיינע גבורות. און באַלד נאָך דער בשורה איז אָנגעקומען אויך דער רייכער זאַקרויב, וואָס האָט די ידיעה באַשטעטיקט. אַ נומידישער קיניג איז גענומען געוואָרן געפאַנגען; צוויי לאַגערם זיינען געוואָרן פאַרברענט און צעשטערט; און אין זיי פאַרכאַפּט אַ גרויסע צאָל מענטשן, געווער און פערד; און די קאַרטאַגער האָבן געשיקט צו האַניבאַלן אַ באַפעל, ער זאָל אַוועקוואַרפן זיינע אומזיסטע האָפענונגען אין איטאַליע און קומען אַהיים צו פאַרטיידיקן זיין אייגן לאַנד. בעת איטלעכע צונג האָט געגלויבט מיט התפעלות סציפּיאָס גבורות, האָט פאַביוס פאָרגעלייגט, מען זאָל באַשטימען אויף זיין אָרט אַן אַנדערן, אָן שום אַנדער טעם, ווי דעם באַוואוסטן כלל גדול: „אַז עס איז אַ סכנה, אָנצוטרויען אַזעלכע וויכטיקע ענינים דעם מזל פון איין מענטשן, וואָרעם עס איז ניט צו גלויבן, אַז ער וועט שטענדיק האָבן הצלחה“... נאָך מער, אַפילו נאָכדעם ווי האַניבאַל האָט אַוועקגעזעצט זיין אַרמיי אויף שיפן און האָט פאַרלאָזן איטאַליע, האָט פאַביוס ניט אויפגעהערט צו שטערן די אַלגעמיינע שמחה און שווער צו מאַכן די הערצער אין רוים, וואָרעם ער האָט געהאַט דעם מוט צו זאָגן, „אַז די רעפּובליק איז איצט געקומען צו איר לעצטן און ערגסטן קאַמף; אַז זי האָט דעם גרעסטן גרונט מורא צו האָבן פאַר האַניבאַלס כוח, ווי נאָר ער וועט אָנקומען אין אַפריקע און אָנפאַלן אויף אירע זין אונטער די מויערן פון קאַרטאַגאָ; אַז סציפּיאָ וועט האָבן צו טאָן מיט אַן אַרמיי, וואָס איז נאָך וואַרעם פון בלוט פון אַזוי פיל רוימישע קריגס-הויפּטלייט, דיקטאַטאָרן און קאָנסולן“. די שטאָט איז געווען אויפגערעגט איבער די דאָזיקע רייד, און הגם די מלחמה האָט זיך געהאַט אָפּגערוקט ווייט קיין אַפריקע, דאָך האָט אויסגעדוכט, אַז די סכנה איז נעענטער צו רוים, ווי ווען עס איז פריער*.

פאַר דער שלאַכט פון זאַמאַ איז געווען אַ קורצער וואָפןשטילשטאַנד מיט פאַרהאַנדלונגען, וואָס זיינען איבערגעריסן געוואָרן אַדאַנק דער שולד פון די קאַרטאַגער. פונקט ווי ביי דער שלאַכט

* פלוטאַרך, „לעבנסבאַשרייבונגען“.

פון אַרבעלאַ, קאָן געניי באַשטימט ווערן דער טאָג. פון דער שלאַכט בײַ זאַמאַ אַדאַנק אַ ליקוי-חמה, וואָס איז גראָד געפאַלן אין עצם טאָג פון דער שלאַכט. די רוימער האָבן געהאַט פאַרבונדן מיט זיך די נומידיער, דאָס פאָלק פון קאַרטאַגישן הינטערלאַנד, אונטער זייער קיניג מאַסיניסאַ, און דאָס האָט זיי געגעבן — דאָס ערשטע מאָל אין אַ שלאַכט קעגן האַניבאַלן — די איבערמאַכט אין רייטעריי. די פליגלען פון האַניבאַלס רייטעריי זיינען צעטריבן געוואָרן, און אין דער זעלביקער צייט האָט די פעסטע דיסציפּלין פון סציפּיאָס אינפאַנטעריע געגעבן איר די מעגלעכקייט צו עפענען דורכגענג פאַרן אָנפאַל פון די קאַרטאַגישע קריגס-העלפאַנדן, אָן צו ווערן צעטומלט. האַניבאַל האָט געפּרוווט אויסצוציען די ליניע פון זיין פוספאָלק, בכדי אַרומצורינגלען די רוימישע פוסגייער-מאַסע, אָבער בעת אין קאַנע איז זיין חייל געווען דער מער-איינגעמושטירטער, און דערפאַר איז ער געווען בעסער פעיִק צו מאַנעווורירן און האָט געקאָנט אַרומרינגלען און אויסקוילען דעם המון פוספאָלק, האָט ער אָבער איצט געפונען קעגן זיך אַ פוסגייער-ליניע, וואָס איז געווען בעסער פאַר זיינע. זיין אייגענע צעצויגענע ליניע איז איבערגעריסן געוואָרן, די רוימישע לעגיאָנען האָבן זיך געהאַלטן פעסט, און די שלאַכט איז געווען פאַרלאָרן. די רוימישע רייטעריי האָט זיך אומגעקערט פון נאָכצויאָגן האַניבאַלס רייטעריי און האָט באַוויזן צו פאַרענדיקן די מפּלה צו אַ פולער פאַרלענדונג.

קאַרטאַגאָ האָט זיך אונטערגעגעבן אָן ווייטערדיקן קאַמף. די תּנאים פון שלום זיינען געווען שווערע, נאָר זיי האָבן נאָך געלאָזן איר די האָפענונג אויף אַ בכּבודיקער צוקונפט. זי האָט באַדאַרפט אָפּגעבן שפּאַניע די רוימער, איבערגעבן איר גאַנצן קריגס-פלאָט, אַחוץ צען שיפן, באַצאָלן 10.000 טאַלענטן (2.400000 פונט סט.) און, וואָס דאָס שווערסטע איז געווען, זיך מתחייב זיין ניט אָנצוהייבן קיין מלחמה אָן דער דערלויבעניש פון רוים. צולעצט איז נאָך צוגעשטעלט געוואָרן אַ תּנאַי, אַז האַניבאַל, חי דער גרויסער שונא פון רוים, מוז ווערן אַרויסגעגעבן. נאָר ער האָט באַפרייט זיינע לאַנדסלייט פון דעם דאָזיקן בזיון און איז אַנטלאָפן קיין אַזיע.

דאָס זיינען געווען איבערמאָסיקע תנאים, וואָס רוים האָט באַדאַרפט זיין צופרידן מיט זיי. נאָר עס זיינען פאַראַן אַזעלכע געמיינע פעלקער, וואָס זיי זיינען ניט דרייסט גענוג פשוט צו באַצווינגען זייערע שונאים; זיי מוזן זיי עוקר מן השורש זיין. יענער דור רוימער, וואָס האָט געזען גרויסקייט און אַ מוסטער פון גוטע מידות אין אַזאַ מענטש ווי קאַטאָן דער צענזאָר, האָט געמוזט מאַכן פון זייער לאַנד אַ נידעריקן פאַרבינדעטן און אַ געמיינעם זיגער.

---

## 7. די דריטע פונישע מלחמה.

די געשיכטע פון רוים אין די 53 יאָר, וואָס זיינען פאַרביי זינט דער שלאַכט ביי זאַמאַ ביז דעם לעצטן אַקט פון דער טראַגעדיע, דעם דריטן פונישן קריג, דערציילן וועגן אַ האַרטן, אָנרחמנותדיקן אויסשפרייט פון דער אויסנווייניקסטער מאַכט און וועגן אַ פאַמעלעכדיקן אונטערגאַנג פון דער פרייער ערדאַרבעטער-באַזעלקערונג אין לאַנד דורך דער וואָכעריי און געריקייט פון די רייכע.

דער גייסט פון דער נאַציע איז געוואָרן גראָב און נידעריק; ניט געווען מער קיין ווילן צו פאַרברייטערן די בירגערשאַפט, ניט קיין גרויסמוטיקע פרווון צו אַסימילירן פרעמדע באַפעלקערונג פון אַ קרובישער ראַסע. שפאַניע איז געוואָרן פאַרוואַלטעט שלעכט און באַזעצט פאַוואָליע און מיט גרויסע שוועריקייטן. פאַרפלאָנטערטע אינטערוועגצן האָבן געבראַכט דערצו, אַז אילירייע און מאַקעדאָניע זיינען געקומען צום מעמד פון צינז-צאָלנדיקע פראָווינצן. עס איז געווען באַשיימפערלעך, אַז רוים האָט זיך גענומען פאַר „באַדריקן דעם פרעמדן“ און באַפרייען די היימישע באַפעלקערונג פון צאָלן שטייערן. נאָך 168 פאַר קר. האָט מען אין איטאַליע אויפגעהערט צו מאָנען דעם אַלטן ערד-שטייער, און די הכנסה, וואָס מען האָט געהאַט פון איטאַליע, איז געווען פון די מלוכה-מאַיאָנטקעס און פון אָפּצאָל אויף אַריינגעפירטע סחורות פון אויסלאַנד. די הכנסות פון דער פראָווינץ „אַזיע“ האָבן געדעקט די הוצאות פון דער רוימישער



סטאטוע פון א גאליער, וואס שטעכט זיך דורך מיט זיין שווערד, נאכדעם ווי ער האט דערהרגעט זיין ווייב, זי זאל ניט אריינפאלן צום שונא אין די הענט. איצט אין נאציאנאלן מוזיי אין רוים.

מלוכה. אין איטאַליע גופא האָבן מענטשן פון קאַטאָנס טײַ זיך
אָנגעשאַפּט נחלאות דורך אויפקויפן די פעלדער פון פּויערים, וואָס
האָבן ניט געקאָנט באַצאָלן זייערע חובות, אָפּטמאָלס פון מענטשן,
וואָס זיינען געוואָרן בדלות געשטעלט דורך זייער דינסט אין קריג.
זיי פלעגן אַראָפּטרייבן די פרייע בירגער פון זייער ערד און לאָזן
באַאַרבעטן די פעלדער דורך שקלאַפן, וואָס זיינען איצט געווען
אַ פּולע און וואָלוול און וואָס מען האָט זיי געקאָנט אָן רחמנות
אויסנוצן. אַזעלכע רוימער האָבן באַטראַכט די פרעמדע באַפעלקע=
רונג אין די באַצוואונגענע לענדער פשוט ווי שקלאַפן. סיציליע איז
איבערגעענטפערט געוואָרן אין די הענט פון געריקע שטייער=מאַ=
נערס. דאָ האָבן רייכע מענטשן געקאָנט לאָזן וואַקסן קאָרן אויף פעל=
דער באַאַרבעט פון שקלאַפן און אַריינפירן דאָס מיט גרויסע רווחים
קיין רויב, און דאָס לאַנד אין איטאַליע איז געוואָרן געמאַכט פאַר
אַ פיטער=פלאַץ פאַר שאָף און רינדער. מחמת דעם האָט זיך אָנ=
געהויבן צו קלייבן אַן אויסגעוואָרצלטע באַפעלקערונג פון איטאַליע
אין די שטעט, און באַזונדערס אין רוים.

ווענן דעם, ווי אַזוי די רוימישע מאַכט האָט זיך אין איר
אויסשפּרייטונג צוערשט צונויפגעשטויסן מיט די סעלייקידן און ווי אַזוי
זי האָט געבילדעט אַ בונד מיט עגיפּטן, קאָנען מיר דאָ ווינציק דער=
ציילן, אויך קאָנען מיר זיך ניט אָפּשטעלן אויף דער געשיכטע,
ווי אַזוי די גריכישע מלוכות זיינען באַצוואונגען געוואָרן.

אין דער אַלגעמיינער מיאוסער געמיינהייט פון דער צייט האָבן
אויך ניט געפעלט קיין פּראָטעסטירנדיקע שטימען. מיר האָבן שוין
דערציילט, ווי אַזוי די צעשטערנדיקע קרענק פון דער צווייטער פּו=
נישער מלחמה — אַ קרענק פון דער מלוכה, וואָס האָט אַרויסגע=
בראַכט פאַרכאַפּערישע גבירים, פּונקט ווי די קרענק פון אַ קערפּער
ברענגט אַמאָל אַרויס גרויסע געשווירן — איז דערפירט געוואָרן
צו איר סוף דורך דער ענערגיע פון סציפּיאָ אַפריקאַנוס. בעת עס
איז געשטאַנען אין ספק, צי וועט דער סענאַט אים לאָזן גיין ווי
אַ קאָמאַנדיר קיין קאַרטאַגאָ, האָט ער געסטראַשעט, אַז ער וועט
זיך ווענדן צום פאָלק. דערנאָך איז ער שטענדיק געווען אַ ציל
פאַר דער שנאה פון דער סענאַטאָרן=קליקע, וואָס האָבן געמאַכט

איטאַליע פון אַ לאַנד פון פרייע פויערים צו לאַנד פון לאַטיפונדיעס, וואָס ווערן באַאַרבעט פון שקלאַפן. זיי האָבן געפרווט אים אומ־צוברענגען, איידער ער וועט אָנקומען קיין אַפריקע; זיי האָבן אים געגעבן צו ווינציק מיליטער, לויט זייער שאַצונג, אַז ער זאָל קאָנען געווינען; און נאָך דער מלחמה האָבן זיי אים דירעקט אָפגעשטויסן פון איטלעכן פּאָסטן. סיי די אייגענע טובה און סיי די נאַטירלעכע שלעכטסקייט האָבן געשטופּט קאַטאָנען אָנצופאַלן אויף אים.

סציפּיאָ אַפריקאַנוס דער עלטערער איז, ווייזט אויס, געווען אַ מענטש מיט אַן איידעלן און אַ הייסן טעמפּעראַמענט, און ער האָט ניט געהאַט קיין חשק אויסצונוצן די אומצופרידנקייט פון דער מאַסע מיט דער הערשנדיקער ריכטונג און זיין אייגענע גרויסע פּאָפּולאַריטעט צוליב זיין אייגענער טובה וועגן. ער איז געגאַנגען ווי אַן אונטערגעאָרדנטער אונטער זיין ברודער לוציוס סציפּיאָ, בעת דער לעצטער האָט קאָמאַנדירט איבער דער ערשטער רוימישער אַרמיי, וואָס איז אַריין אין אַזיע. ביי מאַגנעזיע, אין לידיע, האָט אַ גרויסע צונויפגעזעצטע אַרמיי אונטער אַנטיוכוס III, דעם סעלייקידישן מאָנאַרך, געליטן (אין יאָר 190 פאַר קר.) אַזאַ מפּלה, פּונקט ווי די ענלעכע פּערסישע אַרמייען מיט 140 יאָר פריער. דער דאָזיקער ניצחון האָט אַרויפגעצויגן אויף לוציוס סציפּיאָ די שנאה פון סענאַט, און ער איז באַשולדיקט געוואָרן אין צונעמען געלט, וואָס ער האָט געקראָגן פון אַנטיוכוסן. דאָס האָט אויפגערייצט סציפּיאָ דעם אַפריקאַנער ערלעכן צאָרן. בעת לוציוס איז געשטאַנען אין סענאַט מיט זיינע חשבונות אין די הענט גרייט צו באַגעגענען די אָנפאַלן פון זיינע באַשולדיקער, האָט סציפּיאָ אַפריקאַנוס אַרויסגעריסן די דאָקומענטן ביים אים פון האַנט, צעריסן זיי אויף שטיקלעך און אַוועקגעוואָרפן. זיין ברודער, האָט ער געזאָגט, האָט איינגעצאָלט אין דער מלוכה־קאַסע 200.000 סעסטערציעס (2 מיליאָן פונט כט.), באַדאַרף מען איצט אים טרענען די אָדערן איבער דער אָדער יענער קלייניקייט? שפּעטער, אַז מען האָט לוציוסן געלאָדן צום משפּט און פאַרמשפּט, האָט אַפריקאַנוס אים באַפרייט איבער געוואַלד. און אַז מען האָט אים פאַרמסרט פאַר דער פאָלקספאַרזאַמלונג, האָט ער

דערמאָנט דעם פאָלק, אַז דער טאָג איז דער יאָר־טאָג פון דער שלאַכט ביי זאַמאַ, און האָט אויסגעלאַכט און מבטל געווען די מאַכטהאָבערס, אונטער דעם בייפאַל פון דער מאַסע.

דאָס רוימישע פאָלק האָט קענטיק ליב געהאַט דעם סציפּיאָ אַפריקאַנוס און אים אונטערגעהאַלטן. און איצט, אין צוויי טויזנט יאָר אַרום, מוז ער נאָך אויך געפעלן ווערן. ער איז געווען קאַ־פּאַבל אַריינצוװאַרפן צעריסענע שטיקלעך פּאַפּיר דעם סענאַט אין פּנים אַריין, און אַז מען איז ווידער אָנגעפאַלן אויף לוציוסן, האָט איינער פון די פאָלקס־טריבונען אַרויסגעלייגט זיין וועטאָ און צו־נישט געמאַכט דעם גאַנצן פּראָצעס. נאָר סציפּיאָ דעם אַפרי־קאַנער האָט געפעלט יענער פעסטער צומיש, וואָס מאַכט מענטשן פאַר גרויסע פירער פון דער דעמאָקראַטיע. ער איז ניט געווען קיין צעזאַר. ער האָט ניט פאַרמאָגט קיין איינע פון די אייגנשאַפטן, וואָס מאַכן דעם מענטשן פעיִק זיך צוצופּאַסן צו די אַלע נויטווענדיקע קליינלעכקייטן און נידערטרעכטיקייטן פון פּאָליטישן לעבן. נאָך די דאָזיקע געשעענישן האָט ער אַ ברוגזער זיך צוריקגעצויגן פון רוים אין זיין נחלה און איז דאָרט געשטאָרבן אין יאָר 183 פאַר קר.

אין דעם זעלביקן יאָר איז געשטאָרבן האַניבאַל. ער האָט זיך געסמט פון יאוש. די שטענדיקע מורא פאַרן רוימישן סענאַט האָט אים געיאָגט פון הויף צו הויף. אויף להכעיס סציפּיאָן, וואָס האָט פּראָטעסטירט קעגן דעם, האָט רוים בעת די שלום־אונטער־האַנדלונגען געפאָדערט פון די קאַרטאַגער, זיי זאָלן אים אַרויסגעבן, און צו איטלעכער מלוכה, וואָס האָט אים געלאָזט זיך אויפהאַלטן ביי זיך, האָט זי געשטעלט די זעלביקע פאָדערונג. אַז מען האָט געשלאָסן שלום מיט אַנטיוכוס III, איז איינער פון די תנאים גע־ווען אַרויסצוגעבן האַניבאַלן. איז ער אַנטלאָפן און געקומען צו־לעצט קיין ביטיניע אין קליין אַזיע. דער קיניג פון ביטיניע האָט אים פאַרהאַלטן מיט דער כוונה אים אָפּצושיקן קיין רוים, נאָר האַניבאַל האָט שוין לאַנג געהאַט געטראָגן אין זיין רינג דעם סם, וואָס ער האָט באַדאַרפט, און פון דעם איז ער געשטאָרבן.

צו דעם נאָמען פון סציפּיאָ גיט צו נאָך כבוד דער פאַקט, וואָס עס איז געווען נאָך אַ סציפּיאָ, סציפּיאָ נאַזיקאַ, וואָס פלעגט פאַראָדירן קאַטאָנס Delenda est Carthago, דורכדעם

וואָס ער פלעגט אַלע זיינע רעדעס אין סענאַט ענדיקן מיט דער פראַזע: „קאַרטאַגאָ מוז בלייבן שטיין“. ער האָט געהאַט שכל צו פאַרשטיין, אַז די עקסיסטענץ פון קאַרטאַגאָ איז אַ מיטל צו וועקן די רוימישע אַקטיוויטעט און דורך דעם צו הייבן דעם אַלגעמיינעם וואוילשטאַנד פון רוים.

נאָר אַ צווייטער סציפּיאָ אַפריקאַנוס, דער אַדאָפּטירטער איי־ניקל פון סציפּיאָ אַפריקאַנוס דעם עלטערן, איז געווען דער, וואָס האָט איינגענומען און חרוב געמאַכט קאַרטאַגאָ. די איינציקע עוולה פון די קאַרטאַגער, וואָס האָט גורם געווען צום דריטן און לעצטן פּונישן קריג, איז געווען דאָס, וואָס זיי האָבן ווייטער גע־האַנדלט און עס איז זיי ווייטער גוט געגאַנגען. זייער האַנדל האָט ניט קאָנקורירט מיטן רוימישן האַנדל; אַז קאַרטאַגאָ איז חרוב געוואָרן איז מיט איר אונטערגעגאַנגען בכלל אַ גרויסער טייל פון איר האַנדל, און צפון־אַפריקע איז אַריינגעטראָטן אין אַ פּאַזע פון עקאָנאָמישן רעגרעס. נאָר איר הצלחה האָט דערוועקט יענע קנאה, וואָס איז באַשיימפערלעך געווען שטאַרקער, איידער די תאווה פון געלט־גע־ריקייט אין דעם „אַלט־רוימישן טיפּ“. דער רייכער רייטער־קלאַס האָט ניט געוואָלט ליידן קיין שום רייכקייט אין דער וועלט, חוץ דער אייגענער. דעם קריג האָט פּראָוואָצירט רוים, דורכדעם, וואָס זי האָט די נומידיער איינגעגעבן חשק צו באַפאַלן קאַרטאַגאָ, ביז די קאַר־טאַגער זיינען געוואָרן אויפגערייצט אַרויסצוגיין קעגן זיי מלחמה האַלטן. דעמאָלט האָט רוים זיך אַרויפגעוואָרפן אויף קאַרטאַגאָ מיטן אויסרייד: זי האָט געבראָכן דעם אָפּמאַך! זי פירט מלחמה אָן אַ דערלויב.

האָבן די קאַרטאַגער געשיקט די ערבות־לייט, וואָס רוים האָט געפאָדערט, זיי האָבן איבערגעגעבן זייער געווער, זיי האָבן זיך גע־גרייט אָפּצוגעבן טעריטאָריע. נאָר די אונטערגעבונג אַליין האָט נאָך געשטאַרקט די רוימישע חוצפה און די אָנרחמנותדיקע גיריקייט פון דעם רייכן רייטער־קלאַס, וואָס האָט געפירט די רוימישע פּאָליטיק. רוים האָט איצט פאַרלאַנגט, אַז די באַפעלקערונג זאָל פאַרלאָזן קאַר־טאַגאָ און זיך באַזעצן אין אַ געגנט, ניט נעענטער פון צען מייל

צום ים. אַזאַ פֿאָדערונג איז געשטעלט געוואָרן צו אַ באַפעלקע=
רונג, וואָס האָט כמעט אינגאַנצן געלעבט פון ים-האַנדל!
אָט דער אומגעלומפּערטער באַפעל האָט אַריינגעטריבן די קאַר=
טאַגער אין יאוש. זיי האָבן צוריקגערופן זייערע פּאַרטריבענע און
צוגעגרייט זיך צום ווידערשטאַנד. אין משך פון דעם האַלבן יאָר=
הונדערט פון אַ שמאָל-קעפּיקער און נידעריק געזונענער רעגירונג האָט
דער מיליטערישער כּוח פון די רוימער געהאַלטן אין ירידה, און די
ערשטע אָנפאַלן אויף קאַרטאַגאָ אין יאָר 149 האָבן זיך געענדיקט
כמעט מיט אַ מפּלה. דער יונגער סציפּיאָ האָט זיך בעת די דאָ=



א בארימט מייסטער-שטיק פון דער פערגאמער סקולפטור, וואס שטעלט פאר
דעם טויט פון א גאלישן קריגסמאן. איצט אין קאפיטאל-מוזיי אין רוים.

זיקע אָפּעראַציעס אויסגעצייכנט מיט קלענערער פעיִקייט. דאָס קו=
מענדיקע יאָר איז אויך געווען אַ יאָר פון מפּלות פאַר די לא-יוצלחס
פון דעם סענאַט. איז די דאָזיקע געהויבענע קערפּערשאַפט דעמאָלט
אַריבער פון אַ קריגערישער שטימונג צו אַ לעצט פּאַנישער. די רוימי=
שע באַפעלקערונג איז אַפילו נאָך ערנסטער געווען איבערגעשראָקן.
האָט מען באַשטימט דעם יונגן סציפּיאָ פאַר אַ קאָנסול, דער עיקר
מחמת זיין נאָמען, הגם ער האָט נאָך ניט געהאַט דערגרייכט צום
געהעריקן עלטער, און אויך אין אַנדערע פּרטים האָט ער ניט גע=
האַט די נייטיקע מעלות, און אַריבערגעשיקט אים קיין אַפריקע, ער
זאָל ראַטעווען דאָס טייערע פאָטערלאַנד.

עס האָט זיך אָנגעהויבן איינע פון די פאַרביסנסטע און מוראַ־דיקסטע באַלעגערונגען. סציפּיאָ האָט אויסגעבויט אַ דאַמבע דורך דעם האַפן און האָט אָפּגעשניטן יעטווידן צופיר פון פּראָדוקטן איבערן ים אָדער איבער דער יבשה. די קאַרטאַגער האָבן שרעקלעך געליטן פון הונגער; נאָר זיי האָבן אויסגעהאַלטן, ביז די שטאָט איז געוואָרן איינגענומען אין שטורעם. די גאַסן־שלאַכט האָט געדויערט זעקס טעג לאַנג, און צולעצט, אַז די שטאָט־פעסטונג האָט קאַפּיטולירט, זיינען געבליבן לעבן 50.000 קאַרטאַגער פון אַ באַפעלקערונג, וואָס מ'האָט געשאַצט אויף אַ האַלב מיליאָן. די, וואָס זיינען געבליבן לעבן, זיינען פאַרקויפט געוואָרן אין שקלאַפעריי, די גאַנצע שטאָט איז פאַרברענט געוואָרן, די חורבות זיינען צעאַקערט געוואָרן פאַר אַ סימן, אַז די שטאָט דאַרף בלייבן אייביק חרוב, און מיט גרויס פייערלעכקייט איז אויסגערופן געוואָרן אַ קללה אויף דעם יעניקן, וואָס וועט פּרוּוון זי ווידער אָפּבויען.

אין זעלביקן יאָר (146 פאַר קר.) האָבן דער רוימישער סענאַט און דער רייטער־שטאַנד מעשה־רוצחים דערהרגעט אַ צווייטע גרויסע שטאָט, וואָס עס האָט זיי אויך אויסגעוויזן, אַז זי באַגרענעצט זייער האַנדלס־מאָנאָפּאָל, די גריכישע שטאָט קאָרינט. זיי האָבן געהאַט אַ פאַרענטפער, אַז קאָרינט איז אַרויסגעטראָטן אין מלחמה קעגן זיי, דאָס איז אָבער געווען נאָר אַ פּוסטער אויסרייד.

---

8. ווי אַזוי די פּונישע מלחמות האָבן אונטערגעגראָבן די רוימישע פרייהייט.

מיר מוזן דאָ אין אַ קורצן פּאַראַגראַף פאַרצייכענען אַ שינוי אין דער מיליטערישער סיסטעם פון רוים, וואָס איז פאָרגעקומען נאָכן צווייטן פּונישן קריג און וואָס האָט געהאַט אַ געוואַלדיקן באַטייט פאַר איר ווייטערדיקער אַנטוויקלונג. ביז יענעם פּעריאָד זיינען די רוימישע אַרמייען צונויפגעשטעלט געוואָרן פון רעקרוטירונגען פון פרייע בירגער. דער כּוח צו קעמפן און דער כּוח פון שטימען זיינען געווען ענג פאַרבונדן. די פאָלקס־פאַרזאַמלונג לויט

צענטוריעס פלעגט אָפּגעהאַלטן ווערן נאָכן פאַראַד פון אַ מיליטערישער מאָביליזאַציע, און זי פלעגט מאַרשירן, מיט די רייטער־צענטוריעס בראש, צום מאַרס־פעלד. די דאָזיקע סיסטעם איז געווען שטאַרק ענלעך צו דער אָרדענונג ביי די בורן פאַר דער לעצטער מלחמה אין דרום־אַפריקע. דער פשוטער רוימישער בירגער איז געווען, פונקט ווי דער פשוטער בור, אַ פויער; אויפן רוף פון זיין לאַנד פלעגט ער קומען „זיך שטעלן“. די בורן האָבן זיך געשלאָגן אויסגעצייכנט גוט, נאָר אויפן גרונט פון זייער נשמה איז שטענדיק געווען דער פאַרבאָרגענער פאַרלאַנג, צו גיין אַהיים צו זייערע נחלאות. צוליב אָפּעראַציעס, וואָס פלעגן זיך פאַרציען לענגער, למשל, ווי ביי דער באַלעגערונג פון וועיִ, פלעגן די רוימער פאַרשטאַרקן זייערע חיילות און בייטן זיי אין משמורות; די בורן האָבן געטאָן דאָס אייגענע ביי דער באַלעגערונג פון ליידיסמיט.

אַז מען האָט באַדאַרפט אונטערטעניק מאַכן שפּאַניע נאָכן צווייטן פּונישן קריג, האָט מען געמוזט זיך באַזאָרגן מיט אַרמייען פון גאָר אַן אַנדער מין. שפּאַניע איז געווען צו־ווייט, כדי מען זאָל קאָנען פעריאָדיש בייטן די זעלנערס, און די מלחמה גופא האָט פאַרלאַנגט מער געלערנטע און מושטירטע זעלנערס, ווי דאָס איז געווען מעגלעך ביי די פויערים, וואָס פאַרנעמען זיך מיט מיליטער־זאַכן נאָר פון צייט צו צייט. מחמת דעם האָט מען געמוזט אַריינגעמען אין דינסט מענטשן אויף אַ לענגערער צייט און צאָלן זיי. אַזוי באַווייזט זיך דער באַצאָלטער, געדונגענער זעלנער צום ערשטן אין דער רוימישער געשיכטע. און צום געצאָלט האָט מען צוגעגעבן זאַקרויב. קאַטאָן האָט צעטיילט אַן אוצר זילבער צווישן זיין קאָמאַנדע אין שפּאַניע; און עס איז אויך פאַראַן אַ ידיעה, אַז ער איז אָנגעפאַלן אויף סציפּיאָ אַפריקאַנוס, פאַרוואָס יענער האָט צעטיילט זאַקרויב צווישן זיינע חיילות אין סיציליע. די איינפירונג פון געצאָלט פאַר מיליטער־דינסט האָט געבראַכט צו אַן אַרמיי פון פראָפעסיאָנאַלן, און אין אַ הונדערט יאָר אַרום האָט דאָס געבראַכט צו דער אַנטוואָפענונג פון פשוטן רוימישן בירגער, וואָס איז דעמאָלט אַ בדלות־געשטעלטער און אויסגעוואָרצלטער אַריינגעטריבן געוואָרן

קיין רוים און אין אַנדערע גרויסע שטעט. די גרויסע מלחמות האָבן געוואונען, דעם פונדאַמענט פאַר דער אימפעריע האָבן אַוועקגע־לייגט פּיין און ערלעך די צום קריג אָרגאַניזירטע רוימישע פּויערים נאָך פאַר 200 פאַר קר. אין משך פון דער צייט זיינען די קריגע־רישע פּויערים פאַרשוואונדן. דער שינוי, וואָס האָט זיך געהאַט אָנ־געהויבן נאָך דעם צווייטן פונישן קריג, איז געוואָרן פאַרענדיקט צום סוף פון יאָרהונדערט דורך דער רעאָרגאַניזאַציע פון דער אַרמיי, וואָס מאַריוס האָט דורכגעפירט, ווי מיר וועלן דערציילן אויפן געהעריקן אָרט. נאָך זיין צייט וועלן מיר שרייבן וועגן „דער אַרמיי“ און דער־נאָך „די לעגיאָנען“ און מיר וועלן זען, אַז מיר האָבן צו טאָן גאָר מיט אַן אַנדער מין אַרמיי, וואָס איז מער ניט פאַרבונדן דורך דער אַחדות פון שותּפישער בירגערשאַפט. ווען דער דאָזיקער פאַר־בונד ווערט בטל, דעמאָלט דערשפירן די לעגיאָנען אַן אַנדער פאַר־בונד אין דעם אַזוי־גערופענעם esprit de corps דעם קאָר־פּאָראַציע־גייסט, אין דעם, וואָס זיי אַלע אונטערשיידן זיך פון דער געוויינטלעכער בירגערשאַפט און וואָס זיי האָבן אַ בשותּפישן אינטערעס קעגן דער בירגערשאַפט. זיי געפינען אַ וואַרעמען אינ־טערעס אין זייערע מיליטערישע פירערס, וואָס פאַרזיכערן זיי געע־צאָלט און רויב. פאַר די פונישע מלחמות איז ביי כבוד־זוכנדיקע מענטשן אין רוים געווען אַ נטיה צו חנפען די פלעבייער; נאָך דער דאָזיקער צייט האָבן זיי אָנגעהויבן צוצוחנפען זיך צו די לעגיאָנען.

---

## 9. פאַרגלייכונג פון דער רוימישער רעפּובליק מיט אַ מאָדערנער מלוכה.

די געשיכטע פון דער רוימישער רעפּובליק איז ביז אַהער אין אַ סך פּרטים נעענטער צום מאָדערנעם געשמאַק, בפרט פאַר אַן אַמעריקאַנער אָדער מערב־אייראָפּעיִשן לייענער, ווי וואָסער עס איז אַנדערע פריערדיקע מלוכה. דאָס ערשטע מאָל האָבן מיר דאָ אַ מין אַליין־זיך־רעגירנדיקע „נאַציע“, עפּעס אַזוינס, וואָס איז גרע־סער פאַר אַ פּשוטער שטאָט־מלוכה, וואָס זוכט צו האַלטן דעם איי־

גענעם גורל אין די הענט. דאָס ערשטע מאָל האָבן מיר אַ גרויס לאַנד אונטער איין איינהייטלעכן געזעץ. אין דעם סענאַט און אין דער פאָלקספאַרזאַמלונג האָבן מיר אַ קאַמף פון גרופּעס און פּערזאָנען, וואָס האַלטן איינע די אַנדערע אין גלייכוואָג און מאַכן דאָס גאַנצע אַ סך שטאַנדהאַפטיקער, ווי וואָסער עס איז אַוטאָקראַטיע קאָן זיין, און אַ סך מער בויגעוודיק און צופּאַסונגס־פעיִק ווי וואָסער עס איז כּהונהשאַפט. דאָס ערשטע מאָל באַגעגענען מיר אויך סאָציאַלע קאָנפליקטן, וואָס לאָזן זיך צוגלייכן צו די אונזעריקע. געלט־ווירטשאַפט האָט פאַרביטן בייט־ווירטשאַפט, און דער פינאַנץ־קאַפּיטאַל איז געוואָרן פליסיק און פריי; אפשר ניט אַזוי פליסיק און פריי ווי ביי היינטיקן טאָג, אָבער אַ סך מער, ווי ער איז געווען ווען עס איז פריער. די פּונישע מלחמות זיינען געווען מלחמות פון פעלקער, אַזעלכע ווי עס זיינען ניט געווען קיין איינע פון די מלחמות, וואָס מיר האָבן פריער דערמאָנט. אָן ספק, די ברייטע ליניעס פון אונזער איצטיקער וועלט, די הויפּט־אידעעס, די וויכטיקסטע אָפּאָזיציעס האָבן זיך באַוויזן אין יענער צייט.

נאָר ווי מיר האָבן שוין אָנגעמערקט, געוויסע עלעמענטאַרע באַקוועמלעכקייטן אין עטלעכע פון די אָנגענומענע פּאָליטישע אידעען פון אונזער צייט האָבן נאָך געפעלט אין רוים פון די פּונישע מלחמות. ניט געווען נאָך קיין צייטונגען, און מען האָט פּאַקטיש ניט געקליבן קיין פאַרטרעטער אין די פאָלקס־פאַרזאַמלונגען. יוליוס קיסר (60 פאַר קר.) האָט געלאָזט פאַרעפנטלעכן באַריכטן פון די סענאַט־זיצונגען, אויפגעשריבן אויף ווייסע טאָוולען באַדעקט מיט גיפּס (in albo) אויף אַזאַ שטייגער איז געווען דער מנהג צו פאַרעפנטלעכן דעם יערלעכן עדיקט פון דעם פּרעטאָר, דעם אייבערשטן ריכטער. עס זיינען געווען פּראָפעסיאָנעלע בריוו־שרייבערס, וואָס פלעגן פונאַנדערשיקן נייעס דורך ספּעציעלע קוריערן צו רייכע קאָרעספּאָנדענטן אויפן לאַנד, און אָט־די שרייבערס פלעגן פאַר זייערע קונדן אָפּקאָפּירן דעם מאַטעריאַל אויף דעם alubm (דעם ווייסן טאָוול). ציצעראָ פלעגט, בעת ער איז געווען גובערנאַטאָר אין קיליקיע, קריגן צוגעשיקט די לויפנדיקע נייעס דורך אַזאַ מין פּראָפעסיאָנעלן קאָרעספּאָנדענט. ער באַקלאָגט זיך אין אַ בריוו, אַז

דאָס איז ניט דאָס, וואָס ער באַדאַרף האָבן; דער בריוו איז גע=
וועזן צופיל פאַרנומען מיט וואָגן=פאַרמעסטונגען און אַנדערע ספּאָרט=
ענינים, און האָט צו ווייניק געהאַט ידיעות וועגן דער פּאָליטישער
לאַגע. ס'איז באַשיימפּערלעך, אַז אָט די נייס=בריוו=סיסטעם איז גע=
וועזן צוטריטלעך נאָר פאַר פאַרמעגלעכע כּלל=טוער.

אַ צווייטער גרויסער חסרון פון דער דעמאָקראַטישער מאַשי=
נעריע פון דער רוימישער רעפּובליק, וואָס איצט פאַרשטייען מיר
דאָס גוט, נאָר דעמאָלט האָט קיינער דערפאַר קיין פאַרשטאַנד
ניט געהאַט, איז געווען דאָס, וואָס עס האָט אויסגעפעלט אַן אַל=
געמיינע עלעמענטאַרע פּאָליטישע אויסבילדונג. די פּלעבייער פון רוים
האָבן באַוויזן, אַז פאַר זיי מיניעט זיך אַ נעפּלדיקער געדאַנק, אַז אָן
ווייסן קאָן דאָס שטים=רעכט ניט מאַכן די מענטשן פריי, בעת זיי
האָבן געפאָדערט, עס זאָל פאַרעפנטלעכט ווערן דאָס געזעץ פון די
צוועלף טאָוולען; אָבער זיי זיינען קיינמאָל ניט געווען מסוגל —
דאָס איז געווען איבער די כּוחות פון דער צייט — זיך אויסצו=
מעלן, אַז וויסן זאָל בכלל פאַרשפּרייט ווערן צווישן די פאָלקס=
מאַסן. ערשט אין אונזערע צייטן הייבן מענטשן אָן תּופס זיין דעם
אמתן פּאָליטישן טייטש פון דעם וואָרט, אַז: „וויסן איז מאַכט".
די בריטישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען (טרייד=יוניאָנס), למשל, האָבן
ניט לאַנג געגרינדעט אַן אַרבעטער=אוניווערסיטעט, וואָס דאַרף באַ=
פרידיקן די ספּעציעלע באַדערפענישן פון פעיִקע אַרבעטער אין די
לימודים פון געשיכטע, פּאָליטישע און סאָציאַלע וויסנשאַפטן. נאָר
אין דער רעפּובליקאַנישער רוים איז בילדונג געווען געווענדט אָן
דעם ווילן פון איטלעכנס עלטערן, און נאָר רייכע מענטשן און ליי=
דיקגייער האָבן זיך דאָס געקאָנט פאַרגינען. דערציִונג האָט זיך
געפונען דער עיקר אין די הענט פון גריכן, וואָס זיינען אין אַ
סך פאַלן געווען שקלאַפן. ביז צו דעם ערשטן יאָרהונדערט פון
דער מאָנאַרכיע איז געווען גאָר אַ דינע שיכט פון זייער וואוילגע=
לערנטע און זייער פיין=דענקענדיקע מענטשן, דערויף זיינען אַ באַ=
וויז לוקרעציוס און ציצעראָ, אָבער צווישן די מאַסן פון פאָלק האָט
בילדונג זיך ניט פאַרשפּרייט. דער רוימער פון אַ גאַנץ יאָר האָט
לאַ=די וואָס ניט געהאַט קיין שום השגה וועגן דער געשיכטע פון

דער מענטשהייט, ער האָט אויך גאָרנישט ניט געוואוסט וועגן מצב
פון פרעמדע פעלקער; ער האָט ניט געוואוסט גאָרנישט מכּוח עקאָ=
נאָמישע געזעצן אָדער וועגן סאָציאַלע מעגלעכקייטן. אַפילו זיינע
אייגענע אינטערעסן האָט ער ניט קלאָר פאַרשטאַנען.

פאַרשטייט זיך, אין די קליינע שטאָט=מלוכות פון גריכנלאַנד
און אין דער אַלטער רוימישער מלוכה פון 400 קוואַדראַט=מייל
די גרייס האָבן מענטשן געקאָנט זיך אָנשאַפן די נייטיקע ידיעות,
וואָס אַ בירגער דאַרף האָבן אויף אויסצופילן זיינע געוויינטלעכע
התחייבותן, פּשוט דורך שמועסן און אַכטגעבונגען. אָבער ביים אָנ=
הייב פון די פּונישע מלחמות זיינען די מלוכה=ענינים געווען שוין
צו=גרויס און צו=קאָמפּליצירט פאַר אַ ניט=געבילדעטן מענטשן. נאָך
האָט קיינער, ווייזט אויס, ניט געהאַט באַמערקט דעם ריס, וואָס
האָט זיך געעפנט צווישן דעם בירגער און זיין מלוכה, און בכן
איז ניטאָ קיין זכר וועגן דעם, אַז עמעצער זאָל האָבן געמאַכט אַ
פּרווו צו פאַרשאַפן די בירגער בילדונג, זיי זאָלן קאָנען פאַרטיק ווערן
מיט זייערע גרעסער=געוואָרענע התחייבותן. זינט דעם צווייטן יאָר=
הונדערט פאַר קר. און ווייטער פאַרצייכענען אַלע, ווי ווייט עס=
הארציש עס איז דער געוויינטלעכער בירגער און ווי עס פעלט
אים פּאָליטישער פאַרשטאַנד, און אַז אַלצדינג ליידט דערפון, וואָס עס
פעלט פּאָליטישע אַחדות מחמת אָט=דער עם=הארצות, נאָר קיינער מאַכט
ניט די נייטיקע אויספירן, קיינער לייגט ניט פאָר מבטל צו זיין די
עם=הארצות, וואָס אַלע באַקלאָגן זיך דערויף. עס זיינען נאָך ניט
געווען קיין שום מיטלען, ווי אַזוי צו בילדן די פאָלקס=מאַסן צוליב
אַן אַלגעמיינעם פּאָליטישן און סאָציאַלן אידעאַל. ערשט, אַז עס
האָבן זיך אַנטוויקלט אין דער רוימישער וועלט די גרויסע פּראָ=
פּאַגאַנדיסטישע רעליגיעס, וואָס פון זיי איז איבערגעבליבן די וויכ=
טיקסטע, דאָס קריסטנטום, איז געוואָרן באַשיימפּערלעך פאַר דער
וועלט, אַז אַזאַ סיסטעמאַטישע אויסבילדונג פון גרויסע פאָלקס=מאַסן
איז בכלל מעגלעך. אַזאַ אמת גרויסער פּאָליטישער זשעני, ווי קיסר
קאָנסטאַנטין דער גרויסער, מיט זעקס הונדערט יאָר שפּעטער, איז
געווען דער ערשטער, וואָס האָט דאָס פאַרשטאַנען און געפּרווט
אויסנוצן די דאָזיקע מעגלעכקייט, בכדי אויפצוהאַלטן און צונויפ=

שמעלצן גייסטיק און מאָראַליש די וועלט־געמיינשאַפט, וואָס איבער איר האָט ער רעגירט.

אָבער די פּאָליטישע סיסטעם פון רוים האָט זיך אונטערשיידט פון אונזערער ניט נאָר דערמיט, וואָס איר האָט געפעלט די פּרעסע און בילדונג און די געהעריקע רעפּרעזענטאַטיווע רעגירונג. אמת, זי איז געווען אַ סך מער ענלעך צו אַ מאָדערנער ציוויליזירטער מלוכה, ווי וואָסער עס איז מלוכה, וואָס מיר האָבן ביז איצט באַטראַכט, נאָר אין עטלעכע זאַכן איז זי געווען מאָדנע פּרימיטיוו און „אונטערציוויליזירט". דער, וואָס לייענט די רוימישע געשיכטע, שטויסט זיך אָן פון צייט צו צייט אינמיטן די אַלע דעבאַטן און באַשטימונגען, פּאָליטיק־מאַכעריי און מלחמות, קאַפּיטאַל און אַרבעט, אָן עפּעס אַזוינס, וואָס מאַכט אויף אים דעם זעלביקן איינדרוק, ווי ער וואָלט געקומען צו עפּעס אַ פאַרבאָרגענעם ווינקל פון זיין הויז און וואָלט אויסגעשטרעקט זיין האַנט און באַגעגנט די באַהאָרטע לאַפּע פון דעם האָמאָ היידלבערגענזיס און וואָלט אַ בליק אויף געטאָן און דערזען זיין אָנקיניקע חיהשע צורה. מיר האָבן פאַרצייכנט, אַז עס טרעפן זיך מענטשלעכע קרבנות אין דריטן יאָרהונדערט פאַר קר., און וואָס מער מיר דערגייען וועגן דער רעליגיע פון דער רעפּובליקאַנישער רוים, קומען מיר אַלץ מער צוריק צו דער צייט פון פאַר די געשטעלטע געטער, צו דער תקופה פון שאַמאַניזם און מאַגיע. מיר ריידן וועגן אַ געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג, און מיר שטעלן זיך פאָר אַ מין ענגלישן פּאַרלאַמענט; אָבער ווי וואָלטן מיר זיך געשפּירט, ווען אונז וואָלט אויסגעקומען צו זען ביים אָנהייב פון אַ סעסיע אין לאָרדן־הויז, ווי דער לאָרד־קאַנצלער פאָרעט זיך אַרום מיט פאַרבלוטיקטע פינגער אַרום אַן אָקאָרשט געשאַכטענעם שעפּס און בדקעט ביי אים אין די געדערים אויף צו געפינען אַ גוטן סימן? און די שקלאַפעריי אין רוים איז געווען אַ ווילדע שקלאַפעריי, אַ סך ערגער ווי די שקלאַפעריי אין בבל. מיר האָבן שוין געוואָרפן אַ בליק, ווי אַזוי עס איז זיך באַגאַנגען דער בעל־מידות קאַטאָן מיט זיינע שקלאַפן אין 2טן יאָרהונדערט פאַר קר. נאָך פריער, אין 3טן י״ה פאַר קר., בעת דער קיניג אַסאָקאַ האָט רעגירט אין אינדיע אין ליכטיקייט און איידל־

קייט, האָבן די רוימער באַנייט דעם עטרוסקישן ספּאָרט, וואָס איז באַשטאַנען אין אַרויסלאָזן אויף דער אַרענע שקלאַפן, זיי זאָלן קעמפן פאַר זייער לעבן. מכּוח דעם אָפּשטאַם פון דער דאָזיקער פאַרוויילונג דערמאָנט מען זיך אָן מערב-אַפריקע; זי איז אַרויסגעוואַקסן פון דעם פּרעהיסטאָרישן מנהג אויסצוקוילען די געפאַנגענע ביי דער באַגרעבעניש פון דעם שבט-הויפּטמאַן. דער דאָזיקער ספּאָרט האָט געהאַט אַ רעליגיעזן שטריך; די שקלאַפן מיט האָקנס, וואָס האָבן אַראָפּגעשלעפּט די טויטע קערפּערס פון דער אַרענע, האָבן געטראָגן מאַסקעס, וואָס האָבן פאָרגעשטעלט דעם גאָט כאַראָן, דעם איבערפירער פון דער טויטן-וועלט.

אין יאָר 264 פאַר קר., אין דעם זעלביקן יאָר, ווען אַסאָקאַ האָט אָנגעהויבן רעגירן און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער ערשטער פּונישער קריג, איז פאָרגעקומען דער ערשטער באַוואוסטער גלאַדיאַטאָר-קאַמף אויפן רוימישן פאָרום; ער איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן לכּבוד דער באַגרעבעניש פון אַ גליד פון דער אַלטער רוימישער משפּחה ברוטוס. דאָס איז געווען אַ באַשיידענע פאָרשטעלונג פון דריי פּאָר, נאָר אינגיכן האָבן גלאַדיאַטאָרס געקעמפט אין די הונדערטער. דער גלוסט פאַר די דאָזיקע קאַמפן איז האַסטיק געוואַקסן, און די מלחמות האָבן צוגעשטעלט אַ שלל געפאַנגענע. די אַלטע רוימישע מאָראַל-דשערס, וואָס זיינען געווען אַזוי שטרענג קעגן קושן און קעגן צירונג פון פרויען און קעגן גריכישער פילאָסאָפיע, האָבן געהאַט צו זאָגן נאָר גוטס וועגן אָט דעם נייעם מנהג. כּל-זמן מען האָט עמעצן אָנגעטאָן יסורים, איז די רוימישע מאָראַל, משמעות, געווען באַפרידיקט.

אויב די רעפּובליקאַנישע רוים איז געווען די ערשטע פון די מאָדערנע זיך אַליין רעגירנדיקע נאַציאָנאַלע קיבוצים, איז זי געווים געווען די „נעאַנדערטאַלער“ פאָרם פון זיי.

אין משך פון די ווייטערדיקע צוויי אָדער דריי יאָרהונדערטער זיינען די גלאַדיאַטאָר-שפּילן אין רוים אויסגעוואַקסן צו גוואַלדיקע מאָסן. צוערשט, כּל-זמן מלחמות זיינען געווען אָפט, זיינען די

גלאַדיאַטאָרס געווען קריגס־געפאַנגענע. זיי פלעגן קומען מיט זייערע כאַראַקטעריסטישע כלי־זיין, עס זיינען געווען טאַטויִרטע בריטאַניער, מורינען, סקיטן, נעגערס וכדומה, און די דאָזיקע פאָרשטעלונגען האָבן אפשר געהאַט אַ געוויסן מיליטערישן ווערט. דערנאָך זיינען אויך באַנוצט געוואָרן צום טויט־פאַרמשפטע פאַרברעכערס פון די אונטערשטע קלאַסן. די אַלטע וועלט האָט ניט פאַרשטאַנען, אַז אַ פאַרברעכער פאַרמשפט צום טויט האָט נאָך רעכט, און על־כל־פנים דאָס באַנוצן אַ פאַרברעכער פאַר אַ גלאַדיאַטאָר איז ניט געווען אַזוי שלעכט, ווי אויסנוצן אים ווי „מאַטעריאַל“ פאַר די וויוויסעקטאָרן פון מוזיי אין אַלכסנדריאַ. אָבער אַז די גלאַדיאַטאָר־קאַמפן זיינען געוואָרן אַ געשעפט, וואָס טראָגט געוויסע רווחים, און עס איז געוואַקסן די פאָדערונג אויף קרבנות פאַר די פאָרשטעלונגען, האָט מען גענומען געוויינטלעכע שקלאַפן פאַרקויפן צו גלאַדיאַטאָר־מייסטערס, און איטלעכער שקלאַף, וואָס האָט עפעס ניט נושא חן געווען ביי זיין האַר, האָט זיך געמעגט ריכטן, אַז ער וועט אים אָפגעבן אויף אויסצולערנען פאַר אַ גלאַדיאַטאָר. און לייכטזיניקע יונגעלייט, וואָס האָבן צעטרענצלט זייער אייגנס, און יונגן מיט מוט פלעגן זיך מיטן גוטן ווילן פאַרדינגען אין אַזאַ עסק אויף אַ באַשטימטער צייט, מיטן חשבון, אַז זייער גבורה וועט זיי דורכפירן.

אַז דאָס געשעפט האָט זיך אַנטוויקלט, האָט מען געפונען נאָך אַ נוץ פון גלאַדיאַטאָרס ווי באַוואָפנטע דינערס; רייכע מענטשן פלעגן קויפן אַ באַנדע גלאַדיאַטאָרס און באַנוצן זיי ווי זייער לייבוואַך אָדער אויך צו פאַרדינגען פאַר געלט צוליב די פאָרשטעלונגען.

די פאָרשטעלונג איז אָפגעריכט געוואָרן מיט גרויס פאַראַד; זי פלעגט זיך אָנהייבן מיט אַ צערעמאָניעלער פראָצעסיע (pompa) און אַ פאַלש־קאַמף (praelusio). דער אמתער קאַמף פלעגט געמאָלדן ווערן דורך בלאָזן אין טרומייטן. גלאַדיאַטאָרס, וואָס פלעגן זיך אָפזאָגן צו קעמפן איבער אַ וואָסער עס איז טעם, פלעגט מען אָנטרייבן מיט שמייַן און מיט אָנגעגליטע אייזנס. אַ פאַרוואונדעטער פלעגט טיילמאָל בעטן גענאָד דורך אויפהייבן זיין פינגער. די צו־

קוקערס פלעגן אָדער צוזינקען אים מיט זייערע טיכלעך, ווי אַ סימן פון גענאָד אָדער זיי פלעגן אים פאַרמשפּטן צום טויט דורך האַלטן די צונויפגעדריקטע פויסטן מיט אויסגעשטעלטע גראָבע פינגער, וואָס האָט באַטייט טויט. אויטאָריטעטן זיינען דאָ מחולק וועגן דעם צייכן. מייאָר זאָגט, אַז די גראָבע פינגער אַרויף (צו דער ברוסט) האָט באַטייט טויט און די פינגער אַראָפּ האָט באַטייט „נידעריקער די שווערד“. די אַלגעמיינע מיינונג איז, אַז די פינגער אַראָפּ האָט באַטייט טויט. די דערהרגעטע און כמעט טויטע פלעגט



א סקילפטור פון א רוימישן וואגן פון דעם טיפ ביגא—צוויי-געשפאן. א צט אין וואטיקאן-מוזיי אין רוים.

„מען אַוועקשלעפּן אין אַ באַזונדער אָרט, וואָס האָט געהייסן Spoliarium וואו מען פלעגט ביי זיי צונעמען זייערע וואָפן און אַליץ, וואָס זיי האָבן געהאַט אויף זיך, און די, וואָס זיינען נאָך גיט געווען אויסגעגאַנגען, פלעגט מען דערהרגענען.

אָט די אָרגאַניזאַציע פון מאָרד ווי אַ ספּאָרט און שפּיל איז אַ ריכטיקע מאָס צו ווייזן, וואָס פאַר אַ מהלך אין מאָראַלישן צושטאַנד עס איז צווישן דער רוימישער געזעלשאַפט און אונזער אייגענער. קיין ספק ניט, נאָך עד-היום ווערן אָפּגעטאָן אין דער וועלט רציחות און פאַרגוואַלדיקונגען פון דעם מענטשנס ווערדע פונקט אַזעלכע

מאָוויימדיקע, ווי די, אָבער זיי ווערן ניט געטאָן אין נאָמען פון געזעץ, אָדער אַז קיין איין מענטש זאָל דערקענען ניט פּראָטעסטירן. וואָרעם ס׳איז דאָך אמת, אַז ביז סענעקעס צייט (ערשטער יאָרהונדערט נאָך קר.) איז ניט פאַרצייכנט קיין איין אָפענער פּראָטעסט קעגן דעם מנהג. דער געוויסן פון דער מענטשהייט איז געווען שוואַכער און ווינציקער אינטעליגענט ווי איצט. עס האָט באַדאַרפט אַריינקומען אַ נייער כּוח אין דעם מענטשלעכן געוויסן דורך דער אויסשפּרייטונג פון קריסטנטום. דער קריסטלעכער גייסט איז אין די שפּעטערע יאָרן פון דער רוימישער מלוכה געוואָרן דער גרויסער קעגנער פון אָט די אַכזריותדיקע פאָרשטעלונגען און פון שקלאַפעריי, און אין דער מאָס, ווי דאָס קריסטנטום האָט זיך פאַרשפּרייט, זיינען אָט די צוויי מיאוסע דערשיינונגען בטל געוואָרן און פאַרשוואונדן. פּראָפעסאָר דזשילבערט מעריי איז מוסיף, אַז „די גריכן פלעגן אָנווייזן אויף חי׳ גלאַדיאַטאָר־פאָרשטעלונגען ווי אַ ראַיה דערפאַר, אַז מען באַדאַרף די רוימער באַטראַכטן ווי „באַרבאַראָי“, און עס זיינען געווען אומרוען, ווען אַ רוימישער פּראָקאָנסול האָט געפּרוווט אַיינפירן די גלאַדיאַטאָר־שפּילן אין קאָרינט“. די אָפּאָזיציע קעגן אָט דער אַלטער אַכזריות איז בכן ניט געווען קיין ריין־קריסטלעכע זאַך. „צווישן די רוימער האָבן די בעסערע מענטשן באַשיימפּערלעך ניט געקאָנט זיי ליידן, אָבער עפּעס אַ מין מורא האָט זיי אָפּגעהאַלטן פון אַרויסצוזאָגן אָפן, אַז דאָס איז אַן אַכזריות. ציצעראָ, למשל, אַז ער האָט באַדאַרפט גיין אין צירקוס, פלעגט ער מיטנעמען מיט זיך זיינע טאָוולען און זיין סעקרעטאַר און פלעגט ניט קוקן אויף דער אַרענע. ער דערציילט, אַז באַזונדערס איז אים ניט געפעלן געוואָרן, ווי מען האָט דערהרגעט אַ העלפאַנד. די גריכישע פילאָסאָפיע האָט אָן טענות פאַרמשפּט אָט די שפּילן, און אין פאַרשיידענע צייטן האָבן צוויי קיניקער און איין קריסט אַוועקגעגעבן זייער לעבן אויף דער אַרענע, בעת זיי האָבן פּראָטעסטירט קעגן די שפּילן, איידער זיי זיינען געוואָרן אָפּגעשאַפט“.

## קאַפּיטל 26

# פון טיבעריוס גראַקכוס ביז צום גאָט־קיסר אין רוים

1. קעגן דעם געמיינעם מאַן. 2. פינאַנסן פון דער רוימישער מלוכה. 3. די לעצטע יאָרן פון דער רעפּובליקאַנישער פּאָליטיק. 4. די תקופה פון אַוואַנטוריסטישע גענעראַלן. 5. דער סוף פון דער רעפּובליק. 6. דער פּרינצעפּס. 7. פאַרוואָס איז די רוימישע רעפּובליק אונטערגעגאַנגען.

מיר האָבן שוין צוויי מאָל צוגעגליכן די רוימישע מלוכה צו אַ „נעאַנדערטאַלער“ וואַריאַציע פון דער מאָדערנער „דעמאָקראַטישער“ ציוויליזירטער מלוכה, און מיר וועלן איצט ווידער אָנווענדן דעם זעלבן פאַרגלייך. אין דער פאָרם זיינען אָט די ביידע זאַכן, דער ערשטער גרויסער פּרימיטיווער פּרווו און די שפּעטערדיקע קרובים זיינע, ביז גאָר ענלעך צו אַנאַנד; אין גייסט אָבער זיינען זיי זייער טיף פאַרשיידן. דאָס רוימישע פּאָליטישע און סאָציאַלע לעבן, באַזונדערס דאָס רוימישע פּאָליטישע און סאָציאַלע לעבן אין די הונדערט יאָר צווישן דעם אונטערגאַנג פון קאַרטאַגאָ און דעם אויפקום פון צעזאַר און צעזאַריזם, האָט אַ בפירושע אַלגעמיינע ענלעכקייט צום פּאָליטישן און סאָציאַלן לעבן אין אַזעלכע לענדער, ווי די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע אָדער ווי די בריטישע אימפּעריע ביי היינטיקן טאָג. די ענלעכקייט ווערט נאָך פאַרשטאַרקט דורך דעם אַלגעמיינעם באַנוץ, — אמת, מיט אַ געוויסער אומגענויקייט, — פון אַזעלכע ווערטער, ווי „סענאַט“, „דעמאָקראַטיע“, „פּראָלעטאַריאַט“ און כדומה. נאָר אַלצדינג אין דער רוימישער מלוכה איז געווען יינגער, גרעבער, רויער; די אומגערעכטע מעשים

בולטער, די קאָנפליקטן האַרטער. געווען דאָ לפי־ערך ווינציק היסן, און ווינציק אַלגעמיינע אידעען. אַריסטאָטעלעסעס וויסנשאַפטלעכע ווערק האָט מען אָנגעהויבן צו לייענען אין רוים ערשט אין ערשטן יאָר־הונדערט פאַר קר. דער איטאַליענישער היסטאָריקער פערעראָ*, אמת, וויל האָבן, אַז צעזאַר האָט גוט געוואוסט אַריסטאָטעלעסעס „פּאָלי־טיק" און אַז ער זאָל האָבן געחלומט. כלומרשט וועגן שאַפן אַ „פּעריקלישע רוים", נאָר קענטיק, אַז פערעראָ איז דאָ אַריינגעפאַלן אין יענער מאָלערישער ראָמאַנטיק, וואָס איז פאַר אַלע היסטאָרישע שריפטשטעלער אי אַ פרייד אי אַ פאַסטקע.

עס איז שוין געוואָרן אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם טיפן חילוק צווישן דעם מצב אין רוים און צווישן די היינטיקע תנאים, וואָס איז געדרונגען דערפון, וואָס אין רוים איז ניט גע־ווען קיין פרעסע, קיין שום פאָלקס־בילדונג און קיין אידעע פון אַ פאָרשטייערשאַפט אין דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג. אויך אונזער היינ־טיקע וועלט איז נאָך ווייט פון פאַרענטפערן די פּראָבלעם פון אַ רעפּרעזענטאַנץ, ווי אַזוי שאַפט מען אַזאַ פאָלקס־פאַרזאַמלונג, וואָס זאָל טאַקע מיט אַן אמת סומירן, קריסטאַליזירן און אויסדריקן דעם געדאַנק און דעם ווילן פון דעם גאַנצן כלל. אונזערע וואַלן זיינען דערווייל נאָך בדרך־כלל אַ קונציקע חוזק־מאַכעריי איבער דעם גע־וויינטלעכן ווילער, וואָס שפּירט זיך אומבאַהאָלפן אַנטקעגן די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, וואָס מאַכן פון זיין רעכט צו קלייבן פריי זיינע פאָר־שטייער דאָס רעכט אויסצוקלייבן דעם ווינציקער אומסימפּאַטישן פּאָ־ליטישן מאַכער. נאָר פונדעסטוועגן פאַרמאָגט זיין שטים־רעכט אין פאַרגלייך מיטן שטים־רעכט פון אַ געוויינטלעך עולעכן רוימישן בירגער דאָך אַ ממשותדיקן כוח. גאָר אַ פילע פון אונזערע היסטאָרי־קער, בעת זיי דערציילן וועגן דעם דאָזיקן פּעריאָד פון רוימישער געשיכטע, שרייבן וועגן אַ „פאָלקס־פּאַרטיי", וועגן די שטימען פון פאָלק אאַז״וו, אַזוי ווי די דאָזיקע אַלע זאַכן וואָלטן געווען ממשות־דיקע זאַכן, ווי זיי זיינען ביי היינטיקן טאָג. אָבער די סענאַטאָרן און די פּאָליטיקער פון רוים האָבן געזאָרגט דערפאַר, אַז די אַלע

* גדולה און ירידה פון רוים, בוך I, ק. IX.

זאכן זאָלן קיינמאָל ניט עקסיסטירן ווי ריינע, פּשוטע רעאַליטעטן. די דאָזיקע מאָדערנע פראַזעס פירן אַריין אין אַ טעות, אויב מען רעדט זיי ניט גענויער אַרום.

מיר האָבן שוין באַשריבן, ווי אַזוי די פאָלקס-קאָמיציעס פלעגן זיך צונויפקלייבן; נאָר די דאָזיקע האַמעטנע פאַרזאַמלונג אין שאַף-שטאַלט האָט נאָך ניט אויסגעדריקט אין פולער מאָס, ווי אַזוי מען האָט געקאָנט אין רוים פעלשן און פאַרדרייען די פאָלקס-פאַרטרעטונג. אַלעמאָל, ווען מען האָט אין איטאַליע געגעבן נייע גרופּעס מענטשן בירגער-רעכט, פלעגט זיך אָנהייבן אַ גאַנצע סדרה קלי-גענישן און דרייענישן פון איין צד און פון צווייטן צד, צי מען זאָל אָט די נייע שטים-באַרעכטיקטע פאַרשרייבן אין וואָס ווינציקער אָדער אין וואָס מער פון די אַלטע „טריבעס“, אָדער מען זאָל פון זיי בילדן וואָס ווינציקער נייע „טריבעס“. ווײַבאַלד אַז שטימען שטימט מען לויט טריבעס, איז קלאָר, אַז ווי גרויס עס זאָל אויך זיין די צאָל פון די ניי צוגעקומענע, קוים אָבער ווערן זיי אַלע צוגערעכנט צו איין טריבע, האָט זייער אַלעמענס שטים דעם באַטרעף נאָר פאַר איין שטים פון דער טריבע, און דאָס נעמלעכע אויך, ווען מען נעמט זיי אַריין אין ווינציק טריבעס, אַלטע אָדער נייע.

פון דער אַנדער זייט, לאָזט מען זיי אַריין אין צופיל טריבעס, קאָן זייער באַטייט אין איטלעכער טריבע ניט זיין גרויס. עס איז געווען דאָ, וואָס צו טאָן פאַר אַ דורכגעטריבענעם פּאָליטישן דרייקאָפּ. מען האָט געקאָנט די קאָמיציאַ טריבוטאַ אויסדרייען אַזוי, זיי זאָלן שטימען פונקט דעם היפּוך דערפון, וואָס די כלל-מיינונג וואָלט געוואָלט. און די גרויסע מאַסע שטים-באַרעכטיקטע אין איטאַליע זיינען, ווי מיר האָבן שוין באַמערקט, פאַקטיש ניט צוגעקומען אויסצונוצן זייער רעכט מחמת דעם מהלך. אינמיטן דעם פּעריאָד פון דעם פּונישן קריג זיינען געווען העכער 300.000 רוימישע בירגער; אַרום 100 פאַר קר. זיינען געווען אַריבער 900.000, נאָר פאַקטיש האָבן געשטימט אויף דער פאָלקס-פאַרזאַמלונג וואָסערע עטלעכע טויזנט מענטשן, וואָס האָבן געוואוינט אין רוים און אין איר נאָענטער סביבה, און על-פי-רוב מענטשן פון אַ נידעריקן טיפּ. און די רוימישע שטים-באַרעכטיקטע בירגער זיינען גע-

ווען „אָרגאַניזירט“ ביז אַזאַ גראַד, אַז די מאַשין פון דער טע=
מעני=האָל אין ניו=יאָרק זעט אויס אַנטקעגן דעם איינפאַך און
ערלעך. זיי האָבן געהערט צו קלובן, collegia sodalicia,
וואָס האָבן געהאַט געוויינטלעך געוויסע האַלב=רעליגיעזע פּרע=
טענזיעס. אַ פּאָליטיקער, וואָס האָט געוואָלט מאַכן אַ קאַריערע, האָט
זיך געווענדט צו ווערשט צו וואָכערניקעס און דערנאָך מיטן אַנט=
ליענעם געלט איז ער געקומען צו איינעם פון די קלובן. אויב עס
פלעגט שוין אַמאָל טרעפן, אַז די בירגער פון אויסערן שטאָט פלעגן
קומען צו גיין אין מאַסן צו דער פאָלקס=פאַרזאַמלונג, מחמת די
פראַגע, וואָס איז געשטאַנען אויפן סדר=היום, האָט זיי שטאַרק
אָנגערירט, האָט מען שטענדיק געקאָנט אָפּלייגן די אָפּשטימונג מיטן
אויסרייד, אַז די קרבנות האָבן באַוויזן אַ שלעכטן סימן. אויב זיי
פלעגן קומען ניט באַוואָפנט, האָט מען זיי געקאָנט איינשרעקן; אויב
זיי פלעגן ברענגען געווער, דעמאָלט פלעגט זיך אויפהויבן אַ גע=
שריי, אַז עס איז פאַראַן אַ פאַרשווערונג אַראָפּצוואַרפן די רעפּוב=
ליק, און מען פלעגט אָרגאַניזירן אַ שחיטה.

עס איז קיין ספק ניט, אַז אין יענעם יאָרהונדערט, וואָס נאָכן
חורבן פון קאַרטאַגאָ, איז גאַנץ איטאַליע, די גאַנצע אימפּעריע גע=
לעגן אין אַ צושטאַנד פון פּיין, שרעק און אומצופרידנקייט. עטלע=
כע מענטשן זיינען געוואָרן זייער רייך, אָבער דאָס רוב פון דער
באַפעלקערונג האָט זיך געשפּירט אַריינגעפּלאָנטערט אין אַ ווערגנ=
דיקער נעץ פון אומזיכערע פּרייזן, פון אַ קדחתדיקן מאַרק — און
פון חובות. עס איז אָבער נאָך ניט געווען קיין וועג צו קאָנ=
סטאַטירן און אויפצוקלערן די אומצופרידנקייט פון כלל. עס ווערט
ניט דערמאָנט קיין איין פּרווו צו מאַכן פון דער פאָלקס=פאַרזאַמלונג
אַ ווירקנדיקן עפנטלעכן אָרגאַן, וואָס זאָל העלפן דער געזעלשאַפט
אַרויסקומען פון דער לאַגע. הינטער דער לפנימדיקער געזעלשאַפט=
לעכער אָרגאַניזאַציע האָט זיך געראַנגלט אַ שטומער ריז פון דער
פאָלקס=מיינונג, און פון דעם פאָלקס=ווילן, וואָס פלעגט טייל=
מאָל מאַכן אַ גרויסע פּאָליטישע אָנשטרענגונג צו דערשלאָגן זיך
צו עפּעס דורך אָפּשטימונג, אָדער ער פלעגט אויסברעכן מיט
גוואַלד=מעשים. כל=זמן עס זיינען ניט געווען קיין אַרויסטרעטונ=

גען מיט מעשים, האָבּן דער סענאַט און די פינאַנסיסטן זיך גע-האַלטן פאַר זייערע שעדלעכע דרכים. מער ניט, בעת זיי פלעגן שטאַרק מורא האָבּן פאַר זייערע ביינער, פלעגן די רעגירנדיקע קלי-קעס אָדער פאַרטייען אָפּלאָזן אַ ווײַלע זייער פאַרבּרעכערישע פּאָ-ליטיק און נעמען קלערן וועגן טובת-הכלל.

די אמתע מעטאָדע, וואָס דורך איר האָט אין יענע טעג אין איטאַליע זיך אויסגעדריקט דער פאָלקס-ווילן, זיינען געווען ניט די קאָמיציאַ טריבּוטאַ, נאָר דער שטרייק און דער אויפשטאַנד, די באַ-רעכטיקטע און נויטווענדיקע מעטאָדן פון אַלע אָפּגענאַרטע אָדער אונטערדריקטע פעלקער. מיר האָבּן אין אונזער אייגענער צייט גע-זען אין פאַרשיידענע אייראָפּעישע מלוכות, ווי עס איז געפאַלן דער פרעסטיזש פון אַ פאַרלאַמענטאַרישער רעגירונג, און ווי די מאַסן זיינען געטריבּן געוואָרן צו אומקאָנסטיטוציאָנעלע געוועג. די סיבּה דערפון איז געווי די זעלביקע: מחמת די פּאָליטיקער קאָנען זיך ניט אָפּזאָגן פון זייער נטיה צו פעלשן די וואַל-מאַשינע, ביז די געזעלשאַפט ווערט געטריבּן צו אַן אויסבּראָך.

בכדי צו מאַכן אַן אויפשטאַנד, מוז אַן אומצופרידענע באַ-פעלקערונג האָבּן אַ פירער, און די פּאָליטישע געשיכטע פון דעם לעצטן יאָרהונדערט פון דער רוימישער רעפּובּליק איז די געשיכטע פון רעוואָלוציאָנערע אָנפירערס און קאָנטר-רעוואָלוציאָנערע אָנ-פירערס. דער גרעסטער רוב פון די ערשטע זיינען בפירוש אומפאַרשעמטע אַוואַנטוריסטן, וואָס פּרוּוון אויסנוצן די צרת-הכלל צוליב זייער אייגענער טובה וועגן. אַ סך היסטאָרי-קער פון יענעם פעריאָד זיינען נוטה צו שטעלן זיך אויף דעם אָדער יענעם צד און זיינען אָדער אַריסטאָקראַטיש אין זייער טאָן אָדער שאַרף דעמאָקראַטיש; אין דער אמתן אָבּער איז אין די אַלע פאַרפלאָנטערטע און פאַרדרייטע מחלוקתן קיין זכר ניטאָ פון הויכע צילן אָדער ריינע הענט. דער סענאַט און די רייכע רייטערס זיי-נען געווען גראָבּע און געלטגעריקע נפשות, וואָס האָבּן זיך פאַר-האַלטן מיט ביטול און שנאה צום אָרעמען המון; און דער המון איז געווען עם-הארציש, אומבּאַשטענדיק און לכל-הפחות פונקט אַזוי געלטגעריק. אין אָט דער גאַנצער געשיכטע ווייזן די סציפּיאָס אויס צו זיין לפי-ערך אַ גרופּע פון אידעלע מענטשן. מכוח איינער פון

די פיגורן פון יענער צייט, טיבעריוס, גראקכוס, קאנען מיר אפשר ארויסזאגן א ספק, וואס זיינען געווען זיינע מאטיוון. וואס איז אבער שייך די איבעריקע, קאנען זיי דינען נאר ווי אן אילוסטראציע צו באווייזן, ווי איבערגעשפיצט און קלוג מענטשן קאנען זיין, ווי שארף אין זייערע חקירות, ווי גראטן אין זייערע סברות, און פארט ווי ארעם אין אמתער חכמה און גייסטיקער איידלקייט. „א שווערגופיקע, האריקע, חיהשע, נאר מסתמא זייער דורכגעטריבענע באשעפעניש מיט א גרויסן מוח הינטן", — אזוי האט עמעצער, מיר דאכט, סער הערי דזשאנכטאן, געשילדערט דעם נעאנדערטאלער מענטש.

ביזן היינטיקן טאג מוזן מיר נאך באנוצן ענלעכע עפיטעטן אויף צו שילדערן די נשמה פון א פאליטיקער. דער מלוכה-מאן באדארף נאך ארויסשטופן דעם פאליטיקער פון זיינע היילן און געווער-הויפנס. געשיכטע באדארף ערשט ווערן די כראניק פון מענטשלעכער ווערדע.

---

## 2. פינאנסן פון דער רוימישער מלוכה.

נאך אין א פרט איז די רוימישע סיסטעם געווען א רוי פארבילד פאר אונזער אייגענער סיסטעם און פארשיידן פון אלע איבעריקע פאליטישע סיסטעמעס, וואס מיר האבן ביז איצט באטראכט,— דאס איז דאס, וואס זי איז געווען א סיסטעם, וואס באנוצט מזומן און קרעדיט. געלט איז געהען אין דער וועלט ערשט עטלעכע יארהונדערטער. נאר זיין באנוץ איז געוואקסן; עס האט געדינט פאר א פליסיקן מיטל פאר האנדל און אונטערנעמונג און האט טיף אומגעביטן די עקאנאמישע תנאים. אין דער רעפובליקאנישער רוים האט דער פינאנסיסט און דער „געלט"-אינטערעס אנגעהויבן שפילן אין געוויסער מאס א ראלע, וואס איז ענלעך צו זייער ראלע ביי היינטיקן טאג.

מיר האבן שוין פארצייכנט — אין אונזער באריכט וועגן העראדאטן — אז איינער פון די ערשטע אויפטוען פון געלט איז געווען צו געבן באוועג-פרייהייט און אפגעבונדנקייט א צאל מענטשן,

וואָס וואָלטן אויף אַן אַנדער אופן די דאָזיקע פּריווילעגיעס ניט געהאַט. און דאָס איז דער אייגנטלעכער ווערט פון געלט פאַר דער מענטשהייט. אָנשטאָט דעם, וואָס אַן אַרבעטער אָדער אַ צו-העלפער זאָל ווערן באַצאָלט אויף אַזאַ אופן, ער זאָל זיין געבונדן אין זיין געניוס, פונקט ווי ער איז געבונדן אין זיין אַרבעט, מאַכט אים דאָס געלט פריי צו טאָן, וואָס אים געפעלט. ער קאָן זיך אויס-קלייבן אַ סך זאַכן צוליב זיין נוצן אָדער באַקוועמלעכקייט אָדער הנאה וועגן. ער קאָן זיין געלט אויפעסן אָדער פאַרטרינקען אָדער אָפּגעבן פאַר אַ טעמפּל אָדער אויסגעבן דאָס אויף אויסצולערנען זיך עפּעס אָדער אָפּשפּאָרן עס צוליב אַ ציל, וואָס ער האָט אין אויסקוק. דאָס איז די מעלה פון געלט, די פרייהייט, וואָס עס גיט, ווייל מען קאָן אומעטום דערמיט זיך אויסקערעווען. אָבער די פריי-הייט, וואָס געלט גיט דעם אָרעמאַן, איז גאָרנישט לגבי דער פריי-הייט, וואָס געלט האָט געגעבן די גבירים. אַדאַנק דעם געלט האָבן די גבירים אויפגעהערט צו זיין צוגעבונדן צו ערד-נחלאות, צו היי-זער, קראָמען, טשערעדעס. זיי האָבן געקאָנט בייטן זייער אייגנס מיט אַ פרייהייט, וואָס איז נאָך ניט געהערט געוואָרן: בייטן שקלאַפן אויף הייזער און פאַרקערט, אַריבערטראָגן זייער אייגנס פון איין עק אימפּעריע אין אַנדערן. אין דריטן און צווייטן יאָרהונדערט פאַר קר. האָט אָט-די פרייהייט, די ניט-געפענטעטקייט, פון רייכטום אָנגעהויבן זיך אָפּצורופן אויפן אַלגעמיינעם עקאָנאָמישן לעבן פון דער רוי-מישער און פון דער העלעניזירטער וועלט. מענטשן האָבן אָנגעהייבן קויפן ערד און כדומה, ניט בכדי דאָס צו נוצן, נאָר בכדי דאָס ווידער צו פאַרקויפן מיט ריווח; מענטשן פלעגן לייען געלט, בכדי צו קויפן, עס האָט זיך אַנטוויקלט ספּעקולאַציע. עס איז קיין ספק ניט, אַז עס זיינען געווען באַנקירן אין בבל 1000 יאָר פאַר קר., אָבער זיי פלעגן אַנטלייען אויף אַ מער באַגרענעצטן און סאָלידן אופן שטיקער מעטאַל אָדער פּראָדוקטן. די אַלטע וועלט איז גע-ווען אַ וועלט פון בייט-האַנדל און פון צאָלן אין נאַטור-פּראָדוקטן, און איז זיך געגאַנגען דעריבער פּאַוואָליע — און אַ סך פעסטער און שטאַנדהאַפטיקער. אין דעם דאָזיקן צושטאַנד איז כינע געבליבן כמעט ביז צו אונזערע טעג.

די גרויסע שטעט וואָס פאַר רוים זיינען געווען האַנדלס= און אינדוסטריע=שטעט, אַזעלכע זיינען געווען קאָרינט און קאַרטאַגאָ און סיראַקוז. רוים אָבער האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין אַנזעוודיקע אינדוסטריעלע באַפעלקערונג, און אירע סחורה=לאַגערס האָבן קיינמאָל ניט קאָנקורירט מיט די געשעפטן פון אַלכסנדריאַ. דער קליינער האַפן פון אָסטיאַ איז שטענדיק געווען גענוג פאַר אירע באַדערפעונישן. רוים איז געווען אַ פּאָליטישע און פינאַנציעלע הויפטשטאָט, און לכל=הפחות אין לעצטן פרט איז זי געווען אַ שטאָט פון אַ נייעם מין. זי פלעגט אַריינפירן רווחים און צינז=צאָלונגען, און זייער ווינציק פלעגט אַרויסקומען פון איר אַנטקעגן. אין די האַפן=לאַגערס פון אָסטיאַ פלעגט מען אויסלאָדן דער עיקר תבואה פון סיציליע און אַפריקע און רויב פון גאָר דער וועלט.

נאָכן חורבן פון קאַרטאַגאָ איז די רוימישע פאַנטאַזיע ווילד געוואָרן פון די ביז דעמאָלט נאָך ניט באַוואוסטע פינאַנציעלע מעגלעכקייטן. פונקט ווי דאָס רוב אַנדערע ערפינדונגען, איז אויך געלט געקומען צו דער מענטשהייט בהיסח=הדעת, אויף טראַף, און מענטשן האָבן באַדאַרפט נאָך אַנטוויקלען — ביי היינטיקן טאָג באַדאַרפן זיי נאָך פאַרפולקומען — די וויסנשאַפט און די מאָראַל פון געלט. אין דעם לעבן און אין די שריפטן פון דעם צענזאָר קאַטאָן קאָן מען זען, וואָס געלט האָט באַטייט. אין זיינע יינגערע יאָרן איז ער אַ גרויסער מחמיר אַנטקעגן נעמען פּראָצענט; אין זיינע שפּעטערע יאָרן גיט ער קלוגע עצות, ווי אַזוי מען דאַרף אַנטלייען געלט, בכדי צו זיין זיכער מיטן פּראָצענט.

אין אָט דעם איינטערליש=טשיקאַוון יאָרהונדערט פון דער רוימישער געשיכטע הערט מען ניט אויף צו פרעגן די קשיא: „וואָס איז דאָס געשען מיט רוים?“ עס זיינען געגעבן געוואָרן פאַרשיידענע ענטפערס — ירידה פון דער רעליגיע, ירידה פון די גוטע מידות, וואָס שטאַמען פון די רוימישע זיידעס, גריכישער „גייסטיקער סם“ און כדומה אַזעלכע תירוצים. מיר, וואָס קאָנען קוקן אויף דער דאָזיקער פּראָבלעם פון אַ ברייטערער פּערספּעקטיווע, קאָנען זען, אַז דאָס, וואָס איז געשען מיט רוים, איז געווען „געלט“ — די נייע פרייהייטן און מעגלעכקייט און געלעגנהייטן, וואָס געלט האָט

אויפגעעפנט. געלט האָט אַוועקגעפּלייצט די רוימער פון פעסטן גרונט; יעדער איינער האָט אַריינגעכאַפּט געלט, וויפיל ער האָט געקאָנט, דער גרעסטער רוב דורך דעם פּשוטן מיטל פון איינזינקען אין חובות. דער אויסשפּרייט פון דער אימפּעריע קיין מזרח איז דער עיקר געווען אַ געיעג נאָך גאָלד, וואָס מען האָט געזוכט אין די שאַצקאַמערן און אין די טעמפּלען, בכדי מען זאָל קאָנען באַפרידיקן אָט-די נייע באַדערפעניש אין געלט. באַזונדערס איז דער רייטער-שטאַנד געוואָרן די געלט-מאַכט. יעדער איינער האָט אַנטוויקלט זיין אייגנטום. פרייע פּויערים פלעגן וואַרפן תבואה און בהמות, אַנטלייען געלט, קויפן שקלאַפן און נעמען זיך פאַר דער אינטענסיווער קולטור פון וויין און בוימל.

געלט איז געווען נאָך יונג אין מענטשלעכער דערפאַרונג און ווילד; קיין מענטש האָט דאָס ניט געהאַלטן אונטער קאָנטראָל. עס איז אין שטאַרקע שטראָמען געפלאָסן אַהין און צוריק. אָט איז עס געווען זייער אַ פולע און אָט זייער קנאַפּ. מענטשן האָבן געפּרווט מאַכן קונציקע און פּשוטע פּלענער צונויפצוקלייבן דאָס, אויפצוהויבן פרייזן דורך פונאַנדערטיילן אָנגעקליבענע מעטאַלן. אַ קליינע גרופּע פון דורכגעטריבענע מענטשן זיינען געוואָרן רייך אָן אַ שיעור. אַ סך פּאַטריציער זיינען געוואָרן אָרעם און געדייצט אין האָבן אָנגעוואָרן שאַנד און געוויסן. צווישן די דורכשניטלעכע מענטשן איז געווען אַ סך האָפענונג, אַ סך אַוואַנטורעס און נאָך מער אַנטטוישונג. די וואַקסנדיקע מאַסע פון די עקספּראָפּרייִרטע איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ מטושטשדיקן, פאַרטומלענדיקן און יאושדיקן געפיל, אַז מען נאַרט זי אַריין, און זי ווייס ניט ווי אַזוי — און דאָס איז דער מצב, ווען עס גרייטן זיך די גרויסע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען.

---

### 3. די לעצטע יאָרן פון דער רעפּובליקאַנישער פּאָליטיק.

דער ערשטער אָפענער אָנפירער, וואָס האָט זיך געווענדט צום אָנגעקליבענעם רעוואָלוציאָנערן געפיל אין איטאַליע, איז געווען טיבעריוס גראַקכוס. ער זעט אויס מער ענלעך צו אַן ערלעכן

מאַן, ווי וואָסער עס איז אַנדער פיגור אין יענער געשיכטליכער
תקופה, אויב מען זאָל ניט רעכענען סציפּיאָ אַפריקאַנוס דעם על=
טערן. צווערשט איז טיבעריוס גראַקכוס געווען אַ געמעסיקטער רע=
פאָרמער פון גיכער אַ רעאַקציאָנערן טיפּ. ער האָט געוואָלט אויפ=
ריכטן דעם קלאַס פון די קליינע ערד=אייגנטימער, דער עיקר דער=
פאַר, ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז דער דאָזיקער קלאַס איז
דער רוקנביין פון דער אַרמיי, און זיין מיליטערישע דערפאַרונג אין
שפּאַניע פאַרן חורבן פון קאַרטאַגאָ און נאָכדעם האָט אים געלערנט,
וואָס פאַר אַ שעדליכע ווירקונג עס האָבן די לעגיאָנען. ער איז
געווען דאָס, וואָס מען וואָלט איצט געקאָנט אָנרופן אַן אָנהענגער
פון דער „צוריק=צו=דער=ערד"=באַוועגונג. ער האָט ניט פאַרשטאַ=
נען און ווייניק מענטשן פאַרשטייען דאָס ביי היינטיקן טאָג ניט, אַז
עס איז אַ סך גרינגער אַריבערצופּעקלען מענטשן פון דאָרף אין שטאָט
אַריין, איידער זיי צו ברענגען צוריק צו דעם פאַרהאָרעוועטן און
פראָסטן שטייגער לעבן פון ערד=אַרבעט. גראַקכוס האָט געוואָלט
מאַכן אויפלעבן די ליציניש גזעצן, וואָס זיינען איינגעשטעלט גע=
וואָרן דעמאָלט, ווען קאַמילוס האָט איינגעבויט זיין אַחדות=טעמפּל
מיט אַן ערך דריטהאַלבן הונדערט יאָר צוריק (ז' קאַפּיט. 25, § 2), ווי
ווייט זיי האָבן באַדאַרפט צעברעקלען די גרויסע מאַיאָנטקעס און
באַגרענעצן שקלאַפן=אַרבעט.

די דאָזיקע ליציניש גזעצן זיינען עטלעכע מאָל אָפּגע=
לעבט געוואָרן און זיינען כסדר ווידער געבליבן ליגן ווי אַ טויט=
טער אות. אַז די באַלעבאַטים פון די גרויסע מאַיאָנטקעס אין סע=
נאַט האָבן זיך אַרויסגעשטעלט קעגן דאָזיקן פאָרשלאָג, האָט טי=
בעריוס גראַקכוס זיך געווענדט צום פאָלק און האָט אויפגעהויבן
אַ שטורמישע אַגיטאַציע פאַר אַ פאָלקס=רעגירונג. ער האָט געשאַפן
אַ קאָמיסיע אויסצופאָרשן די רעכט פון אַלע ערד=אייגנטימערס אויף
זייערע מאַיאָנטקעס. אינמיטן פון אָט=די אַלע מעשים האָט זיך גע=
טראָפן איינע פון די מערקווערדיקסטע געשעענישן אין דער גע=
שיכטע. אַטאַלוס, דער קיניג פון דעם רייכן לאַנד פערגאַמאָן אין
קליין=אַזיע, איז געשטאָרבן (131 פאַר קר.) און האָט איבערגעלאָזן
זיין קיניגרייך בצוואה דעם רוימישן פאָלק.

אונז איז שווער צו פאַרשטיין די מאָטיוון פון דער דאָזיקער צוואה. פּערגאַמאָן איז געווען אַ לאַנד פאַרבונדן מיט רוים, און אַזוי־אַרום לפי־ערך זיכער קעגן אָנפאַלן; און דער נאַטירלעכער פּועל־יוצא פון אָט־דער צוואה איז געווען, וואָס זי האָט אַרויסגערופן גערייסעריי צווישן די סענאַטאָרן־קליקעס און אַ מחלוקת צווישן זיי און צווישן פאָלק פון וועגן דעם רויב פון דעם נייעם לאַנד. פאַקטיש האָט אַטאַלוס איבּערגעענטפערט זיין לאַנד אויף אויסגערויבּט צו ווערן. געוויס האָבּן איטאַליענישע געשעפטסלייט געוואוינט אין דעם לאַנד און אַ שטאַרקע פּאַרטיי פון רייכע מענטשן איז געווען ענג פאַרבּונדן מיט רוים. פאַר זיי איז מסתמא אַ צונויפגיסונג מיט דער רוימישער סיסטעם געווען ווי געוואונטשן. יוסיפוס זאָגט עדות וועגן דעם, אַז די גבירים פון סיריע האָבּן געוואָלט ווערן אַנעקסירט פון רוים, בעת סיי דער קיניג און סיי דאָס פאָלק האָבּן דאָס ניט געוואָלט. אָט־די צוואה פון פּערגאַמאָן, ווי חידושדיק זי זאָל אויך זיין פאַר זיך, האָט נאָך געהאַט דעם מער חידושדיקן רעזולטאַט, וואָס עס האָבּן זיך געפונען נאָכמאַכערס אין אַנדערע ווינקלען. 96 פאַר קר. האָט פּטאָלעמיי אַפּיאָן איבּערגעלאָזן בצוואה דאָס לאַנד קירענאַיקע אין צפון־אַפריקע דעם רוימישן פאָלק; 81 פאַר קר. האָט אַלכּסנדר II, דער קיניג פון עגיפּטן, דאָס זעלבּיקע געטאָן בנוגע צו זיין לאַנד — דאָס איז אָבּער געווען אַ ירושה צו־גרויס, אויבּ ניט פאַרן אַפּעטיט פון סענאַט, איז דאָך פאַר זיין קוראַזש, און זיי האָבּן זי ניט אָנגענומען; 74 פאַר קר. האָט ניקאָמעדעס, דער קיניק פון ביטיניע, געשאָנקען זיין לאַנד. וועגן אָט־די לעצטע צוואה־קאַפּריזן וועלן מיר דאָ מער גאָרנישט זאָגן. נאָר עס איז קלאָר, וואָס פאַר אַ טייערע געלעגנהייט עס האָט געהאַט טיבּעריוס גראַקכוס צו באַשולדיקן בנוגע אָט־דער צוואה פון קיניג אַטאַלוס די גבירים אין רויבּגעריקייט און פאָרצולייגן, מען זאָל אָפּגעבּן אַטאַלוסעס אוצרות דעם כּלל פון פאָלק. ער האָט פאָרגעלייגט אויסצונוצן דעם נייעם רייכטום אויף פאַרשאַפן זאָט, גרונט־קאַפּיטאַל און ערדווירטשאַפטלעכע געציי, כּדי צו באַזעצן פון דאָס־ניי אויף ערד די פּויערים, וואָס האָבּן געהאַט אָנגעוואָרן זייערע נחלאות.

זיין באוועגונג איז באלד פארפלאָנטערט געוואָרן אין דעם פלאָנטער פון דער רוימישער וואל־סיסטעם — אָן א פשוטער און גלייכער וואל־מעטאָדע ווערן אלע פאָלקס־באוועגונגען אין אלע צייטן בהכרח פארפלאָנטערט און פארדרייט אין קאָנסטיטוציאָנעלע פאר־דרייענישן און ווערן כמעט בהכרח דערפירט צו בלוט־פארגיסונג. בכדי דאָס, וואָס טיבעריוס גראקכוס האָט געוואָלט, זאָל ווערן אויסגע־



קאָרנעליאַ, די פרוי פון טיבעריוס סעמפּראָניוס גראַקכוס און די טאָכטער פון סציפּיאָ אַפריקאַנוס דעם עלטערן, און אירע זין, טיבעריוס גראַקכוס און קאַיוס גראַקכוס, וואָס ביידע זיינען שפּעטער געווען טריבונען פון רוים. צוגלייך אַ בילד פון אַ רוימישער שטוב פון רייכן קלאַס.

פירט, איז געווען נייטיק, ער זאָל בלייבן טריבון, ער האָט אָבער לויטן געזעץ ניט געטאָרט זיין טריבון צוויי מאָל נאָכאַנאַנד. האָט ער אָבער ניט געפאָלגט דאָס געזעץ און האָט זיך געשטעלט צו דער וואל פאר א טריבון צום צווייטן מאָל. די פויערים, וואָס זיינען געקומען פון לאנד צו שטימען פאר אים, זיינען געקומען באוואָפנט.

האָט זיך אויפגעהויבן אין סענאַט אַ געשריי, אַז ער שטרעבט צו אַ טיראַניע, דער זעלביקער געשריי, וואָס האָט מיט אַ סך יאָרן צוריק געפּטרט מעליוסן און מאַנליוסן; עס זיינען געקומען צו לויפן די פריינד פון „געזעץ און אָרדענונג" צום קאַפּיטאָל, באַגלייט פון אַן ערב-רב אָנהענגער, באַוואָפנט מיט פלעקענער; עס איז אַרויסגעקומען אַ געשלעג, אָדער גענויער אַ הריגה פון די רעוואָלוציאָנערן וואָס בעת-מעשה זיינען דערהרגעט געוואָרן ביי דריי הונדערט מאַן, און טיבעריוס גראַקכוס איז דערשלאָגן געוואָרן אויף טויט: צוויי סענאַטאָרן האָבן אים דערהרגעט מיט די ברעטער פון אַ צעבראָכענעם באַנק.

דערויף האָבן די סענאַטאָרן געפּרוווט מאַכן אַ מין קאָנטר-רעוואָלוציע און האָבן געוואָלט פאַרמשפּטן אַ סך פון טיבעריוס גראַקכוסעס אָנהענגער; אָבער די שטימונג פון דער עפנטלעכער מיינונג איז געווען אַזוי אויפגערייצט און צאָרנדיק, אַז מען האָט די באַוועגונג איינגעצאַמט, און סציפּיאָ נאַזיקאַ, וואָס איז געווען פאַרמישט אין טיבעריוסעס טויט, הגם ער האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן פון אַ פּאָנטיפעקס מאַקסימוס (כוהן גדול) און האָט באַדאַרפט פאַרבלייבן אין רוים, בכדי צו ברענגען די עפנטלעכע קרבנות, וואָס דאָס האָט געהערט צו זיין אַמט, איז געוואָרן אַרויסגעשיקט פון שטאָט, כדי אויסצומיידן מהומות.

אָט די שוועריקייטן אין איטאַליע האָבן קודם-כל באַוואויגן סציפּיאָ אַפריקאַנוס דעם יינגערן פאָרצולייגן, מען זאָל געבן אַלע איינוואוינער פון איטאַליע בירגער-רעכט. נאָר ער איז פּלוצים געשטאָרבן, איידער ער האָט געקאָנט עפּעס אויפטאָן צוליב פאַרווירקלעכן זיין פאָרשלאָג.

דערנאָך איז געקומען די צווייטיקע קאַריערע פון קאַיוס גראַקכוס, טיבעריוסעס ברודער, וואָס האָט געפירט אַן עטוואָס געדרייטע „פּאָליטיק", וואָס נאָך איצט זיינען היסטאָריקער מחולק מכוח איר באַטייט. ער האָט פאַרגרעסערט די משא פון דעם צינז, וואָס איז געווען אַרויפגעלייגט אויף די פּראָווינצן. מען איז משער, אַז דאָס

איז געווען מיטן מיין, אויפצוהעצן די מאָדערנע פינאַנץ־לייט (די עקוויטעס) קעגן די סענאַטאָרן די ערד־אייגנטימער. ער האָט געגעבן די ערשטע אין אַרענדע די שטייערן פון די אָקאָרשט געווינענע פּראָווינצן אין אַזיע, און וואָס נאָך ערגער, ער האָט זיי איבערגעגעבן דעם קאָנטראָל איבער ספּעציעלע געריכטן, וואָס זיינען געשטעלט געוואָרן אויף צו פאַרהיטן באַרייסעריי. ער האָט אָנגעהויבן קאָלאָסאַלע עפנטלעכע אַרבעטן און באַזונדערס בויען נייע וועגן, און



א רעליעף פון טעראקאטא אין בריטישן מוזיי — באווייזט א רוימישן פארמעסט־וואגן מיט א פיר־געשפאן (קוואדריגא).

מען האָט אים באַשולדיקט, אַז ער האָט אויסגענוצט פּאָליטיש די אָפּמאַכן מיט די בויערס. ער האָט באַנייט דעם פאָרשלאָג צו געבן בירגער־רעכט אַלע איינוואוינער פון איטאַליע. ער האָט פאַרגרעסערט די פּאָרציע פון דער וואָלוועלער תבואה, וואָס מען פלעגט פונאַנדערטיילן צווישן די רוימישע בירגער... דאָ קאָנען מיר ניט פּרווון פונאַנדערפּלאָנטערן זיינע פּלענער, און אַפּשיטא שוין ניט משפּטן וועגן זיי. אָבער אַז זיין פּאָליטיק איז געווען געווענדט קעגן די גרופּעס, וואָס האָבן געהערשט אין סענאַט, דערין קאָן קיין שום ספק ניט

יין. ער איז געוואָרן דערהרגעט פון די קעמפער פאַר „געזעץ און אָרדענונג“ מיט אַן ערך דריי טויזנט מאַן זיינע אָנהענגער אין די גאַסן פון רוים אין יאָר 121 פאַר קר. זיין אַראָפּגעהאַקטן קאָפּ האָט מען געבראַכט צו טראָגן צום סענאַט אויפן שפּיץ פון אַ פּיקע.

(פּלוטאַרך דערציילט, אַז פאַר אָט-דעם טראָפּיי האָט מען באַצאָלט אַ באַלוינונג זיין וואָג גאָלד; דער, וואָס האָט אים געכאַפּט, האָט ניט פאַרשעמט דעם גייסט פון די קעמפער פאַר „גרויסע עסקים“ און האָט אָנגעפילט, גייענדיק צו דער וואָגשאָל, דעם שאַרבן מיט בליי).

ניט געקוקט אויף די שטרענגע מיטלען, האָט דער סענאַט ניט לאַנג געקאָנט געניסן דעם וואוילטאָג פון שלום און די רווחים, וואָס עס האָט געגעבן די הערשאַפט איבער דעם רייכטום פון דער אימפּעריע. אין צען יאָר אַרום איז דאָס פאָלק ווידעראַמאָל אויפגעשטאַנען.

אין יאָר 118 פאַר קר. האָט אַ געוויסער יוגורטאַ, וואָס האָט פריער געדינט ביי דער רוימישער אַרמיי אין שפּאַניע, פאַרכאַפּט דעם טראָן פון נומידיע, אַ האַלב-באַרבאַרישן קיניגרייך, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין צפון-אַפריקע אויף די חורבות פון קאַרטאַגאָ. דער דאָזיקער יוגורטאַ איז געווען אַ פעיקער מענטש און האָט געקאָנט דעם כאַראַקטער פון די רוימער. ער האָט אַרויסגערופן די מיליטערישע אַריינמישונג פון רוים. אָבער די מיליטער-מאַכט פון די רוימער איז אונטער דער ממשלה פון אַ סענאַט פון פינאַנסיסטן און ערד-אייגנטימער געווען לחלוטין פאַרשיידן פון יענער מאַכט, וואָס זי איז געווען אַפילו נאָך אין די צייטן פון דעם יינגערן סציפּיאָ אַפריקאַנוס. „יוגורטאַ האָט אונטערגעקויפט די קאָמיסאַרן, וואָס זיינען געקומען אַכטונג צו געבן אויף אים, די סענאַטאָרן, וואָס מען האָט איבערגעגעבן זיי צו לאָדן צום געריכט, און די גענעראַלן, וואָס האָבן קאָמאַנדירט קעגן אים“*. פאַראַן אַ רוימיש גלייכווערטל, וואָס מען פאַרשטייט דאָס פאַלש: Pecunia non olet (געלט שמעקט

* פערערא.

ניט), נאָר יוגורטעס גועלט האָט געשטונקען אַפילו אין רוים. איז
געוואָרן אַ מוראדיקע אַגיטאַציע, און די כוואַליע פון פאָלקס־צאָרן



א ביוסט אין בריטישן מוזיי, מסתמא א פּאָרטרעט פון יוליוס קיסר.

האָט אַרויסגעטראָגן אויף איר שפּיץ אַ פּעיקן זעלנער פון נידע־
ריקן אָפּשטאַם, מאַריוסן, וואָס איז אין יאָר 107 פאַר קר. געוואָרן

באַשטימט פאַר אַ קאָנסול. מאַריוס האָט ניט געפּרווט, אַזוי ווי
די גראַקכן, צו פאַרשטאַרקן דעם רוקן-ביין פון דער אַרמיי דורך
אויפריכטן דעם קלאַס פון פרייע פויערים. ער איז געווען אַ פּראָ-
פעסיאָנעלער זעלנער, וואָס האָט זיין מלאכה גוט געקענט און איז
ניט געווען נוטה צו מאַכן לאַנגע מחוקות. ער האָט פּשוט צו-
נויפגענומען זעלנער פון צווישן די אָרעמע מענטשן, דאָרפסלייט צי
שטאָטלייט, האָט זיי געצאָלט גוטע שכירות, דיסציפּלינירט זיי ווי
געהעריק און האָט געענדיקט דעם זיבן-יאָריקן קריג מיט יוגורטען
מיט דעם, וואָס ער האָט דעם אָנפירער געבראַכט אין קייטן קיין
רוים. קיינעם איז דערביי געקומען ניט אין זינען, אַז בינו-
לבינו האָט מאַריוס געשאַפן אַ פּראָפעסיאָנעלע אַרמיי, וואָס קיין זאַך
האַלט זי ניט צוזאַמען, חוץ דעם געצאָלט. דערנאָך איז ער עט-
לעכע יאָר כסדר געבליבן קאָנסול מער אָדער ווייניקער ניט-לעגאַל,
און אין די יאָרן 102 און 101 האָט ער אָפּגעטריבן אַ געפער-
לעכע באַוועגונג פון די גערמאַנען (זיי באַווייזן זיך דאָ צום ערשטן
מאָל אין אונזער געשיכטע), וואָס האָבן דורך גאַליע געמאַכט אַן
אָנפאַל אויף איטאַליע. ער האָט געוואונען צוויי שלאַכטן; איינע אין
איטאַליע גופא. מען האָט אים באַגריסט ווי אַן אויסלייזער פון זיין
לאַנד, ווי אַ צווייטן קאַמילוס (100 פאַר קר.).

די סאָציאַלע שפּאַנונג פון דער צייט איז אָבער געווען אַ
חוזק אויף אָט דעם פאַרגלייך מיט קאַמילוסן. דער סענאַט האָט
געוואונען פון דער גרעסערער ענערגיע אין דער אויסווייניקסטער
פּאָליטיק און פון דער מיליטערישער הצלחה, וואָס מאַריוס האָט
געהאַט, אָבער די פאַרשטיקטע, אָנפאָרמיקע אומצופרידנקייט פון דער
פאָלקסמאַסע האָט נאָך געזוכט עפּעס אַ ווירקעוודיקן אַרויסגאַנג. די
רייכע זיינען געוואָרן רייכער, די אָרעמע׳לייט אָרעמער. מען האָט
ניט געקאָנט פאַרשטיקן אָט-דעם פּראָצעס אַפילו ניט דורך פּאָלי-
טישע גענאַר-קונצן. דאָס איטאַליעניש פאָלק האָט נאָך קיין בירגער-
רעכט ניט געהאַט. צוויי עקסטרעם-דעמאָקראַטישע פירערס, סאַטור-
נינוס און גלאַוקיאַ, זיינען דערהרגעט געוואָרן, נאָר אָט דער געוויינט-
לעכער מיטל פון סענאַט האָט דאָס מאָל ניט אָפּגעגאָלטן איינ-
צושטילן דעם המון. אין יאָר 92 פאַר קר. איז אַן אַריסטאָקראַטישער

באַאַמטער, רוטיליוס רופוס, וואָס האָט געפּרוּווט אײַנצוצאַמען די באַרייסערייַ פון די פינאַנץ־לייט אין קליין־אַזיע, געוואָרן פאַרמשפּט פאַר אַ באַשולדיקונג אין שוחד־נעמען, וואָס איז אַזוי באַשײַמפּערלעך געווען אַ בילבול, אַז קיינער איז ניט אָפּגעגאַרט געווען; און אין יאָר 91 פאַר קר. איז ליוויוס דרוזוס, אַן אָקאָרשט אויסגעקליבענער פאָלקס־טריבון, דערהרגעט געוואָרן, ווייל ער האָט געפּרוּווט שלאָגן קאַפּיטאַל פון דעם פּראָצעס פון רוטיליוס רופוס. ער האָט געהאַט פאָרגעלייגט, מען זאָל אַלע איטאַליענער געבן בירגער־רעכט, און געשטעלט אין אויסקוק לא די וואָס אַ נייעם אַגראַר־געזעץ, נאָר אַן אַלגעמיינע שיטה פון די תּיבית. נאָר נאָך אַלע די געוואַלד־מעשים פון די סענאַטאָרן די פּראָצענטניקעס, די ערד־פאַרכאַפּערס און איפּקויפערס, זיינען די הונגעריקע און צערייצטע דאָך איפּגעשטאַנען. דער מאָרד פון דרוזוסן איז געווען דער לעצטער טראָפּן, וואָס האָט פול געמאַכט דעם כוס: איטאַליע האָט איפּעלאַקערט און אַ פאַריאושטן אויפשטאַנד.

עס זיינען אָנגעשטאַנען צוויי יאָר פון אַ מוראדיקן בירגער־קריג, דער אַזוי גערופענער „סאָציאַלער קריג”. דאָס איז געווען אַ מלחמה צווישן דעם געדאַנק פון אַ געאייניקטער איטאַליע און דעם געדאַנק פון דער איבערהערשאַפט פון רוימישן סענאַט. עס איז ניט געווען קיין סאָציאַלער קאַמף אין מאָדערנעם זין, נאָר אַ מלחמה צווישן רוים און די איטאַליענישע פאַרבינדעטע (סאָציוס הייסט אין לאַטיינישן שותּף, פאַרבינדעטער). „רוימישע גענעראַלן, איינגעניט אין די טאַקטיקעס פון אַ קאָלאָניאַלן קריג, האָבן מאַרשירט איבער איטאַליע. אָן רחמנות געבערענט פויערישע מאַיאָנטקעס, אויסגערויבט שטעט, אַוועקגעשלעפּט מאַנסביל, ווייבער און קינדער, צו פאַרקויפן זיי אויפן מאַרק אָדער אוועקשטעלן זיי אַרבעטן ווי קנעכט אויף זייערע אייגענע נחלאות”*.

מאַריוס און אַן אַריסטאָקראַטישער גענעראַל סולאַ, וואָס איז געווען מיט אים אין אַפריקע און איז געווען זיין ביטערער שונא, האָבן ביידע קאָמאַנדירט אויף דער זייט פון רוים. אָבער הגם די מורדים

* פערער.

האָבן געהאַט אויסצושטיין מפלות און רויבערייען, בּונדעסטוועגן האָט קיין איינער פון די גענעראַלן ניט געקאָנט ברענגען די מלחמה צו אַ סוף. געענדיקט איז זי געוואָרן אויף אַזאַ אופן, אַז פּאַקטיש האָט דער סענאַט זיך אונטערגעגעבן דעם געדאַנק פון אַ רעפאָרם. מען האָט אָפּגעטויט דעם גייסט פון אויפשטאַנד, דורכדעם וואָס מען האָט „אין פּרינציפּ“ נאָכגעגעבן די פאָדערונגען פון די אויפגעשטאַנענע; דערנאָך אָבער, ווי נאָר די מורדים האָבן זיך צעשפּרייט, האָבן די סענאַטאָרן גענומען אָפּנאַרן די נייע ווײַלער מיט די מעטאָדן, וואָס מיר האָבן אָנגעוויזן אין § 1 פון דאָזיקן קאַפּיטל.

דאָס אַנדערע יאָר (88 פאַר קר.) האָט זיך אָנגעהויבן פון דאָס ניי די אַלטע שפּיל. דאָ האָבן זיך נאָך אַריינגעמישט פּערזענלעכע אינטריגעס פון מאַריוס און סולאַ קעגן אַנאַנד. נאָר דער קאַמף האָט אָנגענומען אַן אַנדער אויסזען דורך די רעפאָרמען, וואָס מאַריוס האָט דורכגעפירט אין דער אַרמיי: ער האָט באַשאַפן אַ נייעם טיפּ לעגיאָנער, אַ פּראָפעסיאָנעלן זעלנער אָן אַ היים, וואָס האָט ניט קיין אַנדער אינטערעס אין לעבן, חוץ זיין געצאָלט און דעם זאַק=רויב און ווייס ניט פון קיין אַנדער געטרייִשאַפט, ווי נאָר אַנטקעגן זיין גענעראַל, בעת ער האָט הצלחה. אַ פאָלקס=טריבון, סולפּיציוס, האָט אַריינגעטראָגן עטלעכע נייע געזעצן אויף מבטל צו זיין חובות, און די קאָנסולן האָבן געוואָלט דורך אַ קונץ איינהאַלטן דעם שטורעם, הורכדעם וואָס זיי האָבן דערקלערט, אַז דער ענין ווערט אָפּגעלייגט. דעמאָלט האָט דאָס פאָלק, ווי געוויינטלעך, אָנגעווענדט געוואַלד, און סולפּיציוס' אָנהענגערס האָבן פאַרטריבן די קאָנסולן פון פאָרום. נאָר דאָ האָבן זיך אַריינגעמישט די נייע כוחות, וואָס די אַרמיי האָט אַרויסגערופן. דער קיניג מיטרידאַטעס פון פּאָנטוס, אַ העלעניזירטע מלוכה פון די דרומדיקע ברעגעס פון שוואַרצן ים אין מזרח=זייט פון ביטיניע, האָט אַרויסגערופן רוים צו אַ מלחמה. איינס פון די געזעצן, וואָס סולפּיציוס האָט פאָרגעשלאָגן, איז געווען, אַז מאַריוס זאָל קאָמאַנדירן איבער די אַרמייען, וואָס דאַרפן ווערן געשיקט קעגן מיטרידאַטעסן. האָט אָבער סולאַ דאָס ניט געקאָנט פאַרטראָגן און איז געקומען מיט דער אַרמיי, וואָס ער האָט איבער איר קאָמאַנדירט בעתן „סאָציאַלן קריג“, קיין רוים, און מאַריוס און סולפּיציוס האָבן



קלעאָפּאַטרע ; פון אן עג׳פּטישן רעליעף.

געמאַכט פּליטה. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תּקופה, די תּקופה פון מיליטערישע בונטן.

וואָס דערנאָך איז געשען, ווי אַזוי סולאַ האָט זיך געלאָזט מאַכן פאַר אַ קאָמאַנדיר קעגן מיטרידאַטעסן און איז אַוועק פון רוים, ווי אַזוי עטלעכע לעגיאָנען, וואָס זיינען געווען אויף מאַריוסעס צד, האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט, ווי אַזוי מאַריוס איז געקומען צוריק קיין איטאַליע און האָט אָנגעמאַכט אַ שחיטה צווישן זיינע פּאָליטישע קעגנער און איז געשטאָרבן פון פיבער, — די פּרטים דערפון קאָנען מיר דאָ ניט דערציילן. נאָר איין געזעץ פון מאַריוסעס טעראָר-רעזשים האָט אַ סך מיטגעהאָלפן אָפּצולאָזן די סאָציאַלע שפּאַנונג, דאָס איז געווען דאָס, וואָס ער האָט מבטל געווען דריי פערטל פון אַלע חובות, וואָס זיינען געווען צו צאָלן. מיר קאָנען דאָ אויך ניט דערציילן, ווי אַזוי סולאַ האָט געמאַכט אַ מיאוסן שלום מיט מיטרידאַטעסן (וואָס האָט געהאַט אויסגעשאָכטן אַ הונדערט טויזנט איטאַליענער אין קליין-אַזיע), בכדי צו פירן זיינע לעגיאָנען צוריק קיין רוים, צעשלאָגן די מאַריאַנער ביי די טויערן פון רוים און מבטל צו זיין די פאַראָרדענונגען, וואָס מאַריוס האָט איינגעשטעלט. דורך פּראָסקריפּציע (צונויפשטעלן רשימות פון אַלע די, וואָס זיי קומט אַ טויט-שטראָף) און דורך פאַרמשפּטונג פון העכער פינף טויזנט מאַן האָט סולאַ ווידער אויפגעריכט „געזעץ און אָרדענונג". ער האָט פאַרוויסט גרויסע שטיקער איטאַליע, צוריק אויפגעריכט די מאַכט פון סענאַט, אָפּגעשאַפט אַ סך נייע געזעצן, מער ניט די אויסגעמעקטע משא פון די חובות איז ער שוין ניט געווען ביכולת צוריק אויפצושטעלן. דערנאָך, אַז פּאָליטיק איז אים דערעסן געוואָרן, און היות ווי ער האָט געהאַט צונויפגעקליבן גרויס עשירות, האָט ער זיך מיט אַ מינע פון חשיבות צוריקגעצויגן אין פּריוואַט-לעבן, האָט זיך אַריינגעלאָזט אין שענדלעכע תאוות און איז געשטאָרבן פון אַ מיאוסער קרענק, וואָס ער האָט זיך אָנגעמאַכט דורך זיין צעלאָזנקייט.

---

## 4. די תקופה פון אוואַנטוריסטישע גענעראַלן.

דאָס פּאָליטישע לעבן אין איטאַליע איז דורך די שחיטות
און קאָנפיסקאַציעס פון מאַריוס און סולאַ געווען ניט אַזוי פּאַ=
רויקט, ווי באַטויבט. דער מאַסשטאַב, וואָס לויט אים איז די דאָזיקע
געשיכטע פּלאַנירט, דערלויבט אונז דאָ ניט צו דערציילן וועגן די
גרויסע אַוואַנטוריסטן, וואָס האָבן אַלץ מער און מער זיך שטיצנדיק
אויף די לעגיאָנען אָנגעהויבן צו פּלאַנעווען און צו אינטריגירן איי=
נער קעגן אַנדערן אין זייער שטרעבן צו דיקטאַטאָרישער מאַכט
אין רוים. אין יאָר 73 פאַר קר. איז גאַנץ איטאַליע אויפגעטרייסלט
געוואָרן פאַר שרעק דורך אַן אויפשטאַנד פון די שקלאַבן, דער
עיקר פון גלאַדיאַטאָרס, אונטער דעם אָנפיר פון אַ גלאַדיאַטאָר פון
טעסאַליע, מיטן נאָמען ספּאַרטאַקוס. ער און נאָך זיבעציק אַנדערע
זיינען געווען אַנטלאָפן פון אַ גלאַדיאַטאָרן=הויז אין קאַפּוא. אַזעלכע
אויפשטאַנדן האָבן שוין געטראָפן אין סיציליע. די חיילות אונטער
ספּאַרטאַקוסעס אָנפיר זיינען בהכרח געוואָרן אַן ערב רב, צונויפ=
געשלעפּט פון מזרח און פון מערב, וואָס האָבן קיין אַנדער בשותּפישן
ווילן ניט געהאַט, ווי וואָס גיכער זיך צעלויפן אין אַלע זייטן און צו=
קומען אַהיים; פונדעסטוועגן האָט ער זיך געהאַלטן אין דרום=
איטאַליע אין משך פון צוויי יאָר, אויסגענוצט אַ געוויסע צייט דעם
דעמאָלט באַשיימפּערלעך אויסגעלאָשענעם קראַטער פון וועזווי ווי
אַ נאַטירלעכע פעסטונג. די איטאַליענער, ביי גאָר זייער ליבע צו
גלאַדיאַטאָר=שפּילן, האָט גאָרניט פאַרשמעקט דאָס, וואָס דאָס גאַנצע
לאַנד איז געוואָרן אַן אַרענע, וואָס די גלאַדיאַטאָר=שווערד איז זיי
צוגעטראָגן געוואָרן אין שטוב אַריין, און אַז ספּאַרטאַקוס איז סוף=
כל=סוף געוואָרן באַזיגט, איז זייער שרעק מגולגל געוואָרן אין
מאויימדיקער, ווילדער אכזריות: זעקס טויזנט פון זיינע געפאַנגענע
אָנהענגער זיינען געוואָרן געקרייציקט, מייל לאַנג זיינען געשטאַנען
די קרייצן מיט צוגענאָגלטע און אין זייער בלוט אויסגייענדיקע
קרבנות פאַזע דעם אַפּישן וועג.

מיר קאָנען דאָ זיך ניט פאַרנעמען מיט לוקולוסן, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין קיניגרייך פאָנטוס און האָט געקעמפט מיט מיטרידאַטעסן און האָט מיטגעבראַכט קיין אייראָפּע דעם קולטורווירטן קאַשטן־בוים; אויך קאָנען מיר ניט דערציילן, ווי קונציק פּומפּיוס



מארקוס אנטאָניוס, דער רוימישער טריומוויר; ביוסט אין וואטיקאַן, אין רוים.

(פּאָמפּעיוס) דער גרויסער האָט אַוועקגענומען דעם טריומף און דעם גרעסטן טייל פון דעם פּרעסטיזש, וואָס לוקולוס האָט געוואונען אין אַרמעניע הינטער פּאָנטוס. לוקולוס האָט, פּונקט ווי סולאַ, זיך צוריקגעצויגן אין אַ רייכן פּריוואַט־לעבן, אָבער ער האָט זיך געפירט מיט מער עלעגאַנץ און האָט געהאַט אַ שענערן סוף. מיר קאָנען אויך

ניט דערציילן די פּרטים, ווי אַזוי יוליוס קיסר (צעזאַר) האָט זיך קונה־שם געווען אין מערב דורך דעם, וואָס ער האָט באַצוואונגען די גאַליער, צעשלאָגן די גערמאַנישע שבטים ביים ריין און אויסגעפירט אַ שטראָף־עקספּעדיציע דורך דעם קאַנאַל פון קאַלע אויף בריטאַניע. אַליך וויכטיקער און וויכטיקער זיינען געוואָרן די לעגיאָנען; אַליך ווינציקער באַטרעף האָבן געקראָגן דער סענאַט און די פאָלקס־פאַרזאַמלונגען אין רוים. נאָר עס איז פאַראַן אַ מין שרעקעדיקער הומאָר אין דער געשיכטע פון קראַסוס, אַז מיר קאָנען זי ניט אינגאַנצן דורכלאָזן.

דער דאָזיקער קראַסוס איז געווען אַ גרויסער מלווה און אויפקויפער. ער איז געווען אַ טיפּישער חברה־מאַן פון דעם נייעם רייטער־שטאַנד, סאָציאַל גלייך צו דעם מאָדערנעם ספּעקולאַנט אויף געווער־פאַבריקאַציע. ער איז לכתחילה געוואָרן רייך דורכדעם, וואָס ער האָט אויפגעקויפט דעם אייגנטום פון די פּראָסקריבירטע דורך סולאַ. זיינע ערשטע אויפטוען אין מלחמה זיינען געווען קעגן ספּאַרטאַקוסן, וואָס ער האָט אים סוף־כּל־סוף איינגעבראָכן דורך אונטערקייפן זיינע אָנהענגער מיט אַ סך געלט נאָך גרויסע אָנשטרענגונגען אין אַ לאַנגער און שווערער קאַמפּאַניע. דערנאָך האָט ער, ווי אַ רעזולטאַט פון פאַרדרייטע געשעפטן, פאַרזיכערט זיך די קאָמאַנדע אין מזרח און האָט זיך געגרייט איבערצושטייגן לוקולוסן, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין מזרח־זייט פון פערגאַמאָן אין ביטיניע קיין פּאָנטוס, און פּומפּייוסן, וואָס האָט געהאַט פאַרענדיקט אויסצורייבן אַרמעניע.

זיין פּלאַן און זיין אויפטו דינען צו באַווייזן דאָס גראָבע אומוויסן, וואָס מיט דעם האָבן די רוימער אין יענער צייט געפירט זייער פּאָליטיק. ער איז אַריבער דעם פּרת, ווייל ער האָט זיך גערעכנט צו געפינען אין פּערסיע אַ צווייט העלעניזירט קיניגרייך, ווי פּאָנטוס. נאָר, ווי מיר האָבן שוין מיטגעטיילט, זיינען די גרויסע מאַסן נאָמאַדישע שבטים, וואָס האָבן זיך געהאַט אויסגעשפּרייט פון דונאַי דורך רוסלאַנד ביז צענטראַל־אַזיע, זיך ווידער צונויפגעקומען אין די לענדער צווישן דעם קאַספּישן ים און דעם טייך אינדוס, וואָס אַלעקסאַנדער האָט זיי געהאַט איינגענומען פאַר העלעניזם. קראַסוס האָט זיך ווידער געפונען אין קאַמף קעגן „סקיטן": קעגן באַוועגלעכע שבטים פון

רייטערס אונטערן אָנפיר פון אַ מאָנאַרך אין מעדישע מלבושים. אָט די באַזונדערע וואַריאַציע פון „סקיטן“, וואָס ער האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט זיי, האָבן געהייסן פּאַרטער. מע׳גלעך, אַז אין די פּאַרטער איז אַ מאָנגאָלישער (טוראַנישער) עלעמענט געווען אויסגעמישט מיט אַרישע עלעמענטן. נאָר די קאָמפּאַניע פון קראַסוס אויף יענער זייט פּרת איז אויף טשיקאַוועס ענלעך צו דער קאָמפּאַניע פון דריוש אויף יענער זייט דונאַי: דאָ איז דאָס זעלביקע שווערע אָנרוקן זיך פון אַן אינפאַנטעריע=חייל קעגן גרינגע רייטער, וואָס לאָזן זיך ניט אָנכאַפּן. נאָר קראַסוס האָט ניט אַזוי גיך ווי דריוש פאַרשטאַנען, אַז מען מוז זיך צוריקציען, און די פּאַרטער זיינען געווען בעסערע בויגנשיסערס ווי די, וואָס דריוש האָט אָנגעטראָפן. זיי האָבן קענטיק געהאַט אַ מין רעשדיקן געשאָס, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ ניט=געוויינטלעכע קראַפט, עפּעס אַזוינס, וואָס איז ניט געווען ענלעך צו אַ פּשוטן פייל. דער דאָזיקער בויגן, זאָגט פּראָפעסאָר דזש. ל. מיירס, איז געווען מסתמא דער צוזאַמענגעזעצטער בויגן, אָנגערופן אַזוי, ווייל ער איז געמאַכט פון עטלעכע (פינף אָדער מער) פּלעטלעך האָרן, אַזוי ווי די ספּרונזשינעס פון אַ קאַראָט; ער שיסט אַרויס אַ העכסט גיכן פייל מיט אַ בראַזג. דאָס איז געווען דער בויגן, וואָס עס נוצן די מאָנגאָלן. אָט דער צוזאַמענגעזעצטער בויגן (עס איז ניט געווען קיין לאַנגער בויגן) איז געווען גאַנץ אַלט אין מענטשלעכן באַנוץ. דאָס איז געווען דער בויגן פון אָדיסויס; די אַשורים האָבן אים געגעהאַט אין אַ מאָדיפיצירטער פאָרם. אין גריכנלאַנד איז ער פאַרשוואונדן, ער איז נאָר געבליבן ווי דער מאָנגאָלישער בויגן. ער איז געווען גאַנץ קורץ, זייער שטייף אָנצוציען, האָט געטראָפן היפּש ווייט און געשאָסן מיט אַ הויכן קלונג (פאַרגל׳ האָמערס שילדערונג פון דעם בראַזג פון דאָזיקן בויגן). אין דעם געגנט פון מיטללענדישן ים איז ער פאַרשוואונדן, ווייל דער קלימאַט איז ניט געווען פּאַסיק פאַר אים, און ווייל עס זיינען ניט געווען גענוג בעלי=חיים צו צושטעלן האָרן.

דער שפּיץ פון קראַסוס קאַמפּאַניע איז געווען די שלאַכט פון קאַרע (53 פאַר קר.), וואָס האָט געדויערט צוויי טעג: דאָס איז געווען אין דער אמתן אַ שחיטה, פון די פאַרבערענטע פון זון, דאַרשטיקע און הונגעריקע, שווערע רוימישע לעגיאָנען: זיי האָבן שווער געטאַפּשעט

אין זאמד, געזוכט אָנצופאַלן אויף אַ שונא, וואָס האָט זיך כסדר אַרויסגעמאַכט פון זייער אָנפאַל און איז געריטן אַרום זיי און האָט זיי צעשאָסן אויף פיצלעך. צוואַנציק טויזנט זייערע זיינען דערהרגעט געוואָרן, און צען טויזנט זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן קיין מזרח אין געפאַנגענשאַפט, כדי צו דינען ווי שקלאַפן אין איראַן.

וואָס עס איז געוואָרן מיט קראַסוסן, איז ניט קלאָר באַוואוסט. פאַראַן אַ געשיכטע, וואָס איז מסתמא אויסגעקלערט אויף צו דינען פאַר אַ מוסר־השכל, אויף צו ווייזן, אַז ער האָט געקראָגן אַ שטראָף מידה כנגד מידה פאַר זיין געלט־גיריקייט; עס ווערט דערציילט, אַז ער איז לעבעדיקערהייט אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די פּאַרטער, און זיי זאָלן אים האָבן געטויט דורך אַריינגיסן אים געשמאָלצן גאָלד אין האַלז.

אָט די מפלה האָט זייער אַ גרויסן באַטייט פאַר אונזער אַלגע־מיינער געשיכטע פון דער מענטשהייט. זי דינט אונז צו דערמאָנען, אַז פון דעם ריין ביז פרת, די גאַנצע שטרעקע פאַזע דער צפון־זייט פון די אַלפּן און פון דונאַי און פון שוואַרצן ים, האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ כסדרדיקער פּאַס פון נאָמאַדישע און האַלב־נאָמאַדישע פעלקער, וואָס די פּאָליטישע קונסט פון דער רוימישער אימפּעריע איז ניט געווען בכוח צו האַלטן זיי אין שלום און צו ציוויליזירן און איר מיליטערישער כוח האָט זיי ניט געקאָנט מאַכן אונטערטעניק. מיר האָבן שוין געווענדט דעם אויפמערק אויף אַ קאַרטע, וואָס ווייזט, ווי אַזוי די צווייטע בבלישע אימפּעריע, די אימפּעריע פון די כשדים, איז געלעגן ווי אַ שאָף, אַרומגענומען פון דער האַלבער לבנה פון די אויסווייניקסטע באַרבאַרן. רוים איז לא די וואָס קיין מאָל ניט געווען מסוגל אָפּצושטופן די דאָזיקע האַלבע לבנה, וואָס איז געלעגן איבער איר, נאָר זי איז קיין מאָל ניט געווען אין שטאַנד צו אָרגאַניזירן דעם מיטללענדישן ים פאַר אַ זיכערער און געאָרדנטער קאָמוניקאַציע־סיסטעם צווישן איין טייל פון דער אימפּעריע און דער צווייטער. רוים האָט קיין השגה ניט געהאַט וועגן דעם, אַז די מאָנגאָלישע שבטים פון צפונית־מזרחית־אַזיע, די הונען און זייערע קרובים, אַרויסגעטריבן פון כינע דורך די דינאַסטיעס טסי און כאַן, האָבן זיך אַ שטופּ געטאָן קיין מערב, זיך אויסגעמישט

מיט די סקיטן, פּאַרטער, גערמאַנען וכדומה, אָדער זיי אָפּגעטריבן פֿאַר זיך.

קיין מאָל האָט די רוימער ניט אָפּגעגאָלטן צו פֿאַרבריטערן זייער אימפּעריע אויף יענער זייט מעסאָפּאָטאַמיע און אין מעסאָפּאָטאַמיע גופא האָבן זיי זיך אויך ניט געהאַלטן באַזונדערס פעסט. פֿאַרן סוף פֿון דער רעפּובליק איז דער כּוח צו אַסימילירן פֿעלקער און שבטים, וואָס איז געווען דער סוד פֿון זייער הצלחה, אָפּגעטראָטן דעם אָרט פֿאַר „פּאַטריאָטישער" אויסשליסלעכקייט און „פּאַטריאָטישער" גערי־קייט. רוים האָט אויסגעראָטן און חרוב געמאַכט קליין־אַזיע און בבל, וואָס זיינען געווען דער נויטווענדיקער באַזיס פֿאַר אַן אויסשפּרייט קיין מזרח, פּונקט ווי זי האָט חרוב געמאַכט און אויסגעראָטן קאַר־טאַגאָ, און האָט אַזוי אַרום ניט געהאַט קיין אָנהאַלט פֿאַרן אויסשפּרייט אין אַפֿריקע, און פּונקט ווי זי האָט חרוב געמאַכט קאָרינט און זיך אָפּגעשניטן אַ גרינגן וועג אין האַרץ פֿון גריכנלאַנד. מערב־אייראָ־פּעיִשע שרייבערס פֿאַרגעסן, אונטערן איינדרוק פֿון דעם פֿאַקט, אַז שפּעטער צו האָט רוים ראָמאַניזירט און ציוויליזירט גאַליע און דרום־בריטאַניע און אויפֿגעריכט די פֿריערדיקע חורבות, וואָס זי האָט אָנגעמאַכט אין שפּאַניע, — אַז אין די פֿיל גרעסערע שטרעקעס פֿון דרום און מזרח האָט איר השפּעה געדינט אָפּצושוואַכן די פֿיל ברייטערע באַצווינגונגען פֿון דער העלענישער ציוויליזאַציע, און אַזוי אַרום צו שטאַרקן דאָס באַרבאַרנטום.

---

### 5. דער סוף פֿון דער רעפּובליק.

נאָר די פּאָליטיקער פֿון איטאַליע אין ערשטן יאָרהונדערט פֿאַר קריסטוסן האָבן פֿאַר זיך ניט געהאַט קיין קאַרטעס פֿון דייטשלאַנד און רוסלאַנד, פֿון אַפֿריקע און צענטראַל־אַזיע, און ניט קיין גענוג אינטעליגענץ צו שטודירן זיי, אַפּילו אויב זיי וואָלטן עקסיסטירט. רוים האָט קיין מאָל ניט אַנטוויקלט די פֿיינע נייגעריקייט, וואָס האָט אַראָפּגעפֿירט האַנאָן און די שיפֿערס פֿון פּרעה נכה אַראָפּ ביז צו די ברעגעס פֿון אַפֿריקע. אין ערשטן יאָרהונדערט פֿאַר קר.,

בעת די שלוחים פון דער כאַן-דינאַסטיע האָבן דערגרייכט צו די מזרחדיקע ברעגעס פון קאַספּישן ים, האָבן זיי געפונען נאָר מעשיות וועגן אַ ציוויליזאַציע, וואָס איז אָפּגעטראָטן. דער אָנדענק פון אלכסנדרן האָט נאָך געלעבט אין די דאָזיקע געגנטן, נאָר וועגן רוים האָבן מענטשן געוואוסט נאָר, אַז פּומפּיוס איז געווען געקומען צו די מערבדיקע ברעגעס פון קאַספּישן ים און איז אַוועק, און אַז קראַסוס איז צעשמעטערט געוואָרן. רוים איז געווען פאַרנומען בײַ זיך אין דער היים. יענע גײַסטיקע ענערגיע, וואָס איז איבערגעבליבן אין דעם רוימישן בירגער נאָך זײַנע מאַטערנישן צו ווערן פּערזענלעך רײַך און צו בלײַבן פּערזענלעך גאַנץ, איז געווען אָנגעשפּאַנט אויף די פּלענער און אַרויסטרעטונגען פון די פאַרשיידענע אַוואַנטוריסטן, וואָס האָבן איצט באַשײַמפּערלעך זיך געצויגן צו פאַרכאַפּן די אייבערשטע מאַכט.

עס איז אַ מנהג פון היסטאָריקער צו באַהאַנדלען די דאָזיקע מלחמות מיט גרויס רעספּעקט. באַזונדערס איז די געשטאַלט פון יוליוס קיסר אויסגעצייכנט, ווי אויב זי וואָלט געווען אַ שטערן פון העכסטן גלאַנץ און וויכטיקייט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. נאָר אַז מען באַטראַכט אָן פּניות די באַוואוסטע פאַקטן, זעט מען איין, אַז די דאָזיקע טעאָריע וועגן צעזאַרס גרויסקייט איז לחלוטין ניט באַרעכטיקט. אפילו יענער איבעראַיילטער פאַרדאַרבער פון גלענצנדע מעגלעכקייטן, אלכסנדר דער גרויסער, איז ניט אַזוי אויסגעפּוצט געוואָרן צו דערוועקן די באַוואונדערונג פון אומקריטישע לייענערס. פאַראַן אַ טיפּ געלערנטע, וואָס מען קאָן בפירוש זאָגן וועגן אים, אַז ער זיצט און *קלערט אויס*, לויט פּשוטע אָנצוהערענישן אָדער גלאַט אַזוי, אַ הפלאדיקע וועלט-פּאָליטיק פאַר אַלע מער אָנזעעוודיקע פיגורן פון דער געשיכטע.

מען האָט אונז דערציילט, אַז אלכסנדר האָט געפּלאַנעוועט אײַנצונעמען קאַרטאַגאָ און רוים און אונטערטעניק צו מאַכן גאַנץ אינדיע, און אַז נאָר זײַן טויט האָט צעשטערט די דאָזיקע פּלענער. וואָס מיר ווייסן אויף געוויס, איז, אַז ער האָט אײַנגענומען די פּערסישע אימפּע-

ריע און איז קיין מאָל ניט אַרויס ווייט אַריבער אירע גרענעצן; און אַז אין דער זעלביקער צייט, ווען ער האָט, לויט דער השערה, זיך פֿאַרנומען מיט אויסאַרבעטן די דאָזיקע גרויסע און געהויבענע פּלענער, איז ער אין דער אמתן אַריינגעטאָן געווען אין אַזעלכע משוגענע שטיק, ווי זיין טרויער איבער זיין ליבלינג העפעסטיאָן, און זיין הויפּט־עסק איז געווען צו שיכּורן און דערשיכּורן זיך אויף טויט. אַזוי האָט מען אויך בנוגע יוליוס קיסר אויסגעקלערט, אַז ער זאָל האָבן געהאַט בדעה צו טאָן די איינציקע ניט אוממעגלעכע זאַך, וואָס וואָלט געקאָנט פֿאַרזיכערן די רוימישע אימפּעריע קעגן איר שפּעטערדיקן חורבן — נעמלעך סיסטעמאַטיש צו באַצווינגען און צו ציוויליזירן אייראָפּע ביז צום באַלטישן ים און ביז צום דניעפּער. ער האָט געדאַרפֿט מאַרשירן אויף גערמאַניע, זאָגט פּלוטאַרך, דורך פּאַרטיע און סקיטיע, אין צפֿון־זייט אַרום דעם קאַספּישן און שוואַרצן ים.

אָבער דער פֿאַקט, וואָס מיר האָבן אים אויסצושטימען מיט אָט דעם קלוגן און גרויסאַרטיקן פּראָיעקט, איז דער, אַז אויף דער שפּיץ פֿון זיין מאַכט האָט צעזאַר, אַ מענטש שוין אין די מיטעלע יאָרן, וואָס האָט שוין לאַנג געהאַט הינטער זיך דעם ברען פֿון אַ יוגנטלעכער ליבע, פֿאַרבראַכט דעם בעסערן טייל פֿון יאָר אין עגיפּטן אין פֿריילעכע סעודות און ליבע־שפּיל מיט דער עגיפּטישער קיניגין קלעאָפּאַטרע. און דערנאָך האָט ער זי מיטגענומען מיט זיך קיין רוים, וואו מען האָט איר איינפֿלוס אויף אים זייער ווייטאָגדיק געשפּירט. אַזאַ פֿאַרדרייעניש מיט אַ פֿרוי איז כאַראַקטעריסטיש גיכער פֿאַר אַן עלטערן בעל־תּאווהניק אָדער ווייכהאַרציקן מיטל־מענטש — ער איז שוין געווען אַ פֿיר־און־פֿופֿציקער ביי דער באַגעגעניש מיט קלעאָפּאַטרען — איידער פֿאַר אַ גרויסן וועלט־רעגירער.

אויפֿן חשבון פֿון אָט דער פֿאָרשטעלונג פֿון צעזאַרן ווי פֿון אַן איבערמענטש מוזן מיר שטעלן אַ ביוסט אין נעאַפּאָלער נאַציאָנאַלן מוזיי. ער שטעלט פֿאָר אַ פֿיינעם און פֿאַרגייסטיקטן פּנים, זייער איידל אין זיין אויסדרוק, און מיר קאָנען פֿאַרבינדן דערמיט די געשיכטע, אַז זיין קאָפּ איז שוין פֿון געבוירן אָן געווען ניט געוויינטלעך גרויס

און פיין געפורעמט. נאָר עס זיינען באמת ניטאָ קיין גענוגע באַווייזן, אַז דער דאָזיקער גוט באַוואוסטער ביוסט שטעלט פאָר טאַקע צעזאַרן, און עס איז שווער אויסצושטימען די שטרענגע לויטערקייט פון ביוסט מיט דעם שם, וואָס צעזאַר האָט געהאַט, פאַר אַ בעסן און אַ ניט־איינגעצאַמטן מענטשן. עס זיינען פאַראַן נאָך אַנדערע ביוסטן, וואָס מען האַלט, אַז דאָס זיינען צעזאַרס פּאָרטרעטן, — יענע זעען אויס גאָר אַנדערש.

עס קאָן כמעט קיין ספק ניט זיין, אַז יונגערהייט איז צעזאַר געווען אַ צעלאָזענער און פאַרשייטער בחור — זיין אויפהאַלט אין ביטיניע, וואָס אַהין איז ער אַנטלאָפן פאַר סולאַן, איז פול און פיל מיט סקאַנדאַלן; ער איז געווען אַ חבר פון דעם פאַררופענעם קלאָדיוסן און פון דעם פאַרשווערער קאַטילינאַ, און אין זיין פּאָליטישער קאַריערע איז ניט צו מערקן קיין שום העכערער אָדער ברייטערער ציל, ווי דער, אַז ער אַליין זאָל קומען צו מאַכט און קאָנען געניסן די אַלע גוטיקייטן, וואָס מאַכט קאָן געבן. מיר וועלן דאָ ניט פּרווון צו דערציילן אַלע קערן און ווענדונגען פון זיין קאַריערע. הגם ער האָט געשטאַמט פון אַן אַלטער פּאַטריצישער פאַמיליע, איז ער אַריין אין דער פּאָליטיק ווי דער גלענצנדער ליבלינג פון פאָלק. ער האָט אויסגעגעבן גרויסע סומעס און האָט אויפגעלאָדן אויף זיך גרויסע חובות, כדי איינצואָרדענען עפנטלעכע פייערונגען אויף אַ העכסט אויסברענגערישן שטייגער. ער האָט זיך געשטעלט אין אָפּאָזיציע צו סולאַן און האָט געהאַלטן טייער דעם אָנדענק פון מאַריוסן, וואָס איז געווען זיינער אַ צוגעקומענער פעטער. אַ געוויסע צייט האָט ער געווירקט אין פאַרבונד מיט קראַסוס און פּומפּיוס, נאָר נאָך קראַסוסעס טויט האָט ער זיך צעקריגט מיט פּומפּיוסן.

אַרום 49 פאַר קר. האָבן ער און פּומפּיוס מיט זייערע לעגיאָנען, ער פון מערב־זייט און פּומפּיוס פון מזרח־זייט, געקעמפט אָפן פאַר דער הערשאַפט אין דער רוימישער מלוכה. ער האָט געהאַט עובר געווען אויפן געזעץ, דורכדעם וואָס ער האָט אַריבערגעפירט זיינע לעגיאָנען איבער דעם טייך רוביקאָן, וואָס איז געווען דער גרענעץ צווישן זיין קאָמאַנדע־געביט און צווישן איטאַליע. אין דער שלאַכט פון פאַרסאַלאָס אין טעסאַליע (48 פאַר קר.) איז פּומפּיוס געוואָרן

צעקלאַפּט; ער איז אַנטלאָפֿן קיין עגיפּטן, דאָרט האָט מען אים דערהרגעט, און צעזאַר איז געבליבן דער באַהערשער פֿון דער רוימישער וועלט אין אַ גרעסערער מאָס, ווי דאָס איז געווען סולאַ.

אין יאָר 46 פֿאַר קר. איז ער געוואָרן באַשטימט פֿאַר אַ דיקטאַטאָר אויף צען יאָר, און אָנהייב 45 פֿאַר קר. איז ער געוואָרן געמאַכט פֿאַר אַ דיקטאַטאָר ווי לאַנג ער וועט לעבן. דאָס איז געווען אַ מאָנאַרכיע; אויב ניט קיין מאָנאַרכיע, וואָס גייט איבער בירושה, איז לכל-הפּחות אַ וואַל-מאָנאַרכיע אויפֿן לעבן. עס איז געווען אַן אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייט צו טאָן דאָס בעסטע פֿאַר דער וועלט. און לויט דעם, ווי אַזוי צעזאַר האָט אויסגענוצט זיין מאַכט אין משך פֿון אָט די פֿיר יאָר, זיינען מיר געצוואונגען אים צו משפּטן. ער האָט דורכגעפֿירט אַ געוויסע רעאָרגאַניזאַציע פֿון דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע, און עס ווייזט אויס, אַז ער האָט אַרומגעקלערט אַ פּראָיעקט וועגן אויפֿריכטן ביידע חרובע ים-האַפֿנס, קאָרינט און קאַרטאַגאָ, וואָס דאָס איז געווען אַ בפֿירושע נויטווענדיקייט אין יענער צייט, וואָרעם דאָס גאַנצע ים-לעבן אויפֿן מיטללענדישן ים איז געווען געבראָכן מחמת דער צעשטערונג פֿון די דאָזיקע שטעט. נאָר אַ סך דייטלעכער איז די השפּעה פֿון קלעאָפּאַטרע און פֿון עגיפּטן אויף זיין גייסט. פּונקט ווי פֿריער אלכּסנדר, אַזוי האָט, ווייזט אויס, אויך ביי אים זיך דער קאָפּ פֿאַרדרייט דורך דער טראַדיציע פֿון דעם גאָט-קיניג, וואָס איז בלי-ספק געשטיצט געוואָרן דורך דער חניפֿה פֿון דער רייצנדער געטין קלעאָפּאַטרע. מיר געפֿינען דעם זעלביקן קאָנפֿליקט פֿון וועגן די פּרעטענזיעס אויף אַ גאָט צווישן אים און זיינע פּערזענלעכע גוטע פֿריינד, ווי דעם וואָס מיר האָבן שוין פֿאַרצייכנט ביי אלכּסנדרן. ווי ווייט דאָס איז שייך דעם העלעניזירטן מזרח, איז דאָס געווען אַ געוויינטלעכע זאַך אָפּצוגעבן דעם מושל געטלעכן כּבוד; נאָר אין רוים מיט אירע אַרישע טראַדיציעס האָט מען אַזאַ געדאַנק נאָך ניט געקאָנט פֿאַרטראָגן.

אַנטאָניוס, וואָס איז געווען זיין געהילף אין דער קאָמאַנדע ביי פֿאַרסאַלאָס, איז געווען דער ערשטער צווישן די חונפֿים אַנטקעגן אים. פּלוטאַרך שילדערט אַ סצענע בעת די עפֿנטלעכע שפּילן, ווי אַנטאָניוס האָט געפּרוּווט אָנטאָן איבער געוואַלד צעזאַרן אַ קרוין אויפֿן קאָפּ,

נאָר צעזאַר האָט נאָך אַ ווײַלע קווענקלען זיך, אַז ער האָט דערזען די אומצופרידנקייט פון המון, זיך אָפּגעזאָגט דערפון. נאָר ער האָט אָנגענומען די העלפאַנדבײנערנע קיניגלעכע רוט און דעם טרוין, וואָס



אָקטאַוויאַנוס אווגוסטוס, דער ערשטער רוימישער קיסר.

זײַנען געווען די טראַדיציאָנעלע סימנים פון די פּאַרצײַטיקע רוי־מישע מלכים. בײַ דער פּאָמפּאַ, דער פּראָצעסיע בײַם עפענען די אַרענע, פלעגט מען טראָגן זײַן בילד צוזאַמען מיט די בילדער פון די געטער, און זײַן סטאַטוע איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין אַ טעמפּל

מיט אַן אויפשריפט „דעם ניט־באַזיגלעכן גאָט“. עס זיינען אַפילו געווען באַשטימט באַזונדערע כּהנים פאַר זיין גאָטהייט. די דאָזיקע זאַכן זיינען ניט סימנים פון גרויסקייט פון גייסט, נייערט נאָר סימפּטאָמען פון דער מעגאַלאָמאַניע פון אַ פּשוטן מענטשן, וואָס גייט שיער ניט אַראָפּ פון זינען מחמת זיין גדולה, וואָס ער איז צו שוואַך זי צו פאַרטראָגן. אָט די ידיעות וועגן דעם פּערזענלעכן קולט פון צעזאַרן זאָגן עדות אויף נאַרישע און מיאוסע כּוונות; זיי לאָזן זיך לחלוטין ניט אויסשטימען מיט דער פאָרשטעלונג, אַז ער איז געווען אַ קלוגער און הפלאדיקער איבער־מענטש, וואָס האָט געהאַט בדעה אַוועקצושטעלן די וועלט אויפן געהעריקן אָרט.

צולעצט (44 פאַר קר.) האָבן אים דערהרגעט אַ גרופּע פון זיינע אייגענע גוטע פריינד און אָנהענגער, וואָס האָבן שוין מער ניט געקאָנט אַריבערטראָגן אָט די אָנשטעלן פון אַ גאָט. אינמיטן אַ זיצונג פון סענאַט איז מען אויף אים אָנגעפאַלן און מען האָט אים דורכגעשטאָכן מיט קינזשאַלן אין דריי און צוואַנציק ערטער; ער איז געשטאָרבן צופוסנס פון דער סטאַטוע פון זיין געפאַלענעם קאָנקורענט פּומפּיוס. די דאָזיקע סצענע באַווייזט די פולקומע דעמאָראַליזאַציע פון דער אַלט־רוימישער רעגירנדיקער קערפערשאַפט. ברוטוס, דער אָנפירער פון דער פאַרשווערונג, האָט זיך געוואָלט ווענדן צו די סענאַטאָרן מיט אַ רעדע, נאָר אַלע, וואָס זיינען געווען דערביי ביי דער סצענע, זיינען זיך צעלאָפן אין אַלע זייטן. כמעט אַ גאַנצן טאָג צייט האָט רוים ניט געוואוסט וואָס צו טאָן צו דער געשעעניש; די מערדערס זיינען אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן מיט זייער פאַרבלוטיקטע געווער, און די שטאָט איז געווען צעטומלט, קיינער האָט זיך ניט אַנטקעגנגעשטעלט קעגן זיי און נאָר ווייניק זיינען צוגעשטאַנען צו זיי. אָבער צולעצט האָט די עפנטלעכע מיינונג זיך געווענדט קעגן זיי, מען איז אָנגעפאַלן אויף די הייזער פון אייניקע פון זיי, און זיי האָבן געמוזט זיך באַהאַלטן און אַנטלויפן, כּדי צו ראַטעווען זייער לעבן.

---

## 6. דער פּרינצעפּס.

אָבער די אַלגעמיינע טענדענץ פון דער צייט האָט געצויגן מיט אימפּעט צו מאָנאַרכיע. נאָך 13 יאָר האָבן געדויערט די מלחמות צווישן די איינציקע פּערזאָנען. נאָר איין איינציקער מענטש צווישן די אַלע — דאָס דאַרף ווערן פאַרצייכנט — איז געווען באַגייסטערט פון ברייטע געדאַנקען און מיט אַן אַמביציע ניט אינגאַנצן אַן עגאָיִסטישער, דאָס איז געווען ציצעראָ. ער איז געווען אַ מענטש פון באַשיידענעם אָפּשטאַם, און נאָר אַדאַנק זיין רייד=קונסט און זיין ליטעראַרישן טאַלאַנט האָט ער פאַרנומען אַ פירנדיקן אָרט אין סענאַט. ער איז אַ ביסל געווען קאַליע דורך דער אָפּנאַרערישער טראַדיציע פון דעמאָסטענעס, פונדעסטוועגן צייכנט ער זיך אויס ווי אַן איידעלע און פּאַטעטישע פיגור אין זיין אומזיסטן קאַמף קעגן אַ ביז גאָר דעגענערירטן, געמיינעם און פחדנותדיקן סענאַט פאַר די הויכע אידעאַלן פון דער רעפּובליק. ער איז געווען זייער אָפּגעהיט און אויסגעפיינערט אין סטיל פון זיין שרייבן, און פון זיינע רעדעס און בריוו, וואָס זיינען דערגאַנגען צו אונז, דערשיינט ער פאַר דעם מאָדערנעם לעזער ווי איינע פון די רעאַלסטע און לעבעדיקסטע פיגורן פון זיין תקופה. ער איז געוואָרן פּראָסקריבירט און דערהרגעט אין יאָר 43 פאַר קר., אַ יאָר נאָך דער דערמאָרדונג פון יוליוס קיסר, און זיין קאָפּ און זיינע הענט זיינען צוגענאָגלט געוואָרן צו אַ ברעט אויפן רוימישן פאָרום. אָקטאַוויאַן, וואָס איז סוף=כל=סוף געוואָרן דער מאָנאַרך פון רוים, האָט, ווייזט אויס, געמאַכט אַן אָנשטרענגונג צו ראַטעווען ציצעראָן; דער דאָזיקער מאָרד איז זיכער ניט זיין פאַרברעך.

מיר קאָנען דאָ ניט פונאַנדערנעמען דעם גאַנצן פּלאָנטער=קנויל פון די אָפּדיידעניש און אָפּנאַרעניש, וואָס האָבן זיך געענדיקט דערמיט, וואָס צו דער מאַכט איז געקומען אָקטאַוויאַן, דער אַדאָפּטירטער יורש פון יוליוס קיסר. דער גורל פון די הויפּט=פיגורן איז פאַרקניפּלט מיטן גורל פון קלעאָפּאַטרע.

נאָך צעזאַרס טויט האָט זי זיך אַריינגענומען אין זינען צו פאַנגען די געפילן און די פּוסטע גאווה פון אַנטאָניוסן, וואָס איז געווען אַ סך יינגער פאַר צעזאַרן און וואָס זי איז מיט אים מסתמא שוין געווען

באַקאַנט. אויפֿן משך פֿון אַ געוויסער צייט האָבן אָקטאַוויאַן און אַנטאָניוס און אַ דריטער פּאַרשוין, לעפּידוס, צעטיילט צווישן זיך די רוימישע וועלט, פּונקט ווי צעזאַר און פּומפּיוס האָבן זי געהאַט צעטיילט, אייַדער זיי האָבן זיך צעקריגט. אָקטאַוויאַן האָט גענומען דעם האַרבערן מערב און האָט פֿאַרפֿעסטיקט זיין מאַכט; אַנטאָניוס האָט געקראָגן אויף זיין חלק דעם רייכערן מזרח — און קלעאָפּאַטרען. לעפּידוס איז אָנגעקומען דער אָפּגעגריזעטער ביין — די קאַרטאַגישע אַפֿריקע. ער איז, ווייזט אויס, געווען אַ גוטער מענטש מיט גוטע טראַדיציעס, וואָס איז געווען אָפּגעלייגט מער אויף אָפּבויען קאַרטאַגאָ, אייַדער אויף שאַפֿן זיך רייכקייט אָדער פּערזענלעכן כּבוד. אַנטאָניוס האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ די זעלביקע אַלטע אידעען וועגן אַ געטלעכן קיניגטום, וואָס האָבן זיך שוין אַרויסגעוויזן פֿאַר צו שווער פֿאַר צעזאַרס גייסטיקן גלייכוואָג. אין דער געזעלשאַפֿט פֿון קלעאָפּאַטרע האָט ער זיך איבערגעגעבן צו ליבע, פֿאַרווילונגען און צו אַ חלום וועגן תּאוות־דיקער גדולה, ביז אָקטאַוויאַן האָט דערשפּירט, אַז עס האָט געשלאָגן די שעה צו מאַכן אַ סוף מיט די צוויי עגיפּטישע גאָטהייטן.

אין יאָר 32 פֿאַר קר. האָט אָקטאַוויאַן געפּועלט ביים סענאַט, ער זאָל אַראָפּזעצן אַנטאָניוס פֿון דער קאָמאַנדע אין מזרח, און איז אַרויסגעטראָטן אין אַ מלחמה קעגן אים. די גרויסע ים־שלאַכט ביי אַקציום איז געוואָרן באַשלאָסן דערמיט, וואָס פּלוצים אינמיטן דעם קאַמף האָט קלעאָפּאַטרע מיט אירע זעכציק שיפֿן פֿאַרלאָזן דעם פּלאַץ. מיר קאָנען איצט ניט באַשטימען, וואָס איז געווען דער אמתער מאָטיוו פֿון איר טאָן, צי איז דאָס געווען אַ לכתּחילה אויסגערעכנטע פֿעלשונג אָדער אַ פּלוצימדיקער קאַפּריז פֿון אַ שיינער פֿרוי. דער אָפּפֿאָר פֿון די דאָזיקע שיפֿן האָט אַריינגעבראַכט אַנטאָניוס פֿלאָט אין אַ מהומה אָן אַן אויסגאַנג, וואָס איז נאָך פֿאַרשטאַרקט געוואָרן דערמיט, וואָס אַנטאָניוס גופֿא האָט הענדום־פּענדום זיך געלאָזט נאָכלויפֿן דער געליבטער. אָן צו זאָגן אַ וואָרט זיינע קאָמאַנדירן איז ער אָפּגעשוואומען אין אַ גרינגער גאַלערע. ער האָט זיינע אָנהענגער געלאָזן קעמפֿן און שטאַרבן, וויפֿיל זייער האַרץ גלוסט, און אַ צייט האָבן זיי גאָרניט געגלויבט, אַז ער איז אַוועק. ווי אַזוי

די צוויי געליבטע האָבן זיך ווידער באַגעגנט און פאַראייניקט — דאָס איז אַן ענין פאַר פלוטאַרכס אַן איראָנישער באַטראַכטונג.

אָקטאַוויאַנס נעין האָט פּאַוואָליע פעסט אַרומגעכאַפּט זיין קעגנער. עס לייגט זיך גאַנץ גוט אויפן שכל, אַז עס האָט געקאָנט זיין אַ מין אָפּרייד צווישן אָקטאַוויאַן און קלעאָפּאַטרע, פונקט ווי עס האָט אין צעזאַרס צייט געקאָנט זיין אַ הסכם צווישן דער קיניגין און אַנטאָניוסן. בעת דעם לעצטן אַקט פון דער קליינער דראַמע איז אַנטאָניוס אַרויסגעטראָטן צום טייל ווי אַ קלאָגער אויף זיין ביטערן גורל, צום טייל ווי אַ הייסער ליבהאָבער. אַ געוויסע צייט האָט ער פּאָזירט ווי אַ נאָכמאַכער פון דעם קיניקער טימאָן, ווי איינער וואָס האָט אָנגעוואָרן דעם גלויבן אין דער מענטשהייט, הגם מען האָט דאָס רעכט צו זאָגן, אַז די פאַרלאָזענע ים=לייט ביי אַקציום האָבן געהאַט מער גרונט פאַר אַזעלכע טענות. צולעצט האָט ער זיך געפונען מיט קלעאָפּאַטרען אין אלכסנדריא באַלעגערט פון אָקטאַוויאַנען. געווען עטלעכע אַרויספאַלן און קלענערע ניצחונות, און אַנטאָניוס האָט געלאָזט מעלדן אָקטאַוויאַנען, אַז ער לייגט פאָר צו באַשליסן די זאַך דורך אַ פּערזענלעכן צוויי=קאַמף. ער האָט זיך געלאָזט איינריידן, אַז קלעאָפּאַטרע האָט זיך גענומען דאָס לעבן, און דעמאָלט האָט ער, ווי אַ ראָמאַן=העלד, זיך אַליין דורכגעשטאָכן, אָבער ער האָט דאָס געטאָן אַזוי אומגעשיקט, אַז ער האָט זיך לאַנג געמאַטערט, ביז ער איז אויסגעגאַנגען פאַר איר אין די אויגן (30 פאַר קר.).

פלוטאַרכס דערציילונג וועגן אַנטאָניוסן, וואָס שטאַמט אין אַ גרויסער מאָס פון עדות, וואָס האָבן אים געזען און געקענט, שילדערט אים ווי לויט אַ העראָישן שאַבלאָן. ער ווערט צוגעגליכן צום האַלב=גאָט הערקולעס, וואָס ער האָט זיך באַרימט, אַז ער שטאַמט פון אים, און אויך צום אינדישן באַקכוס. פאַראַן אַן עקלדיקע אָבער אַ כאַראַקטעריסטישע שילדערונג פון אַ סצענע אין סענאַט, ווען ער האָט געפרוווט ריידן אַ שיכורער, און עס האָט מיט אים געטראָפן אַזוינס, וואָס עס טרעפט בעת דער לעצטער סטאַדיע פון שיכרות.

אַ שטיקל צייט האָט קלעאָפּאַטרע זיך נאָך געקלאַמערט אָן לעבן, און אפשר האָט נאָך געטליעט אין איר די האָפענונג, אַז זי וועט קאָנען אַריינפירן אָקטאַוויאַנען אין דער זעלביקער ראָלע, וואָס עס

האָבן געשפּילט יוליוס קיסר און אַנטאָניוס. זי האָט געהאַט אַ באַגע־געניש מיט אָקטאַוויאַנען, וואו זי האָט זיך פּאָרגעשטעלט ווי אַ שיינהייט אין טרויער און זייער גרינג אָנגעטאָן. אָבער אַז עס איז גע־וואָרן באַשיימפּערלעך, אַז אָקטאַוויאַנען פעלט דער געטלעכער גלאַנץ, און אַז דאָס וואָס ער זאָרגט אַזוי פאַר איר באַקוועמלעכקייט און וואוילזיין, איז דאָס דער עיקר דערפאַר, ווייל ער וויל זי ווייזן אין אַ טריומף־פּראָצעסיע אין די גאַסן פון רוים, האָט זי זיך גענומען דאָס לעבן. מען האָט צו איר אַריינגעשמוכלט דורך דער רוימישער וואַך אַ גיפטיקע שלאַנג באַהאַלטן אין אַ קאָרב פייגן, און פון דער שלאַנגס ביס איז זי געשטאָרבן.

אָקטאַוויאַן איז, ווייזט אויס, געווען כמעט אינגאַנצן פריי פון די געטלעכע אַספּיראַציעס פון יוליוס קיסר און אַנטאָניוס. ער איז ניט געווען ניט קיין גאָט און ניט קיין העלד פון אַ ראָמאַן; ער איז גע־ווען אַ מאַן. ער איז געווען אַ מאַן מיט אַ ברייטערן פאַרנעם און מיט גרעסערע פעיקייטן, ווי וואָסער עס איז אַנדער שפּילער אין אָט דעם לעצטן אַקט פון דער רעפּובליקאַנישער דראַמע אין רוים. ווען מען נעמט אין אַכט אַלע אומשטאַנדן, איז ער געווען אפשר די בעסטע זאַך, וואָס האָט געקענט טרעפן מיט רוים אין יענער צייט. ער האָט מיטן גוטן ווילן זיך אָפּגעזאָגט פון די אויסערגעוויינטלעכע פולמאַכטן, וואָס ער האָט געהאַט זינט 43 און האָט, — צו ציטירן זיינע אייגענע ווערטער — „איבערגעענטפערט די רעפּובליק צו דער השגחה פון דעם סענאַט און פון רוימישן פאָלק". עס איז ווידער געלאָזן געוואָרן אין גאַנג די אַלטע קאָנסטיטוציאָנעלע מאַשין; עס האָבן ווידער אָנגעהויבן פונק־ציאָנירן דער סענאַט, די פאָלקס־פאַרזאַמלונג, די אַמטן, און אָקטאַוויאַן גופא איז געוואָרן באַגריסט ווי דער „אויפריכטער פון דער רעפּובליק און דער קעמפער פאַר פרייהייט".

„עס איז ניט געווען אַזוי קלאָר צו באַשטימען, וואָס פאַר אַ שייכות האָט ער גופא, דער אמתער האַר פון דער רוימישער וועלט, באַדאַרפט האָבן צו דער דאָזיקער אויפגעריכטער רעפּובליק. וואָלט ער זיך אָפּגעזאָגט פון דער מאַכט טאַקע מיט אַן אמת, וואָלט זיך פון דאָס ניי אָנגעהויבן די מהומה. דער אינטערעס פון שלום און אָרדענונג האָט פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל אײַנהאַלטן לכל־הפּחות

דעם גרונט-טייל פון זיין אווטאָריטעט. און די דאָזיקע פאָדערונג איז טאַקע פּאַקטיש באַפרידיקט געוואָרן, און עס איז געוואָרן באַגרינדעט די רעגירונג פון קיסרים אין אַן אופן, וואָס האָט ניט זיין גלייכן אין דער געשיכטע. אַז עס זאָל אויפגעלעבט ווערן דער טיטל קיניג, האָט גאָר קיין רייד ניט געקאָנט זיין, און אָקטאַוויאַן גופא האָט בפירוש אָפּגעוואָרפן די דיקטאַטאָרשאַפט. עס איז אויך ניט באַשאַפן געוואָרן קיין נייער אַמט, און מען האָט אויך ניט אויסגעקלערט פאַר אים קיין נייעם אַמטלעכן טיטל. נאָר דורך דעם סענאַט און דעם פאָלק איז ער באַשאָנקען געוואָרן, בהסכם מיט די אַלטע קאָנסטיטוציאָנעלע פאָרמען, מיט געוויסע פולמאַכטן, ווי אַ סך בירגער פאַר אים, און אַזוי אַרום האָט ער פאַרנומען זיין אָרט זייט ביי זייט מיט די געזעצלעך באַשטימטע באַאַמטע פון דער רעפובליק. מער ניט וואָס דען? כּדי אויסצוצייכענען זיין באַזונדער ווערדע, ווי דער ערשטער פון אַלע, האָט דער סענאַט באַשטימט, אַז עס ווערט אים געגעבן דער צונאָמען „אַוגוסטוס"*, בעת אין געוויינטלעכן שמועס פלעגט מען אים זינט דעמאָלט אָנרופן „פּרינצעפּס", דער ערשטער, אַ פּשוטער העפלעכקייטס-טיטל, וואָס שטימט מיט די רעפובליקאַנישע מנהגים און האָט ניט קיין אַנדער באַטייט ווי דער, אַז דער טרעגער איז דער ערשטער אין דער מדרגה צווישן אַלע זיינע מיטבירגער.

„דער אידעאַל פון אַ קאָנסטיטוציאָנעלן פּרעזידענט פון אַ פרייער רעפובליק, וואָס ציצעראָ האָט אים סקיצירט אין זיין ווערק „וועגן דער רעפובליק", איז באַשיימפּערלעך געווען פאַרווירקלעכט; נאָר דאָס האָט נאָר אויסגעוויזן אַזוי לפנים נאָך. וואָרעם פּאַקטיש האָבן די ספּעציעלע פולמאַכטן, וואָס זיינען אַריבערגעטראָגן געוואָרן אויף אָקטאַוויאַנען, אים צוריק אָפּגעגעבן אין עצם יענע אַווטאָקראַטישע מאַכט, וואָס ער האָט זיך געהאַט פון איר אָפּגעזאָגט. אַזוי אַרום האָט דער כּוח פון דעם נייעם „פּרינצעפּס" שטאַרק איבערגעוואויגן דעם כּוח פון דער אויפגעריכטער רעפובליק"**.

---

* דאָס איז טייטש: בכבודיקער, און אויך הייליקער; שפּעטער איז צוגעקומען דער טייטש: קייזערלעכע מאַיעסטעט. (איבערז.).

** ה. ס. דזשאָנס אין דער ענציקלאָפּעדיאַ בריטאַניקאַ, אַרטיקל Rome.

### 7. פּאַרוואָס איז די רוימישע רעפּובליק אונטערגעגאַנגען.

אויף אַזאַ אופן האָט דער רוימישער רעפּובליקאַניזם זיך גע־ענדיקט מיט אַ „פּרינצעפּס“ אָדער מאָנאַרכיסטישן מושל, און דער ערשטער גרויסער פּרווו פון אַן אַליין־זיך־רעגירנדיקער געמיינשאַפט, גרעסער פאַר אַ שבט אָדער אַ שטאָט, האָט זיך געענדיקט מיט אַ דורכ־פאַל.

די הויפּט־סיבה פון דעם דורכפאַל פון דער רעפּובליק איז געווען דאָס, וואָס זי האָט ניט געקאָנט אײַנהאַלטן די אײנהייט. אין אירע ערשטע סטאַדיעס האָבן אירע בירגער, סיי די פּאַטריציער סיי די פּלעבייער, געהאַט אַ געוויסע טראַדיציע פון גערעכטיקייט און ערלעכקייט און פון דער געטרײַשאַפט פון אַלע בירגער דעם געזעץ, און אַלע האָבן געהאַלטן, אַז די געזעצן זײַנען גוט פאַר די בירגער. כּמעט ביזן ערשטן יאָרהונדערט פאַר קר. איז די רעפּובליק געווען צוגעבונדן צו דעם געדאַנק וועגן דער וויכטיקייט פון געזעץ און וועגן דער נייטיקייט צו האַלטן זיך פעסט פאַרן געזעץ. נאָר די ניט פאָרויסגעזעענע ערפינדונג און אַנטוויקלונג פון געלט, די נסיונות און די איבערבראָכן פון דער אויסשפּרייטונג פון דער אימפּעריע, די פאַרפלאָנטערטקייט פון די וואַל־מעטאָדן האָבן אָפּגעשוואַכט און צעריסן די טראַדיציע; אַלטע תּקנות זײַנען פאַרגעשטעלט געוואָרן אין אַ נייעם לבוש, וואָס אונטער אים האָט דער אורטייל־כּוח זיי שוין ניט דערקענט. אַזוי אַז מענטשן האָבן לפנים געקאָנט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זיי זײַנען ערלעכע בירגער, בעת אין דער אמתן זײַנען זיי דאָס ניט געווען. דער פאַרבונד פון רוימישן פאָלק איז פון תּמיד אָן גע־ווען מער אַ מאָראַלישער, איידער אַ רעליגיעזער; זייער רעליגיע איז געווען אַ רעליגיע פון קרבנות און זאַבאָבאָנעס; זי האָט ניט פאַר־קערפּערט אַזוינע גרויסע געדאַנקען פון אַ געטלעכן פירער און פון אַ געהייליקטער שליחות, ווי דאָס האָט אַנטוויקלט די יהדות. און אַז עס איז געפאַלן און האָט זיך אויסגעוועבט די אידעע פון בירגערשאַפט, איז שוין אינגאַנצן ניט געבליבן קיין אינעווייניקסטע, דאָס הייסט רעאַלע איינהייט אין דער סיסטעם. איטלעכער האָט גע־

שטרעבט אַליך מער און מער צו טאָן דאָס, וואָס אים אַליין האָט בעסער געפּאַסט (איש הישר בעיניו יעשה).

ביי אַזעלכע תּנאים, ווען מען האָט געהאַט אויסצוקלייבן צווישן כאַאָס און צווישן אומקער צו מאָנאַרכיע, איז קיין אַנדער ברירה ניט געבליבן, ווי אָנצונעמען איינעם אַן אויסדערוויילטן יחיד ווי דעם איינציקן ווילן אין דער מלוכה, וואָס דאַרף בילדן איר איינהייט. אוודאי, ביי אָט דעם אומקער איז שטענדיק פאַרבאָרגן דער אויסקוק, אַז דער מאָנאַרך וועט ווערן אַ מין מאַגישער וועזן, אַז ער וועט אויפהערן צו זיין אַ פּשוטער בשר-ודם, נאָר ער וועט דענקען און פילן ווי אַ גרעסערער און געהויבענערער וועזן, ווי עס פּאַסט זיך פאַר איינעם, וואָס פאַרטרעט אַ גאַנצע מלוכה. און דאָס חזרט זיך איבער איין מאָל נאָכן אַנדערן: די מאָנאַרכיע נאַרט, פאַרשטייט זיך, אָפּ אַלע אַזעלכע האָפענונגען. אין דעם קורצן איבערבליק, וואָס מיר דאַרפן מאַכן איבער די קיסרים פון רוים, וועלן מיר זען, ווי ווייט די דאָזיקע גענאַרעריי דערגייט. מיר וועלן סוף-כּל-סוף געפינען איינעם פון די מער קאָנסטרוקטיווע צווישן די דאָזיקע קיסרים, קאָנסטאַנטין דעם גרויסן, ווי ער איז געוואָרן באַוואוסט ביי זיך, אַז ער איז ניט בכּוח צו דינען ווי אַ פאַראייניקנדיקע מאַכט, און האָט זיך דעריבער געווענדט צו איינער פון די נייע רעליגיעזע באַוועגונגען אין דער אימפּעריע, זי זאָל מיט איר גלויבן, מיט איר אָרגאַניזאַציע, מיט איר נעץ לערערס אויספירן די פונקציע פון דורכדרינגען און פאַראייניקן די געמיטער פון די מענטשן, וואָס אין איר האָבן זיי זיך בפירוש געניטיקט.

מיט צעזאַרן איז די ציוויליזאַציע פון אייראָפּע און מערב-אַזיע געקומען צוריק צו מאָנאַרכיע, און דורך דער מאָנאַרכיע, אונטערשטיצט דורך דעם אָרגאַניזירטן קריסטנטום, האָט זי געזוכט צו פאַרווירקלעכן שלום, יושר, גליק און אָרדענונג אין דער וועלט כּמעט אין משך פון 18 הונדערט יאָר. דערנאָך האָט זי פּלוצים אָנגעהויבן זיך אומצוקערן צו רעפּובליקאַניזם, צוערשט אין איין לאַנד, שפּעטער אין אַ צווייטן. און אונטערשטיצט דורך די נייע כּוחות פון דרוק און פּרעסע און אָרגאַניזירטער אַלגעמיינער פאָלקס-בילדונג און דורך די אוניווערסאַלסטע רעליגיעזע אידעען, וואָס מיט זיי איז די וועלט גע-

וואָרן דורכגעזאַפּט אין משך פון דורות, מאַכט זי, ווייזט אויס, פון דאָס ניי אַן אָנשטרענגונג צו שאַפן אַ רעפּובליקאַנישע וועלט־מלוכה און אַ פּלאַן פון עקאָנאָמישן יושר, וואָס זאָל אַרומנעמען גאָר די וועלט, און אַזוי אַרום פאַרריכטן דאָס, וואָס די רוימער האָבן געפּרוווט טאָן, איידער די רעכטע צייט איז געקומען, און האָבן געליטן אַזאַ ביטערע מפּלה.

איצט הייבן מיר אָן צו פאַרשטיין, אַז צוליב אַזאַ שאַפונג זיינען לחלוטין נויטווענדיק געוויסע פאָרבאַדינגען, וואָס מען קאָן זיך גאָר ניט אויסמעלן, אַז וואָסער עס איז פאַר־קריסטלעכער רוימער זאָל



רוימישע שטוב־חפצים און טואלעט־מכשירים אין בריטישן מוזיי. 1. בראָנ־זענע העקל און פּעטעלקע. 2. לעפל. 3. ביינערנע האָר־שפּילקע מיט א פרויען־ביוסט אויפן קעפּל. 4. א שער. 5. ביינערנע שפּילקע מיט דער פיגור פון ווענוס אויפן קעפּל. 6. א פינגערהוט. 7. נאָדל־טעשל. 8. א קאָך־לעפל. 9. א מעסער מיט א הענטל אויסגעקריצט א פרויען־ביוסט אויף אים. 10. א זילבערנער שפּיגל. 11. אן אויסגעשניצטע קאַם.

זיי באַטראַכטן פאַר מעגלעך, מיר מעגן נאָך האַלטן, אַז מען וועט נאָך מוזן אַ סך האָרעווען, ביז די דאָזיקע פאָרבאַדינגען וועלן געשאַפן ווערן, אַז עס איז בכלל אַ שווערע און אומבאַשטימטע זאַך, צי מיר וועלן דאָס דערגרייכן, נאָר מיר פאַרשטייען, אַז דער פּרוּוו מוז ווערן געמאַכט, וואָרעם עס איז ניטאָ קיין אַנדער אויסקוק, וואָס זאָל צוזאָגן גליק אָדער אַכטונג פאַר אונז אַליין אָדער די אויפהיטונג פון מין

מענטש. דער ערשטער פֿון די דאָזיקע פֿאָרבאַדינגען איז, אַז אין דער נשמה פֿון אַלע מענטשן זאָל לעבן אַן אַלגעמיינע פּאָליטישע אידעע, אַן אידעע פֿון דער מלוכה ווי דאָס אייגנס פֿון איטלעכן איינציקן יחיד, און דער דאָזיקער געדאַנק זאָל זיין דער רוקנביין פֿון דעם מענטשנס לעבנס-כּללים. אין די ערשטע צייטן פֿון רוים, ווען זי איז געווען אַ קליינע מלוכה פֿון צוואַנציק קוואַדראַט-מייל, פֿלעגן אַזעלכע פֿאָרשטעלונגען זיך אַנטוויקלען אין קינדער אין דער היימישער סבֿיבֿה, און אויך פֿון דעם וואָס זיי האָבן געזען און געהערט פֿון דעם פּאָליטישן לעבן פֿון זייערע טאַטעס. נאָר אין אַ גרעסערער מלוכה, אָט ווי די וואָס רוים איז געוואָרן שוין פֿאַר דער מלחמה מיט פּירוסן, האָט מען געמוזט האָבן אַן אָרגאַניזירטן לימוד פֿון געשיכטע, פֿון די הויפּט-געזעצן און פֿון דעם באַטייט פֿון דער מלוכה פֿאַר איטלעכן איינציקן, אויב מען האָט געוואָלט אײַנהאַלטן די דאָזיקע מאָראַלישע איינהייט. אָבער די דאָזיקע באַדערפֿעניש איז קיין מאָל ניט באַפֿרידיקט געוואָרן, און עס איז קיין מאָל ניט געמאַכט געוואָרן קיין פּרוּוו איינצופֿירן אַזאַ לימוד. אין יענער צייט האָט דאָס ניט געקאָנט געמאַכט ווערן. מען קאָן זיך דאָס גאָרניט פֿאָרשטעלן, אַז אַזאַ פּרוּוו זאָל ווערן געמאַכט. עס איז נאָך קיין ווּיסנשאַפֿט ניט געווען, און עס איז נאָך ניט געווען דער קלאַס, וואָס פֿון אים זאָל קאָנען ווערן גענומען די נייטיקע לערערס, און עס איז ניט געווען קיין באַגריף וועגן דער אָרגאַניזאַציע פֿון אַזאַ סיסטעמאַטישער מאָראַלישער און אינטעלעקטועלער אויסבילדונג, ווי די לערן-אָרגאַניזאַציע פֿון קריסטנטום מיט זיינע דאָגמעס און קאַטעכיזיסן און דרשות און קאָנפֿירמאַציעס.

נאָך מער, מיר ווייסן איצט, אַז אַלגעמיינע בילדונג איז ניט מער ווי איין יסוד פֿון אַ געזונטער רעפּובליקאַנישער מלוכה. צו דער פֿאָלקס-בילדונג מוז נאָך צוקומען אַ רייכע, גיכע און אמתע אינפֿאָרמאַציע וועגן אַלצדינג, וואָס עס טוט זיך אין דער מלוכה, און אַ לחלוטין פֿרייע דיסקוסיע וועגן אַלע צייט-פֿראַגן. אַפֿילו ביי הײַנטיקן טאָג ווערן אָט די פֿונקציעס אויסגעפֿירט זייער ניט-פֿולקום און שלעכט דורך דער פּרעסע, וואָס מיר פֿאַרמאָגן, און דורך אונזערע פּובליציסטן און פּאָליטיקער; נאָר ווי שלעכט דאָס ווערט געטאָן, געטאָן ווערט דאָס פֿאָרט, און דער פֿאַקט, אַז דאָס ווערט געטאָן,

גיט די מעגלעכקייט צו האָבן, אַז סוף־כל־סוף װעט דאָס װערן גע־טאָן גוט. אין דער רוימישער מלוכה האָט מען דאָס אַפילו ניט גע־פּרוּווט טאָן. דער רוימישער בירגער פלעגט דערגיין פּאָליטישע פאַקטן פון קלאַנגען און פון אַ צופעליקן אָראַטאָר. ער פלעגט שטיין איינגע־פּרעסט אין פאָרום, קוים געכאַפּט אַ צענט וואָרט פון דעם רעדנער פון דער ווייטנס. ער פלעגט מסתּמא שלעכט פאַרשטיין איטלעכע פראַגע, וואָס ער האָט איבער איר געשטימט.

און וועגן דעם, אַז די רוימישע אָפּשטים־סיסטעם האָט לחלוטין ניט געקאָנט איבערגעבן די מיינונג פון פאָלק, האָבן מיר שוין גע־שריבן.

ניט ביכולת גובר צו זיין אָדער צו באַזייטיקן די דאָזיקע מניעות צו אַ געזונטער און אַקטיווער פאָלקס־רעגירונג, האָבן די פּאָליטישע אינסטינקטן פון רוימישן געמיט זיך געווענדט צו מאָנאַרכיע. אָבער ניט קיין מאָנאַרכיע פון דעם שפּעטערדיקן איראָפּעישן טיפּ, ניט קיין ירושה־מאָנאַרכיע איז איצט איינגעשטעלט געוואָרן אין רוים. דער „פּרינצעפּס" איז פּאַקטיש געווען דאָס, וואָס אַן אַמעריקאַנער פּרעזידענט מלחמה־צייט, נאָר ער איז געווען אויסגעקליבן ניט אויף פיר יאָר, נאָר אויפן גאַנצן לעבן; ער האָט געהאַט די מאַכט צו באַשטימען סענאַטאָרן, אָנשטאָט דעם וואָס ער זאָל זיין באַגרענעצט דורך אַ געקליבענעם סענאַט, און האָט געהאַט צו טאָן מיט אַ גאַסן־פאַרזאַמלונג פון פעוול אָנשטאָט מיט אַ זיצונג פון פאָלקס־פאַרטרעטער. ער איז געווען דער „פּאָנטיפעקס מאַקסימוס", דער כּוהן גדול, וואָס פון אַזאַ פונקציע פון פּרעזידענט וויים וואַשינגטאָן ניט. אין דער פּראַקטיק איז געוואָרן אַ מנהג צו באַשטימען און אויסצובילדן אויך זיין יורש, און ער האָט געקאָנט אויסקלייבן אויף זיינעם אַ זון צי אַן אַדאָפּטירטן זון צי אַ נאָענטן קרוב, וואָס ער האָט געקאָנט זיך פאַרלאָזן אויף אים. דער כּוח פון „פּרינצעפּס" איז פאַר זיך געווען צו געוואַלדיק, אַז מען זאָל אים קאָנען איבערלאָזן אין די הענט פון אַ יחיד אָן דעם געהעריקן קאָנטראָל, ער איז אָבער נאָך געשטאַרקט געוואָרן דורך דער טראַדיציע פון דעם מאָנאַרך־קולט, וואָס האָט זיך איצט אויסגעשפּרייט פון עגיפּטן איבער גאָר דעם העלעניזירטן מזרח און וואָס איז אַריינגעקומען אין רוים אין קאָפּ פון איטלעכן אָריענטאַלישן

שקלאַף און אימיגראַנט. נאַטירלעך און בהדרגה האָט די אידעע פון דעם גאָט-קיסר באַהערשט די גאַנצע ראָמאַניזירטע און רוימישע וועלט.

מער ניט איין זאַך איז איצט געבליבן וואָס האָט געקאָנט דער־מאָנען דעם גאָט-קיסר, אַז ער איז אַ בשר ודם און קאָן שטאַרבן — דאָס איז געווען די אַרמיי. דער גאָט-קיסר איז קיין מאָל ניט געווען זיכער מיט זיין לעבן אויפן אָלימפּ פון דעם פּאַלאַטין-בערגל אין רוים. געזיכערט איז ער געווען נאָר דעמאָלט, ווען ער איז געווען



רוימישע אינסטרומענטן אין בריטישן מוזיי. 1. אַ טיילער. 2. אַפּצווענגע. 3. קאָפּ פון אַ האַמער. 4. אַ לאַמטערן. 5. שטיק פון אַ זעג. 6. פּראָ־פּאָרץ-מעסטער. 7. אַ בלייערל פון אַ פּיאָן. 8. ווינקל-מאָס. 9. שטעפּסל פון אַ דרוק-פּאָמפּע. 10. אַ דרוק-פּאָמפּע מיט צוויי שטעפּסלען.

דער באַליבטער קאָמאַנדיר פון זיינע לעגיאָנען; און מחמת דעם האָבן רעגירט לאַנג נאָר די קיסרים, וואָס האָבן שווער געאַרבעט, גע־האַלטן די לעגיאָנען אַקטיוו און זיינען געשטאַנען אין נאָענטן באַריר מיט זיי. די שווערד איז געהאַנגען איבערן קיסר און האָט אים אָנגע־טריבן צו כסדרדיקער אַקטיוויטעט. אויב ער פלעגט לאָזן פירן

די אַרמיי זיינע גענעראַלן, פלעגט באַלד איינער פון די גענעראַלן פאַרנעמען זיין אָרט. אָט דער אָנטרייב איז אפשר געווען דאָס, וואָס האָט אונטערגעהאַלטן די רוימישע קיסר־סיסטעם. אין דער גרעסערער, קאָמפּאַקטערער און זיכערער אימפעריע פון כינע איז ניט געווען אַזאַ נויט אין לעגיאָנען, און דערפאַר האָבן אָפּגעלאָזענע אָדער צעטראָגענע אָדער נאַרישע קיסרים ניט געהאַט אַזאַ גיכן סוף, ווי אַזעלכע טיפּן פלעגן האָבן אין רוים.

---

קאַפּיטל 27

# די קיסרים צווישן ים און די גרויסע פּליינען

1. אַ קורצע רשימה פֿון קיסרים. 2. די רוימישע ציוויליזאַציע אויף איר העכסטן פּונקט. 3. כאַראַקטעריסטיק פֿון דער קונסט אונטער דעם רוימישן קיסרטום. 4. אַ גוויסע טעמפּקייט פֿון דער רוימישער פֿאַנטאַזיע. 5. די באַוועגונג אויף די גרויסע פּליינען. 6. די מערבֿדיקע (עכט רוימישע) אימפּעריע ווערט איינגעשרומפּן. 7. די מזרחדיקע (אויפֿגעלעבטע העלענישע) אימפּעריע.

מערבֿדיקע שרייבערס זיינען עלול, מחמת זייערע פּאַטריאָטישע נטיות, מגזם צו זיין אין דער אָפּשאַצונג פֿון דער אָרגאַניזאַציע, פֿון דער ציוויליזיר-אַרבעט און פֿון דער זיכערקייט, וואָס האָט געהערשט אין דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע, וואָס האָט זיך איינגעפּעסטיקט אין רוים, מיטן אָנהייב פֿון דער רעגירונג פֿון אַווגוסטוס קיסר. פֿון דער דאָזיקער מאָנאַרכיע ציען זיך די טראַדיציעס פֿון בריטאַניע, פֿראַנקרייך, שפּאַניע, דייטשלאַנד און איטאַליע, און די דאָזיקע לענדער פֿאַרשטעלן שטאַרק דעם אויסקוק פֿון אייראָפּעיִשע שרייבערס. זיי מאַכן זיך ניט וויסנדיק, וואָס רוים האָט חרובֿ געמאַכט אין מזרח.

לויט דעם מאַסשטאַב פֿון אַ וועלט-געשיכטע הערט רוים אויף צו זיין אַזוי וויכטיק, אַז זי פֿאַרשטעלט אַלצדינג. עס האָט געדויערט סך-הכּל אַרום פֿיר יאָרהונדערטער, ביז זי איז געוואָרן אינגאַנצן צעטרייסלט. די ביזאַנטישע אימפּעריע איז ניט געווען קיין נאַטירלעכער המשך פֿון איר; זי איז געווען אַ צעקאַלעטשעטע איבערחזרונג פֿון אלכּסנדרס העלענישער אימפּעריע; זי האָט גערעדט גריכיש; איר

מאָנאַרך האָט, בלי־ספק, געהאַט אַ רוימישן טיטל, נאָר דאָס איז פונקט אַזוי, ווי דער פאַרשטאָרבענער קיניג פון בולגאַריע האָט געהאַט דעם טיטל צאַר. מעסאָפּאָטאַמיע האָט זיך צום גרעסטן טייל



ביוסט פון רוימישן קיסר אַספּסינוס, איצט אין קאַפּיטאָל־מיזיי אין רוים.

אַנטוויקלט בעת דעם רוימישן פּעריאָד אויף איר אייגענעם הדך; אירע נייע העלעניש אָנשאַפונגען זיינען געוואָרן אין אַ ברייטער מאָס אומגע־ביטן דורך דעם געניוס פון פּערסישן און פּאַרטישן פאָלק, און

אין אינדיע און אין כינע איז די השפּעה פון רוים געווען ניט צו מערקן.

אין משך פון די פיר יאָרהונדערטער לעבן האָט די אימפּעריע פון רוים געהאַט פאַזעס פון צעטיילונג און פון פולן כּאַאָס. אירע יאָרן פון גליק און וואוילשטאַנד, ווען מען זאָל זיי צונויפנעמען און צונויפחשבונען, וועלן זיי סך־הכּל באַטרעפן ניט מער פון אַ פּאָר הונדערט יאָר. פאַרגלכן מיט דער רויִקער און שטענדיקער אויסשפּרייטונג און מיט דעם ציוויליזיר־ווערק פון דער גלייכצייטיקער כינעזישער אימפּעריע, אָדער מיט עגיפּטן צווישן 4000 און 1000 פאַר קר., אָדער מיט שומער פאַר דער סעמיטישער באַצווינגונג, באַטייט די דאָזיקע צאָל אַ פּשוטער אינצידענט אין דער געשיכטע. ווידער די פּערסישע אימפּעריע פון כּורשן, וואָס האָט זיך געצויגן פון העלעספּאָנט ביזן אינדוס, האָט געהאַט פונקט אַזאַ הויכן שטאַנד פון ציוויליזאַציע; און אירע הײמלענדער זיינען געבליבן ניט באַצוואונגען און אין אַ גאַנץ גוטן מצב העכער צוויי הונדערט יאָר. איר פאַרגייערין, דאָס קיניגרייך מדי, האָט זיך געהאַלטן אַ האַלב יאָרהונדערט. נאָך אַ קורצער באַצווינגונג דורך אלכּסנדר דעם גרויסן איז זי ווידער אויפגעשטאַנען ווי די סעלעווקידישע אימפּעריע, וואָס האָט זיך געהאַלטן עטלעכע יאָרהונדערטער. די סעלעווקידישע הערשאַפט איז צולעצט פאַרשמעלערט געוואָרן, ביז זי איז געבליבן נאָר אין מערב־זייט פון פּרת און איז געוואָרן אַ טייל פון דער רוימישער אימפּעריע. נאָר פּערסיע איז ווידער אויפגעריכט געוואָרן דורך די פּאַרטער ווי אַ נייע פּערסישע אימפּעריע, צוערשט אונטער די אַרסאַקידן און שפּעטער אונטער די סאַסאַנידן, און האָט איבערגעלעבט די אימפּעריע פון רוים. זי איז געוואָרן אַ מקום־מקלט פאַר דער גריכישער וויסנשאַפט קעגן מערבדיקער אונטערדריקונג און אַ פּלאַנץ־בייט פאַר רעליגיעזע אידעען.

די סאַסאַנידן פלעגן כּסדר אָנפאַלן אויף דער ביזאַנטישער אימפּעריע און האָבן געהאַלטן פעסט אין זייערע הענט די פּרת־ליניע. אין יאָר 616 נאָך קר. האָבן זיי אונטער כּוזרו II פאַרנומען דמשק, ירושלים, עגיפּטן און האָבן זיך געצילעוועט אויפן העלעספּאָנט. נאָר עס איז ניט געווען קיין טראַדיציע, וואָס זאָל האַלטן לעבעדיק דעם

זכר פון דער גדולה פון די סאַסאַנידן. דער גרויסער שם פון רוים האָט געבליט דורך דעם וואוילשטאַנד פון אירע יורשים. די טראַדיציע פון רוים שטעלט זיך אַרויס אַ סך גרעסער, ווי זי איז געווען אין דער אמתן. די עלטערע ציוויליזאַציעס האָבן זיך צונויפגעמישט, און די ציוויליזאַציע האָט זיך אויסגעשפּרייט קיין מערב. דערנאָך האָבן טעמיטן און אַריער אין שטענדיקן אומרו זיך אויסגעמישט אַרום דעם באַסיין פון מיטעלענדישן ים, אָן זיך צונויפצוגיסן, און איבער דער גאַנצער סצענע איז די רוימישע אַדמיניסטראַציע געווען אַרומגעוויקלט ווי אַ נעץ, וואָס האָט זיך צעריסן און איז געוואָרן ווידער אויספאַריכט, ביז זי איז געוואָרן צעריסן אינגאַנצן.

די געשיכטע אונטערשיידט עטלעכע גרופּעס רוימישע קיסרים, וואָס זיינען געווען גרויסע אַדמיניסטראַטאָרן. די ערשטע פון די דאָזיקע גרופּעס הייבט זיך אָן מיט: —

אַווגוסטוס קיסר (27 פאַר קר. ביז 4 נאָך קר.), דער אָקטאַוויאַן פון פריערדיקן פּאַראַגראַף, וואָס האָט שווער געאַרבעט אויף צו רעאָרגאַניזירן די רעגירונג פון די פּראָווינצן און אויף איינצופירן אַ פינאַנציעלע רעפאָרם. ער האָט איינגעשטעלט אַ געוויסע טראַדיציע פון געזעצלעכקייט און ערלעכקייט אין דער ביוראָקראַטיע, און ער האָט באַגרענעצט די ערגסטע אַרויסווייזן פון קאָרופּציע און טיראַניע, דורך דעם וואָס ער האָט געגעבן די בירגער פון די פּראָווינצן דאָס רעכט צו אַפּעלירן צום קיסר. נאָר ער האָט איינגעשטעלט דעם אייראָפּעאישן גרענעץ פון דער אימפּעריע פּאַזע דעם ריין און דעם דונאַי, און אַזוי אַרום איבערגעלאָזן דייטשלאַנד, וואָס איז דער רוקנביין פון אַ געזיכערטער און בליענדיקער אייראָפּע, אין רשות פון באַרבאַריזם. און ער האָט איינגעשטעלט אַן ענלעכע באַגרענעצונג אין מזרח ביים פרת, איבערגעלאָזן אַרמעניע אומאָפּהענגיק, כדי עס זאָל זיין אַ שטענדיקער אויסרייד אויף זיך אַרומצורייסן מיט די אַרסאַקידן און סאַסאַנידן. עס איז אַ ספק, צי האָט ער געהאַלטן, אַז ער שטעלט איין די ענדגילטיקע גרענעצן פון דער אימפּעריע פּאַזע די דאָזיקע ליניעס, אָדער ער האָט געטראַכט צו פאַרפעסטיקן די דאָזיקע גרענעצן אויף דערווייל, אויף עטלעכע יאָר, ביז מען וועט קאָנען מאַכן ווייטער אַ פרווו זיי צו פאַרברייטערן.

טיבעריוס (14 ביז 37 נאָך קר.) ווערט אויך געשילדערט ווי אַ פעיקער רעגירער, נאָר ער איז געוואָרן שטאַרק ניט פּאָפּולער אין רוים, און מען האָט זיך דערציילט, אַז ער איז אַריינגעטאָן אין גראָבע און מיאוסע תאוות. נאָר זיין נאָכגעגעבנקייט אין דעם פּרט און זיין פערזענלעכע טיראַניע און אכזריות האָבן ניט געשטערט דעם אַלגעמיינעם וואוילשטאַנד פון דער אימפעריע. עס איז שווער צו משפּטן וועגן אים; כמעט אַלע אונזערע מקורים, פון וואַנען מיר שעפּן ידיעות וועגן אים, זיינען בפירוש פיינטלעך צו אים.

קאַליגולאַ (37 ביז 41 נאָך קר.) איז געווען חסר=דעה, נאָר די אימפעריע האָט אויסגעטראָגן אין משך פון פיר יאָר זיין שגעון. צולעצט האָבן אים זיינע באַדינער דערהרגעט אין פּאַלאַץ, און עס ווייזט אויס, אַז עס איז געמאַכט געוואָרן אַ פרווו אויפצוריכטן אַ רעגירונג פון סענאַט, אָבער די הויפישע לעגיאָנען האָבן דעם דאָזיקן פרווו באַלד דערשטיקט.

קלאַודיוס (41 ביז 54 נאָך קר.), קאַליגולעס פעטער, וואָס די זעלנער האָבן אים אויסגעקליבן פאַר אַ קיסר, איז פערזענלעך געווען אַן אומגעלומפּערטער מענטש, נאָר קענטיק, אַז ער איז געווען אַ פלייסיקער און גאַנץ פעיקער אַדמיניסטראַטאָר. ער האָט אַרויסגערוקט די מערבדיקע גרענעצן פון דער אימפעריע, דורכדעם וואָס ער האָט איינגענומען די דרומדיקע העלפט פון בריטאַניע. אים האָט פאַרסמט אַגריפּינע, די מוטער פון זיין אַדאָפּטירטן זון נירון, וואָס איז געווען אַ פרוי פון אַ גרויסן רייץ און מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער.

נירון (54 ביז 68 נאָך קר.) האָט אויך, פונקט ווי טיבעריוס, דעם שם פון אַ פאַרדאָרבענעם און אכזריותדיקן מענטשן, נאָר די אימפעריע איז געווען פעסט גענוג, אַז זי האָט אויסגעהאַלטן אין משך פון די פערצן יאָר פון זיין רעגירונג. ער האָט זיכער דערהרגעט זיין איבערגעגעבענע, נאָר טומלדיקע מוטער און זיין ווייב — די לעצטע ווי אַ סימן פון געטריישאַפט צו אַ פרוי מיטן נאָמען פּאָפּעאַ, וואָס האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט אים. נאָר די פאַמיליען=אומגליקן פון די קיסרים געהערן ניט אַריין אין אונזער געשיכטע. דער לעזער, וואָס האָט חשק צו לייענען די קרימינעלע פּרטים, מוז זיך ווענדן

צום קלאַסישן מקור, צו סוועטאָניוסן. די דאָזיקע פֿאַרשיידענע קיסרים און זייערע יורשים און זייער װײַבס-פֿאָלק זײַנען מסתּמא ניט געװען אין תּוך ערגער, איידער דאָס רוב שוואַכע און ליידנשאַפֿטלעכע מענטשן-קינדער, אָבער זיי האָבן קיין אמתע רעליגיע ניט געהאַט, װיבאַלד אַז זיי זײַנען אַליין געװען געטער. זיי האָבן ניט געהאַט קיין ברייט װיסן, כּדי זיי זאָלן קאָנען שטעלן ברייטע צילן פֿאַר זייער כּבוד-זשאָגעניש, זייערע װײַבער זײַנען געװען װילד צעלאָזן און אָפֿט אומגעבילדעט, און עס איז ניט געװען קיין געזעץ אָדער מנהג, װאָס זאָל זיי אײַנהאַלטן. זיי זײַנען געװען אַרומגערינגלט פֿון באַשעפֿענישן גרייט אויסצופֿירן זייערע מינדסטע פֿאַרלאַנגען און צו פֿאַרװירקלעכן יעדער פֿאַנטאַזיע זייערע. דעריבער איז דאָס, װאָס בײַם גרעסטן טייל פֿון אונז איז פֿאַרבײַגייענדיקע שװאַרצע געדאַנקען און מאָמענטאַנע צאָרנדיקע אימפּולסן, בײַ זיי געװען מעשׂים. איידער מען פֿאַרמשפּט נירונען װי אַ באַזונדער מין באַשעפֿעניש, װי אַן אוממענטש, באַדאַרף מען זיך דערמאָנען די אייגענע פֿאַרבאַהאַלטענע געדאַנקען. נירון איז געװאָרן שטאַרק ניט פּאָפּולער אין רוים, און עס איז אינטערעסאַנט צו פֿאַרצייכענען, אַז ער איז געװאָרן ניט-פּאָפּולער ניט דערפֿאַר, װײַל ער האָט דערהרגעט און פֿאַרסמט זײַנע נאָענטע קרובֿים, נאָר װײַל עס איז געװען אַן אויפֿשטאַנד אין בריטאַניע אונטער אַ קיניגין מיטן נאָמען באָאַדיקעאַ, און די רוימישע חיילות האָבן געליטן אַ גרויסע מפּלה (61 נאָך קר.), און װײַל אין דרום-איטאַליע איז געװען אַן ערדציטערניש, װאָס האָט אָנגעמאַכט חורבנות. די רוימישע באַפֿעלקערונג, געטריי איר עטרוסקישן שטריך, קיין מאָל ניט רעליגיעז און שטענדיק אָבערגלויביש, האָט זיך ניט געמאַכט דערפֿון, װאָס דער קיסר האָט געזינדיקט, זי האָט אָבער שטאַרק פּראָטעסטירט, װען עס איז אים ניט גוט געגאַנגען. די שפּאַנישע לעגיאָנען האָבן מורד געװען אונטער דעם אָנפֿיר פֿון אַן עלטערן גענעראַל פֿון 73 יאָר מיטן נאָמען גאַלבאַ, װאָס זיי האָבן אים פּראָקלאַמירט פֿאַר אַ קיסר. ער האָט מאַרשירט אויף רוים, געטראָגן אין אַ טראָג-שטול. נירון, פֿאַרלאָזן פֿון אַלעמען, האָט זיך גענומען דאָס לעבן (68 נאָך קר.).

גאַלבאַ אָבער איז געװען נאָר איינער פֿון אַ גרופּע, װאָס האָבן געהאַט חשק צו װערן קיסר. די קאָמאַנדירנדיקע גענעראַלן פֿון די

ריינישע לעגיאָנען, פון די חיילות אויפן פּאַלאַטין, פון די מזרחדיקע אַרמייען — איטלעכער פון זיי האָט געפרווט צו פאַרכאַפּן די מאַכט. רוים האָט געזען פיר קיסרים אין איין יאָר: גאַלבאַ, אָטאָ, וויטעליוס און אַספּסינוס (וועספּאַסיאַנוס). דער פערטער, אַספּסינוס, קאָמאַנדיר פון דער מזרח-אַרמיי, האָט געהאַט דעם שטאַרקסטן פויסט און ער האָט פאַרכאַפּט און אײַנגעהאַלטן די מאַכט. מיט נירון קיסרס טויט האָט זיך געענדיקט די ליניע פון די געבאָרענע און אַדאָפּטירטע קיסרים (וואָס ציען זייער יחוס פון יוליוס קיסר). קיסר האָט אויפגעהערט צו זיין דער פאַמיליע-נאָמען פון די רוימישע מושלים און איז געוואָרן אַ טיטל, דיוווס קיסר, דער געטלעכער קיסר. די מאָנאַרכיע האָט געמאַכט אַ טראָט ווייטער צום אָריענטאַליזם, דורכדעם וואָס זי האָט פאַרשטאַרקט דעם קולט פון דעם מושל. אַזוי האָט זיך געענדיקט די ערשטע גרופּע קיסרים, וואָס האָבן געקיניגט גענוי פינף און ניינציק יאָר.

אַספּסינוס (69 ביז 79 נאָך קר.) און זיינע זין טיטוס (79 נאָך קר.) און דאָמיציאַנוס (81 נאָך קר.) בילדן אַזוי ווי אַ צווייטע דינאַסטיע (די פלאַווישע). דערנאָך, נאָך דער דערמאָרדונג פון דאָמיציאַנוסן, איז געווען אַ גרופּע קיסרים, פאַרבונדן מיט אַנאַנד ניט דורך בלוטקרובעשאַפט, נאָר דורך אַדאָפּטירונג, די אַדאָפּטירטע קיסרים. נערוואַ (96 נאָך קר.) איז געווען דער ערשטער פון דער גרופּע און טראַיאַנוס (טרינוס) 98 נאָך קר. — דער צווייטער. נאָך זיי קומען דער ניט-מיד-ווערנדיקער האַדריאַנוס (הדרינוס, 117 נאָך קר.), אַנטאָנינוס פּיוס (138 נאָך קר.) און מאַרקוס אַורעליוס (161 ביז 180 נאָך קר.). סיי אונטער די פלאַווייער סיי אונטער די אַנטאָנינען זיינען די גרענעצן פון דער אימפּעריע ווידער פאַרברייטערט געוואָרן. צפון-בריטאַניע איז אַיינגענומען געוואָרן אין יאָר 84 נאָך קר., עס איז פאַרנומען געוואָרן דער ווינקל צווישן דעם ריין און דעם דונאַי און דאָס וואָס הייסט איצט טראַנסילוואַניע איז געוואָרן אַ נייע פּראָווינץ מיטן נאָמען דאַקיע. טראַיאַנוס איז אויך אָנגעפאַלן אויף פּאַרטיע און האָט אַיינגענומען אַרמעניע, אַשור און מעסאָפּאָטאַמיע. אונטער זיין רעגירונג האָט די אימפּעריע דערגרייכט צו איר גרעסטן אויספּרייט.

האַדריאַנוס, זיין יורש, איז געווען אָפּגעהיט און איינגעהאַלטן. ער האָט פאַרלאָזן די נייע מזרחדיקע לענדער, וואָס טראַיאַנוס האָט געהאַט איינגענומען, און האָט אויך פאַרלאָזן צפון=בריטאַניע. ער האָט אויפגענומען די כינעזישע אידעע וועגן אַ גרענעץ=מויער קעגן באַרבאַרן — אַן אויסגעצייכנטע אידעע, כל=זמן דער דרוק פון דער באַפעלקערונג אויף דער זייט מויער איז גרעסער, איידער דער דרוק פון אויסווייניק, זיסט אָבער אָן ווערט. ער האָט אויסגעבויט דעם האַדריאַן=מויער דורך בריטאַניע און אַ שייד=מויער צווישן ריין און דונאַי. די גרויסע צייט פון דער רוימישער אויסשפּרייטונג איז שוין געווען פאַרגאַנגען, און בעת דער רעגירונג פון האַדריאַנוסעס יורש זיינען ביים צפון=אייראָפּעישן גרענעץ שוין פאָרגעקומען שלאַכטן אויף צו באַשיצן אים קעגן די אָנפאַלן פון גערמאַנישע און סלאַווישע שבטים.

מאַרקוס אַווערעליוס אַנטאָנינוס איז איינע פון יענע פיגורן אין דער געשיכטע, וואָס די מיינונגען פון מענטשן וועגן זיי זיינען שטאַרק פאַרשיידן. טייל קריטיקער האַלטן אים פאַר אַ נודניק; ער האָט זיך אַרומגעפּאָרעט מיט רעליגיעזע ענינים און האָט געהאַט הנאה פון אָפּריכטן כהונישע צערעמאָניעס אָנגעטאָן אין כוהנים=קליידער — פּשוטע מענטשן קאָנען אַזעלכע חפצות ניט פאַרליידן — און זיי וואַרפן אים אויף, וואָס ער זאָל ניט זיין געווען בכוח איינצוצאַמען די פאַרשייטקייט פון זיין ווייב פאַוסטינאַ. אָבער די געשיכטעס וועגן די צרות פון זיין פאַמיליען=לעבן זיינען ניט באַזונדערס פעסט באַגרינדעט, הגם זיין זון קאָמאָדוס איז געווען אַ צו פאַרדאָרבענער יונג, אַז ער זאָל שטאַמען פון אַ גוטער פאַמיליע. פון דער אַנדער זייט איז ער אָן ספק געווען אַן איבערגעגעבענער און פליסיקער קיסר, וואָס האָט איינגעהאַלטן פעסט די געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג אין מיטן אַ גאַנצער ריי ביטערע יאָרן פון שלעכטע וועטערן, גרויסע פאַרפלייצונגען, ניט=גערעטענישן און הונגער, אָנפאַלן פון באַרבאַרן און אויפשטאַנדן, און צולעצט אַ מגפה, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד. פ. וו. פאַראַר, וואָס ווערט ציטירט אין דער „ענציקלאָפּעדיאַ בריטאַניקאַ“, זאָגט: „ער האָט זיך באַטראַכט ווי ער וואָלט געווען מיט אַן אמת אַלעמענס דינער. די רעגיסטראַציע פון די בירגער, די אונטערדריקונג

פון לאָדעניש, די הייבונג פון דער עפנטלעכער מאָראַל, די זאָרג פאַר די אָרעמע און שוואַכע, פאַרקלענערונג פון געזעלשאַפטלעכע הוצאות, באַגרענעצונג פון גלאַדיאַטאָר־שפּילן, זאָרג פאַר די וועגן, אויפריכטונג פון די פּריווילעגיעס פון סענאַט, באַשטימונג פאַר באַאַמטע נאָר ערלעכע לייט, אַפילו די רעגולירונג פון גאַסן־האַנדל, — אָט די אַלע און אָן אַ צאָל אַנדערע עסקים האָבן אַזוי שטאַרק איס פאַרנומען, אַז ניט געקוקט אויף זיין שוואַכן געזונט, פלעגט ער אָפטמאָל זיין אַריינגעטאָן אין שווערער אַרבעט פון אינדערפרי ביז אַ צייט נאָך האַלבער נאַכט. אָפטמאָל פלעגט ער, ווי עס פּאַסט פאַר אַ קיסר, מוזן זיין ביי שפּילן און פאָרשטעלונגען; נאָר ער פלעגט אין אַזעלכע פאַלן זיך פאַרנעמען מיט לייענען אָדער ער פלעגט לאָזן זיך פאָרלייענען, אָדער ער פלעגט מאַכן ביי זיך פאַרצייכענישן. ער איז געווען איינער פון יענע, וואָס האַלטן, אַז מען טאָר קיין זאַך ניט טאָן געאיילט, און אַז ווייניק פאַרברעכנס זיינען ערגער פאַר פטרן צייט אומזיסט".

נאָר ניט פאַר דעם דאָזיקן פלייס ווערט ער איצט דערמאָנט. ער איז געווען איינער פון די גרעסטע פאָרשטייערס פון דער סטאָאישער פילאָסאָפיע, און אין זיינע „באַטראַכטונגען", וואָס זיינען פאַרצייכנט געוואָרן אין פעלד און ביים הויף, האָט ער איבערגעלאָזט אַזאַ רושם פון אַ מענטשלעכער נשמה, אַז אין איטלעכן נייעם דור געווינט ער פאַר זיי נייע פריינד און באַוואונדערער.

מיט מאַרקוס אַורעליוסעס טויט ענדיקט זיך דער דאָזיקער פּאַזיס פון איניקייט און לפי־ערך גוטער רעגירונג. זיין זון קאָמאָדוס הייבט אָן אַ תקופה פון מהומות. פּאַקטיש האָט די אימפּעריע געלעבט אין אינעווייניקסטן שלום אין משך פון צוויי הונדערט יאָר. איצטער מוז דער פאָרשער פון דער רוימישער געשיכטע אין משך פון אַ הונדערט יאָר איבערקומען די שילדערונג פון די פאַרשיידענע פאַרברעכנס פון אַ צאָל אומפעיקע קיסרים, און אין דער זעלביקער צייט איז דער גרענעץ צעריסן געוואָרן און צעגערוקט אונטערן דרוק פון די באַרבאַרן. מער ניט איינער צי צוויי קיסרים ווייזן אויס צו זיין פעיקע מענטשן: דאָס זיינען געווען סעפּטימיוס סעווערוס, אַורעליאַנוס און פּראָבוס. סעפּטימיוס סעווערוס איז געווען אַ קאַרטאַגער, און זיין

שוועסטער האָט זיך קיין מאָל ניט אויסגעלערנט ווי געהעריק לאַטייניש. זי האָט געפירט איר באַליעבאַטישקייט אין רוים אין בוניש — קאַטאָן דער עלטערער האָט זיך געוויס געמוזט איבערדרייען אין קבר. די איבעריקע קיסרים פון דעם פעריאָד זיינען געווען דער עיקר אַוואַנטוריסטן, וואָס פאַר דעם אַלגעמיינעם פלאַן פון די געשעענישן זיינען זיי אַזוי ווינציק וויכטיק, אַז עס איז ניט כדאי זיי דאָ צו דערמאָנען. צייטנווייז פלעגן באַזונדערע קיסרים רעגירן אין פאַרשיידענע טיילן פון דער צעריסענער אימפעריע. פון אונזער שטאַנדפּונקט זיינען כדאי דערמאָנט צו ווערן דער קיסר דעציוס, וואָס איז באַזיגט געוואָרן און דערהרגעט בעת אַ גרויסן אָנפאַל פון די גאָטן אויף טראַקיע אין יאָר 251 נאָך קר., און קיסר וואַלעריאַנוס, וואָס אים האָט גענומען געפאַנגען אין דער גרויסער שטאָט אַנטיוכיא דער סאַסאַנידישער שאַך פון פערסיע אין יאָר 260 נאָך קר.; כדאי דערמאָנט צו ווערן זיינען זיי דערפאַר, ווייל זיי באַצייכענען די אומזיכערקייט פון דער גאַנצער רוימישער סיסטעם, און דעם כאַראַקטער פון דעם אויסוויייניקסטן דרוק, וואָס איז אויף איר געלעגן. דאָס נעמלעכע אויך קלאַוודיוס, „דער באַצווינגער פון די גאָטן“, ווייל ער האָט געוואונען אַ גרויסן נצחון איבערן דאָזיקן פאָלק ביי ניש אין סערביע (269 נאָך קר.) און ווייל ער איז געשטאָרבן פון פעסט, ווי פעריקלעס.

אין משך פון די אַלע יאָרהונדערטער האָט געשפּילט אַ ראָלע אין אָפּשוואַכן די ראַסע און אומבייטן די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן אַ מגפה, וואָס פלעגט אָט זיך באַווייזן און אָט ווערן שוואַכער: די היסטאָריקער באַדאַרפן נאָך גענויער אויספאָרשן דעם ענין. אַזוי איז, למשל, געווען אַ גרויסע מגפה איבער דער גאַנצער אימפעריע צווישן די יאָרן 164 און 180 נאָך קר. אין דער רעגירונג פון קיסר מאַרקוס אַורעליוס. זי האָט מסתמא אַ סך מיטגעווירקט אויף צו דעזאָרגאַניזירן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן און צוצוגרייטן דעם וועג פאַר די מהומות, וואָס זיינען אָנגעשטאַנען בעת דער רעגירונג פון קאָמאָדוס. די זעלביקע מגפה האָט אויך פאַרוויסט כינע, ווי מיר וועלן פאַרצייכענען אין פאַראַגראַף 5 פון דעם קאַפּיטל. עס זיינען אויך פאָרגעקומען אין ערשטן און אין צווייטן יאָרהונדערט היפּשע וואַק-

לענישן אין קלימאַט, וואָס האָבן גורם געווען צו שינויים אין דער באַפעלקערונג — זייער באַטייט האָבן היסטאָריקער נאָך אויך אָפּצושאַצן.



די טריומף־ארקע אין רוים, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן לכבוד דעם, וואָס טיטוס דער אדאָפּטירטער זון פון אספּסינוס האָט איינגענומען ירושלים. אין הינטערגרונט זיינען צו זען די חורבות פון קאָלאָסעום.

נאָך איידער מיר גייען איבער צו דערציילן מכּוח די אַריינ־
דייסן פון די באַרבאַרן און מכּוח די פּרוּוון פון די שפּעטערדיקע

קיסרים דיאָקלעטיאַנוס (284 נאָך קר.) און קאָנסטאַנטין דעם גרויסן (306 נאָך קר.) צוזאַמענצוהאַלטן די אונטערגייענדיקע און זיך צע-שפּאַלטנדיקע מלוכה-שיף, מוזן מיר שילדערן אַ ביסל די תּנאים פון מענטשלעכן לעבן אין דער רוימישער אימפּעריע אין משך פון די צוויי יאָרהונדערטער פון איר וואוילשטאַנד.

---

## די רוימישע ציוויליזאַציע אויף איר העכסטן פּונקט.

דער אומגעדולדיקער לעזער פון געשיכטע קאָן זיין נוטה צו רעכענען די צוויי יאָרהונדערטער פון אָרדענונג צווישן 27 פאַר קר. און 180 נאָך קר. צווישן די פאַרלאָרענע געלעגנהייטן פאַר דער מענטשהייט. דאָס איז געווען אַ תקופה גיכער פון פּטרן איידער פון שאַפן, אַ תקופה פון אַרכיטעקטור און האַנדל, וואָס אין איר זיינען די רייכע געוואָרן רייכער און די אָרעמע אָרעמער, און די נשמה און דער גייסט פון מענטשן איז געגאַנגען אַראָפּ. קוקנדיק פון אויבנאויף, ווי מען וואָלט געקוקט אויף דעם פון אַן אַעראָפּלאַן אויף אַ פּאָר טויזנט פוס אין דער הייך, איז דאָ געווען אַ היפּשער אויפבלי פון וואוילשטאַנד. אומעטום, פון יאָרק ביז קירענע און פון ליסאַבאָן ביז אַנטיוכיאַ, וואָלטן מיר באַמערקט גרויסע און גוט געבויטע שטעט, מיט טעמפּלען, טעאַטערס, אַמפיטעאַטערס, מערק און כדומה; טויזנ-טער אַזעלכע שטעט, פאַרזאָרגט מיט גרויסע אַקוועדוקטן, קאַנאַלן אויף צו ברענגען טרינק-וואַסער, און באַדינט דורך אויסגעצייכנטע אָנ-געשאָטענע און אויסברוקירטע וועגן — פון זייערע גראַנדיאָזע רעשטן און חורבות ווערט מען נאָך איצטער נתפּעל. מיר וואָלטן באַמערקט ווייט און ברייט באַאַרבעטע פעלדער, נאָר מיר וואָלטן געשוועבט צו הויך, אַז מיר זאָלן קאָנען זען, אַז די פעלדער ווערן באַאַרבעט דורך אומצופרידענע שקלאַפן. און אַז מיר וואָלטן געזען צוויי שיפן איינס לעבן אַנדערן, וואָלטן מיר פון דער הייך ניט געקאָנט באַמערקן דעם פאַקט, אַז איינע פון זיי איז אַ פּיראַטן-שיף און רויבט אויס די צווייטע.

און אויב אַפילו דער באַטראַכטער וואָלט אַראָפּגעקומען צו אַ נעענטערער באַטראַכטונג, וואָלט נאָך אויך געווען צו פאַרצייכענען אַ סך פאַרבעסערונגען. זינט דער צייט פון יוליוס קיסר זיינען די מידות געוואָרן ווייכער און בכלל איז דער שטייגער לעבן אויסגעפיינערט געוואָרן. צוגלייך האָט זיך געהויבן דאָס געפיל־לעבן פון מענטשן. רוים האָט באמת זיך געהויבן צו דער מדרגה, וואָס אויף איר זיינען געשטאַנען מיט יאָרהונדערטער פריער גריכנלאַנד, בבל, עגיפּטן.

אין דעם פּעריאָד פון די אַנטאָנינען זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן געזעצן צו באַשיצן שקלאַפן קעגן עקסטרעמער אכזריות, און עס איז פאַרבאָטן געוואָרן צו פאַרקויפן זיי צו גלאַדיאַטאָר־שולן. ניט נאָר זיינען די שטעט פון אויסוויינִיק געווען שענער געבויט, נייערט אין די הייזער פון די רייכע איז אויך דער אינעווייניקסטער אויספוץ שטאַרק פאַרבעסערט געוואָרן. דאָס גראָבע הוליען, דאָס בהמהשע זיך נאָכגעבן און די וואולגאַרע שפּילן פון די עלטערע צייטן פון רוימישן וואוילשטאַנד זיינען איצט געוואָרן געמעסיקט און איינגעהאַלטן דורך אַ געוויסער אויספיינערונג. קליידער זיינען געוואָרן רייכער, פיינער און שענער. געווען אַ גרויסער האַנדל מיט זיידנס מיט דער ווייטער כינע, וואָרעם דער מוילבערבוים און דער זיידוואָרעם האָבן נאָך ניט דערגרייכט קיין מערב. פאַר דער צייט, וואָס דאָס זיידנס פלעגט דורכמאַכן זיין לאַנגן און שווערן וועג ביז רוים, איז עס געווען ווערט מיט גאָלד גלייך. נאָר באַנוצט איז עס געוואָרן זייער אַ פולע, און אויך צו באַצאָלן פאַר דעם פלעגט שטענדיק פליסן גאָלד קיין מזרח.

זייער באַטייטיקע אויסבעסערונגען זיינען געווען אין דער קונסט פון אַכילה און אין די פאַרוויל־קונסטן. פּעטראָניוס באַשרייבט אַ סעודה, וואָס עס האָט געמאַכט איינער אַ רייכער מאַן אין דער צייט פון די ערשטע קיסרים — דאָס איז געווען אַ מערקווערדיקער גאַנג געריכטן, טייל דעליקאַטע, טייל חידושדיקע, וואָס האָבן איבערגעשטייגט אַלצדינג, וואָס עס קאָן אַרויסברענגען אַפילו דער גלאַנץ און די פאַנטאַזיע פון אַ מאָדערנער ניו־יאָרק; ביי דער סעודה האָט געשפּילט מוזיק, צו ווילן די געסט, און שטריק־טענצערס האָבן געטאַנצט.

און קונצנמאַכער האָבן געוויזן קונצן, און מען האָט ציטירט האָמער'ן און אַזוי ווייטער.

אומעטום אין דער אימפּעריע איז געווען פאַרשפּרייט אַ געוויסער סכום קולטור, וואָס מיר קאָנען דאָס אָנרופן די „קולטור פון גבירים“. עס זיינען איצט געווען אַ סך מער ביכער, ווי פאַר דער צייט פון דער רעפּובליק. מענטשן פלעגן זיך גרייסן מיט זייערע ביבליאָטעקן, אַפילו אויב זיי זיינען געווען אַזוי שטאַרק פאַרטאָן מיט זייערע עסקים, אַז אויף צו לייענען זייערע ליטעראַרישע אוצרות איז זיי געבליבן גאָר ווינציק צייט. די קענטעניש פון גריכיש האָט זיך אויסגעשפּרייט קיין מזרח און די קענטעניש פון לאַטייניש קיין מערב, און אויב עס זיינען געווען חשובע לייט אין דער אָדער יענער בריטישער אָדער גאַלישער שטאָט, וואָס זיי גופא האָט אויסגעפעלט טיפע גריכישע קולטור, האָבן זיי שטענדיק געקאָנט זיך ווענדן אויף ממלא צו זיין דאָס, וואָס זיי פעלט, צו אַ שקלאַף וואָס דער שקלאַפן-הענדלער האָט גאַראַנטירט זיינע גרויסע מעלות.

עס איז ניט מעגלעך צו באַטראַכטן די ליטעראַטור אָדער די קונסט פון רוים ווי אַ זאַך פאַר זיך; ביידע זיינען אַ המשך און אַ טייל פון דער אַ סך גרעסערער און אַ סך מער דויערנדיקער העלענישער קולטור. העלענישע קונסט און שריפטום האָבן אַרויסגעלאָזט אַ לאַטיינישן צווייג. דער שטאַם האָט עקסיסטירט, איידער דער צווייג איז אויסגעוואַקסן, און האָט געוואַקסן ווייטער, נאָכדעם ווי דער צווייג איז פאַרדאַרט געוואָרן. די איינגעבאָרענע נטיה פון לאַטיינישן גייסט אין ליטעראַרישן אויסדרוק, איידער ער איז געוואָרן אָפּגעווענדט דורך גריכישע מאָדעלן, איז געווען געווענדט צו אַ פאָרם, אויב מען קאָן דאָס אָנרופן פאָרם, צו דער ס אַ ט ו ר אַ, אַ פאָרם ענלעך צו דער מאָדערנער רעווי לויטן גייסט, אַן אויסמיש פון אָפּשפּעטעריי, נאָכמאַכעריי און מוזיק. אַ מין באַרד, וואָס האָט געהייסן ו ו אַ ט ע ס, האָט אויך געזונגען שפּעט-לידער, פעסצענישע לידער, פאַר די פויערים, און עס זיינען נאָך געווען באַגרעבעניש-רעדעס (הספּדים), קלאָג-לידער, רעליגיעזע געזאַנגען. אין דער שריפט האָט

די סאַטוראַ זיך אַנטוויקלט צו אַ פאָרם, וואו פּראָזע איז געווען אויסגעמישט מיט פּערזן, און פון דעם צו אַ מער צוזאַמענהענגענ־דיקער פּראָזע־דערציילונג. אַ סך פון דער לאַטיינישער לי־



מארקוס אווּרעליוס אנטאָנינוס, דער רוימישער קיסר און סטאָישער פילאָ־סאָף, באַקומט דעם סימבאָל פון מאַכט. א רעליעף.

טעראַטור איז פאַרלאָרן געגאַנגען; דעם גרעסטן טייל פון דעם האָבן די קריסטלעכע מאָנאַכן, איבער דעם צי איבער יענעם טעם, ניט געהאַלטן פאַר נייטיק אויפצוהיטן. אַז עס האָט זיך אויסגעשפּרייט

דאָס קענען לייענען און עס איז געוואָרן גרעסער די פּראָדוקציע פון ביכער, זיינען מסתמא געווען פאַרשפּרייט אַ היפּשע צאָל פּראָזע-דערציילונגען, וואָס פון זיי זיינען געבליבן איצט נאָר עטלעכע בראַגמענטן.

דאָס רוימישע פּובליקום פון דער שפּעטער רעפּובליק און פון די ערשטע צייטן פון קיסרטום האָט געוויס געלייענט דערצייל-ליטעראַטור — דער „סאַטיריקאָן" פון פּעטראָניוס, וואָס שטאַמט פון נירונס צייט, איז דערצו אַ גוטער באַווייז. ווער עס האָט נאָר ווען עס איז געשריבן בעלעטריסטיק, מוז מודה זיין, ביים לייענען דאָס דאָזיקע ליטעראַטור-ווערק, אַז טעכניש איז דאָס זייער גוט געמאַכט. עס האָבן געמוזט עקסיסטירן הונדערטער אַזעלכע ביכער, און היפּשע עטלעכע דור מענטשן האָבן געמוזט אַרבעטן אויף דער קונסט, כּדי עס זאָל מעגלעך זיין צו שאַפן אַזאַ ווערק ווי דער „סאַטיריקאָן". אויך די פּאָעטישע סאַטירע פון האָראַציוס און יוּווענאַל האָט אַ סך גענומען פון דעם גייסט פון דער „סאַטוראַ", אויך זי איז געווען אַ ברייט פאַרשפּרייטער טיפּ פון לייען-מאַטעריאַל. נאָר זינט דעם 3טן יאָרהונדערט פאַר קר. האָט די גריכישע השפּעה אַרויסגעליגט אויפן לאַטייניש גייסט די שווין אייגעשטעלטע פאָרמען פון דער גריכישער קאָמעדיע, און די לאַטיינישע קאָמעדיע איז מער אַ לאַטיניזירונג פון דער גריכישער קאָמעדיע, איידער דער פּראָדוקט פון אַן אָריגינעלער אַנטוויקלונג. פּלאַוטיוסעס און טערענציוסעס שטיקער קאָנען דינען פאַר גוטע מוסטערן אויף צו באַקענען זיך מיט דער לאַטיינישער קאָמעדיע.

עס איז אויך געווען אַ בפירוש לאַטיינישע טראַדיציע פון קלאָרער און דייטלעכער פּראָזע, וואָס קאַטאָן דער צענזאָר האָט אַ סך מיטגעהאָלפן זי אונטערצוהאַלטן. עס איז אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכן צעזאַרס „וועגן גאַלישן קריג" מיט טוקידידעסן. אין זיין קאָמפּאַקטער צוטריטלעכקייט איז עס, אויב מען מעג באַנוצן אַזאַ פאַרגלייך, לגבי טוקידידעסעס היסטאָריש ווערק ווי אַ גוט-געמאַכטער קליידער-טישע-מאָדאַן אַנטקעגן אַ טואַלעט-טיש.

גריכישע געלערנטקייט איז אין רוים אין דער צייט פון אַנטאָנינוס פּיוס געווען פּונקט אַזוי אָנערקענט און הויך געשאַצט, ווי אין די ענגלישע אוניווערסיטעטן אין דער צייט פון קיניגין וויקטאָריאַ.

דעם געלערנטן קענער פון גריכיש פלעגט מען באַגעגענען מיטן זעלביקן געמיש פון אומאינטעליגענטן יראת־הכבוד און פון פראַקטישן ביטול. געווען אַ היפּשע צאָל געלערנטע ביכער אין גריכיש און געשריבענע פירושים און קריטיקעס. פאַקטיש איז געווען אַזאַ באַוואונדערונג פאַר די גריכישע אותיות, אַז עס האָט געקאָנט כמעט אינגאַנצן צונישט מאַכן דעם גריכישן גייסט; פון אַריסטאָטעלעסעס פאָרשונגען, וואָס זיינען פאַרשריבן אין זיינע ביכער, האָט מען אַזוי שטאַרק געהאַלטן, אַז מען האָט זיך ניט דערוועגט קלערן וועגן אַן ענלעכער אָרגאַניזאַציע, כדי ווייטער צו פירן דעם שטודיום. ציצעראָ האָט געסטאַרעט זיך נאָכצומאַכן דעמאָסטענעסן און דער היסטאָריקער סאַלוסטיוס די גריכישע היסטאָריקער. דער לידיקער קאַטולוס האָט זיך געלערנט אַנטפּלעקן זיין האַרץ ביי די בעסטע גריכישע מאָדעלן. היות ווי גריכנלאַנד האָט געהאַט אירע עפּאָסן און אַזוי ווייטער, האָבן די רוימער געהאַלטן, אַז זיי מוזן אויך האָבן זייער אייגענעם עפּאָס. די תקופה פון אַווגוסטוס איז געווען אַ תקופה פון גלענצנדער אומאויפריכטיקייט. ווירגיליוס האָט אין דער „ענעידע" זיך אַוועקגעשטעלט באַשיידן, אָבער באַשטימט און מיט עלעגאַנטער קונציקייט זייט ביי זייט מיט דער „אָדיסייע" און „איליאַדע". אָווידיוס און האָראַציוס פאָדערן אַרויס אַ פאַרגלייך מיט די בעסטע עלעגישע און לירישע פּאָעטן פון גריכנלאַנד.

פּאַראַלעל מיט אָט דער „גילדענער צייט" פון דער לאַטיינישער ליטעראַטור האָט די גריכישע ליטעראַטור ניט אויפגעהערט שטראָמען ברייט און שפעדיק. אַ צייט נאָכדעם ווי דער לאַטיינישער אימפּעט איז געווען אויסגעלאָשן, איז די העלענישע וועלט געווען נאָך רייך פּראָדוקטיוו. זי איז אַריבער אָן אַ איבעררייס אין דער פרי־קריסטלעכער ליטעראַטור. מיר האָבן שוין דערציילט וועגן די אויסגעצייכנטע אינטעלעקטועלע התחלות פון אַלכסנדריא און פון דער לפּי־ערכדיקער ירידה פון אַטען. אויב די נאַטור־וויסנשאַפט איז אין אַלכּסאַנדריא געווען טויט, האָט דער ליטעראַרישער שטראָם אויסגעהאַלטן די קאָנקורענץ מיט רוים. מען פלעגט דאָ קאָפּירן אָן אַ שיעור ביכער, וואָס קיין איין הויז פון אַ גביר האָט אָן דעם זיך ניט געקאָנט באַגיין. עס איז ווייטער געשאַפן געוואָרן אויפן געביט פון

געשיכטע און ביאָגראַפֿיע. פּאָליביוס (אַרום 204—122 פֿאַר קר.) דערציילט וועגן דער באַצווינגונג פֿון גריכנלאַנד דורך רוים. פּלוטאַרך (אַרום 50—100 נאָך קר.) האָט אָנגעשריבן זיינע אומפֿאַרגלייכלעכע שטודיעס איבערן לעבן פֿון גרויסע מענטשן. עס האָבן זיך באַוויזן די פֿאַרשיידנסטע דיאַלאָגן און דערציילונגען, און זיינען צום גרעסטן טייל ווידער פֿאַרשוואונדן. אַ גרויסער און אָריגינעלער שרייבער איז געווען לוקיאַנוס (?120—200 נאָך קר.), וואָס ציט נאָך עד=היום צו אונזער אינטערעס און באַוואונדערונג. געווען אויך אַ גרויסע צאָל איבערזעצונגען פֿון גריכיש אין לאַטייניש און פֿאַרקערט. די צוויי ליטעראַטורן זיינען געווען כמעט אַזוי נאָענט און האָבן זיך געפֿוגן אין דער זעלביקער געדאַנקען=וועלט, אַזוי ווי די אַמעריקאַנישע און ענגלישע ביי היינטיקן טאָג.

אָט גאָר די דאָזיקע ווייט=פֿאַרשפּרייטע קולטור פֿון רייכן באַלעבאָס איז דאָס שיינדל פֿון דעם פֿריען רוימישן קיסרטום. אין גיבאָן הייבט אָן זיין ווערק „ירידה און אונטערגאַנג פֿון דער רוימישער אימפּעריע“ מיט אַ ליכטפֿולער שילדערונג פֿון אָט=דעם צושטאַנד אין דער צייט פֿון די אַנטאָנינען. דער פּלאַן פֿון זיין ווערק האָט געפֿאָדערט אַן אַריינפֿיר, וואָס זאָל שילדערן דעם גלאַנץ און די דו פֿון דער אימפּעריע. נאָר ער איז געווען צו קריטיש און טיף אין זיין אַריינדרינגען, אַז ער זאָל ניט באַגרענעצן זיין בפֿירושן לויב, וואָס ער לויבט דעם געשילדערטן מצב. „אונטער דעם רוימישן קיסרטום“, שרייבט ער, „איז די אַרבעט פֿון אַ פֿלייסיקן און פֿעיִקן פֿאָלק אויף אַ פֿאַרשיידענעם אופֿן כסדר אויסגענוצט געוואָרן אין דינסט פֿאַר די רייכע. אין זייערע קליידער, אין זייער עסן, אין זייערע הייזער און זייערע שטוב=זאַכן האָבן די, וועמען עס האָט באַגליקט, צונויפֿגענומען גאָר די פֿיינקייט און באַקוועמלעכקייט, עלעגאַנץ און שיינקייט, וואָס האָט נאָר געקאָנט קיצלען זייער שטאָלץ אָדער באַגיטיקן זייערע חושים. די מאָראַליסטן פֿון אַלע צייטן פֿאַרמשפּטן שטרענג אָט=די אַלע פֿיינקייטן — זיי שטעלן אַרויס לוקסוס פֿאַר אַ זינד; און עס וואָלט געווים געווען נוציקער סיי פֿאַר דער מאָראַל און סיי פֿאַרן גליק פֿון דער מענטשהייט, ווען אַלע וואָלטן פֿאַרמאָגט דאָס, וואָס עס איז נויטווענדיק פֿאַרן לעבן, און קיינער ניט דאָס,

וואָס איז איבעריק. נאָר ביים איצטיקן ניט־פולקומען צושטאַנד פון דער געזעלשאַפט ווייזט אויס, אַז דער לוקסוס, הגם ער קאָן שטאַמען פון זינדיקייט אָדער שיגעון, איז דאָך דער איינציקער מיטל, וואָס קאָן אויסגלייכן די אומגערעכטע צעטיילונג פון אייגנטום. דער פלייש־קער מעכאַניקער און דער געשיקטער קינסטלער, וואָס האָבן ניט גע־קראָגן קיין חלק ביי דער צעטיילונג פון דער ערד, קריגן אַ פריי־וויליקן אָפּצאָל פון די ערד־אייגנטימער; און די לעצטע ווידער ווערן געטריבן, דורך אַ געפיל פון אינטערעס, אויסצובעסערן זייערע נחלאות, וואָס פאַר זייערע פּראָדוקטן קאָנען זיי זיך איינשאַפן נייע פאַרגע־



דער קאָלאָסעום, דער גרעסטער רוימישער אמפיטעאטער. אנגעהויבן בויען אים האָט אספסינוס און געענדיקט טיטוס אין יאָר 80 נאָך קר. נאָך ביזן אנהייב 5טן י״ה זיינען אין אים געגאנגען גלאדיאטאָר־שפּילן.

ניגנס. די דאָזיקע טועכץ, וואָס אירע באַזונדערע ווירקונגען זיינען צו שפּירן אין איטלעכער געזעלשאַפט, האָט געהאַט אַ ברייטערע ווירקונג אין דער רוימישער וועלט. די פּראָווינצן וואָלטן גאָר גיך פאַראָרעמט געוואָרן ביז לעצט, אויב די אויסאַרבעטונג און דער מסחר מיט לוקסוס־זאַכן וואָלטן ניט צו־ביסלעכווייז אומגעקערט צוריק די אונטערטאַניקן די סומעס, וואָס פלעגן ווערן אַרויסגעצויגן פון זיי דורך די געוועער און דער מאַכט פון רוים". און אַזוי ווייטער, מיט אַ שטריך פון סאַטירע אין איטלעכן קנייטש פון דער גרויסאַר־טיקער שילדערונג.

ווען מיר וואַרפֿן אַ בליק אַ ביסל ברייטער ווי מען קאָן דאָס טאָן פֿון אַ שוועבנדיקן אַעראָפּלאַן אויף דער באַוועגונג פֿון די פֿעלקער אויף דער ערד, אָדער ווען מיר קוקן זיך צו נענטער, ווי אַ באַזוך אויף די גאַסן, אַמפֿיטעאַטערס און סעודות, ווען מיר קוקן אַריין אין די נשמות און געדאַנקען פֿון מענטשן, — דעמאָלט וועלן מיר אַרויסגעפֿינען, אַז אָט־דער אײַנדרוקספֿולער אַרויסווײַז פֿון מאַטעריעלן וואוילשטאַנד איז פּשוט דער שײַנענדיקער לבֿוש פֿון אַ פּאָליטישער פֿירונג, וואָס איז בלינד אַנטקעגן אויסווייניקסטע און בלינד אַנטקעגן אינעווייניקסטע זאַכן און בלינד אַנטקעגן דער צוקונפֿט. למשל, ווען מיר פֿאַרגלייכן די צוויי יאָרהונדערטער פֿון רוימישן אויפֿשטייג און וואוילשטאַנד, דעם ערשטן און צווייטן יאָרהונדערט נאָך קר., מיט צוויי יאָרהונדערטער פֿון גריכישן און העלענישן לעבן אָנגעהויבן פֿון אַרום 466 פֿאַר קר. מיט דער הערשאַפֿט פֿון פּעריקלעס אין אַטען, — ווערן מיר פֿאַרחידושט — ניט פֿון דעם נידעריקן שטאַנד פֿון וויסן, נאָר דערפֿון, וואָס קיין וויסנשאַפֿט איז לגמרי ניטאָ. דאָס ניט־וועלן־וויסן פֿון די רוימישע גבירים און פֿון די רוימישע מושלים איז געווען נאָך מער מאַסיוו און מאָנומענטאַל, ווי זייער אַרכיטעקטור.

אויף איין געביט פֿון וויסנשאַפֿט האָבן מיר געמעגט זיך ריכטן, אַז די רוימער וועלן זײַן אויף דעם פֿלינק און אויפֿטועריש, דאָס איז געאָגראַפֿיע. זייערע פּאָליטישע אינטערעסן האָבן געפֿאָדערט אַ שטענדיקע אויספֿאָרשונג פֿון דער לאַגע אויף יענער זייט זייערע גרענעצן, און פֿונדעסטוועגן איז די דאָזיקע אויספֿאָרשונג קיינמאָל ניט געמאַכט געוואָרן. עס איז פּראַקטיש ניטאָ קיין ליטעראַטור וועגן רוימישע נסיעות אויף יענער זייט פֿון די גרענעצן פֿון דער אימפּעריע, ניטאָ אַזעלכע פֿיינע און טשיקאַווע באַשרייבונגען, ווי העראָדאָט גיט פֿון די סקיטן, די אַפֿריקאַנער און כּדומה. ניטאָ אין לאַטייניש אַזוינס, וואָס מען זאָל קאָנען צוגלייכן צו די אַלטע באַשרייבונגען פֿון אינדיע און סיביר, וואָס מען קאָן געפֿינען אין כינעזיש. די רוימישע לעגיאָנען זיינען אויף אַ שטיקל צייט געקומען קיין שאָטלאַנד, אָבער עס איז ניט פֿאַרבליבן פֿון זיי קיין אמת אינטעליגענטער באַריכט וועגן די פּיקטן און סקאָטן, שוין אָפּגערעדט פֿון אַ בליק

אויף די ימים ווייטער קיין צפון. אַזעלכע אַנטדעקונגס=נסיעות, ווי
די פון האַנאָן און פון פרעה נכה, האָבן קענטיק אינגאַנצן אַריבערגע=
שפּרייזט די גרענעצן פון דער רוימ׳שער פאַנטאַזיע.

מען מעג אָננעמען, אַז נאָכן חורבן פון קאַרטאַגאָ איז די
צאָל שיפן, וואָס זיינען אַרויסגעשוואומען אין אַטלאַנטישן אָקעאַן דורך
דעם ים=טויער פון גיבראַלטאַר, געפאַלן ביז צו נישט׳קע מאָסן. נאָך
ווינציקער האָט זיך געקאָנט אַנטוויקלען ווייטער אין אָט=דער וועלט
פון וואולגאַרער רייכקייט, פאַרשקלאַפטער אינטעליגענץ און ביוראָ=
קראַטישער רעגירונג די אַסטראָנאָמיע און פיזיאָגראַפיע פון אַלכּ=
סנדריא. די רוימער האָבן, ווייזט אויס, אַפילו זיך ניט געשטעלט
די פראַגע, וואָס זיינען דאָס פאַר אַ מענטשן, וואָס וועבן דאָס זיידנס
און מאַכן פאַרטיק די געווירצן, אָדער קלייבן דעם בורשטין און די
פערל, וואָס קומען אויף זייערע מערק. און דאָך איז די אויס=
פאָרשונג געווען גרינג און פריי דורכצופירן; אָפענע וועגן האָבן גע=
פירט אין אַלע ריכטונגען צו זאַמלפלעצער, וואָס אויספאָרשער האָבן
זיך נאָר געקאָנט ווינטשן אַזעלכע.

„די ווייטסטע לענדער פון דער אַלטער וועלט זיינען דורכגעניש=
טערט געוואָרן, בכדי צו פאַרזאָרגן רוים מיט לוקסוס=זאַכן און נאַ=
שערייען. די וועלדער פון סקיטיע האָבן צוגעשטעלט טייער פעלצוואַרג.
בורשטין פלעגט ווערן געבראַכט איבער דער יבשה פון די ברעגעס
פון באַלטישן ים ביז צום דונאַי, און די באַרבאַרן זיינען געווען פאַר=
חידושט, וואָס פאַר אַ פרייז זיי קריגן פאַר דער זאַך, וואָס טויג
צו גאָרנישט. עס איז געווען אַ היפשער נאָכפרעג אויף בבלישע
קאָבריצעס און אַנדערע אויסאַרבעטונגען פון מזרח; נאָר דער וויכ=
טיקסטער צווייג פון אויסלענדישן האַנדל איז געוואָרן געבראַכט פון
אַראַביע און אינדיע. איטלעכס יאָר, אַרום דער צייט פון דער זומער=
תקופה פלעגט אַ פלאָט פון הונדערט מיט צוואַנציק שיפן אָפּזעג=
לען פון מיאָס=האָרמאָס, אַן עגיפּטישן האַפן ביים רויטן ים. דורך דער
פעריאָדישער הילף פון די מאָנסון=ווינטן פלעגן זיי דורכשווימען דעם
אינדישן אָקעאַן אין אַ טאָג פערציק. דער געוויינטלעכער ציל פון
זייער רייזע איז געווען דער מאַלאַבאַר=ברעג אָדער דער אינזל ציילאָן,
און אויף יענע מערק פלעגן די סוחרים פון די ווייטסטע לענדער פון

אַזיע אָפּוואַרטן זייער אָנקום. דער צוריקקער פון דעם פלאָט קיין עגיפּטן איז געווען באַשטימט אויף די חדשים דעצעמבער און יאַנואַר, און ווי נאָר זייער רייכע לאַדונג איז געוואָרן אַריבערגעפירט, אויף די רוקנס פון קעמלען, פון דעם רויטן ים ביזן נילוס און אַראָפּגעשיפט מיטן טייך אַזש קיין אַלעקסאַנדריאַ, פלעגט זי באַלד אָן אָפּהאַלט פון דאָרט זיך אַריינגיסן אין דער הויפּטשטאָט פון דער אימפּעריע".*

רוימישע סחורה=לאַגערס זיינען געווען אין דרום=אינדיע, און צוויי קאָהאָרטעס זיינען געשטאַנען ווי אַ גאַרניזאָן אין קראַנגאַנאָר אויף דעם מאַלאַבאַר=ברעג, וואו עס איז אויך געווען אַ טעמפּל פאַר אַווגוסטוסן.

נאָר רוים האָט זיך באַנוגנט מיט הוליען, באַרייסן אַ וועלט, אָנשטאָפּן זיך מיט רייכקייט און אָנקוועלן פון די גלאַדיאַטאָר=שפּילן, און האָט ניט געמאַכט דעם מינדסטן פּרוּוו צו דערגיין עפּעס וועגן אינדיע, כינע, פּערסיע אָדער סקיטיע, בודאַ אָדער זאָראָאַסטער, אָדער מכוח די הונען, די נעגערס, דעם פאָלק פון סקאַנדינאַוויע, אָדער מכוח די סודות פון מערבדיקן ים.

אַז מיר שטעלן זיך פאָר, וואָס אַזינס איז געווען די פאַרטעמפּדיקע געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספערע, וואָס האָט געמאַכט מעגלעך אָט=די דאָזיקע גלייכגילטיקייט, קאָנען מיר זיך ערשט דערקלערן די סיבה, פאַרוואָס האָט רוים אין דער דאָזיקער תקופה ניט אַנטוויקלט קיין פיזישע אָדער כעמישע וויסנשאַפט, און ממילא האָט זי ניט באַוויזן צו געווינען קיין מאַכט איבער דער מאַטעריעלער וועלט. דער גרעסטער טייל דאָקטוירים אין רוים זיינען געווען גריכן און אַ סך פון זיי שקלאַפן — וואָרעם דער רוימישער גביר האָט ניט פאַרשטאַנען, אַז אַ געקויפטע נשמה איז אַ ליידיקע נשמה. נאָר דאָס איז ניט געווען געדרונגען פון עפּעס אַן איינגעבאָרענעם פעלער און דעם נאַטירלעכן געניוס פון רוימישן פאָלק: דאָס איז געווען געדרונגען נאָר פון זייערע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע לעבנס=תנאים.

---

* גיבאָן.

פון מיטלעלטער ביזן היינטיקן טאָג האָט איטאַליע אַרויסגעבראַכט אַ גרויסע צאָל אויסגעצייכנטע וויסנשאַפט־מענער. און איינער פון די טיפסטע און באַגייסטערטסטע וויסנשאַפטלעכע שרייבערס איז געווען אַן איטאַליענער — דאָס איז לוקרעציוס, וואָס האָט געלעבט צווישן דער צייט פון מאַריוס און פון יוליוס קיסר (אַרום 100 ביז 50 פאַר קר.). דער דאָזיקער וואונדערלעכער מענטש איז געווען פון דער מדרגה פון לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי (אויך אַן איטאַליענער) אָדער ניוטאָן. ער האָט געשריבן אַ לאַנגע לאַטיינישע פּאָעמע וועגן די פּראָצעסן אין דער נאַטור De rerum natura — וואָס אין איר האָט ער מיט אַ הפלאדיקער אינטויציע אַרויסגעזאָגט השערות וועגן דעם באַשטאַנד פון דער מאַטעריע און וועגן דער פריסטער געשיכטע פון דער מענטשהייט. אָסבאָרן ברענגט מיט באַוואונדערונג אין זיין „אַלטשטיין־תקופה" לאַנגע ציטאַטן פון לוקרעציוסן מכּוח דעם אורמענטשן, וואָס קאָנען זיין גילטיק נאָך ביי היינטיקן טאָג. נאָר ער איז געווען אַן אינדיווידועלער אַרויסווייז, אַ זאָמען, וואָס האָט קיין פּירות ניט געטראָגן. רוימישע וויסנשאַפט איז געווען טויט־געבאָרן אין דער שטיקנדיקער אַטמאָספער פון רייכקייט און מיליטערישן דרוק. די אמתע פיגור, וואָס כאַראַקטעריזירט די קלאַסיש־רוימישע באַציִונג צו וויסנשאַפט, איז ניט לוקרעציוס, נייערט יענער רוימישער זעלנער, וואָס האָט צעהאַקט אויף טויט אַרכימעדעסן ביים שטורעם פון סיראַקוז.

און אויב פיזיקאַלישע און ביאָלאָגישע וויסנשאַפט איז פאַרוועלקט געוואָרן און אָפּגעשטאָרבן אויפן שטיינערדיקן גרונט פון רוימישן וואוילשטאַנד, האָט פּאָליטישע און סאָציאַלע וויסנשאַפט קיינמאָל ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַרויסצושפּראָצן. אַ חקירה איבער פּאָליטיק וואָלט געהייסן פעלשונג קעגן קיסר, סאָציאַלע אָדער עקאָנאָמישע פאָרשונג וואָלט באַטייט אַ דרויונג פאַר די רייכע. אַזוי־אַרום האָט רוים, ביז דעם חורבן וואָס איז אָנגעפאַלן אויף איר, קיינמאָל ניט געפאָרשט איר אייגענע סאָציאַלע געזונטהייט, קיינמאָל ניט געשטעלט די פראַגע מכּוח דעם ווערט פון איר שטרענגער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג. ממילא איז ניט געווען קיין איינער, וואָס זאָל זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַן ערנסטער חסרון איז דאָס, וואָס זי האָט ניט געקאָנט אַנטוויקלען עפּעס אַן אינטעלעקטועלע פאַנטאַזיע צוליב

אײנהאַלטן די גאַנצקייט פון דער אימפעריע, אַ מיטל, ווי אַזוי צו דערציען דאָס פאָלק צו אַן אַלגעמיינער אידעע, וואָס האָט געקאָנט ברענגען די מענטשן צו קעמפן און צו אַרבעטן פאַר דער אימפעריע, ווי מען קעמפט און אַרבעט פאַר אַן אייגענער זאַך, וואָס איז אימלעכן טייער. נאָר די מושלים פון רוימישן קיסרטום האָבן גאָרניט באַדאַרפט האָבן, זייערע בירגער זאָלן קעמפן פאַר עפּעס גייסטיקס. די רייכע לייט האָבן אויסגענעסן דאָס האַרץ ביי דער מאַסן-באַפעלקערונג און זיינען געווען צופרידן מיט דעם געריכט. די לעגיאָנען זיינען געווען פול מיט געמאַנען, בריטאַניער, נומידיער און כדומה;



די רעשטן פון רוימישן אמפיטעאטער אין ארל, פראנקרייך — ער האָט געקאָנט אריינעמען 25.000 מענטשן.

און ביזן סאַמע סוף האָבן די רייכע רוימער געמיינט, אַז עס לוינט זיי און עס וועט זיין מעגלעך צו קויפן באַרבאַרן אויף צו באַשיצן זיי קעגן אויסווייניקסטן שונא און קעגן די מורדים אינעווייניק.

ווי ווינציק די רוימער האָבן אויסגעטאָן פאַר פאָלקס-בילדונג, איז צו זען פון אַ באַריכט וועגן דעם, וואָס איז געטאָן געוואָרן. מ״ר ה. סטיואַרט דזשאָנס זאָגט: „יוליוס קיסר האָט געשאָנקען רוימישע בירגער-רעכט די „לערערס פון פרייע קונסטן“; אַספּסינוס האָט אויסגעהאַלטן אויף זיינע הוצאות פּראָפעסאָרן פון גריכישער און רוימישער אָראַטאָר-

קונסט אין רוים; די שפעטערדיקע קיסרים, בפרט אנטאנינוס פיוס, האבן די נעמלעכע טובות אויסגעשפרייט אויך אויף דער פראווינץ. אויך אויף די ערטער האט פריוואטע איניציאטיווע מיט פריוואטע מיטלען פארשפרייט בילדונג; פון דער קארעספאנדענץ פון פליניוס דעם יינגערן ווערן מיר געוואר, אז עס זיינען געגרינדעט געווארן עפנטלעכע שולעס אין די שטעט פון צפון-איטאליע. אבער הגם וויסן איז געווען שטארק פארשפרייט אין דער צייט פון קיסרטום, נאר קיין אמתער אינטעלעקטועלער פראגרעס איז ניט געווען. אמת, אווגוסטוס האט צונויפגעקליבן ארום זיך די גלענצנדסטע שרייבערס פון זיין צייט, און דער אנהייב פון דער נייער מאנארכיע פאלט צונויף מיט דער גילדענער צייט פון דער רוימישער ליטעראטור; אבער דאס האט ניט לאנג געדויערט, און דער אנהייב פון דער קריסטלעכער ערע האט פאר זיך געהאט דעם ניצחון פון קלאסיציזם און די ערשטע טריט פון דער ירידה, וואס שטייט אן פאר אלע ליטעראטור-באוועגונגען, וואס קוקן מער אין עבר איידער אין צוקונפט אריין".

פאראן א דיאגנאז פון דער אינטעלעקטועלער ירידה פון דער צייט אין א שריפט וועגן דאס געהויבענע פון א גריכישן שרייבער, וואס זיין נאמען איז געבליבן אומבאוואוסט, און וואס האט געשריבן אין צווייטן, דריטן אדער פערטן יארהונדערט נאך קר.; אפשר איז דאס געווען לאנגינוס פילאלאגוס. דער דאזיקער שרייבער קאנסטאטירט בפירוש איין דייטלעכן פאקטאר פון דער גייסטיקער קרענק פון דער רוימישער וועלט. ער ווערט ציטירט בײ גיבאנען: „דער פיינער לאנגינוס, וואס האט שפעטער, ביים הויף פון דער סירישער קעניגין זענאביא, אפגעהיט דעם גייסט פון דער אלטער אטען, אבסערווירט און באקלאגט די דעגענעראציע פון זיינע בני-דור, וואס האט דערנידעריקט זייער גייסט, אפגעשוואכט זייער מוט און דערשטיקט זייערע טאלענטן". „אזוי ווי קינדער בלייבן זעלביקן שטייגער", זאגט ער, „ווי טייל קינדער בלייבן שטענדיק פיגמייען, וואס זייערע קינדערשע גלידער זיינען געווען צו ענג צונויפגעפרעסט, אזוי זיינען אויך אונזערע צארטע גייסטער, געפענטעט דורך די פאראורטיילן און געוויינהייטן פון אן אמתער קנעכטשאפט, ניט פעיק אויסצושפרייטן זיך אדער צו דערגרייכן צו יענער גוט-פראפארציאנירטער גרייס, וואס מיר באוואונדערן אזוי בײ

די אַלטע, וואָס, לעבנדיק אונטער אַ פֿאָלקס־רעגירונג, האָבן זיי געשריבן מיט דער זעלביקער פֿרייהייט, ווי זיי האָבן געווירקט".

נאָר דער דאָזיקער קריטיקער האָט אויפֿגעכאַפּט נאָר איין זייט פֿון דער אײַנצאַמונג פֿון גייסטיקער אַקטיווקייט. די הויפּט־פֿאַקטאָרן, וואָס האָבן געהאַלטן דעם רוימישן גייסט אין אַ שטענדיקן צושטאַנד פֿון קינדישקייט, זײַנען באַשטאַנען פֿון אַ טאָפּלטער קנעכטשאַפֿט: אַן עקאָנאָמישער ניט ווייניקער ווי אַ פּאָליטישער. דער באַריכט, וואָס גיבאָן ניט וועגן לעבן און טעטיקייט פֿון אַ געוויסן העראָדעס אַטיקוס, וואָס האָט געלעבט אין האַנדריאַנוסעס צייט, באַווייזט, ווי קליין עס איז געווען דער חלק פֿון געמיינעם מאַן אין דעם אויסוויניקסטן גלאַנץ פֿון דער צייט. דער דאָזיקער אַטיקוס האָט פֿאַרמאָגט אַ געוואַלדיקע עשירות, און האָט זיך געמאַכט אַ פֿאַרוויילונג צו בויען גרויסע בנינים אין פֿאַרשיידענע שטעט. אין אַטען האָט ער געלאָזט אויסבויען אַ היפּאָדראָם און אַ טעאַטער פֿון צעדער־האָלץ, טשיקאַווע אויסגעשניצט, צום אָנדענק פֿון זײַן ווײַב; אַ טעאַטער איז אויסגעבויט געוואָרן אין קאָרינט, אַ היפּאָדראָם אין דעלפֿי, אַ באָד אין טערמאָפּילע, אַן אַקוועדוקט אין קאַנוזיום און אַזוי ווייטער. מען איז פֿאַרחידושט פֿון דעם בילד פֿון אַ וועלט פֿון שקלאָפֿן און פֿון המון־מענטשן, וואָס מען פֿרעגט בײַ זיי ניט, און איבער זייערע קעפּ, אָן אָנטייל פֿון זייער זייט, האָט אָט דער גביר זיי באַשאָנקען מיט זײַן חסד, לויט ווי אים איז וואויל געפֿעלן. אַ סך אויפֿשריפֿטן אין גריכנלאַנד און אַזיע ווייזן נאָך איצט דעם נאָמען העראָדעס אַטיקוס, „דעם באַשיצער און בעל־טובֿה", וואָס האָט זיך געשאַפֿט אין דער אימפּעריע אַזוי ווי די וואָלט געווען זײַן פּריוואַטער גאָרטן, און האָט בײַ אַלע די דאָזיקע פֿאַרשענערונגען ניט פֿאַרגעסן צו פֿאַראייביקן זיך. ער האָט זיך ניט באַנוגט מיט גרויסאַרטיקע בנינים. ער איז אויך געווען אַ פֿילאָסאָף, הגם פֿון זײַן חכמה איז גאָרנישט ניט געבליבן. ער האָט געהאַט אַ גרויסע ווילע בײַ אַטען, און דאָ זײַנען פֿילאָסאָפֿן געווען אָנגעלייגטע געסט. כל־זמן דער באַלעבאָס האָט געהאַלטן פֿון זיי, כל־זמן זיי האָבן אויפֿגענומען מיט רעספּעקט זײַנע חקירות און האָבן ניט געהאַט די העזה צו זײַן מחולק קעגן אים.

עס איז קלאָר, אַז די וועלט האָט אין די צוויי יאָרהונדערטער
פון רוימישן וואוילשטאַנד ניט פּראָגרעסירט. אָבער צי איז זי געווען
באַטש גליקלעך אין דעם דאָזיקן צושטאַנד? עס זיינען פאַראַן סימנים,
וואָס לאָזן קיין ספק ניט צו, אַז די גרויסע מאַסע מענטשן, אַ מאַסע
פון אַן ערך הונדערט ביז הונדערט און פופציק מיליאָנען נפשות,
איז ניט געווען גליקלעך, איז מסתמא געווען שטאַרק אומגליקלעך,
אינמיטן אָט־דער גאַנצער אויסוויינקסטער פּראַכט. אמת, קיין גרויסע
מלחמות און באַצווינגונגען אין דער אימפּעריע גופא זיינען ניט גע־
ווען, פון הונגער אָדער פון פייער אָדער פון שווערד האָבן מענטשן
ווינציק געליטן. אָבער פון דער אַנדער זייט איז געווען אַ שרעק־
לעכער דרוק מצד דער רעגירונג, און נאָך מער מצד די רייכע, כּמעט
אויף איטלעכן, אַ דרוק, וואָס האָט איינגעצאַמט זיין אַקטיוויטעט. פאַרן
גרעסטן טייל מענטשן, וואָס זיינען ניט געווען ניט רייך און ניט
אָנגעשטעלט ביי דער רעגירונג, ניט קיין ווייבער אָדער פּאַראַזיטן
פון די רייכע אָדער רעגירונגס־באַאַמטע, האָט לעבן באַטייט שווערע,
נודנע פּראַצע, אָן אינטערעס און פרייהייט — אַזאַ נידעריק לעבן
קאָן אַ מאָדערנער גייסט זיך קוים אויסמעלן.

מען קאָן דאָ ברענגען ספּעציעל דריי זאַכן אויף באַווייזן, אַז
דער דאָזיקער פּעריאָד איז געווען אַ פּעריאָד פון צרות און פּיין,
וואָס האָבן אַרומגענומען דעם גרעסטן טייל מענטשהייט. קודם־כּל,
דאָס, וואָס די באַפעלקערונג האָט אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינט־
לעכע אַפּאַטיע אין פּאָליטישע ענינים. זיי האָבן מיט פולן גלייכגילט
געזען, ווי איין פּרעטענדענט נאָכן אַנדערן האָט פאַרכאַפּט די קיסרלעכע
מאַכט. דאָס האָט זיי לחלוטין ניט געאַרט: עס האָט זיך אויסגעלאָזט
יעטווידע האָפענונג. אויב עס האָבן איצט די באַרבאַרן זיך אַריינגעריסן
אין דער אימפּעריע, איז ניט געווען קיינער, וואָס זאָל זיך אַנטקעגנשטעלן
קעגן זיי, חוץ די לעגיאָנען. דאָס פאָלק גופא האָט זיך קיינמאָל ניט באַ־
שיצט קעגן זיי. אומעטום וואָלטן די באַרבאַרן דערשטיקט געוואָרן דורך
דער צאָל, אויב דאָס פאָלק וואָלט זיך אַנטקעגנגעשטעלט. נאָר דאָס
פאָלק האָט זיך ניט אַנטקעגנגעשטעלט. עס איז באַשיימ־
פערלעך, אַז פאַר דער גרויסער מאַסע פון די איינוואוינער האָט
דאָס רוימישע קיסרטום ניט אויסגעוויזן צו זיין אַ זאַך, וואָס עס

איז כּדאַי צו קעמפֿן פֿאַר איר. די שקלאַפֿן און דעם געמיינעם פֿאָלק האָט מסתּמא אויסגעוויזן, אַז בּיי די בּאַרבּאַרן וועלן זיי האָבּן מער פֿרייהייט און ווינציקער דערנידערונג ווי אונטער דער גרויסמעכטיקער רעגירונג פֿון די קיסרלעכע בּאַאַמטע און אונטער דער עקספּלואַטאַציע פֿון די רייכע. דאָס אויסרויבּן און פֿאַרבּרענען די פּאַלאַצן און אַ הריגה בּיי אַ געלעגנהייט האָבּן ניט געמאַכט אַזאַ שווערן איינדרוק אויף דעם המון פֿון דער רוימישער אונטערוועלט, ווי אויף די רייכע און קולטורעלע מענטשן, וואָס פֿון זיי שטאַמען די בּאַריכטן, וואָס מיר האָבּן וועגן דעם איינבּראָך פֿון דער סיסטעם פֿון קיסרטום. גרויסע מאַסן שקלאַפֿן און מענטשן פֿון פֿאָלק זיינען מסתּמא צוגעשטאַנען צו די בּאַרבּאַרן, וואָס האָבּן ווינציק געוואוסט פֿון פֿאָראורטיילן פֿון ראַסע און פּאַטריאָטיזם און האָבּן צוגענומען מיט אָפֿענע אָרעמס אַלעמען, ווער עס האָט זיי געקאָנט נוצן. קיין ספֿק ניט, אין אַ סך פֿאַלן פֿלעגט די בּאַפֿעלקערונג אַרויסזעפֿינען, אַז די בּאַרבּאַרן זיינען געווען נאָך אַן ערגערע אָנשיקעניש אַפֿילו פֿאַר די אָפּצאָל-קלייבּערס און שקלאַפֿן-טרייבּערס. אָבּער די דאָזיקע אַנטדעקונג פֿלעגט קומען צושפּעט, צוליבּ אַ ווידערשטאַנד אָדער צוליבּ אויפֿריכטן די אַלטע אָרדענונג.

ווי אַ צווייטער סימן, וואָס ווייזט אויף דער זעלבּיקער מסקנא, אַז בּאַר די אָרעמע לייט און פֿאַר די שקלאַפֿן און פֿאַרן גרעסטן טייל פֿאָלק איז אין דער צייט פֿון די אַנטאָנינען דאָס לעבּן ניט געווען קיין לעבּן, מוזן מיר רעכענען דעם פֿאַקט, וואָס אין דער אימפּעריע איז בּסדר די בּאַפֿעלקערונג געוואָרן קלענער. מענטשן האָבּן ניט געוואָלט האָבּן קיין קינדער. מיר זיינען משער, אַז דאָס איז געווען דערפֿאַר, ווייל זייערע היימען זיינען ניט געווען געשיצט קעגן אונטערדריקונג, ווייל שקלאַפֿן זיינען ניט געווען זיכער, אַז מאַן און ווייבּ וועלן ניט צעשיידט ווערן, ווייל מען האָט זיך ניט געגרייסט מיט קינדער און מען האָט ניט געהאָפֿט, אַז מען וועט עפּעס דערלעבּן פֿון קינדער. אין מאָדערנע מלוכות גיבּן די גרעסטע פֿאַרמערונג פֿון דער בּאַפֿעלקערונג שטענדיק די געגנטן מיט ערדאַרבּעטער, וואָס לעבּן זיך מער ווייניקער רויִק און זיכער אויף זייערע אייגענע נחלאות. נאָר אונטער דעם רוימישן קיסרטום איז דער פּויער און דער קליינער לאַנדווירט

געווען אָדער אַן אויסגעפּייניקטער בעל־חוב, אָדער ער איז געווען פאַר־
כאַפּט פון אַ נעץ באַגרענעצונגען, וואָס האָבן פון אים געמאַכט אַ
קנעכט אָן גייסט און זינען, אָדער ער איז לגמרי אַרויסגעשטופּט
געווען דורך דער קבוצה־אַרבעט פון שקלאַפן.

אַ דריטן באַווייז דערפאַר, אַז דער דאָזיקער פון אויסווייניק
בליענדיקער פעריאָד איז געווען אין דער אמתן אַ צייט פון טיפן
אומגליק און גייסטיקן חורבן פאַר גרויסע מאַסן, קאָן מען געפינען
דערין, וואָס אומעטום האָבן צווישן דער באַפעלקערונג זיך פאַרשפּרייט



דער רוימישער אקוועדוקט, וואס איז איצט באוואוסט אונטערן נאָמען פאָן־דע־גאר, צפונית מזרחית פון נים, פראנקרייך. ער האָט זיך געצויגן לכתחילה אויף א מהלך פון 25 ענגל. מייל, צווישן דער שטאָט נים און די קוואלן, וואס פון זיי איז געקומען דאָס וואסער

נייע רעליגיעס. מיר האָבן שוין געזען ביי דעם ביישפּיל פון קליינעם
לאַנד יהודה, ווי אַ גאַנצע אומה איז געווען דורכגענומען מיט דער
אײנזעעניש, אַז דאָס לעבן איז קאַליע געוואָרן און שלעכט, און
אַז עס מוז עפּעס געטאָן ווערן, בכדי דאָס צו פאַרריכטן. דער גייסט
פון די יידן האָט, ווערליך מיר ווייסן, זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם
געדאַנק פון דער הבטחה פון דעם איינציקן אמתן גאָט, אַז עס וועט
קומען דער אויסלייזער אָדער משיח. עטוואָס אַנדערע געדאַנקען האָבן
זיך פאַרשפּרייט אין דער רוימישער אימפּעריע. דאָס זיינען געווען

וואַריאַציעס פון אַן ענטפער אויף דער איינער אַלגעמיינער פראַגע: „וואָס מוזן מיר טאָן צוליב דער גאולה?“ אַן אָפטער און נאַטירלעכער פועל־יוצא פון דער אומצופרידנקייט מיטן לעבן ווי עס איז, איז צו ווענדן די פאַנטאַזיע צו אַ שפעטערן לעבן, וואָס דאַרף אָפּצאָלן פאַר אַלע צרות און עוולות, וואָס מען האָט זיך אָנגעליטן אין איצטיקן לעבן. דער גלויבן אין אַזאַ באַלוינונג העלפט פאַרשיכורן און פאַרגעסן די איצטיקע צרות. די עגיפטישע רעליגיע איז שוין לאַנג געווען אָנגעזעטיקט מיט דער פאָרשטעלונג פון אומשטאַרבלעכקייט, און מיר האָבן געזען, ווי אַזוי די דאָזיקע אידעע האָט פאַרנומען דעם צענטראַלן אָרט אין דעם קולט פון סעראַפּיס און איזיס אין אַלבסנדריא. עס האָבן אָפּגעלעבט די אַלטע מיסטעריעס פון דעמעטער און אָרפּוים, די מיסטעריעס פון דער מיטללענדישער ראַסע, און האָבן געבילדעט אַ מין טעאָקראַסיאַ, אַ געטער־צונויפמיש מיט די נייע קולטן.

אַ צווייטע גרויסע רעליגיעזע באַוועגונג האָט געשאַפן די רעליגיע פון מיטראַ, דאָס איז אַן אָפּצווייג פון דער זאָראָאַסטער־רעליגיע, אַ רעליגיע פון זייער אַלטן אַרישן אָפּשטאַם, וואָס מען קאָן ציען איר יחוס צוריק ביז צום אינדאָ־איראַנישן פאָלק, איידער עס האָט זיך געשפּאָלטן אין פּערסער און אינדער. מיר קאָנען דאָ ניט באַטראַכטן די מיסטעריעס אין זייערע פּרטים. מיטראַ איז געווען אַ גאָט פון ליכטיקייט, אַ זון פון גערעכטיקייט, און אין די הייליקטימער פון זיין קולט איז ער שטענדיק געווען אויסגעמעלט, ווי ער קוילעט אַ הייליקן אָקס, וואָס זיין בלוט איז געווען דער זאָמען פון לעבן. עס איז גענוג דאָ צו זאָגן, אַז דער דאָזיקער מיטראַ־קולט, אויסגעמישט מיט נאָך אַ סך אַנדערע באַשטאַנד־טיילן, איז אַריינגעקומען אין דער רוימישער אימפּעריע אַן ערך אין דער צייט פון פּומפּיוס דעם גרויסן און האָט גענומען זיך ברייט פאַרשפּרייטן אין דער צייט פון די צעזאַרן און די אַנטאָנינען. פונקט ווי די רעליגיע פון איזיס, האָט ער צוגעזאַגט אומשטאַרבלעכקייט. זיינע אָנהענגער זיינען געווען על־פּי־רוב שקלאַפן, זעלנער און פאַריאושטע מענטשן. אין

פאַרשיידענע געגנ פון דעם קולט, אין דעם צינדן ליכט פאַרן אַלטאַר און כדומה נאָך אַזעלכע זאַכן האָט ער געהאַט פון־אויבן־אויף אַן ענלעכקייט מיט די שפּעטערדיקע פאָרמען פון דעם ריטואַל פון דער דריטער רעליגיעזער באַוועגונג אין דער רוימ׳שער וועלט, פון דעם קריסטנטום.

קריסטנטום איז אויך געווען אַ לערנונג פון אומשטאַרבלעכקייט און אויסלייזונג, און האָט זיך אויך צוערשט פאַרשפּרייט צווישן די געפאַלענע און אומגליקלעכע. מאָדערנע שרייבערס האָבן דערקלערט, אַז קריסטנטום איז געווען אַ „רעליגיע פון שקלאַפן". זי איז דאָס טאַקע געווען. זי האָט גענומען די שקלאַפן און די צעטראָטענע און האָט זיי געגעבן האָפנונג און האָט אויפגעריכט זייער אייגנע ווערדע, אַזוי אַז זיי האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר גערעכטיקייט ווי מענער און האָבן אויסגעהאַלטן רדיפות און עינויים. נאָר וועגן דעם אָפּשטאַם און דעם מהות פון קריסטנטום וועלן מיר ריידן גענויער אין אַ ווייטערדיקן קאַפּיטל.

---

### 3. כאַראַקטעריסטיק פון דער קונסט אונטער דעם רוימישן קיסרטום.

מיר האָבן שוין געזאָגט, אַז די קינסטלערישע און ליטעראַרישע קולטור פון רוים איז פשוט געווען אַ צווייג פון דער גרויסער העלע־נישער קולטור, וואָס האָט געהערשט אַלצדינג, וואָס עס האָבן געהאַט איבערצולאָזן גריכנלאַנד און פאָדער־אַזיע, בבל און עגיפּטן. נאָר אין געוויסע ריכטונגען האָט די רוימישע סיסטעם באַוויזן אַ זייער באַ־שטימטן אייגענעם שטריך, און מער פון אַלץ אין דער אַרכיטעקטור. די רוימישע אימפּעריע באַצייכנט אַ נייעם פּאַזיס אין דער געשיכטע, אַן אימפּעט אין מאָסשטאַב, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער גרעסערער דרייסטקייט און אין ברייטערן פאַרנעם פון אירע בנינים. דער עיקר, וואָס רוים האָט אַריינגעטראָגן אין דער אַרכיטעקטור, זיינען געווען צעמענט און דער פרייער באַנוץ פון דער אַרקע. אומעטום, וואו די רוימישע לעגיאָנען זיינען געקומען, איז געקומען צעמענט

און עס איז געקומען די אַרקע. צעמענט האָט געמאַכט מעגלעך קופּלען און געהעלבן, וואָס האָבן געקאָנט ווערן אויסגעלייגט מיט מירמלשטיין. עס איז גענומען געוואָרן די רייכע קאָרינטישע קאָלאָנע און וואַריִירט און איבערגעאַרבעט און קאָמבינירט מיט אַרקעס. די אַרקאַדע איז טיפּיש רוימיש. דאָס געמלעכע איז אויך די נטיה צו בויען פּאַרקיילעכטע בנינים און אַרויפצושטעלן אַרקאַדעס אין גאַנצן איינס איבערן אַנדערן. וואו נאָר די רוימער זיינען געקומען, האָבן זיי איבערגעלאָזט אַמפיטעאַטערס, טריומפאַלע אַרקעס, גאַסן מיט קאָלאָנאַדעס, אַקוועדוקטן און פּאַלאַץ-בנינים. זיי האָבן אויך געמאַכט וועגן און פיינע בריקן. ביזן היינטיקן טאָג איז דער איטאַליענער דער בעסטער וועג-מייסטער אין דער וועלט.

די אַרכיטעקטור פון רוים האָט ניט אַזאַ גלייכע אַנטוויקלונג ווי די עגיפּטישע און גריכישע. די עלטסטע אירע אָנשטרענגונגען זיינען געגאַנגען אויף די וועגן פון די עטרוסקער און זיינען געווען געמאַכט אין בוי-האָלץ, געדעקט מיט טעראַקאָטאַ. בהדרגה האָט שטיין גענומען פאַרטרעטן דעם אָרט פון געהילץ. נאָר אַז עס איז געקומען דאָס קיסרטום, זיינען געקומען קיין רוים גריכישע אַרכיטעקטן און האָבן אויסגעכאַפּט די נייע געלעגנהייטן און די מאַטעריאַלן, וואָס האָבן זיך דאָ געשטעלט אין זייער רשות. רוימישע אַרכיטעקטור האָט זיך ניט אַזוי אַנטוויקלט, ווי זי האָט זיך מיטאַמאָל אַרויסגעריסן. נאָר קיים האָט זי זיך באַוויזן, האָט זי אַלצדינג באַהערשט מיט איר מאַכט.

אַ מעכטיקע סקולפּטור, אויך גריכיש אין איר עצם מהות, איז געקומען מיט די רוימישע אָדלערס. אַ געזעלשאַפט, וואו עס זיינען פאַראַן שטאַרק רייכע מענטשן, מוז כמעט שטענדיק פּראָדוצירן פּאָרטרעטן, און דער לעבעדיקער אינדיווידואַליזירטער פּאָרטרעט-ביוסט אָדער סטאַטוע האָט דערגרייכט צו זיין העכסטער אַנטוויקלונג אין די לעצטע יאָרן פון דער רעפּובליק און אונטער די ערשטע קיסרים. מאָלעריי איז אויך געווען פיל מיט לעבהאַפטיקייט. דער גליקלעכער צופאַל, וואָס דער וועזוווי האָט צעשטערט און אויפגעהיט די שטעט הערקולאַנום און פּאָמפּעי, האָט געגעבן דער מאָדערנער וועלט די מעגלעכקייט אָפּצושאַצן די רייכקייט, פאַרשידנאַרטיקייט און שיינקייט

פון דער מאָלעריי-קונסט אין ערשטן יאָרהונדערט נאָך קר. די דאָזיקע ערטער זיינען געווען וואוין-פּלעצער פאַר רייכע, אָבער לחלוטין ניט איערטער בעררייכע מענטשן, און די עשירות פון פיינע זאַכן, וואָס געפינען זיך דאָרט, גיבן אונז אַ מאָס פאַר די נאָך שענערע ווערק, וואָס זיינען איצט פאַר אונז פאַרלאָרן.

אַ צווייטער טיפּ קונסטווערק, וואָס אין אים האָט דאָס פריע רוימישע קיסרטום אַרבערגעשיינט אַלע פריערדיקע פאַזיסן פון ציוויליזאַציע, איז געווען מאָזאַיקע. גלאָז-אַרבעט איז אויך אויפגעהויבן געוואָרן צו נייע מדרגות פון שיינקייט, דער עיקר דורך גריכישע און אָריענטאַלישע מייסטערס.

מיט די פורעניות און מהומות, וואָס האָבן זיך אויסגעשאָטן אויף דער מערבדיקער רוימישער אימפּעריע צום סוף פון צווייטן יאָרהונדערט נאָך קר., האָט די דאָזיקע קינסטלערישע פּראָדוקטיווקייט געקראָגן אַ גרויסן קלאַפּ. די פּאָרטרעט-קונסט האָט ווייטער געבליט; אַרכיטעקטור האָט ווידער אָפּגעלעבט, נאָר נאָכן דריטן יאָרהונדערט איז דער נאַטוראַליזם פון דער סקולפּטור אין אַ סך פאַלן פאַרגליווערט געוואָרן אונטער דער אָריענטאַלישער השפּעה.

---

## 4. אַ געוויסע טעמפּקייט פון דער רוימישער פאַנטאַזיע.

מיר האָבן שוין אויפגעקלערט, פאַרוואָס מיר האַלטן, אַז די רוימישע אימפּערישע סיסטעם איז געווען באמת אַן אומגעזונטער פּאָליטישער באַשאַף. עס איז לחלוטין פאַלש צו שרייבן וועגן איר מלוכה-קונסט: זי האָט אַזעלכע ניט פאַרמאָגט. אין איר בעסטער צייט האָט זי געהאַט אַ ביוראָקראַטישע אַדמיניסטראַציע, וואָס האָט צייטווייליק איינגעהאַלטן דעם שלום פון דער וועלט און איז לגמרי ניט געווען בכוח אים צו פאַרזיכערן.

לאָמיר דאָ פאַרצייכענען די הויפּט-פאַקטאָרן פון איר מפּלה.

דער שליסל צו אַלע אירע מפּלות ליגט דערין, וואָס זי האָט ניט פאַרמאָגט קיין פריע גייסטיקע אַקטיווקייט און קיין שום אָר-


קאַרטע פון
אַזיע (מיט אייראָפּע)
צו ווײַזן די אַלגעמײנע לעבנס-תּנאים
בעת דעם היסטאָרישן פּעריאָד
מדבר
וועלדער

גאַניזאַציע אויף אָנקלײַבן, אַנטוויקלען און אָנווענדן וויסנשאַפט איז ניט געווען. זי האָט רעספּעקטירט רײַכקייט און פאַראַכט וויסנשאַפט. זי האָט איבערגעגעבן די רעגירונג אין די הענט פון גבירים און האָט זיך אײַנגערעדט, אַז קלוגע מענטשן קאָן מען קויפן און אײַנהאַנדלען אויף די שקלאַפן-מערק, ווען מען באַדאַרף זיי האָבן. דעריבער איז זי געווען אַ געוואַלדיקע עם-הארצישע אימפּעריע, אָן שום פאַנטאַזיע. זי האָט קיין זאַך ניט פאָרויסגעזען.

זי האָט ניט געהאַט קיין סטראַטעגישן אויסקוק, וואָרעם זי איז געווען לחלוטין אומוויסנדיק אין געאָגראַפיע און עטנאָלאָגיע. זי האָט גאָרנישט ניט געוואוסט וועגן מצב אין רוסלאַנד, צענטראַל-אַזיע, אין מזרח. זי האָט זיך באַפרידיקט מיט אײַנהאַלטן דעם ריין און דעם דונאַי פאַר אירע גרענעצן און האָט ניט געמאַכט קיין אָנשטרענגונג צו ראָמאַניזירן דײַטשלאַנד. נאָר עס איז גענוג אַ קוק צו טאָן אויף דער קאַרטע פון אייראָפּע און אַזיע אונטער דער רוימישער אימפּעריע, בכדי אײַנצוזען, אַז אַ באַצוואונגען און אונטערטעניק דײַטשלאַנד איז לחלוטין געווען נייטיק צוליב דעם לעבן און זיכערקייט פון מערב-אייראָפּע. געבליבן פון דרויסן, איז דײַטשלאַנד געוואָרן אַ קלינע, וואָס האָט באַדאַרפט האָבן נאָר דעם שטופּ פון דעם הונישן האַמער, בכדי צו צעשפּאַלטן די גאַנצע סיסטעם.

נאָך מער, אָט דאָס פאַרזען צו פאַרברייטערן די גרענעצן קיין צפון-זייט ביז צום באַלטישן ים האָט איבערגעלאָזט דעם דאָזיקן ים און אויך דעם צפון-ים פאַר אַ פּלאַץ, וואו די צפון-מענטשן פון סקאַנדינאַוויע, דענעמאַרק און פריזישן ברעג האָבן געקאָנט זיך געניטן אין מושטירן און אײַנלערנען זיך אין דער קונסט פון ים-פאָרעריי. נאָר רוים איז זיך געגאַנגען איר וועג אָן איבערצוטראַכטן און האָט טעמפּ זיך צוגעקוקט, ווי עס וואַקסט אין צפון אַ נייע פּיראַטן-מאַכט, אַ שטאַרקערע ווי ווען עס איז פריער.

איבער דעם זעלביקן טעם פון אײַנגעצאַמטער פאַנטאַזיע האָבן די רוימער געלאָזן די ים-וועגן פון מיטללענדישן ים ניט אַנטוויקלט. און איצט, אַז די באַרבאַרן האָבן זיך גענומען אַראָפּשפּאַרן צו די וואַרעמע וואַסערן, לייענען מיר ניט וועגן האַסטיקן אַריבערטראַנספּאָרט פון אַרמייען פון שפּאַניע אָדער אַפריקע אָדער אַזיע אויף צו באַשיצן

איטאַליע און די ברעגעס פון אַדריאַטישן ים. אָנשטאָט דעם זענען מיר, ווי די וואַנדאַלן הערן די באַלעבאַטים פון מערב-טייל פון מיטל-לענדישן ים אַפילו אָן איין ים-שלאַכט.

ביים פרת זיינען די רוימער פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַ מחנה רייטנדיקע בויגנשיסערס. עס איז געווען קלאָר, אַז אַזוי ווי דער לעגיאָן איז געווען אָרגאַניזירט האָט ער ניט געטויגט אין אַ פרייען אָפענעם לאַנד. דאָס נעמלעכע האָט באַדאַרפט זיין קלאָר, אַז פריער אָדער שפעטער וועלן די רייטער-נאָמאַדן פון מזרח-דייטשלאַנד, דרום-רוסלאַנד אָדער פאַרטיע מוזן פרווון מאַכן זייערע חשבונות מיט דער אימפעריע. נאָר די רוימער האָבן נאָך צוויי הונדערט יאָר נאָך צעזאַרן מאַרשירט אין די זעלביקע איינגעמושטירטע און בראַזגענדיקע קאָהאָרטעס, ווי פריער, און אַ רייטנדיקע אַרמיי האָט גרינג זיי געקאָנט אַרומרינגלען און צעשיסן אויף פיצלעך. די אימפעריע האָט גאָרנישט ניט אויסגעלערנט זיך אַפילו פון דער שלאַכט ביי קאַרע.

ווידער איז אַ חידוש די אומפעיקייט פון רוימישן אימפעריאַליזם איינצופירן עפעס נייעס אין טראַנספּאָרט. עס איז געווען קלאָר ווי דער טאָג, אַז זייער מאַכט און איינקייט איז אָפגעהאַנגען פון דער גיכער באַוועגונג פון חיילות און פראָוויאַנט פון איין טייל אימפעריע אין דער אַנדערער. די רעפובליק האָט געשאַפן גרויסאַרטיקע וועגן; דאָס קיסרטום האָט קיינמאָל קיין בעסערע ניט געמאַכט. פיר הונדערט יאָר פאַר די אַנטאָנינען האָט העראָ פון אַלכּסנדריא געמאַכט די ערשטע דאַמף-מאַשין. צווישן די פאַרוואָרפענע אוצרות פון די גבירישע ביבליאָטעקן אין דער גאַנצער אימפעריע האָבן זיך געפונען פיינע באַשרייבונגען פון אַזעלכע התחלות פון דער וויסנשאַפט. נאָר זיי זיינען געווען פאַרזייט אויף אַ שטיינערדיקן גרונט. די אַרמייען און די קורירן פון מאַרקוס אַורעליוס האָבן זיך געשלעפט איבער די וועגן מיט דער זעלביקער מי און מאַטערניש, פונקט ווי די אַרמייען פון סציפיאָ אַפריקאַנוס מיט דריי הונדערט יאָר פריער.

די רוימישע שרייבערס האָבן שטענדיק באַקלאָגט זיך אויף דער פאַרצערטלטקייט פון דור. דאָס איז געווען זייער באַליבטער פזמון. זיי האָבן אָנערקענט, אַז די פרייע מענטשן פון די וועלדער און

סטעפעס און מדבריות זיינען געווען מער פאַרהאַרטעוועטע און מער מוטיקע קריגסלייט, ווי זייערע מיטבירגער, נאָר עס איז זיי קיינמאָל ניט אַרויף אויפן זינען די נאַטירלעכע מסקנא, אַז מען באַדאַרף אַנטוויקלען דעם אינדוסטריעלן כוח פון דער אייגענער באַפעלקערונג אין די געדיכט־באַזעצטע ישובים, כדי דורך דעם אויסצושפּילן קעגן די אָנפאַלער. אָנשטאָט דעם האָבן זיי אַריינגענומען די באַרבאַרן אין זייערע לעגיאָנען, אויסגעלערנט זיי קריגס־קונסט, אַרומגעפירט זיי אומעטום אין דער אימפעריע און אָפּגעלאָזן זיי דערנאָך צוריק צו זייער פאָלק, גוט־אויסגעלערנטע און געשולטע.

ביי אָט־די באַשיימפּערלעכע פאַרזעענס איז שוין קיין חידוש ניט, וואָס די רוימער האָבן גאָר קיין אַכט ניט געווענדט אויף דער נאָך איידעלערער זאַך, ווי די נשמה פון דער אימפעריע, און האָבן קיין שום אָנשטרענגונג ניט געמאַכט צו לערנען דאָס געמיינע פאָלק אָדער אַיינצוגעוויינען דאָס אָדער צוציען דאָס צו נעמען אַ באַוואוסטזיניקן אָנטייל אין לעבן פון דער אימפעריע. אַזאַ מין לערנען וואָלט, פאַרשטייט זיך, געגאַנגען קעגן אַלע אידעען און רגילותן פון די רייכע לייט און פון די קיסרלעכע באַאַמטע. פון דער רעליגיע האָבן זיי געמאַכט אַ געצייג; וויסנשאַפט, ליטעראַטור און בילדונג האָבן זיי אָנגעטרויט דער השגחה פון שקלאַפן, וואָס זיינען געוואָרן געהאָדעוועט און געלערנט און פאַרקויפט ווי הינט אָדער פערד; אומוויסנדיק, גרויסהאַלטעריש, געמיין, האָבן די רוימישע אַוואַנטוריסטן פון פינאַנץ־און־אייגנטום, וואָס האָבן געשאַפן די אימפעריע, געהערשעוועט איבער איר מיט אַ געפיל פון פולקומער זיכערקייט, אין דער זעלביקער צייט, ווען זייער אונטערגאַנג האָט זיך שוין געקליבן אויסער דער אימפעריע און אינעווייניק.

אין משך פון צווייטן און דריטן יאָרהונדערט נאָך קר. האָט די אימפערישע מאַשין, איינגעקוועטשט און באַשווערט מיט אָפּצאָלן איבער אירע כוחות, זיך שוין געשאָקלט און געגליטשט זיך צום אונטערגאַנג.

### 5. די באַוועגונג אויף די גרויסע פליינען.

אויב מיר ווילן פאַרשטיין קלאָר דעם אמתן מצב פון דער רוימישער אימפעריע, מוזן מיר ווענדן אונזערע אויגן צו דער וועלט אויף יענער זייט פון אירע צפונדיקע און מזרחדיקע גרענעצן, אויף דער וועלט פון די פליינען, וואָס שפּרייטן זיך אויס כמעט אָן איבעררייס פון האָלאַנד דורך דייטשלאַנד און רוסלאַנד ביז צו די בערג פון צענטראַל־אַזיע און מאָנגאָליע, און צו שענקען אַ ביסל אויפמערק דער גלייכצייטיקער אימפעריע פון כינע, וואָס האָט געהאַלטן אין איינפעסטיקן און אַנטוויקלען אַן אַ סך פעסטערע און דויערהאַפטיקערע מאָראַל און אינטעלעקטועלע איינהייט, ווי די רוימער האָבן ווען עס איז דערגרייכט.

„מען איז זיך נוהג“, זאָגט מ״ר ע. ה. פּאַרקער, „אַפילו צווישן די געבילדעטסטע מענטשן אין אייראָפּע צו דרשנען אין הויכע פראַזעס וועגן „באַהערשן די וועלט“, „אַרונטערפירן אַלע פעלקער פון דער ערד אונטער איר ממשלה“ און כדומה נאָך אַזעלכע געריידערייען, בעת אין דער אמתן גייט עס דאָ נאָר וועגן איין ווינקל פון מיטללענדישן באַסיין אָדער וועגן אַ קורצן, פאַרבייגייענדיקן אָנפאַל אויף פערסיע אָדער גאַליע. כורש און אַלכסנדר, קסערקסעס, צעזאַר און פּאָמפּיוס, זיי אַלע האָבן געמאַכט זייער אינטערעסאַנטע עקסקירס׳עס, אָבער זיי זיינען געוויס ניט געווען געהאַלטן אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב אָדער באַלאָדן מיט אַ גרעסערן מענטשלעכן אינטערעס, ווי יענע קריגסמאַרשן און וואַנדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דעם צווייטן עק אַזיע. די מערבדיקע ציוויליזאַציע האָט פאַרמאָגט אַ סך בנוגע קונסט און נאַטורוויסנשאַפט, וואָס כינע האָט קיינמאָל וועגן דעם ניט געזאָרגט, אָבער אין כינעזיש האָט זיך אַנטוויקלט אַ היסטאָרישע און קריטישע ליטעראַטור, אַ העפלעכקייט פון אויפפיר, אַ לוקסוס אין הלבשה און אַן אַדמיניסטראַטיווע סיסטעם, וואָס אייראָפּע וואָלט מיט אַזעלכע געמעגט זיך גריסן. מיט איין וואָרט, די געשיכטע פון ווייטן מזרח איז פונקט אַזוי אינטערעסאַנט, ווי די געשיכטע פון ווייטן מערב. מען באַדאַרף נאָר קאָנען זי לייענען. ווען מיר זיינען מבטל די שרעקלעכע געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויף די טאַטערישע

פליינען, און ווילן זיי קיין אויפמערק ניט שענקען, טארן מיר ניט צו שטארק פאראיבל האבן אויך די כינעזער, פארוואס זיי אינטערעסירן זיך ניט מיט די טועכצן פון די, לויט זייער קוק, אומבאטייטיקע מלוכות, וואס זיינען געווען צעשפרייט ארום מיטללענדישן און קאספישן ים און וואס זיינען דאך פאקטיש גאר די וועלט, וואס מיר אין אייראפע קענען זי"*.

מיר האבן שוין דערמאנט דעם נאמען פון שי-הואן-טי, וואס האט פארפעסטיקט אן אימפעריע א סך קלענער, אמת, ווי כינע אין אירע איצטיקע גרענעצן, אבער נאך גענוג גרויס און באפעלקערט. א מלוכה, וואס האט זיך אויסגעשפרייט צווישן די טאלן פון כואן-כא און יאן-טסי-קיאנג. ער איז געווארן דער קיניג פון טשין אין יאר 246 פאר קר. און קיסר אין יאר 220 פאר קר., און ער האט רעגירט ביז 210 פאר קר., און אין משך פון אט-דעם דריטל יאר-הונדערט האט ער אויסגעפירט גענוי די זעלביקע ארבעט פון קאנ-סאלידירן די מלוכה, וואס אווגוסטוס קיסר האט אפגעטאן אין רוים צוויי הונדערט יאר שפעטער. נאך זיין טויט זיינען געווען דינאסטישע מהומות אין משך פון פיר יאר, און דערנאך (206 פאר קר.) האט זיך איינגעזעצט א נייע דינאסטיע, די כאן-דינאסטיע, וואס האט רעגירט צוויי הונדערט מיט ניין-און-צוואנציק יאר. דאס ערשטע פערטל יאר-הונדערט פון דער קריסטלעכער ערע איז געווען צערודערט דורך אן אוזורפאטאר; נאכדעם האט ווידער פארכאפט די מאכט א דינאסטיע, וואס ווערט אנגערופן די שפעטערע כאן-דינאסטיע, און האט ווי-דער רעגירט אן אנדערהאלבן הונדערט יאר. דערנאך — דאס איז גע-ווען אין דער צייט פון די אנטאנינען — איז כינע פארוויסט געווארן דורך א מגפה אין משך פון עלף יאר, און דערפון איז ווידער געווארן א מהומה. די זעלביקע מגפה, קאנען מיר באמערקן, האט אויך מיטגעווירקט אנצומאכן א מהומה אין משך פון א יארהונ-דערט אין דער מערבדיקער וועלט (זי' § 1). נאר אינגאנצן גענומען, ביז אט-די מהומה האט געטראפן, האט צענטראל-אזיע אין משך פון איבער פיר הונדערט יאר געלעבט בדרך-כלל אין שלום און

* ע. ה. פארקער, „א טויזנט יאר פון די טאטערן".

איז געווען גוט רעגירט, — זי האָט דורכגעמאַכט אַ פּעריאָד פון קראַפט און וואוילשטאַנד, וואָס די מערבדיקע וועלט האָט דאָס גלייכן ניט אויפצווייזן.

מער ניט דער ערשטער פון די כאַן=מאָנאַרכן האָט ווייטער געפירט די פּאָליטיק פון שי=הואַן=טי קעגן די „שריפט=מענטשן". זיין



א שטיק מאָזאַיק פון פּאָמפּעי.

יורש האָט צוריק אַיינגעפירט די קלאַסיקער, וואָרעם די אַלטע סעפּאַראַטיסטישע טראַדיציע איז געווען איבערגעריסן, און ער האָט איינגעזען, אַז אין דער איינפאָרמיקייט פון דער געלערנטקייט אין דער גאַנצער אימפּעריע ליגט דער איינהייטס=פאַרבונד פון דער כינעזישער

אימפעריע. בעת די רוימישע וועלט האָט נאָך ניט געהאַט קיין השגחה
וועגן דעם, אַז עס איז נייטיק אַן אַלגעמיינע גייסטיקע אָרגאַניזאַציע,
האָבן די כאַן=קיסרים אײַנגעשטעלט אַן איינהייטלעכע סיסטעם פֿון
פֿאָלקסבילדונג און פֿון ליטעראַרישע מדרגות פֿאַר גאַנץ כינע, וואָס
האָט אײַנגעהאַלטן די גייסטיקע אַחדות פֿון דעם גרויסן און תמיד
זיך אויסשפּרייטנדיקן לאַנד ביז דער נייסטער צייט. די ביוראָקראַטן פֿון
רוים זיינען געווען פֿון די פֿאַרשיידנסטע אָפּשטאַמען און טראַדיציעס;
די ביוראָקראַטן פֿון כינע זיינען געווען און זיינען נאָך איצט געמאַכט
אַלע לויט איין פֿורעם, אַלע מיטגלידער פֿון איין טראַדיציע. זינט
די צייטן פֿון דער כאַן=דינאַסטיע האָט כינע איבערגעלעבט גרויסע
שינויים, נאָר זיי האָבן קיינמאָל ניט איבערגעביטן איר גרונט=כאַראַקטער;
זי איז געווען צעטיילט, נאָר שטענדיק איז זי ווידער געוואָרן פֿאַר=
אייניקט; זי איז געוואָרן באַצוואונגען, נאָר זי האָט שטענדיק אײַנגע=
שלונגען און אַסימילירט אירע באַצווינגערס.

נאָר פֿון אונזער שטאַנדפּונקט איז דער וויכטיקסטער פּועל=יוצא
פֿון דער דאָזיקער קאָנסאָלידירונג פֿון כינע אונטער שי=הואַן=טי און
דער כאַן=דינאַסטיע באַשטאַנען אין דער ווירקונג פֿון די ניט=אײַנגע=
זעסענע שבטים בײַ די צפֿונדיקע און מערבֿדיקע גרענעצן פֿון כינע.
אין משך פֿון די יאָרהונדערטער פֿון מהומות, וואָס פֿאַר דער צייט פֿון
שי=הואַן=טי האָבן די הייַנו אָדער הונען געהאַט פֿאַרנומען מאָנגאָליע
און גרויסע טיילן פֿון צפֿון=כינע, פֿלעגן פֿריי זיך אַריינרייסן אין כינע
און פֿראַנק און פֿריי זיך אַריינמישן אין דער כינעזישער פּאָליטיק. די
נייע מאַכט און אָרגאַניזאַציע פֿון דער כינעזישער ציוויליזאַציע האָט
גענומען אומבייטן דעם דאָזיקן צושטאַנד פֿון גרונט=אויס.

מיר האָבן שוין אין אונזער ערשטן באַריכט פֿון דעם אָנהייב
פֿון כינע דערמאָנט די דאָזיקע הונען. איצט איז נייטיק בקיצור צו
דערקלערן, ווער און וואָס זיי זיינען געווען. אַפֿילו ווען מיר באַ=
נוצן דאָס וואָרט הונען אין דעם זין, אַז עס באַטייט גענוי דאָס נעמ=
לעכע, וואָס הייַנו, ווייסן מיר אויך ניט אויף קלאָר וואו מיר האַלטן.
אין אונזערע באַריכטן וועגן דער אַנטוויקלונג פֿון דער מערבֿדיקער וועלט
האָבן מיר שוין געהאַט די געלעגנהייט אָנצורופֿן די סקיטן און צו
דערקלערן די שוועריקייט צו אונטערשיידן גענוי צווישן קימער, פֿאַר=

מאַטן, מעדער, פּערסער, פּאַרטער, גאָטן און צווישן אַנדערע מער אָדער ווייניקער נאָמאַדישע, מער אָדער ווייניקער אַרישע פֿעלקער, וואָס האָבן זיך אַרומגעטריבן אַהין=און=אַהער אין אַ גרויסן בויגן צווישן דונאַי און צענטראַל=אַזיע. בעת טיילן פֿון די אַריער האָבן זיך אַ רוק געטאָן קיין דרום און זיך אָנגעשאַפֿט און אַנטוויקלט ציוויליזאַציע, האָבן די אַנדערע אַרישע שבטים אַנטוויקלט באַוועגלעכקייט און נאָמאַדנטום; זיי האָבן זיך צוגעוווינט צום לעבן אין געצעלטן, אין וועגענער, צווישן סטאַדעס. זיי האָבן זיך אויך אויסגעלערנט צו באַנוצן מילך ווי דעם יסוד פֿאַר שפּייז און האָבן מסתּמא זיך אַליין מער אָפּגעוווינט פֿון צו באַאַרבעטן די ערד, גיכער אַפֿילו ניט געמאַכט יענע געכאַפּטע שניטן ווי פֿריער. די דאָזיקע אַנטוויקלונג איז געוואָרן געשטיצט דורך אַ פּאַמעלעכדיקן איבערבייט פֿון קלימאַט, וואָס האָט פֿאַרביטן די זומפּן און וועלדער פֿון דרום=רוסלאַנד און צענטראַל=אַזיע דורך סטעפּעס, דאָס הייסט דורך גרויסע גראָזיקע שטרעקעס; דאָס איז געווען גינסטיק פֿאַר אַ געזונטן, באַוועגלעכן לעבן און האָט געצוואונגען צו בייטן אין משך פֿון יאָר צווישן זומער=פּאַשע און ווינטער=פּאַשע.

די דאָזיקע פֿעלקער האָבן געהאַט נאָר די נידעריקסטע פּאָליטישע פֿאָרמען. זיי פֿלעגן צעשפּליטערט ווערן, זיי פֿלעגן זיך צונויפֿמישן. די פֿאַרשיידענע ראַסעס האָבן געהאַט איינע און די זעלביקע סאָציאַלע רגילותן: דערפֿון נעמט זיך טאַקע דאָס, וואָס עס איז שווער, צי אוממעגלעך אַפֿילו צו אונטערשיידן שאַרף צווישן זיי. דאָס נעמלעכע איז מיט די מאָנגאָלישע שבטים אין צפֿון און אין צפֿונית=מערבֿית פֿון דער כינעזישער ציוויליזאַציע. עס איז כמעט קיין ספֿק ניט, אַז די הון=נו, די הונען, און דאָס שפּעטערדיקע פֿאָלק, וואָס האָט זיך גערופֿן מאָנגאָלן, איז געווען איין און דאָס זעלביקע פֿאָלק, און אַז די טערקן און טאַטערן האָבן זיך אויך אָפּגעצווייגט פֿון דער דאָזיקער וואַנדערנדיקער מאָנגאָלישער באַפֿעלקערונג. קאַלמיקן און בוריאַטן זיינען אויך שפּעטערדיקע אָפּצווייגן פֿון זעלביקן שטאַם. דאָ וועלן מיר צום בעסטן באַנוצן דאָס וואָרט „הונען" ווי אַ מין אַלגעמיינעם נאָמען פֿאַר אַלע יענע שבטים, פּונקט ווי=

מיר האָבּן פאַרבּרייטערט דעם בּאַגריף פון דעם נאָמען „סקיטן“ אויף אַלע נאָמאַדן אין מערב.

די אײַנפעסטיקונג פון כינע איז געווען זייער אַן ערנסטער ענין פאַר אָט-די הונישע שבטים. בּיז אַהער פלעגט דער איבּערוואוקס פון זייער בּאַפעלקערונג אָפּפליסן קיין דרום-זייט, אַריינכאַפּן זיך אין כינע, אויסגענוצט די מהומות אין דעם צעשפּאָלטענעם לאַנד, און אַריינזאַפּן זיך אין דעם, ווי וואַסער זאַפּט זיך אַריין אין אַ שוואָם. איצט האָבּן זיי אָנגעטראָפן קעגן זיך אויסגעבּויט אַ מויער, אַ שטאַרקע רעגירונג און דיסציפּלינירטע אַרמייען, וואָס האָבּן זיי אָפּגעשניטן פון די גראָזיקע פליינען. און דער מויער, וואָס האָט אײַנגעהאַלטן זיי, האָט די כינעזער ניט אײַנגעהאַלטן. זיי זיינען געוואַקסן און האָבּן זיך פאַרמערט אין די יאָרהונדערטער פון שלום, און אַז זיי זיינען געוואַקסן און האָבּן זיך פאַרמערט, האָבּן זיי כסדר זיך אויסגעשפּרייט מיט זייערע הייזער און פעלדער ווי ווייט נאָר די ערד האָט דאָס דערלויבּט. זיי האָבּן זיך אויסגעשפּרייט אין מערב-זייט בּיז קיין טיבּעט און אין צפון-זייט און צפונית-מערבית אפשר בּיזן בּרעג פון מדבר גאָבּי. זיי האָבּן זיך אויסגעשפּרייט אין די היימען און אין די פּאַשע-פּלעצער און אין די געיעג-פּלעצער פון די הונישע נאָמאַדן, פּונקט אַזוי ווי די ווייסע בּאַפעלקערונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט זיך אויסגעשפּרייט קיין מערב אין די געיעג-פּלעצער פון די רויטע אינדיאַנער. און הגם די נאָמאַדן פלעגן אויף זיי כסדר אָנפאַלן און אויסקוילען אַ סך פון זיי, האָבּן זיי דאָך זיי ניט געקאָנט מנצח זיין, וואָרעם די כינעזער זיינען געווען מער אין צאָל און האָבּן געהאַט הינטער זיך אַ שטאַרקע רעגירונג, וואָס האָט זיי געשיצט און זיך אָנגענומען פאַר זיי. אויך אָן דעם לעצטן אונטערשפּאַר האָט די ציוויליזאַציע פון כינע פאַרמאָגט גוואַלדיקע כּוחות פון דורכדרינגונג און אויסשפּרייטונג. זי האָט זיך אויסגעשפּרייט פּאַוואָליע און כסדר אין משך פון דריי טויזנט יאָר. זי שפּרייט זיך אויס אין מאַנדזשוריע און אין סיבּיר נאָך בּיז היינטיקן טאָג. אומעטום, וואו זי פאַרשפּרייט זיך, וואָרצלט זי זיך טיף אַיין.

די כינעזער האָבּן די הונען צום טייל ציוויליזירט און אַסימילירט. די מער צפונדיקע הונען זיינען אַרויסגעשטופּט געוואָרן און

זייער איבערשטראָמענדיקע ענערגיע האָט זיך געווענדט קיין מערב. די דרומדיקע הונען האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיט דער באַפעלקערונג פון דער אימפעריע.

אויב דער לעזער וועט זיך צוקוקן צו דער קאַרטע פון צענטראַל-אַזיע, וועט ער זען, אַז זייער גרויסע בערג-מחיצות שיידן פונאַנדער די דרומדיקע, מערבדיקע און מזרחדיקע פעלקער פון אַזיע. (נאָר ער דאַרף זיין געהיט ניט צו בילדן זיינע פאָרשטעלונגען פון אַ קאַרטע לויט מערקאַטאָרס פּראָיעקציע, וואָס פאַרגרעסערט ניט אין



רעשטן פון פאָרום און פון יופּיטער-טעמפּל און די אויסגראָבונגען פון פּאָמפּעי. אין הינטערגרונט דער וועזוו.

אַן ערך די שטרעקעס און אָפּשטאַנדן פון צפון-אַזיע און סיביר). ער וועט געפינען, אַז פון די צענטראַלע בערג-מאַסיוון צווייגן זיך אָפּ דריי גרויסע בערג-סיסטעמעס קיין מזרח-זייט; די הימאַלאַיען גייען קיין דרומית-מזרחית, אין דרום-זייט פון טיבעט, די קוען-לון-בערג קיין מזרח, אין צפון-זייט פון טיבעט, אין די טיאַן-שאַן-בערג ציען זיך צפונית-מזרחית און פאַרבינדן זיך מיט די אַלטאַי-בערג. ווייטער קיין צפון צו איז דער גרויסער פליין, וואָס האַלט אַליין אין פאַר-

פלייצט ווערן און אויסגעטריקנט ווערן. צווישן די טיאַן-שאַן-און קוען-לון-בערג געפינט זיך אַ געגנט, דער טאַרים-בעקן (ער דעקט זיך מער ווייניקער מיט מזרח-טורקעסטאַן), מיט טייכן, וואָס דערגייען ניט צום ים, נאָר זיי ענדיקן זיך אין זומפּן און אין אָזערעס. דער טאַרים-בעקן איז פאַרצייטן געווען מער פרוכפּערדיק, ווי ער איז איצט. די בערג-מחיצה אין מערב-זייט פון דעם טאַרים-בעקן איז גענוג הויך, אָבער ניט אַזוי הויך, אַז זי זאָל שטערן דער פאַרבינדונג; פאַראַן אַ סך גוטע וועגן, וואָס פירן אַראָפּ קיין מערב-טורקעסטאַן, און מען קאָן רייזן אָדער פאַזע די צפונדיקע אָפּצווייגן פון קוען-לון אָדער דורך דעם טאַרים-טאָל קיין מערב-זייט פון כינע קיין קאַשגאַר, וואו די וועגן גייען זיך צונויף, און דערנאָך איבער די בערג קיין קאָקאַנד, סאַמאַרקאַנד און בוכאַרע. דאָ איז דער נאַטירלעכער טרעף-פּלאַץ אין דער געשיכטע צווישן אַריער און מאָנגאָלן. דאָ אָדער אַרום-און-אַרום איבערן ים.

מיר האָבן שוין דערציילט, ווי אַזוי אַלכּסנדר דער גרויסער איז אָנגעקומען פון איין זייט פון דער מחיצה אין יאָר 329 פאַר קר. הויך צווישן די בערג פון טורקעסטאַן האָט איין אָזערע נאָך אויפגעהיט זיין נאָמען. די טראַדיציע פון זיין גרויסן מאַרש איז נאָך אַזוי לעבעדיק, אַז כמעט נאָך איטלעכע חורבה אין צענטראַל-אַזיע ווערט פאַרבונדן מיטן קיניג איסקאַנדער, ווי עס רופן אים די מזרחדיקע פעלקער. נאָך אָט דעם קורצן אויפבליץ ווערט די שיין פון דער געשיכטע איבער דער דאָזיקער געגנט ווידער פאַרטונקלט, און אַז עס ווערט ווידער דאָ ליכטיק, איז דאָס פון מזרח-זייט און ניט פון מערב-זייט.

ווייט אין מזרח האָט שי-הואַן-טי פאַרטיליקט די הונען און אַרויסגעטריבן זיי פון דער צענטראַלער כינע. אַ טייל פון דער דאָזיקער באַפעלקערונג איז געבליבן אין צפון-כינע, און דער דאָזיקער רעשט האָט זיך אויסגעמישט מיט די כינעזער אונטער דער כאַן-דינאַסטיע. נאָר אַ באַטייטיקער טייל האָט זיך געווענדט קיין מערב און האָט (אין 2טן און 1טן י״ה פאַר קר.) געטריבן פאַר זיך אַ קרגיזיש פאָלק מיטן נאָמען יועך-טשי — פון דעם מזרחדיקן עק פון די קוען-לון-בערג ביז צו זייער מערבדיקן ברעג, און צולעצט

גלייך אַריבער דער מחיצה אין דער געגנט פון מערב-טורקעסטאַן, וואָס איז פריער געווען אַריש. די דאָזיקע יועך-טשי האָבן איינגענומען דאָס אויבנאויף העלעניזירטע קיניגרייך פון באַקטריע און האָבן זיך דאָ אויסגעמישט מיט דער אַרישער באַפעלקערונג. שפּעטער איז פון די דאָזיקע יועך-טשי, אויסגעמישט מיט אַרישע עלעמענטן, געוואָרן אַ פאָלק, וואָס מען רופט דאָס אינדאָ-סקיטן. זיי זיינען אַראָפּ איבער דעם כייבער-דורכגאַנג און האָבן איינגענומען צפונדיקע טיילן פון אינדיע אַזש ביז קיין בענאַרעס (100 — 150 נאָך קר.), אויסגעמעקט אַזוי אַרום די לעצטע סימנים פון אַ העלענישער רעגירונג אין אינדיע.

דער דאָזיקער גרויסער איבערפלייץ פון די מאָנגאָלישע שבטים קיין מערב איז מסתמא ניט געווען דער ערשטער פון אַזעלכע איבערפלייצן, נאָר ער איז דער ערשטער, וואָס זיין זכר איז געבליבן אין דער געשיכטע. הינטער די יועך-טשי זיינען געשטאַנען די הונען, הינטער די הונען די מעכטיקע כאַן-דינאַסטיע פון כינע, וואָס האָט זיי געשטופּט קיין צפון. אין דער רעגירונגס-צייט פון דעם גרעסטן מאָנאַרך פון דער כאַן-דינאַסטיע וואו-טי (140—86 פאַר קר.) זיינען די הונען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון גאַנץ מזרח-טורקעסטאַן אָדער אונטערטעניק געמאַכט; דער טאַרים-בעקן איז פול געוואָרן מיט כינעזער, וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט, און קאַראַוואַנען זיינען געגאַנגען קיין מערב, באַלאָדן מיט זיידנס, מיט לאַק און טייערע שטיינער, צו האַנדלען פאַר די זילבער און גאָלד פון אַרמעניע און רוים.

פון דעם איבערפלייץ פון די יועך-טשי איז גראָד געבליבן אַ זכר, אָבער עס איז קלאָר, אַז פון אַ סך באַוועגונגען פון טיילן פון די הונישע שבטים קיין מערב איז קיין זכר ניטאָ. פון 200 פאַר קר. ביז 200 נאָך קר. האָט די כינעזישע אימפּעריע דורכגעפירט אַ שטרענגן קאַמף קעגן די נאָמאַדן, און דער צוואַקס זייערער איז כסדר געטריבן געוואָרן קיין מערב. די כינעזער האָבן ניט איינגעזעצט זיך ענדגילטיק הינטער אַ גרענעץ, ווי דאָס האָבן געטאָן די רוימער ביים ריין און ביים דונאַי. די קלעפּ פון די כינעזער, וואָס האָבן געטריבן

די נאָמאַדן יאָרהונדערט נאָך יאָרהונדערט, האָבן זיי געווענדט קיין דרום צוערשט אויף באַקטריע. די פאַרטער פון ערשטן יאָרהונדערט פאַר קר. זיינען מסתּמא אויסגעמישטע סקיטישע און מאָנגאָלישע עלעמענטן. די „זינגענדיקע בויגנס“, וואָס האָבן פּאַרטיליקט קראַסוסעס אַרמיי, שטאַמען, ווייזט אויס, לכתּחילה פון אַלטאַי און טיאַנשאַן. נאָכן ערשטן יאָרהונדערט פאַר קר. ליגט די ליניע פון גרעסטן צוצי און קלענסטן ווידערשטאַנד אַ געוויסע צייט אין צפון־זייט פון קאַספּישן ים. אין אַ יאָרהונדערט מיט עפּעס איז דאָס גאַנצע לאַנד, וואָס איז באַוואוסט ווי מערב־טורקעסטאַן, געווען „מאָנגאָליזירט“ און איז אַזוי געבליבן ביזן היינטיקן טאָג. אַ צווייטער גרויסער שטופּ מצד כינע האָט זיך אָנגעהויבן אַרום 75 נאָך קר. און האָט פאַרגיכערט די באַוועגונג פון די נאָמאַדן קיין מערב. 102 האָט פּאַן־טשאַו, אַ כינעזישער גענעראַל, געשיקט מרגלים פון זיין אַרויסגערוקטן לאַגער ביים קאַספּישן ים (אָדער ווערליק אַנדערע אַווטאָריטעטן האַלטן, ביים פּערסישן אויסגוס), בכדי צו דערגיין פּרטים וועגן דער רוימישער מאַכט. ווערליך די ידיעות, וואָס ער האָט געקראָגן, האָט ער באַשלאָסן ניט אַרויסצוטרעטן קעגן זיי.

אַרום ערשטן יאָרהונדערט נאָך קר. באַווייזן זיך נאָמאַדישע מאָנגאָלישע שבטים ביי די מזרחדיקע גרענעצן פון אייראָפּע, שוין שטאַרק אויסגעמישט מיט נאָרדישע נאָמאַדן און מיט אויסגעוואָרצלטע נאָרדישע עלעמענטן פון דער קאַספּי־פּאַמיר־געגנט. הונישע שבטים האָבן זיך איינגעזעצט צווישן דעם קאַספּישן ים און די אוראַל־בערג. אין מערב פון זיי זיינען געווען די אַלאַנען, מסתּמא אויך אַ מאָנגאָליש פאָלק מיט נאָרדישע עלעמענטן; זיי האָבן געקעמפט קעגן פּומפּיוסן, ווען ער איז געווען אין אַרמעניע אין יאָר 65 פאַר קר. דאָס זיינען געווען די מאָנגאָלישע פעלקער, וואָס האָבן צום ווייטסטן געהאַט זיך אַרויסגערוקט קיין מערב בעת דעם נייעם דראַנג, און ביזן פערטן יאָרהונדערט נאָך קר. האָבן זיי ווייטער זיך ניט גערוקט. אין צפונית־מערבית האָבן די פינען, אַ מאָנגאָליש פאָלק, זיך געהאַט שוין לאַנג איינגעפּעסטיקט אין מערב, אַזש ביים באַלטישן ים.

אין מערב־זייט פון די הונען, אויף יענער זייט דאָן, זיינען געווען ריין נאָרדישע שבטים, די גאָטן. די דאָזיקע גאָטן האָבן זיך געהאַט

אויסגעשפרייט קיין דרומית־מזרחית פון זייער שטאם־לאנד אין סקאנ־דינאוויע. זיי זיינען געווען א גערמאניש פאלק, און אויף דער קארטע פון דער אלטער פונאנדערטיילונג פון די אריש־ריידנדיקע פעלקער, וואס מיר האבן געגעבן, איז אנגעצייכנט זייער אריבערגאנג איבערן באלטישן ים. די דאזיקע גאטן האבן זיך גערוקט ווייטער קיין דרומית־מזרחית דורך רוסלאנד, שווימענדיק מיט די טייכן, און אזוי ארום ניט פארגעסן זייער באלטישע שיפעריי. עס איז קיין ספק ניט, אז נאכדעם ווי זיי האבן זיך אויסגעשפרייט ביזן שווארצן ים, האבן זיי אסימילירט אין זיך א סך פון דער סקיטישער באפעלקערונג. אין ערשטן יארהונדערט נאך קר. זיינען זיי געווען איינגעטיילט אין צוויי הויפט־טיילן, די אסטראגאטן אדער מזרח־גאטן, וואס זיינען געווען צווישן דאן און דנעפער, און די וויזיגאטן אדער מערב־גאטן, אין מערב־זייט פון דנעפער. אין משך פון דעם ערשטן יארהונדערט האט איבער די גרויסע פליינען געהערשט רו, נאר די באפעלקערונג האט זיך געזאמלט און אין די שבטים האט עפעס געווירן. דער צווייטער און דריטער יארהונדערט איז, ווייזט אויס, געווען א פאזים פון לפי־ערך פייכטע וויטערונגען און פון רייכן גראז־וואוקס. דער־נאך, אין פערטן און פינפטן יארהונדערט, איז דער קלימאט געווארן טריקענער און גראז איז געווארן קנאפער, און די נאמאדן האבן פון דאס ניי גענומען זיך רירן.

נאר עס איז אינטערעסאנט צו פארצייכענען, אז אין דעם ערשטן יארהונדערט פון דער קריסטלעכער צייט איז די כינעזישע אימפעריע געווען גענוג שטארק ארויסצוטרייבן און אפצושטופן פון זיך דעם צושטראם פון די דאזיקע מאנגאלישע נאמאדן קיין צפון־זייט. יענע ווידער האבן איינגענומען צפון־אינדיע, געקליבן כוחות אין אויסגעמישט זיך מיט ארישע נאמאדן, און זיינען סוף־כל־סוף ווי א לאווינע אראפ־געפאלן אויף דער אפגעשוואכטער רוימישער אימפעריע.

איידער מיר גייען איבער צו דערציילן מכוח די קלעפ, וואס האבן איצט אנגעהויבן צו פאלן אויף דער רוימישער אימפעריע, און מכוח די אנשטערונגונגען פון צוויי אדער דריי גרויסע מענטשן צו פארהאלטן דעם אונטערגאנג, וועלן מיר זאגן עטלעכע ווערטער וועגן די מנהגים און מידות פון די דאזיקע בארבארישע מאנגאלישע

פעלקער, וואָס האָבן איצט גענומען זיך אויסשפּרייטן פון די גרענעצן פון כינע ביזן שוואַרצן און באַלטישן ים. די אייראָפּעער זיינען זיך נוהג זיך צו לאָזן פירן בלינד פון די רוימישע שרייבערס און צו שרייבן



דער גרויסער פאָנטאַן אין מאָזאיק איז געשטאַנען אויף דער מערקורי־גאַס אין פּאָמפּעי.

מכּוח די דאָזיקע הונען און זייערע שותּפים, אַז זיי זיינען כּלומרשט געווען אומגלויבלעך צעשטערעריש און אכזריותדיק. נאָר אַזעלכע באַריכטן, וואָס מיר האָבן פון די רוימער, זיינען געשריבן אין צייטן פון פּאַניקע, און דער רוימער האָט געקאָנט דערציילן ליגנס מכּוח זיינע שונאים מיט אַזאַ אימפּעט, אַז אַפילו אַ מאָדערנער פּראָפּאַגאַנדיסט מעג אים מקנא זיין.

ער האָט געקאָנט שמועסן מכּוח „פונישער געטרייישאַפט" ווי אַ צונאָמען פאַר פאַלשקייט, אין דער זעלביקער צייט ווען ער האָט אָפּגעטאָן די ערגסטע שווינדלערייען און פעלשונגען לגבי קאַרטאַגאָ, און זיינע מיאוסע באַשולדיקונגען אין סיסטעמאַטישער אכזריות קעגן דעם אָדער יענעם פאָלק זיינען שטענדיק געווען אַ פאָרשפּיל און אַ פאַרענטפער אויף אַ וואָסער שרעקלעכער שחיטה אָדער פאַרשקלאַפונג אָדער רויבעריי פון זיין זייט. פּונקט אַזוי ווי די היינטיקע מענטשן, האָט ער געהאַט אַ פאַרלאַנג זיך ריין-צו-וואַשן. מיר מוזן געדענקען, אַז די דאָזיקע דערציילונגען וועגן דער ווילדקייט און שרעקלעכקייט פון די הונען שטאַמען פון אַ פאָלק, וואָס זיין הויפּט-פאַרגעניגן זיינען געווען גלאַדיאַטאָר-שפּילן, און זיין הויפּט-מעטאָדע אויף באַשטראָפן אַ מורד איז געווען צוצונאָגלען דעם שולדיקן צו אַ קרייץ. פון אָנהייב ביזן סוף האָט דאָס רוימישע קיסרטום אויסגעהרגעט אויף דעם שטייגער מסתּמא הונדערטער טויזנטער. אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג פון דער רוימישער אימפּעריע, וואָס האָט זיך באַקלאָגט אויף דער באַרבאַרישקייט פון אירע אָנפאַלער, איז באַשטאַנען פון שקלאַפן, וואָס זיינען פאַקטיש געווען אַ שפּילכל אין די הענט פון זייערע באַלעבאַטים, וואָס האָבן געקאָנט טאָן מיט זיי וואָס זיי האָבן געוואָלט. עס איז כּדאַי צו האַלטן אין זינען די דאָזיקע געדאַנקען, איידער מיר נעמען זיך קלאָגן דערויף, וואָס די דאָזיקע באַרבאַרן האָבן חרוב געמאַכט די רוימישע אימפּעריע, אַזוי ווי אַלץ וואָס איז פיין אין לעבן וואָלט דערשטיקט געוואָרן דורך אַלץ וואָס איז שוואַרץ און מיאוס.

אין דער אמתן זיינען די הונישע שבטים געווען גלייך אין זייערע מעלות צו די פּרימיטיווע אַריער, און ניט געקוקט אויף זייערע טיפע אונטערשיידן אין ראַסע און שפּראַך, האָבן זיי זייער גרינג

און נאַטירלעך זיך אויסגעמישט מיט נאָמאַדישע און האַלב-נאָמאַדישע אַריש-ריידנדיקע שבטים, וואָס האָבן געלעבט צווישן דונאַי און פּערסיע. אָנשטאָט אויסצוהרגען די פֿעלקער, וואָס זיי זיינען אָנגעפֿאַלן אויף זיי, האָבן זיי זיי אַריינגענומען צו זיך און זיך משדך געווען מיט זיי. זיי האָבן פֿאַרמאָגט די מידה, וואָס עס מוזן האָבן אַלע פֿעלקער, וואָס זיינען באַרופֿן צו פּאָליטישער הערשאַפֿט — טאָלעראַנטע אַסימילאַציע. זיי זיינען געקומען שפּעטער אין צייט און זייער נאָמאַדיש לעבן איז געווען העכער אַנטוויקלט ווי דאָס לעבן פֿון די פּרימיטיווע אַריער. די פּרימיטיווע אַריער זיינען געווען אַ וואַלד-פֿאָלק, און אין זייערע וועגענער האָבן זיי געשפּאַנט אָקסן, פֿערד האָבן זיי שפּעטער גענומען ניצן. די הונישע פֿעלקער זיינען אויסגעוואַקסן צוזאַמען מיטן פֿערד. אַרום 1200 אָדער 1000 פֿאַר קר. האָבן זיי אָנגעהויבן צו רייטן אויף פֿערד. דאָס ציימל, דער זאָטל, דער סטרעמען — דאָס אַלץ זיינען ניט קיין פּרימיטיווע זאַכן, אָבער זיי זיינען נויטווענדיק, אויב דער מענטש און דאָס פֿערד דאַרפֿן גיין צוזאַמען לאַנגע שטרעקעס. עס איז כּדאַי צו האַלטן אין זינען, וואָס פֿאַר אַ נייע זאַך עס איז דאָס רייטן. אַרום און אַרום קאָנען מענטשן רייטן ניט אַ סך מער פֿון דריי טויזנט יאָר. מיר האָבן שוין דערמאָנט, ווי אַזוי עס האָבן זיך כּסדר באַוויזן צוערשט דער קריגס-רייטוואָגן, דערנאָך דער איינציקער רייטער און צולעצט דיסציפּלינירטע קאַוואַלעריע. אָט די אַלע זאַכן זיינען געקומען פֿון די מאָנגאָלישע געביטן פֿון אַזיע. ביזן היינטיקן טאָג זיצן די מענטשן אין צענטראַל-אַזיע ליבער אין זאָטל, איידער זיי גייען אויף די אייגענע פֿיס. ראַטצעל אין זיין ווערק „געשיכטע פֿון דער מענטשהייט" זאָגט: „שטאַרקע, לאַנג-האַלזיקע פֿערד געפֿינט מען אין גוואַלדיקע צאָלן אין די סטעפּעס. פֿאַר מאָנגאָלן און טורקמענען איז רייטן ניט קיין לוקסוס-זאַך; אַפֿילו די מאָנגאָלישע פּאַסטעכער היטן זייערע טשערעדעס זיצנדיק אויפֿן רוקן פֿון פֿערד. קינדער לערנען זיך אויס רייטן גאָר קליינערהייט; אַ יינגל פֿון דריי יאָר לערנט זיך אָפּטמאָל רייטן אויף אַ זיכערן קינדערשן זאָטל און טוט אַ גיכע פּעולה".

עס איז ניט מעגלעך אָנצונעמען, אַז די הונען און אַלאַנען זאָלן האָבן זיך שטאַרק אונטערשיידט אין כאַראַקטער פֿון די איצטיקע נאָמאַדן

פון די סטעפּ־געגנטן, און כמעט אַלע אַכטגעבערס שילדערן אײַנשטימיק די נאָמאַדן ווי אָפֿנהאַרציקע און ליבע מענטשן. זיי זײַנען דורכאויס ערלעך און פֿרייהייטלעך געשטימט. „דער כאַראַקטער פון די פּאַסטעכער אין צענטראַל־אַזיע“, זאָגט ראַטצעל, „ווען ער איז ניט קיין געמאַכטער, באַווײַזט וואָגיקע באַריידעוודיקייט, פֿרײַען מוט, גראָבלעכע גוטהאַרציקייט, שטאָלץ, אָבער אויך אָפּגעלאָזנקייט, רייצבאַרקייט און אַ נטיה צו נקמה־דאָרשטיקייט. זייערע פּנימער ווײַזן אַ היפּשן טייל פּריימוט פֿאַראייניקט מיט אַמיזאַנטער תּמימות... זייער העלדישקייט איז גיכער פּלוצימדיקער אויפֿבליץ פון קריגערישקייט, איידער קאַלטע פֿעסטקייט. קיין רעליגיעזן פֿאַנאַטיזם פֿאַרמאָגן זיי ניט. הכנסת אורחים איז אומעטום פֿאַרשפּרייט“. דאָס איז ניט קיין לחלוטין אומאָנגענעם בילד. זייער אַלגעמיינע האַלטונג, זאָגט ער ווייטער, איז רויִקער און מיט מער חשיבות, איידער פון די שטאָטלייט אין טורקעסטאַן און פּערסיע. דערצו דאַרף מען מוסיף זײַן, אַז דאָס נאָמאַדן־לעבן שליסט אויס גרויסע אומגלײַכהייט פון קלאַסן אָדער אַנטוויקלונג פון שקלאַפֿערײַ ביז צו די לעצטע מאָסן.

אוודאי האָבן די דאָזיקע אַלע פֿעלקער, וואָס זײַנען געקומען פון אַזיע, ניט געהאַט קיין שריפֿט און זײַנען קינסטלעריש געווען ניט אַנטוויקלט. אָבער מיר באַדאַרפֿן ניט אָננעמען, מחמת דעם, אַז זיי זײַנען געווען פּרימיטיוו באַרבאַריש, און אַז זייער שטייגער לעבן האָט זיך געפֿונען אויף אַזאַ מדרגה, וואָס די ערדאַרבעטער־ציוויליזאַציע האָט שוין לאַנג געהאַט זיך דערהויבן איבער איר. דאָס איז ניט געווען אַזוי. זיי האָבן זיך אויך געהאַט אַנטוויקלט, אָבער זיי האָבן זיך געהאַט אַנטוויקלט אין אַן אַנדער ריכטונג, מיט ווינציקער אינטעלעקטועלער קאָמפּליצירטקייט, אפשר מיט מער פּערזענלעכער ווערדע און געוויס אין אַ נעענטערן באַריר מיט דער פֿרייער נאַטור.

---

## 6. די מערבדיקע (עכט רוימישע) אימפּעריע ווערט אײַנגעשרומפּן.

די ערשטע ערנסטע אַרײַנרייסן פון די געַרמאַנישע שבטים אין דער רוימישער אימפּעריע האָבן זיך אָנגעהויבן אין דריטן יאָר־

הונדערט, בעת די צענטראַלע מאַכט איז געוואָרן שוואַכער. מיר ווילן דאָ ניט אַריינפּלאָנטערן דעם לעזער אין דער פּאַרפּלאָנטערטער פראַגע, ווי האָבן געהייסן די פאַרשיידענע גערמאַנישע שבטים און וואָסער שייכות איז געווען צווישן זיי. די היסטאָריקער האָבן גרויס שוועריקייט צו אונטערשיידן צווישן זיי, און די דאָזיקע שוועריקייט ווערט פאַר־גרעסערט דורך דעם פאַקט, וואָס די גערמאַנען גופא האָבן גאָר ווינציק געזאָרגט דערפאַר אָפּצוזונדערן זיך פון אַנאַנד.

אין יאָר 236 געפינען מיר אַ פאָלק מיטן נאָמען פראַנקען, וואָס האָבן דורכגעריסן דעם גרענעץ אויפן אונטערשטן ריין, און אַ צווייט פאָלק, די אַלעמאַנען, וואָס זיינען אַריינגעדרונגען אין עלזאַס. אַ סך אַן ערנסטערער קלאַפּ קיין דרום איז געקומען פון די גאָטן. מיר האָבן שוין פאַרצייכנט, אַז דאָס דאָזיקע פאָלק איז געווען אין דרום־רוסלאַנד, און אַז דער דניעפּער האָט זיי צעטיילט אויף מערב־גאָטן און מזרח־גאָטן. זיי זיינען ווידער געוואָרן אַ ים־פאָלק ביים שוואַרצן ים — זייער טראַדיציאָנעלע וואַנדערונג פון שוועדן איז מסתמא געווען איבער די וואַסער־וועגן, וואָרעם עס איז נאָך מעגלעך אַריבערצושיפן זיך אין אַ שיפל, — מען באַדאַרף מער ניט אויף עטלעכע קורצע שטרע־קעס דאָס אַריבערטראָגן — פון באַלטישן ים גלייך דורך רוסלאַנד ביז צום שוואַרצן ים אָדער צום קאַספּישן ים. זיי האָבן אַרויסגעריסן די הערשאַפט איבער די מזרחדיקע ימים פון די הענט פון די רוימער.

זיי האָבן גענומען אָנפאַלן אויף די ברעגעס פון גריכנלאַנד. אין יאָר 247 זיינען זיי אויך אַריבער דעם דונאַי און געמאַכט אַ גרויסן אָנפאַל איבער דער יבשה; דעמאָלט האָבן זיי דערהרגעט דעם קיסר דעציוס אין דער געגנט, וואָס איז איצט סערביע. די פראָווינץ דאַקיע פאַרשווינדט פון דער רוימישער געשיכטע. אין יאָר 270 זיינען זיי געשלאָגן געוואָרן ביי ניש אין סערביע דורך קלאַודיוסן, און 276 זיינען זיי אָנגעפאַלן אויף פאָנטוס. אַז די אימפּעריע האָט קיין צענטראַלע מאַכט ניט געהאַט, איז צו זען דייטלעך דערפון, אַז די לעגיאָנען אין גאַליע האָבן אײַנגעפונען, אַז דער בעסטער מיטל אויף פאַרטיק צו ווערן מיט די פראַנקען און אַלעמאַנען אין יענער צייט איז געווען אַרויפצוזעצן אַ באַזונדער קיסר אין גאַליע, און זיי האָבן דאָס אַליין טאַקע אָפּגעטאָן.

אויף אַ שטיקל צייט האָט מען די באַרבאַרן אײַנגעהאַלטן, און דער קיסר פּראָבוס האָט אין יאָר 276 געצוואונגען די פראַנקען און אַלעמאַנען צוריקצוטרעטן אַריבער דעם ריין. נאָר עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אַלגעמיינער אַטמאָספערע פון אומזיכערקייט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אַ דאַנק די דאָזיקע אָנפאַלן, אַז דער קיסר אַורעליאַנוס (270 — 275) האָט באַפעסטיקט רוים, וואָס איז געווען אַן אָפענע און זיכערע שטאָט גאָר די ערשטע יאָרן פון דער אימפעריע.

אין יאָר 321 נאָך קר. זיינען די גאָטן ווידער אַריבער דעם דונאַי און האָבן גענומען ראַבירן יענע געביטן, וואָס זיינען איצט סערביע און בולגאַריע. זיי זיינען געוואָרן פאַרטריבן צוריק דורך קאָנסטאַנטין דעם גרויסן, וואָס וועגן אים וועלן מיר האָבן צו דערציילן מער אין וויטערדיקן קאַפּיטל. אַרום סוף פון זיין רעגירונג (337 נאָך קר.) האָבן די וואַנדאַלן, אַ פאָלק נאָענט פאַרקרובעט מיט די גאָטן, וואָס זיינען געווען געדריקט פון יענע, געקראָגן דעם דערלויב אַריבערצוגיין דעם דונאַי קיין פּאַנאָניאַ, וואָס איז איצט דער טייל אונגאַרן, וואָס ליגט אין מערב=זייט פון טייך.

אַרום מיטן פערטן יאָרהונדערט איז דאָס הונישע פאָלק אין מזרח=זייט ווידער געוואָרן אַגרעסיוו. זיי האָבן שוין לאַנג געהאַט אונטערטעניק געמאַכט די אַלאַנען, און איצט האָבן זיי געצוואונגען די אָסטראָגאָטן, די מזרח=גאָטן, צו צאָלן זיי צינז. די וויזיגאָטן (אָדער מערב=גאָטן) האָבן נאָכגעטאָן די וואַנדאַלן און האָבן געמאַכט הכנות אַריבערצוגיין איבערן דונאַי און אַריינצוקלייבן זיך אין דער רוימישער טעריטאָריע. עס זיינען געווען געוויסע חילוקי=דעות וועגן די תנאים, וואָס אויף זיי באַזעצן זיי זיך, און די וויזיגאָטן זיינען געוואָרן אויפגעבראַכט און האָבן אָנגעהויבן אַ מלחמה און ביי אַדריאַנאָפּאָל האָבן זיי צעקלאַפּט דעם קיסר וואַלענס און אים אַליין דערהרגעט. מען האָט זיי דעמאָלט דערלויבט צו באַזעצן זיך אין דער געגנט, וואָס איז איצט בולגאַריע, און זייער אַרמיי איז געוואָרן לויטן נאָמען אַ רוימישע אַרמיי, הגם זיי זיינען געבליבן ביי זייערע אייגענע אָנפירערס, וואָס דער ערשטער צווישן זיי איז געווען אַלאַריק.

אַז די רוימישע אימפעריע איז שוין געווען פולקום „באַרבאַריזירט“, באַווייזט דער פאַקט, וואָס דער הויפּט=קעגנער פון דעם גאָט אַלאַ=

ריק איז געווען סטיליכאָן, אַ פֿאַנאָנישער וואַנדאַל. די לעגיאָנען אין גאַליע זיינען געווען אונטער דער קאָמאַנדע פֿון אַ פֿראַנק, און דער קיסר טעאָדאָסיוס I (געקיניגט 379 — 395) איז געווען אַ שפּאַניער, וואָס איז געוואָרן אונטערגעהאַלטן דער עיקר דורך גאָטישע הילפֿס־חיילות.

די אימפּעריע איז איצט ענדגילטיק צעשפּאָלטן געוואָרן אין אַ מזרחדיקער (גריכיש־ריידנדיקער) העלפֿט און אין אַ מערבדיקער (לאַטייניש־ריידנדיקער). נאָך טעאָדאָסיוס דעם גרויסן האָבן געקיניגט זיינע ביידע זין: אַרקאַדיוס אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און האָנאָריוס אין ראַווענאַ. אַלאַריק האָט געמאַכט אַ ליאַלקע פֿון דעם מזרחדיקן מאָנאַרך, און סטיליכאָן פֿון דעם מערבדיקן. הונען באַווייזן זיך איצט צום ערשטן מאָל אין דער אימפּעריע ווי הילפֿס־חיילות, געדונגען דורך סטיליכאָן. בעת דעם דאָזיקן קאַמף צווישן מזרח און מערב איז דער גרענעץ — אויב מען קאָן נאָך ריידן מכּוח אַ גרענעץ צווישן באַרבאַרן פֿון אויסווייניק, וואָס זיינען ניט געווען אין דינסט פֿון דער אימפּעריע, און צווישן די באַרבאַרן אינעווייניק, וואָס האָבן געדינט דער אימפּעריע — געבליבן פֿריי. פֿרישע וואַנדאַלן, אַלין מער גאָטן, אַלאַנען, סוועבן האָבן פֿריי מאַרשירט קיין מערב, באַזעצט זיך אין לאַנד אינמיטן די דאָזיקע מהומות האָט געטראָפֿן אַ געשעעניש פֿון העכסטן באַטייט. אַלאַריק דער גאָט האָט מאַרשירט אַראָפּ קיין איטאַליע און האָט נאָך אַ קורצער באַלעגערונג איינגענומען רוים (410 נאָך קר.).

אַרום 425 אַן ערך זיינען די וואַנדאַלן (וואָס מיר האָבן זיי לכתּחילה פֿאַרצייכנט אין מזרח־דייטשלאַנד) און אַ טייל פֿון די אַלאַנען (וואָס מיר האָבן זיי צוערשט דערמאָנט אין דרומית־מזרחית־רוסלאַנד) דורכמאַרשירט דורך גאַליע און אַריבער די פּירענעען און האָבן זיך באַזעצט אין דרום־שפּאַניע און זיך אויסגעמישט מיט דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג. הונען האָבן פֿאַרנומען פּאַנאָניאַ און גאָטן זיינען געווען אין דאַלמאַציע. קיין בעמען און מערן איז געקומען אַ סלאַווישע פֿאָלק, די טשעכן, און האָבן זיך דאָרט באַזעצט (451). אין פּאָרטוגאַל און אין צפֿון־זייט פֿון די וואַנדאַלן זיינען געווען וויזיגאָטן און סוועבן. גאַליע איז געווען צעטיילט צווישן וויזי־



איינער פון די בארימטע רעליעפן פון טיטוס־בויגן אין רוים, וואָס ווייזט געפאַנגענע יידן מיט דער זיבנרעריקער מנורה.
אין מיטלעלטער איז ער בעת אַ בירגער־קריג אין רוים באַשעדיקט געוואָרן.

גאָטן, פראַנקען און בורגונדער. אויף בריטאַניע זיינען אָנגעפאַלן נידער-דייטשע שבטים, די יוטן, אַנגלען און סאַקסן, וואָס פאַר זיי זיינען די קעלטישע בריטן פון דרומית-מערבית אַנטלאָפן איבערן ים אין יענער געגנט, וואָס איז איצט ברעטאַן — אין פראַנקרייך.
די געוויינטלעכע דאַטע, וואָס ווערט געגעבן פאַר דער דאָזיקער אינוואַזיע, איז 449, נאָר זי איז געשען מסתמא פריער. ווי דער רעזולטאַט פון אינטריגעס צווישן צוויי רוימישע פּאָליטיקער, זיינען די וואַנדאַלן פון דרום-שפּאַניע אונטער זייער קיניג גענזעריק אָפּגעשוואומען אין זייער מאַסע קיין צפון-אַפריקע (429), זיינען געוואָרן די האַרן פון קאַרטאַגאָ (439), פאַרזיכערט די הערשאַפט אויפן ים, אָנגעפאַלן, איינגענומען און אויסגערויבט די שטאָט רוים (455), אַריבערגעשיפט זיך קיין סיציליע און באַגרינדעט אַ קיניגרייך אין מערב-סיציליע, וואָס האָט זיך געהאַלטן אַ הונדערט יאָר (ביז 534). אין דער צייט פון זיין גרעסטן אויסשפּרייט (477) האָט דאָס דאָזיקע וואַנדאַלישע קיניגרייך אַריינגענומען אויך קאָרסיקע, סאַרדיניע און די באַלעאַרישע אינזלען צוזאַמען מיט צפון-אַפריקע.

מכוח אָט דעם קיניגטום פון די וואַנדאַלן זיינען פאַראַן פאַקטן און ציפערן, וואָס באַווייזן זייער דייטלעך דעם אמתן כאַראַקטער פון די דאָזיקע באַרבאַרישע אַריינדרייסן. זיי זיינען אין דער אמתן ניט געווען באַצווינגונג און פאַרבייט פון איין פאָלק אָדער שבט דורך אַן אַנדערן. דאָס וואָס האָט געטראָפן איז געווען גאָר אַן אַנדער זאַך, דאָס איז געווען אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע אָנגעהויבן און פאַרדעקט לפנים דורך אַ פרעמדער באַצווינגונג. למשל, דאָס גאַנצע וואַנדאַלישע פאָלק, מאַנסביל, ווייבער און קינדער, וואָס זיינען אַריבערגעקומען פון שפּאַניע קיין אַפריקע, האָבן געציילט סך-הכל ניט מער פון 80.000 נפשות. מיר ווייסן דאָס, ווייל מיר האָבן פרטים פון דעם, ווי אַזוי זיי האָבן זיך אַריבערגעשיפט. אין זייער קאַמף פאַר צפון-אַפריקע, דערציילט ד"ר שורטץ*, „איז ניטאָ קיין סימן, אַז די אָרטיקע איינוואוינער זאָלן האָבן זיי געשטעלט אַן ערנסטן ווידערשטאַנד; באָניפאַציוס (דער רוימישער גובערנאַטאָר) האָט פאַרטיידיקט היפּאָ מיט

* אין העלמאָלטס וועלטגעשיכטע (דייטש).

גאָטישע געדונגענע חיילות, בעת די איינגעבאָרענע באַפעלקערונג האָט ניט געגעבן קיין ווערטיקע הילף, און די נאָמאַדישע שבטים פון לאַנד אָדער זיי האָבן פאַרנומען אַ מסופקדיקע האַלטונג אָדער זיי האָבן אויסגענוצט די שוועריקייטן פון רוימישן גובערנאַטאָר, כדי צו מאַכן רויבערישע אָנפאַלן. די דאָזיקע דעמאָראַליזאַציע איז געווען אַ פועל־יוצא פון סאָציאַלע תנאים, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אפשר מער אומגינסטיק אין צפון־אַפריקע, ווי אין אַנדערע טיילן פון דער רוימישער אימפעריע. די פרייע פויערים זיינען שוין זינט לאַנג געוואָרן לייב־אייגענע פון די גרויסע ערד־אייגנטימער און זיינען לויט זייער לאַגע געווען ווינציק וואָס העכער פון די מאַסן שקלאַפן, וואָס מען האָט געקאָנט געפינען אומעטום. און די גרויסע אייגנטימער פון זייער זייט זיינען גרינג געוואָרן קרבנות פון דער רויבערישער פאָליטיק פון די רוימישע גובערנאַטאָרן, וואָס זייער רויב־גלוסט האָט געהאַלטן כסדר אין וואַקסן אין דער מאָס, וואָס די חשיבות פון דער צענטראַלער מאַכט איז געפאַלן. קיין איין מענטש, וואָס האָט געהאַט עפעס צו פאַרלירן, האָט איצט ניט געוואָלט פאַרנעמען אַן אָרט אין סענאַט פון אַ גרויסער שטאָט, וואָס איז אַמאָל געווען דער ציל פון איטלעכן כבוד־זוכער, וואָרעם די סענאַטאָרן זיינען געווען מחוייב צו דעקן אַלע דעפיציטן פון דער הכנסה, און אַזעלכע דעפיציטן זיינען איצט געווען אָפטע און גרויסע... עס פלעגן אָפטמאָל אויסברעכן בלוטיקע אויפשטאַנדן, וואָס זייער לעצטע סיבה איז געווען דער דרוק פון די שווערע שטייערן..."

עס איז באַשיימפערלעך, אַז די וואַנדאַלן זיינען געקומען ווי אַ בפירושע הילף אין אַזאַ מצב. זיי האָבן פאַרטיליקט די גרויסע לאַנד־אייגנטימער, אויסגעמעקט אַלע חובות צו רוימישע קרעדיטאָרן און האָבן אָפגעשאַפט די לעצטע שפורן פון מיליטער־דינסט. די ערד־אַרבעטער האָבן זיך געפונען איצט אין אַ בעסערער לאַגע ווי פריער; די קלענערע באַאַמטע זיינען געבליבן אויף זייערע שטעלעס; עס איז ניט געווען אַזוי אַ באַצווינגונג, ווי אַ באַפרייונג פון אַ דרוק ניט אויסצוהאַלטן.

אין דער זעלביקער צייט, ווען די וואַנדאַלן זיינען נאָך געווען אין אַפריקע, איז צווישן די הונען אויפגעשטאַנען אַ גרויסער אָנפירער,

אַטילאַ. דער זיץ פון זיין רעגירונג איז געווען אין די פליינען אין מזרח־זייט פון דונאַי. אויף אַ געוויסער צייט האָט ער צונויפגעשמידט אַ גרויסע אימפעריע פון הונישע און גערמאַנישע שבטים, און זיין ממשלה האָט זיך אויסגעשפרייט פון ריין ביז קיין צענטראַל־אַזיע. ער האָט פאַרהאַנדלט ווי אַ גלייכער מיטן קיסר פון כינע. אין משך פון צען יאָר האָט ער זיך אַרומגעשלאָגן מיט קאָנסטאַנטינאָפּאָל און ראַווענאַ. האָנאָריאַ, אַן אייניקל פון טעאָדאָסיוס II, קיסר פון דער מזרחדיקער אימפעריע, איינע פון יענע ליידנשאַפטלעכע יונגע דאַמען, וואָס טוען אָן אַזוי פיל צרות אין דער וועלט, איז געוואָרן איינגעשלאָסן אין פּאַלאַץ איבער אַ ליבע מיט אַ קאַמערדינער פון קיסרלעכן הויף. האָט זי געשיקט איר רינג צו אַטילאַ, ער זאָל קומען זי באַפרייען און ווערן איר מאַן. אויך גענזעריק דער וואַנדאַל, וואָס איז געשטאַנען קעגן אַ בונד צווישן די קיסרים פון מזרח און פון מערב, האָט אים אָנגערייצט אָנצופאַלן אויף דער מזרחדיקער אימפעריע. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן אין מלחמה און האָט דערלאַנגט ביז צו די מויערן פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל. גיבאָן זאָגט, אַז ער האָט אויף זיין מאַרש איינגאַנצן חרוב געמאַכט אַכציק שטעט און האָט אויפגעצוואונגען דעם קיסר אַ שווערן שלום, נאָר אין די תנאים איז באַשיימפּערלעך ניט געווען אַריינגעשטעלט, אַז האָנאָריאַ ווערט איבערגעגעבן צו איר העלד.

אויף דעם מהלך פון דער צייט זיינען מיר ניט ביכולת צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דער פונקט איז דורכגעלאָזן געוואָרן. אַטילאַ האָט נאָך אַלץ גערעדט וועגן איר ווי וועגן זיין צוגעזאָגטער כלה, און ער האָט דעם מאָטיוו אויסגענוצט ווי אַן אויסרייד פון נייע אָנפאַלן. אין די הייטערדיקע אונטערהאַנדלונגען איז אַ געוויסער פּריסקוס געווען מיטגעקומען מיט אַ רוימישער דעלעגאַציע, וואָס איז געקומען אין הונישן לאַגער אַריין צו פאַרהאַנדלען מיט אַטילאַ. ער האָט אָנגעשריבן אַ דערציילונג וועגן דעם, און די פראַגמענטן פון דער דערציילונג, וואָס זיינען נאָך געבליבן, געבן אונז אַ שטיקל אָנבליק פון דעם לאַגער און פון דעם שטייגער לעבן פון גרויסן באַצווינגער.

די דאָזיקע דעלעגאַציע איז פאַר זיך געווען אַ טשיקאַווע צונויפגעשטעלטע קערפּערשאַפט. בראש פון איר איז געווען מאַקסימין,

אַן ערלעכער דיפּלאָמאַט, וואָס איז געקומען מיט אַ גוטן גלויבן אויס־פירן זיין שליחות. אָבער בשתיקה פון אים, און אויך אומבאַוואוסט אין יענער צייט פאַר פּריסקוסן, האָט דער טאָלמעטשער פון דער דעלעגאַציע, וויגיליוס, געהאַט אַ באַהאַלטענעם אויפטראָג פון טעאָדאָ־סיוסעס הויף צו זוכן אונטערצוקויפן אַטילעס מקורבים, זיי זאָלן אים טויטן. די קליינע עקספּעדיציע איז געגאַנגען דורך ניש; זיי זיינען אַריבער דעם דונאַי אין שיפלעך, אויסגעהוילט פון איין בוים־שטאַם, און אויסגעהאַלטן זיי מיט שפּייז האָבן די דערפער אונטערוועגנס. אונטער־שיידן אין שפּייז האָבן באַלד צוגעצויגן דעם אויפמערק פון די שלוחים. פּריסקוס דערמאָנט, אַז זיי האָבן געטרונקען מעד אָנשטאָט וויין און אַ געטראַנק, וואָס איז געווען אָדער דיסטילירט אָדער געברויט פון גערשטן, און אָנשטאָט קאָרן האָבן זיי געהאַט הירזש. די נסיעה דורך אונגאַרן קאָן דערמאָנען דעם לעזער אין אַ סך פאַלן אַ רייזע אין צענטראַל־אַפריקע אינמיטן 19טן יאָרהונדערט. די רייזנדער האָט מען העפלעך אָנגעבאָטן צייטווייליקע ווייבער.

אַטילאַס הויפּטשטאָט איז געווען גיכער אַ גרויסער לאַגער אין אַ דאָרף, איידער אַ שטאָט. דאָרט איז געווען נאָר איין בנין פון שטיין: אַ באָד אויסגעבויט לויטן רוימישן מוסטער. די מאַסע פון דער באַפעל־קערונג האָט געוואוינט אין ביידלעך און געצעלטן. אַטילאַ און זיינע הויפּלייט האָבן געוואוינט אין הילצערנע פּאַלאַצן, וואָס זיינען געווען אַרומגערינגלט מיט גרויסע שטאַכעטן־צוימען, זיי מיט זייערע פיל ווייבער און באַדינערס אַרום זיי. געווען דאָרט צו זען אַ רייכקייט פון זאַקרויב, נאָר אַטילאַ גופא האָט זיך געפירט מיט דער נאָמאַדישער פּראָסטקייט; ער האָט געטרונקען און געגעסן פון הילצערנע כלים און האָט קיין מאָל ניט אָנגערירט קיין ברויט. ער האָט געאַרבעט אַ סך, האָט געמשפּט זיין פאָלק אונטערן פרייען הימל פאַרן טויער פון זיין פּאַלאַץ און איז געוויינטלעך געווען אין יאָטל. עס האָט נאָך געגאָלטן דער פּרימיטיווער מנהג סיי פון די אַריער און סיי פון די מאָנגאָלן אָפּצוריכטן גרויסע סעודות אין דעם זאַל פון פירשט, און מען פלעגט דעמאָלט אַ סך טרינקען. פּריסקוס באַשרייבט, ווי אַזוי באַרדן האָבן געזונגען פאַר אַטילען. זיי „האָבן רעציטירט די פּערזן, וואָס זיי האָבן געמאַכט אויף צו באַזינגען זיין גבורה און זיינע נצחונות.

אַ טיפע שטילקייט האָט געהערשט אין זאַל, און דער אויפמערק פון די געסט איז געווען געפאַנגען דורך דער שטימען־האַרמאָניע, וואָס האָט באַלעבט און פאַראייביקט דעם אָנדענק פון זייערע אייגענע מעשים; אַ קריגערישער אימפעט האָט אַרויסגעבליצט פון די אויגן פון די קריגסלייט, וואָס האָבן זיך געריסן אין שלאַכט אַריין; און די טרערן פון די אַלטע לייט האָבן אויסגעדריקט זייער איידעלן יאוש, וואָס זיי קאָנען מער ניט נעמען קיין אָנטייל אין די סכנות און אין דעם גלאַנץ פון דער שלאַכט. נאָך דער דאָזיקער פאַרווײלונג, וואָס קאָן ווערן באַטראַכט ווי אַ שול פאַר מיליטערישער גבורה, איז געקומען אַ פאַרסשפיל, וואָס האָט דערנידעריקט די מענטשלעכע ווערדע. אַ מאַורישער און אַ סקיטישער ליץ האָבן איינער נאָכן אַנדערן געוועקט געלעכטער בײַ די פאַרגרעבטע צוקוקערס דורך זייערע מיאוסע געשטאַלטן, לעכערלעכע בגדים, משונהדיקע תנועות און העוויות, נאַרישע רייד אין יענעם משונהדיקן, אומפאַרשטענדלעכן געמיש פון לאַטייניש, גאָטיש און הוניש, און דער זאַל האָט אָפגעהילכט פון ווילדן געלעכטער. אינמיטן אָט דעם ניט־אײַנגעהאַלטענעם טומל האָט נאָר אַטילאַ אײַנגעהאַלטן זיין שטענדיקע ווערדע און איז געזעסן ניט גערירט פון דעם פריילעכן האַרמידער"*.

הגם אַטילאַ איז געוואָר געוואָרן פון דער פאַרבאָרגענער שליחות וויגיליוסעס, מחמת דער וואָס מען האָט אים אײַנגערעדט צו ווערן זיין מערדער האָט זיך פאַר אים מודה געווען, דאָך האָט ער געלאָזן די דעלעגאַציע זיך אומקערן בשלום קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און נאָך מיטגעגעבן איר מתנות אַ סך פערד און אַנדערע זאַכן. דערנאָך האָט ער געשיקט אַ שליח צו טעאָדאָסיוס II צו געבן דעם דאָזיקן מאָנאַרך צו פאַרשטיין, וואָס ער איז. „טעאָדאָסיוס", האָט געזאָגט דער שליח, „איז אַ זון פון אַ באַרימטן און חשובן פאָטער; אַטילאַ שטאַמט אויך פון אַן איידעלער משפחה; און ער גופא האָט דורך זיינע מעשים אונטערגעהאַלטן די ווערדע, וואָס ער האָט געירשעט פון זיין פאָטער

* גיבאָן.

מונזוק. טעאָדאָסיוס אָבער האָט געפּטרט דעם כּבוד פון זיין הויז און דורכדעם וואָס ער האָט מסכּים געווען צו צאָלן צינז, האָט ער אַראָפּגענידערט צו דער מדרגה פון אַ שקלאַף. דעריבער איז אַ יושר, ער זאָל אָפּגעבן כּבוד דעם מענטשן, וואָס זיין מזל און זיין פאַרדינסט האָט אים אַוועקגעשטעלט איבער אים, אָנשטאָט צו פּרוּוון, ווי אַ זינ־דיקער שקלאַף, בשתיקה צו גראָבן זיך אונטער זיין האַר".

די דאָזיקע אָפענע אַרויספאָדערונג האָט באַגעגנט פחדנותדיקע הכנעה. דער קיסר האָט געבעטן מחילה און אָפּגעצאָלט אַ גרויסן אויסקויף.

אין יאָר 451 האָט אַטילאַ דערקלערט מלחמה דער מערבדיקער אימפּעריע. ער איז אַריינגעדרונגען אין גאַליע. ווי ווייט דאָס איז גע־ווען שייך צו די חיילות פון דער אימפּעריע, זיינען אַלע וועגן גע־ווען פריי פאַר אים אָפן, און ער האָט אויסגערויבט דעם גרעסטן טייל שטעט אין פראַנקרייך, אַזש ביז אָרלעאַן אין דרום־זייט. דעמאָלט האָבן זיך פאַראייניקט קעגן אים די פראַנקן און וועסטגאָטן מיט די חיילות פון דער אימפּעריע, און די גרויסע און פאַרביטערטע שלאַכט ביי טרואַ (451), וואָס אין איר זיינען איבער 150.000 מענטשן געוואָרן דערהרגעט אויף ביידע זייטן, האָט זיך געענדיקט דערמיט, וואָס ער איז אָפּגעטריבן געוואָרן. אַזוי אַרום איז איראָפּע אויסגעלייזט געוואָרן פון אַ מאָנגאָלישן איבערהאַר. נאָר די דאָזיקע מפּלה האָט ניט אויס־געשעפּט אַטילאַס כּוחות. ער האָט געווענדט זיין אויפמערק קיין דרום און איז אָנגעפאַלן אויף צפון־איטאַליע. ער האָט פאַרברענט אַקווילעיאַ און פאַדואַ און אויסגערויבט מילאַן, נאָר ער האָט געמאַכט שלום לויט דער בקשה פון פּויפּס לעאָ I. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 453.

די הונען, ווי ווייט דער נאָמען איז נוגע איראָפּע, די הונען פון אַטילאַ, פאַרשווינדן דערנאָך פון דער געשיכטע. זיי זיינען צעגאַנגען געוואָרן אין דער אַרומיקער באַפעלקערונג. זיי זיינען שוין מסתמא געווען שטאַרק געמישט, און מער אַריער איידער מאָנגאָלן. זיי זיינען ניט געוואָרן, ווי מען האָט געקאָנט משער זיין, די איינוואוינער פון אונגאַרן, הגם זיי האָבן מסתמא דאָרט איבערגעלאָזט אַ סך פון זייער אָפּ־שטאַם. אין אַ הונדערט יאָר אַרום איז געקומען פון מזרח־זייט קיין

אונגאַרן אַן אַנדער הוניש אָדער געמישט פאָלק, די אַוואַרן, נאָך קאַרל דער גרויסער האָט זיי פאַרטריבן צוריק קיין מזרח אין די יאָרן 791 — 795. די מאַדיאַרן, די מאָדערנע איינוואוינער פון אינגאַרן, זיינען געקומען קיין מערב שפעטער. זיי זיינען געווען אַ טורקאָ-פיניש פאָלק. מאַדיאַריש איז אַ שפּראַך, וואָס געהערט צו דער פינאָ-אוג-רישער גרופּע פון די אוראַל-אַלטאַישע שפּראַכן. די מאַדיאַרן זיי-נען געווען ביי דער וואָלגע אַרום 550. זיי האָבן זיך באַזעצט אין אונגאַרן אַרום 900... מיר האָבן זיך אַראָפּגעשלאָגן צו ווייט פון אונזער געשיכטע, און מיר מוזן זיך אומקערן צוריק צו רוים.

אין יאָר 493 איז טעאָדאָריק דער מושל פון די גאָטן געוואָרן קיניג פון רוים, נאָר שוין זיבעצן יאָר איז ניט געווען קיין קיסר אין רוים. אַזוי אַרום האָט זיך געענדיקט אין לעצטער געזעלשאַפטלעכער צעפאַלנקייט די וועלט-הערשאַפט פון די געטער-קיסרים און פון די רייכע לייט, וואָס האָט זיך געהאַלטן אויף שקלאַפן-אַרבעט.

---

## 7. די מזרחדיקע (אויפגעלעבטע העלענישע) אימפעריע.

נאָר הגם אין גאַנץ מערב-אייראָפּע און צפון-אַפריקע איז די רוימישע הערשאַפטס-סיסטעם געווען געבראָכן, הגם קרעדיט איז בטל געוואָרן, די פּראָדוקציע פון לוקסוס-זאַכן האָט אויפגעהערט, און געלט האָט מען באַהאַלטן אין פאַרבאָרגעניש, הגם קרעדיטאָרן זיינען אַרומ-געגאַנגען אָן באַצאָלט און שקלאַפן אָן באַלעבאַטים, האָט די טראַדיציע פון די קיסרים זיך געהאַלטן נאָך אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. מיר האָבן שוין געהאַט די געלעגנהייט צו דערמאָנען, אַז צוויי קיסרים צייכענען זיך אויס צווישן די איבעריקע, דאָס זיינען דיאָקלעטיאַן (284) און קאָנסטאַנטין דער גרויסער (312), און דער לעצטער איז דאָס געווען דער, וואָס האָט פאַרפעסטיקט אַ נייעם צענטער פון דער אימפעריע אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

זייער פרי האָט מען אָנגעהויבן שפּירן אין דעם רוימישן קיסרטום, אַז רוים פּאַסט ניט פאַר אַ וועלט-צענטער, מחמת זי איז ווייט פון ים,

און די רוימער זיינען געווען שוואַכע מאַכערס אויפן ים. די צעשטערונג פון קאַרטאַגאָ און קאָרינט האָט דערהרגעט די שיפעריי אויף די הויפט-וועגן פון מיטללענדישן ים. פאַר אַ פאָלק, וואָס האָט בעצם ניט באַנוצט דעם ים, האָט דאָס באַטייט, אַז איטלעכער לעגיאָן, איטלעכע אָנווייזונג פאַר



איינער פון די קיילעכדיקע מעדאַליאָנען, וואָס באַצירן דעם קאָנסטאַנטין-בויגן אין רוים.

באַאַמטע, איטלעכער באַפעל האָט באַדאַרפט אַפריער גיין קיין צפון דורך האַלב איטאַליע, איידער ער האָט געקאָנט גיין קיין מזרח אָדער מערב. מחמת דעם האָבן כמעט אַלע מער פעיקע קיסרים אויפגעשטעלט זייער הויפט-קוואַטיר אין אַ וואָסער עס איז אונטערגעאָרדנטן צענטער אין אַ באַקוועמערער לאַגע. סירמיום (בײם טייך סאַווע), מילאַן,

ליאָן און ניקאָמעדיע (אין ביטיניע) זיינען געווען אַזעלכע הילפס־הויפּטשטעט. אַ געוויסע צייט, אונטער דיאָקלעטיאַן, איז דוראַצאָ געווען די רעזידענץ פון קיסר. ראַווענאַ, ניט ווייט פון דעם שפּיץ פון אַדריאַטישן ים, איז געווען די רעזידענץ פון די לעצטע רוימישע קיסרים אין דער צייט פון אַלאַריק און סטיליכאָן.

קאָנסטאַנטין דער גרויסער האָט באַשלאָסן אַריבערצוטראָגן אויף שטענדיק דעם צענטער פון דער רעגירונג פון דער אימפּעריע קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. מיר האָבן שוין דערמאָנט וועגן דער שטאָט ביזאַנטיאָן, וואָס קאָנסטאַנטין האָט זי אויסגעקליבן אויף צו אַנטוויקלען זי צו אַ נייער הויפּטשטאָט. זי האָט געשפּילט אַ ראָלע אין דער געשיכטע פון דעם דורכגעטריבענעם היסטיעוס; זי האָט אָפּגעשטויסן פיליפּ פון מאַקעדאָניע. אויב דער לייענער וועט גוט באַטראַכטן איר לאַגע, וועט ער אײַנזען, אַז אין די הענט פון אַ ריי פעיִקע קיסרים און ווי אַ צענטער פון אַ פאָלק מיט אַ געוויסער אחדות אין גייסט און מיט קונסט פון שיפערייַ, האָט זי זיך געפונען אין אַן אויסערגעווינטלעך גוטער לאַגע. אירע גאַלערעס וואָלטן געקאָנט אַריינדרינגען אין צענטער פון רוסלאַנד אַרויף איבער די טייכן און אָפּהאַלטן איטלעכן מאַרש פון די באַרבאַרן. זי האָט געהערשט איבער די האַנדלס־וועגן, וואָס האָבן געפירט קיין מזרח, און זי האָט גרינג געקאָנט דערלאַנגען קיין מעסאָפּאָטאַמיע, עגיפּטן, גריכנלאַנד און אַנדערע רייכערע און מער ציוויליזירטע געגנטן פון דער וועלט אין יענער צייט. אַפילו אונטער דער רעגירונג פון אַ ריי אומפעיִקע מאָנאַרכן און אונטער אַ דעמאָראַליזירטער געזעלשאַפט האָבן די רעשטן פון דער רוימישער אימפּעריע, מיט זייער צענטער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אויסגעהאַלטן כמעט אַ טויזנט יאָר.

עס איז געווען באַשיימפּערלעך די כוונה פון קאָנסטאַנטין דעם גרויסן, אַז קאָנסטאַנטינאָפּאָל זאָל זיין דער צענטער פון אַ ניט־געטיילטער אימפּעריע. נאָר נעמענדיק אין אַכט די רייזעס און טראַנספּאָרט־מעטאָדן, וואָס האָבן געהערשט אין יענער צייט, מוז מען זאָגן, אַז די געאָגראַפישע תּנאים פון אייראָפּע און מערב־אַזיע האָבן ניט געפירט צו איין בשותּפישן רעגירונגס־צענטער. אויב רוים איז געווען געווענדט קיין מערב, אָנשטאָט קיין מזרח, און האָט אַזוי אַרום ניט באַוויזן אַרי־

בערצוכאַפּן זיך איבערן פּרת, איז קאָנסטאַנטינאָפּאָל, פון דער אַנדער זייט, געווען ווייט פון גאַליע ניט צו דערגרייכן אַהין. די אָפּגעשוואַכטע מיטללענדישע ציוויליזאַציע האָט, נאָך אַ געווויסן קאַמף פאַר איטאַליע, זיך אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון מערב און האָט זיך קאָנצענטרירט אויף דעם, וואָס איז פאַקטיש געווען דער צענטער, דער שטאַם פון אַלכּסנדרס אימפעריע. די גריכישע שפּראַך איז ווידער געקומען צו הערשאַפט, וואָס איז קיין מאָל ערנסט ניט געווען אונטערגעדראָבן דורך דעם אָפיציעלן באַנוץ פון לאַטייניש. מכּוח דער דאָזיקער „מזרחדיקער“ אָדער ביזאַנטישער אימפעריע רעדט מען בדרך כּלל, ווי זי וואָלט געווען אַ המשך פון דער רוימישער טראַדיציע. אין דער אמתן איז זי אַ סך מער אַן אויפלעבונג פון אַלכּסנדרס טראַדיציע.

די לאַטיינישע שפּראַך האָט ניט געהאַט הינטער זיך די אינטעלעקטועלע מאַכט, זי האָט ניט געהאַט די ליטעראַטור און די וויסנשאַפט, וואָס מחמת דעם זאָל קיין אינטעליגענטער מענטש ניט קאָנען זיך באַגיין אָן איר, און זי וואָלט אַזוי אַרום געקאָנט האָבן די איבערהאַנט איבער דער גריכישער שפּראַך. וואָרעם קיין איין שפּראַך, זאָל זי זיין אָפיציעל ווי נאָר מעגלעך, קאָן ניט באַשטיין די קאָנקורענץ פון אַ צווייטער שפּראַך, וואָס פאַרמאָגט די מעלות פון אַ גרויסער ליטעראַטור אָדער אַן ענציקלאָפּעדישער אינפאָרמאַציע. שפּראַכן, וואָס ווילן איינעמען אַ וועלט, באַדאַרפן ברענגען מתנות, און די מתנות וואָס גריכיש האָט געבראַכט זיינען געווען ניט אין ערך רייכער ווי די מתנות פון לאַטייניש. די מזרחדיקע אימפעריע איז פון אָנהייב אָן פון דער שפּאַלטונג געווען גריכיש־ריידנדיק און אַ המשך, הגם אַפילו אַ דעגענערירטער המשך, פון דער העלענישער טראַדיציע. איר אינטעלעקטועלער צענטער איז ניט געווען מער אין גריכנלאַנד, נייערט אין אַלכּסנדריא. איר גייסטיקע איינשטעלונג איז ניט געווען מער די איינשטעלונג פון בירגער מיט אַ פרייען מוט און אָפענע רייד, פון דעם סטאַגיריט אַריסטאָטעלעס און דעם גריך פּלאַטאָן. איר איינשטעלונג איז געווען די איינשטעלונג פון פּעדאַנטן און פון מענטשן פּאָליטיש אָנמעכטיקע. איר פילאָסאָפיע איז געווען אַן אַרויסמאַכן זיך פון רעאַלן לעבן דורך הויכע פראַזעס, איר וויסנשאַפט איז געווען טויט. פונדעסטוועגן איז זי געווען גריכיש, און ניט לאַטייניש. די רוימער

זיינען געווען געקומען, און זיינען אַוועק. זיי זיינען אַוועק אויך פון מערב. צום זעקסטן יאָרהונדערט נאָך קר. איז די באַפעלקערונג פון אייראָפּע און צפון־אַפריקע געווען אויפגעבורעט ווי אָפּגעזעצטער זאַמד. ווען אין 7טן און 8טן יאָרהונדערט האָט דער אָפּזאַץ זיך גענומען ווידער איינלייגן און אַז די באַפעלקערונג האָט ווידער אָנגעהויבן אָנצונעמען אַ באַשטימטן לאָקאַלן כאַראַקטער, האָט מען געקאָנט געפינען רוימער לויטן נאָמען נאָר אין דער געגנט פון רוים.

איבער גרויסע טיילן פון דער מערבדיקער אימפּעריע געפינען מיר די לאַטיינישע שפּראַך שטאַרק פאַרענדערט: אין גאַליע, וואו די פראַנקען האָבן זיך אויסגעלערנט אַ גאַלישע פאָרם פון לאַטייניש און אָנגעהויבן אויסבילדן פראַנצויזיש; אין איטאַליע, וואו לאַטייניש האָט זיך פאַרענדערט צו פאַרשיידענע איטאַליענישע דיאַלעקטן אונטער דער השפּעה פון די גערמאַנישע אַריינדרינגערס, די לאַנגאָבאַרדן און גאָטן; אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, וואו פון לאַטייניש איז געוואָרן שפּאַניש און פּאָרטוגעזיש. דאָס, וואָס די שפּראַכן אין יענע לענדער זיינען אין זייער יסוד לאַטייניש, דערמאָנט אונז, ווי ווייניק עס זיינען געווען אין צאָל די פאַרשיידענע פראַנקען, וואַנדאַלן, אַוואַרן, גאָטן און כּדומה אַזעלכע גערמאַניש ריידנדיקע אַריינדרינגערס, און דינט צו באַשטעטיקן אונזער הנחה, אַז דאָס וואָס עס האָט געטראָפן מיט דער מערבדיקער אימפּעריע איז ניט אַזוי פיל באַצווינגונג און פאַרבייט פון איין באַפעלקערונג דורך דער אַנדערער, ווי אַ פּאָליטישע און סאָציאַלע רעוואָלוציע. דער קרייז פון וואַליס אין דרום־שווייץ האָט אויך אויפגעהיט אַ לאַטיינישע שפּראַך, און דאָס נעמלעכע דער קאַנטאָן גריזאָן. און דאָס וואָס איז נאָך מער טשיקאַווע און אינטערעסאַנט, איז אַז אין דאַקיע און אין דער אונטערשטער מעזיע, וואָס גרויסע טיילן פון זיי אין צפון זייט פון דונאַי זיינען געוואָרן די איצטיקע רומעניע (ראָמאַניאַ), איז אויך געבליבן די לאַטיינישע שפּראַך, הגם די דאָזיקע קאַנטן זיינען איינגענומען געוואָרן פאַר דער אימפּעריע ערשט שפּעט און זיינען באַלד פאַרלאָרן געגאַנגען.

אין בריטאַניע איז לאַטייניש פּאַקטיש אויסגעמעקט געוואָרן דורך דער באַצווינגונג פון די אַנגלאָ־סאַקסן, וואָס פון זיי שטאַמען אָפּ די הויפּט־שרשים פון די פאַרשיידענע דיאַלעקטן פון ענגליש.

נאָר אין דער זעלביקער צייט, ווען דער חורבן פון רוימישן סאָציאַלן און פּאָליטישן געביי איז געווען פאַרענדיקט, בעת אין מזרח איז עס געוואָרן אַוועקגעשליידערט דורך דער עלטערער און שטאַרקערער העלענישער טראַדיציע, און בעת אין מערב איז עס געוואָרן צעבראָכן אויף שטיקער, וואָס האָבן גענומען לעבן אָפּגעזונדערט איטלעכס פאַר זיך, איז געווען איין זאַך, וואָס איז ניט אומגעקומען, נייערט עס איז געוואַקסן, — דאָס איז די טראַדיציע וועגן דער וועלט-אימפּעריע פון רוים און וועגן דער אייבערהערשאַפט פון די צעזאַרן. אַז די ווירקלעכקייט איז געווען צעשטערט, האָט די לעגענדע געהאַט די פרייהייט זיך אויסצושפּרייטן. ווייט פון דער מעגלעכקייט צו ווערן באַגלויבט, איז אויסגעוואַקסן אין דער פאַנטאַזיע פון דער מענטשהייט די פאָרשטעלונג וועגן אַ ליכטיקער און גלענצנדער רוימישער וועלט-הערשאַפט, און זי האַלט זיך ביזן היינטיקן טאָג.

שוין זינט דער צייט פון אלכּסנדר האָט דער מענטשלעכער געדאַנק כסדר אַרומגעטראַכט די מעגלעכקייט פון אַ פּאָליטישער פאַראייניקונג פון גאַנצן מין מענטש. אַלע די דרייסטע הויפּלייט און פירערס און מלכים פון די באַרבאַרן, וואָס האָבן מאַרשירט דורך די חורבות פון דער געפאַלענער גרויסער אימפּעריע, האָבן אין זיך געטראָגן די פאָרשטעלונג פון אַ מעכטיקן קיניג איבער מלכים, וואָס איז גרעסער פאַר זיי אַליין און וואָס גיט אַרויס אַן אַלגעמיין גילטיקן געזעץ פאַר אַלע מענטשן, און זיי זיינען געווען גרייט צו גלויבן, אַז ערגעץ וואו און ערגעץ ווען איז צעזאַר (קיסר) געווען אַזאַ מלך איבער מלכים, און אַז ער קאָן נאָך קומען צוריק איבערצונעמען זיין ממשלה. דעריבער האָבן זיי געשאַצט אַ סך העכער פאַר זייערע אייגענע טיטלען דעם טיטל קיסר, און אַלע האָבן זיי צו אים זיך געצויגן. די אינטערנאַציאָנאַלע געשיכטע פון אייראָפּע איז זינט יענער צייט אין גרויסן און גאַנצן די געשיכטע פון מלכים און אַוואַנטוריסטן, וואָס האָבן זיך אַריינגענומען אין זינען צו ווערן קיסר אָדער אימפּעראַטאָר. מיר וועלן דערציילן וועגן עטלעכע פון זיי אויפן געהעריקן אָרט. דאָס „קיסרן" איז געוואָרן אַזוי אוניווערסאַל, אַז די גרויסע מלחמה פון 1914 — 18 האָט אַראָפּגעוואָרפן גאַנצע פיר קיסרים, דעם דייטשן קיסר, דעם עסטרייכישן קיסר, דעם רוסישן קיסר און די פאַנטאַסטישע

פיגור פון בולגארישן קיסר (דער פראנצויזישער „אימפעראטאר" נאפאלעאן III איז געפאלן שוין אין יאר 1871). איצטער איז אויף גאר דער וועלט געבליבן נאר איינער, וואס טראגט דעם טיטל קיסר — דאס איז דער בריטישער מאנארך, וואס טראגט דעם טיטל קיסר פון אינדיע (א לאנד, וואס אן אמתער צעזאר האט דאס קיין מאל ניט אנגעקוקט), „קייסאר די הינד". דעם טיטל האט ער געירשנט פון דעם גרויס-מאגול, וואס וועגן אים וועלן מיר נאך דערציילן.

---

# בוך VI

# קריסטנטום און איסלאַם

## קאַפּיטל 28

# דער אויפקום פון קריסטנטום און דער אונטערגאַנג פון דער מערבדיקער אימפּעריע

1. יהודה אין דער צייט פון קריסטוס. 2. די תורה פון ישו פון נצרת. 3. די נייע אוניווערסאַלע רעלי־גיעס. 4. די קרייציקונג פון ישו פון נצרת. 5. הוספות צו ישוס תורה. 6. דער קאַמף און די רדיפות קעגן קריסטנטום. 7. קאָנסטאַנטין דער גרויסער. 8. די איינשטעלונג פון אָפיציעלן קריסטנטום. 9. די קאַרטע פון איירּאָפּע 500 נאָך קר. 10. קריסטנטום ראַטע־ וועט די וויסנשאַפט. 11. ביזאַנטישע קונסט.

איידער מיר קאָנען פאַרשטיין דעם מהות פון קריסטנטום, וואָס מוז איצט שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין אונזער געשיכטע און וואָס האָט אויפגעעפנט פאַר די מענטשנס אויגן נייע אויסקוקן אויף דער מעגלעכקייט פון אַ געאייניקטער וועלט, מוזן מיר זיך אומקערן אויף עטלעכע יאָרהונדערטער צוריק און דערציילן וועגן דעם מצב אין סיריע און פּאַלעסטינע, וואָס אין די דאָזיקע לענדער איז דאָס קריסטנ־טום אויפגעקומען. מיר האָבן שוין דערציילט די הויפּט־פאַקטן וועגן דעם אָפּשטאַם פון דער יידישער נאַציע און טראַדיציע, וועגן גלות, וועגן דער צעשפּרייטקייט פון יידישן פאָלק באַלד ביי זיין אָנהייב און וועגן דער בהדרגהדיקער אַנטוויקלונג פון דער אידעע פון איין־איינציקן גערעכטן גאָט, וואָס קיניגט איבער דער ערד און איז געבונדן מיט דער הבטחה אויפצוהיטן דאָס יידישע פאָלק און ברענגען דאָס צו גדולה. די יידישע אידעע איז געווען און איז אַ טשיקאַווע פאַרבינדונג פון רעליגיעזער ברייטקייט און שטאַרקן ראַסן־פּאַטריאָטיזם.



דער כותל-מערבי אין ירושלים.

די ייִדן האָבן געוואַרט אויף אַ באַזונדער אויסלייזער, דעם משיח, וואָס דאַרף אויסלייזן די מענטשהייט דורך דעם, וואָס ער וועט אויפריכטן די לעגענדאַרישע גדולה פון דוד און שלמה און וועט סוף־כל־סוף אַרונטערנעמען גאָר די וועלט אונטער דער גוטגינציקער, אָבער פעסטער ייִדישער פיאַטע. אַז די פּאָליטישע מאַכט פון די סעמיטישע פעלקער האָט גענומען גיין באַרג־אַראָפּ, אַז קאַרטאַגאָ איז געפאַלן פונקט ווי צור, און שפּאַניע איז געוואָרן אַ רוימישע פּראָווינץ, איז דער דאָזיקער חלום געוואַקסן און האָט זיך אויסגעשפּרייט. עס איז כמעט קיין ספק ניט, אַז די צעשפּרייטע פעניקער אין שפּאַניע און אַפריקע און אומעטום אין די געגנטן פון מיטללענדישן ים, וואָס האָבן גערעדט אַ שפּראַך זייער נאָענט צו העברעיש, ווי זיי האָבן אָנגעוואָרן זייערע איינגעבאָרענע פּאָליטישע רעכט, האָבן זיי זיך מגייר געווען און זיינען געוואָרן ייִדן. וואָרעם פּונקט ווי עס זיינען געווען פעריאָדן, ווען ייִדן האָבן זיך אָפּגעשלאָסן פון פרעמדע, אַזוי זיינען אין דער ייִדישער געשיכטע געווען פעריאָדן, ווען זיי האָבן גערן אַריינגענומען גרים. אַז אַ ייִדישער קיניג האָט באַצוואונגען די אַדומים, האָט ער זיי איבער געוואַלד געצוואונגען זיך מל צו זיין (יוסיפוס). אין מאַכמעדס צייט זיינען געווען אַראַבישע שבטים, וואָס זיינען געווען ייִדן לויט זייער אמונה, אין דרום־רוסלאַנד אין 9טן יאָרהונדערט איז געווען אַ טערקיש פאָלק, וואָס איז געווען צום גרעסטן טייל פון דער ייִדישער אמונה. יהדות איז פאַקטיש דער רעקאָנסטרוירטער פּאָליטישער אידעאַל פון אַ סך צעשפּרייטע פעלקער — דער עיקר סעמיטישע. די פינאַנציעלע און קאָמערציעלע טראַדיציע פון ייִדן, מעג מען רעכענען, שטאַמט פון דעם פעניקישן באַשטאַנד פון די מענטשן און פון די אַראַמישע השפּעות, וואָס זיינען צוגעקומען אין בבל. דער פּועל־יוצא פון דער דאָזיקער צונויפגיסונג און אַסימילאַציע איז געווען דאָס, וואָס כמעט אין אַלע שטעט פון דער רוימישער אימפּעריע און ווייט אין מזרח אַריבער אירע גרענעצן האָבן ייִדישע קהילות געהאַנדלט און געבליט, צוזאַמענגעהאַלטן דורך דער ביבל און דורך אַ רעליגיעזער און דערציערישער אָרגאַניזאַציע. דער גרעסטער טייל ייִדן זיינען קיינמאָל ניט געווען אין יהודה און זיינען קיינמאָל פון יהודה ניט אַרויסגעקומען.

עס איז באַשיימפּערלעך, אַז אַט־די פאַרבינדונג צווישן די יידישע קהילות האָט געהאַט גרויסע פינאַנציעלע און פּאָליטישע מעלות פאַר זיי. זיי האָבן געקאָנט אָנקלייבן מיטלען, זיי האָבן געקאָנט באַוועגן זיך פריי, זיי האָבן געקאָנט בלייבן זיצן פעסט. זיי זיינען קיינמאָל ניט געווען אַזויפיל אין צאָל און ניט אַזוי ציוויליזירט, ווי די נאָך מער פאַרשפּרייטע גריכן, נאָר זיי האָבן געהאַט אַ טראַדיציע פון גרעסערער אַחדות. איין גריך איז געווען פיינטלעך צו אַ צווייטן גריך; אַ ייד פּלעגט שטענדיק ביישטיין אַ יידן. וואו נאָר אַ ייד פּלעגט קומען, פלעגט ער געפינען מענטשן מיט אַ גלייכן גייסט און אַ גלייכער טראַדיציע ווי ער. ער האָט געקאָנט קריגן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אָפּצועסן, אַ הלוואה, הילף אין געריכט. און מחמת דער דאָזיקער אַחדות האָבן רעגירערס אומעטום געמוזט זיך רעכענען מיטן דאָזיקן פאָלק, וואָס האָט געקאָנט העלפן, פאַרשאַפן הלוואות, אָבער אויך אָנטאָן צרות. אַזוי־אַרום איז דאָס אַרויסגעקומען אַזוי, אַז יידן זיינען געבליבן לעבן ווי אַ פאָלק, בעת העלעניזם איז געוואָרן אַן אוניווערסאַל ליכט פאַר דער מענטשהייט.

מיר קאָנען דאָ ניט דערציילן די פּרטים פון דער געשיכטע פון יענעם קלענערן טייל פון יידישן פאָלק, וואָס האָט געלעבט אין יהודה. די דאָזיקע יידן האָבן זיך אומגעקערט צוריק צו זייער פריערדיקער געפערלעכער פּאָזיציע; ווידער האָבן זיי געזוכט שלום אינמיטן, אַזוי צו זאָגן, גרויסן שליאַך. אין אַלטע צייטן זיינען זיי געווען צווישן סיריע און אַשור פון צפון־זייט און עגיפּטן פון דרום־זייט. איצט האָבן זיי געהאַט די סעלעווקידן אין צפון־זייט און די פּטאָלעמייער אין דרום־זייט, און אַז די סעלעווקידן זיינען אַוועק, איז אויף זיי אַראָפּגעקומען די איבערמאַכט פון רוים. די אומאָפּהענגיקייט פון יהודה איז שטענדיק געווען אַ באַדינגטע און אַן אומזיכערע זאַך. דער לעזער מוז זיך ווענדן צו די שריפטן פון יוסיפוס פלאַוויוס „אַלטערטימער" און „יידישע מלחמות", בכדי צו באַקענען זיך מיט דער געשיכטע פון זייערע רעגירערס, פון זייערע כהנים־גדולים, פון די מכבים, די בני־הורדוס וכדומה. די דאָזיקע רעגירערס זיינען געווען צום גרעסטן טייל פון געוויינטלעכן אָריענטאַלישן טיפּ: דורכגעטריבן, פאַלש און בלוטדאָרשטיק. דריי מאָל איז ירושלים איינגע־

נומען געוואָרן, און צוויי מאָל איז דער בית-המקדש געוואָרן צעשטערט. נאָר די שטיצע פון דער אַ סך מעכטיקערער דיאַספּאָראַ האָט געראַטעוועט דאָס קליינע לאַנד פון אונטערגאַנג. ערשט אין יאָר 70 האָט טיטוס, דער אַדאָפּטירטער זון און יורש פון קיסר אַספּסינוס, נאָך אַ באַלעגערונג, וואָס קאָן אין פאַרביטערונג און שרעקעניש ווערן צוגעגליכן צו דער באַלעגערונג פון צור און קאַרטאַגאָ, איינגענומען ירושלים און חרוב געמאַכט אינגאַנצן די שטאָט מיטן בית-המקדש. ער האָט דאָס געטאָן, מחמת ער איז דערמיט אויסן געווען צו פאַרלענדן דאָס יידישע פאָלק, נאָר אין דער אמתן האָט ער דאָס יודנטום געמאַכט שטאַרקער, ווייל ער האָט באַזייטיקט דעם איינציקן אָרט זיינעם, וואו מען האָט אים געקאָנט פאַרוואונדן און וויי טאָן.

אין משך פון אַ געשיכטע פון פינף יאָרהונדערטער, וואָס זיינען פאַרביי, זינט דעם אומקער פון גלות-בבל ביזן חורבן ירושלים, אינמיטן מלחמות און בירגער-מהומות, זיינען פאַרבליבן געוויסע שטענדיקע שטריכן פון דעם יידן. ער איז געבליבן שטרענג מאָנאָטעיסטיש; ער האָט ניט געוואָלט האָבן קיין אַנדערע געטער, חוץ דעם איינעם אמתן גאָט. אין רוים, פונקט ווי אין ירושלים, האָט ער זיך געהאַלטן פעסט קעגן קולט פון גאָט-קיסר, און האָט דערפאַר געהאַט ניט ווייניק אויסצושטיין. ווי ווייט ער איז נאָר געווען בכוח, האָט ער געטריי געהאַלטן דעם בונד מיט זיין גאָט. קיין ירושלים האָבן ניט געטאָרט אַריינגעבראַכט ווערן קיין שום בילדער; אַפילו די רוימישע פאָנעס מיט זייערע אָדלערס האָבן געמוזט בלייבן אויף יענער זייט מויער.

אין משך פון די פינף הונדערט יאָר האָבן זיך אָנגעצייכנט אין יידישן געדאַנק צוויי ריכטונגען. אין דער רעכטער האַנט, אַזוי צו זאָגן, זיינען געווען די הייכע און שמאָלע יידן, די פרושים, זייער אָרטאָדאָקס, זייער פּינקטלעך אין אָפּהיטן אַפילו די קלענסטע פרטים פון געזעץ, שטאַרק פּאַטריאָטיש און אָפּגעשלאָסן פאַר פרעמדע. ירושלים איז איינמאָל אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דעם סעלעוקי-

דישן קעניג אַנטיוכוס IV דערפאַר, ווייל יידן האָבן ניט געוואָלט פאַרטיידיקן די שטאָט אין אַ שבתדיקן טאָג, ווייל מען טאָר ניט אַרבעטן.* פּומפּיוס האָט געקאָנט איינעמען ירושלים נאָר דערפאַר, ווייל די יידן האָבן גאָרנישט ניט געטאָן בכדי צו צעשטערן זיינע באַלעגער-געציינג אום שבת.

אַנטקעגן די דאָזיקע שמאָלע יידן זיינען געשטאַנען די ברייטע יידן, די יידן פון לינקס, וואָס האָבן געשטרעבט צו העלעניזירן זיך; צווישן זיי דאַרף מען אַריינרעכענען די צדוקים, וואָס האָבן ניט געגלויבט אין השאָרת-הנפש. די דאָזיקע ברייטע יידן זיינען געווען אַלע מער ווייניקער נוטה זיך אויסצומישן און צו אַסימילירן זיך מיט די גריכן און מיט די העלעניזירטע פעלקער אַרום זיי. זיי זיינען געווען גרייט אָנצונעמען גרים, און אַזוי אַרום צו באַטיילן די גאַנצע מענטשהייט מיט גאָט און מיט זיין הבטחה. אָבער דאָס, וואָס זיי האָבן געוואונען אין ברייטהאַרציקייט, האָבן זיי פאַרלאָרן אין רעכטפאַרטיקייט. זיי זיינען געווען די וועלטמענטשן פון יהודה. מיר האָבן שוין פאַרצייכנט, ווי אַזוי די העלעניזירטע יידן פון עגיפטן האָבן אָנגעוואָרן זייער העברעיש און האָבן געמוזט האָבן זייער ביבל איבערזעצט אין גריכיש.

אין דער רעגירונג פון קיסר טיבעריוס איז אויפגעשטאַנען אין יהודה אַ גרויסער לערער, וואָס האָט באַדאַרפט באַפרייען די שטאַרקע פאָרשטעלונג פון גערעכטיקייט און פון דער אַבסאָלוטער איינציקייט פון גאָט, און די מאָראַלישע התחייבות פון מענטשן לגבי גאָט, וואָס דאָס איז געווען דער כוח פון דער אָרטאָדאָקסער יידישקייט, פון דער אָפּגעזונדערטער שמאָלקייט און דעם ווילן איינצוהאַלטן גאָט און זיין תורה נאָר פאַר זיך, וואָס איז געלעגן אין דעם יידישן גייסט. דאָס איז געווען ישו פון נצרת, וואָס מען קאָן אים אָנרופן גיכער דער זוימען פון קריסטנטום, איידער דער גרינדער פון קריסטנטום.**

* דאָס איז ניט ריכטיק. דאָס ניט אנטקעגנשטעלן זיך אום שבת איז געווען ביי אַן אנדער געלעגנהייט. (דער איבערז.).

** דאָ מוז מען ווידער אַ מאָל באַמערקן, אַז די שילדערונג פון די ריכטונגען אין יידנטום און בכלל די יידישע געשיכטע איז אַ ביסל צו סכעמאַטיש. די קורצקייט דערלאָזט ניט אנטוויקלען ברייטער און גענויער דעם ענין. (דער איבערז.).

## 2. די תורה פון ישו פון נצרת.

דער לעזער־קרייז פון דעם בוך, וואָס צו אים ווענדט עס קודם־כל דערגרייכן, זיינען אין גרויסן און גאַנצן קריסטן, אפשר וועלן אויך זיין אַ ביסל יידן. די קריסטן לכל־הפחות ווילן באַטראַכטן ישו פון נצרת פאַר מער ווי אַ מענטשלעכן לערער, און זיין באַווייזן זיך אין דער געשיכטע איז פאַר זיי ניט קיין נאַטירלעכע געשעעניש, נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס איז איבער דער נאַטור, אַ געשעעניש, וואָס האָט איבערגעריסן און אומגעביטן די שטענדיקע אַנטוויקלונג פון לעבן צו אַן אַלגעמיינעם באַוואוסטזיין צו אַן אַלגעמיינעם ווילן, וואָס מיר האָבן ביז אַהער אָנגעצייכנט אין דעם דאָזיקן בוך. נאָר די דאָזיקע מיינונגען, הגם זיי הערשן אין אייראָפּע און אין אַמעריקע, זיינען דאָך ניט די מיינונגען פון אַלע מענטשן און ניט פון דעם גרעסטן רוב פון דער מענטשהייט, און מיר שרייבן דעם דאָזיקן קאָנטור פון דער געשיכטע פון לעבן מיט דער כוונה אויסצומיידן ווי ווייט מעגלעך אינגאַנצן זאַכן, וואָס וועגן זיי זיינען פאַראַן חילוקי־דעות. מיר פּרווון צו שרייבן דאָס דאָזיקע ווערק אַזוי, ווי עס וואָלטן דאָס באַדאַרפט לייענען אינדוסן, מיסלמס אָדער בודיסטן ניט ווייניקער ווי אַמעריקאַנער אין מערב־אייראָפּעער. מיר וועלן דערפאַר זיך האַלטן נאָענט ביי די בפירושע פאַקטן, און אויסמיידן, אַן זיך מתוופח צו זיין און צו לייקענען, די טעאָלאָגישע פּירושים, וואָס מען האָט אין זיי אַריינגעטיימשט.

מיר וועלן דערציילן, וואָס מענטשן האָבן געגלויבט מכוח ישו פון נצרת, נאָר אים וועלן מיר באַהאַנדלען ווי אַ מענטשלעך וועזן, פּונקט ווי אַ מאָלער מוז אים מאָלן ווי אַ מענטשן. די דאָקומענטן, וואָס דערציילן וועגן זיינע מעשים און לערנונגען, וועלן מיר באַהאַנדלען, ווי געוויינטלעכע מענטשלעכע דאָקומענטן. אויב די שיין פון געטלעכקייט שיינט אַרויס פון אונזער דערציילונג, וועלן מיר דערצו ניט העלפן און ניט שטערן. דאָס איז דאָס נעמלעכע, וואָס מיר האָבן געטאָן בנוגע צו בודאַ, און וואָס מיר וועלן טאָן שפּעטער מיט מוחאַמעדן. מכוח ישון באַדאַרפן מיר שרייבן ניט קיין טעאָלאָגיע, נאָר היסטאָריע, און אונזער ענין איז ניט דער ספּיריטועלער און



לעבן די מויערן פון ירושלים. א דאָרף אויף א בערגל, וואס קוקט אויפן טאָל קדרון. אויף דער צווייטער זייט טאָל געפינט זיך דער הר הזיתים.

טעאָלאָגישער באַטייט פון זיין לעבן, נאָר די רעזולטאַטן זיינע פאַר דעם פּאָליטישן און טאָג-טעגלעכן לעבן פון מענטשן.

אונזערע ידיעות מכּוח דער פּערזאָן פון ישו שטאַמען כּמעט אינגאַנצן פון איין-איינציקן מקור, פון די פיר עוואַנגעליעס, וואָס אַלע האָבן שוין זיכער עקסיסטירט אין די ערשטע עטלעכע צענדליק יאָר נאָך זיין טויט, און פון אָנצוהערענישן וועגן זיין לעבן אין די בריוו (עפּיסטלען) פון די עלטסטע קריסטלעכע פּראָפּאַגאַנדיסטן. די ערשטע דריי עוואַנגעליעס, די עוואַנגעליע פון מתי, מאַרקוס און לוקאַס, האַלטן אַ סך, אַז זיי שטאַמען אָפּ פון עלטערע דאָקומענטן; די עוואַנגעליע פון יאָהאַן האָט מער איר אייגענעם פּנים און איז באַפאַרבן מיט אַ טעאָלאָגיע פון אַ שטאַרק העלענישן טיפּ. קריטיקער זיינען נוטה צו באַטראַכטן די עוואַנגעליע פון מאַרקוס פאַר דעם באַגלויבסטן באַריכט וועגן דעם לעבן פון ישו און וועגן די רייד, וואָס ער האָט מיט אַן אמת גערעדט. נאָר אַלע פיר עוואַנגעליעס גייען זיך צונויף דערין, וואָס זיי גיבן אונז אַ בילד פון זייער אַ באַשטימטער פּערזענלעכקייט. זיי גיבן די זעלביקע איבערצייגונג פוןווירקלעכקייט, ווי די עטלעכע דערציילונגען וועגן בודאַ. ניט געקוקט אויף די וואונדער און אומגלויבלעכע מעשׂיות, וואָס מען האָט שפּעטער צוגעגעבן, איז מען געצוואונגען צו זאָגן: „דאָס איז געווען אַ מענטש. דעם טייל פון דער דערציילונג האָט מען ניט געקאָנט אויסקלערן".

נאָר פּונקט ווי די פּערזאָן פון גאַוטאַמאַ בודאַ איז געוואָרן צעדרייט און פאַרטונקלט דורך דער שטייפער אײַנגעקאָרטשעטער פיגור, דעם פאַרגילטן געץ פון שפּעטערדיקן בודיזם, אַזוי שפּירט מען, אַז די מאָגערע און די ענערגישע געשטאַלט פון ישו איז שטאַרק קאַליע געוואָרן דורך אומרעאַלער קאָנווענציאָנעלקייט, וואָס פאַלשע פאַרערונג האָט אַרויפגעלייגט אויף זיין פיגור אין דער מאָדערנער קריסטלעכער קונסט. ישו איז געווען אַן אָרעמער לערער, וואָס האָט אַרומגעוואַנדערט איבער דעם שטויביקן, זון-פאַרברענטן לאַנד יהודה, זיך מפרנס געווען פון צופעליקע נדבות; אָפּגעמעלט אָבער איז ער שטענדיק זויבער, צוגעקעמט, גלאַט, אין בגדים אָן אַ פלעקעלע, שטייענדיק גלייך און מיט עפּעס אַזוינס אומבאַוועגלעכס אַרום אים, אַזוי ווי ער וואָלט געשוועבט אין דער לופטן. דאָס אַליין האָט

אים געמאַכט אומרעאַל און אומגלויבלעך פאַר אַ סך מענטשן, וואָס קאָנען ניט אָפּשיידן דעם קערן פון דער געשיכטע פון די אויספּוצונגען און נאַרישע הוספות פון ניט־פאַרשטאַנדיקע פאַרערער.

און עס איז מעגלעך, אַז די אַלטע טיילן פון עוואַנגעליע זיינען אָנוואַקסן פון דעם זעלביקן מין. די וואונדערלעכע אומשטאַנדן פון ישוס געבוירן, דער גרויסער שטערן, וואָס האָט געבראַכט די חכמים פון מזרח־לאַנד צו בוקן זיך פאַר זיין קאָרעטע־וויגל, די הריגה פון די קינדער אין דער געגנט פון בית־לחם, וואָס הורדוס זאָל האָבן געמאַכט, ווי אַ פּועל־יוצא פון די דאָזיקע הימלס־צייכנס, און דאָס אַנטלויפן קיין עגיפּטן, — דאָס אַלץ האַלטן אַ סך אַווטאָריטעטן פאַר צוואַקסן. אין בעסטן פאַל זיינען דאָס אַלץ געשעענישן, וואָס זיינען פאַר דער עצם תורה ניט נייטיק, און זיי נעמען ביי איר צו אַ סך פון איר שטאַרקייט און מאַכט, וואָס זי פאַרמאָגט, ווען מיר ציען פון איר אַראָפּ די דאָזיקע הויט. די נעמלעכע ווירקונג האָבן די זיך־סותרדיקע יחוס־בריוו, וואָס עס גיבן מתי און לוקאַס, וואָס אין זיי איז פאַראַן אַ פּרוּוו צו ציען דעם יחוס פון ישוס פאָטער יוסף דירעקט ביז דוד המלך, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַ כבוד פאַר ישון צי פאַר וועמען עס איז צו האָבן אַזאַ מענטשן פאַר אַן עלטער־זיידן. די דאָזיקע אַריינשטעלונג איז נאָך מער משונהדיק און אָנשכלדיק, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז לויט דער לעגענדע איז ישו גאָרניט געווען יוספס זון, נייערט ער האָט זיך געהאַט בדרך נס.

אויב מיר ציען אַראָפּ אָט־די אַלע סותרדיקע צוגאָבן, דעמאָלט בלייבן מיר פאַר דער געשטאַלט פון אַ וועזן, וואָס איז דורכאויס מענטשלעך, דורכאויס ערנסט און ליידנשאַפטלעך, נוטה צו ווערן ברוגזלעך, וואָס האָט געלערנט אַ נייע און פּשוטע און טיפע שיטה אין גלויבן — אַז גאָט איז דער ליבנדיקער פאָטער פון גאָר דעם באַשאַף און אַז עס וועט קומען אַ הימלס־קיניגרייך. ער איז געווען באַשיימפערלעך אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן פּערזענלעכן מאַגנעטיזם. ער האָט צוגעצויגן אָנהענגערס און אָנגעפילט זיי מיט ליבע און מיט מוט. שוואַכע און קראַנקע מענטשן זיינען געוואָרן געשטאַרקט און געהיילט, ווען זיי זיינען געקומען צו אים. נאָר אַליין איז ער מסתמא געווען שוואַך פיזיש לויט דער גיכקייט, ווי ער איז געשטאָרבן אונטער

די עינויים פון קרייציקונג. פאַראַן אַ טראַדיציע, אַז ער זאָל זיין געפאַלן אין חלשות, בעת ער האָט געמוזט שלעפּן אויף זיך, וועדליג עס איז געווען דער מנהג, דעם קרייץ צום פּלאַץ פון דער עקזעקוציע. אַז ער איז דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעטראָטן ווי אַ לערער, איז ער געווען אַלט אַרום 30 יאָר. ער איז אַרומגעגאַנגען איבערן לאַנד אַ דריי יאָר און האָט פאַרשפּרייט זיין לערנונג, און דערנאָך איז ער געקומען קיין ירושלים און איז באַשולדיקט געוואָרן, אַז ער וויל אַריינפירן אין יהודה אַ פרעמד קיניגרייך. אויף דער דאָזיקער באַשולדיקונג איז ער פאַרמשפּט געוואָרן און אויפגעהאַנגען אויפן קרייץ צוזאַמען מיט צוויי גנבים. אַ סך פריער, איידער יענע צוויי זיינען געווען טויט, זיינען זיינע יסורים שוין געווען געענדיקט.

עס איז אַ פאַקט, אַז אין די עוואַנגעליעס האָט דער גאַנצער סכום טעאָלאָגישע הנחות, וואָס פון זיי איז צונויפגעשטעלט די איציקע קריסטלעכע דאָקטרינע, גאָר אַ קנאַפּן אָנהאַלט. דער לעזער קאָן אַליין איינזען, אַז אין די דאָזיקע ביכער איז ניטאָ קיין אָפענע אין קלאָרע באַשטעטיקונג פון איינציקע דאָקטרינעס, וואָס קריסטלעכע לערערס פון כל המינים האַלטן בדרך-כלל, אַז זיי זיינען נויטווענדיק צוליב דער אויסלייזונג. די ראַיות, וואָס מען געפינט פאַר זיי אין די עוואַנגעליעס, זיינען אָפטמאָל נאָר אָנצוהערענישן און דרינגענישן. מען מוז די באַווייזן אַרויסכאַפּן און אַרויסקוועטשן. חוץ עטלעכע פראַזעס, וואָס מען קאָן וועגן זיי מחולק זיין, צי זיי געהערן ישון, איז שווער צו געפינען צווישן די רייד, וואָס ווערן פאַקטיש צוגעשריבן אים, עטלעכע ווערטער, וואו ער זאָל האָבן אויסגעטייטשט די דאָקטרינע וועגן כפרה פון זינד, אָדער וואו ער זאָל האָבן אַרויפגעלייגט אויף זיינע אָנהענגערס וואָסערע צערעמאָניעס, וואָס מען באַדאַרף דערביי כוהנים. מיר וועלן נאָך זען, ווי שפּעטער איז דאָס גאַנצע קריסטנטום געוואָרן צעריסן אין מחלוקתן מכוח דער דריי-איינקייט. עס איז אָבער ניטאָ קיין קלאָרע ראַיה, אַז ישוס אַפּאָסטאָלן זאָלן האָבן אונטערגעהאַלטן די דאָזיקע דאָקטרינע. ווייטער האָט ער ניט אַזוי שטאַרק געהאַלטן פון דער פּרעטענזיע צו זיין דער „קריסטוס“ אָדער צו האָבן אַן אָנטייל אין דער גאָטהייט; וואָרעם וואָלט ער דאָס געהאַלטן פאַר אַן ענין פון העכסטער וויכטיקייט, וואָלט ער וועגן דעם

אַנדערש געערדט. שטאַרק הידושדיק איז די דערציילונג (מתי 16, 20): „דעמאָלט האָט ער אָנגעזאָגט זיינע תלמידים, זיי זאָלן קיינעם ניט אויסזאָגן, אַז ער איז ישו דער קריסטוס". עס איז שווער צו פאַרשטיין, ווי אַזוי האָט ער געקאָנט דאָס פאַרבאָרגן, אויב ער האָט געהאַלטן, אַז דער דאָזיקער פאַקט געהער צום עצם-מהות פון דער אויסלייזונג.



א טיפּישער פאַסטעך אין ארץ-ישראל מיט זיינע שאָף.

ווידער דאָס אָפּהיטן דעם יידישן שבת, אַריבערגעטראָגן אויף דעם מיטראַישן זון-טאָג, איז אַ וויכטיקער שטריך אין אַ סך קריסטלעכע קולטן; נאָר ישו האָט מיט אַ כיוון מבטל געווען שבת און האָט געזאָגט, אַז דער שבת איז געמאַכט פאַרן מענטשן, און ניט דער מענטש פאַרן שבת. ער האָט קיין איין וואָרט ניט געזאָגט וועגן קולט

פון זיין מוטער מאַריע אין דער געשטאַלט פון אידיס, דער קעניגין פון הימל. פון אַ סך זאַכן, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש קריסטלעך אין קולט און מנהג, האָט ער קיין השגה ניט געהאַט. סקעפּטישע שרייבערס האָבן געהאַט די העזה צו מיינען, אַז יעזוס קאָן בכלל ניט ווערן אָנגערופן אַ קריסט. בכדי זיך צו דערקלערן, פאַרוואָס פעלן די אַלע זאַכן אין ישוס לערנונג, מוז איטלעכער לעזער זיך ווענדן צו זיינע אייגענע רעליגיעזע פּורערס. דאָ זיינען מיר געצוואונגען צו דערמאָנען דאָס, וואָרעם דערפון זיינען אַרויסגעקומען שוועריקייטן און מחלוקתן, מיר זיינען אָבער אויך צוגלייך געצוואונגען ניט מאַריך צו זיין מכוח דעם.

מערקווערדיק איז, ווי גרויס עס איז געווען פאַר ישוז די וויכטיקייט פון דער לערנונג מכוח דעם, וואָס ער האָט גערופן דאָס קיניגרייך פון הימל, און ווי ווינציק ער האָט געקלערט וועגן דעם, פון וואָס עס באַשטייט די צערעמאָניע און די לערנונג פון דעם גרעסטן טייל קריסטלעכע קירכן.

די דאָזיקע דאָקטרינע וועגן הימלס-קיניגרייך, וואָס איז געווען ישוס הויפּט-לערנונג און וואָס שפּילט אַזאַ קליינע ראָלע אין די קריסטלעכע אַני-מאַמינס, איז געוויס איינע פון די רעוואָלוציאָנערסטע דאָקטרינעס, וואָס האָבן ווען עס איז אויפגערודערט און אומגעביטן דעם מענטשלעכן געדאַנק. עס איז אַ קנאַפּער חידוש, וואָס די דעמאָלטיקע וועלט איז ניט געווען בכוח זי תופס צו זיין אין איר פולן באַטייט און האָט זיך אָפּגעטרייסלט מיט שרעק, ווען זי האָט נאָר האַלב אָנגעהויבן זיך אָנצושטויסן, וואָסערע תביעות און טענות זי האָט צו די איינגעשטעלטע מנהגים און אינסטיטוציעס פון דער מענטשהייט. עס איז אַ קנאַפּער חידוש, אויב דער קווענקלענדיקער תלמיד איז סוף-כל-סוף געקומען צוריק צו די אַלטע, איינגעווינטע אידעען פון אַ טעמפּל און אַלטאַר, פון אַ ווילדער גאָטהייט און מחילה-צערעמאָניעס, פון געהייליקטע כוהנים און מאַגישע ברכות, און — וויבאַלד די אַלע זאַכן זיינען געווען אָפּגעטאָן — האָט ער זיך געפירט ווייטער זיין אַלט לעבן, וואָס ער איז צו דעם געווען אַזוי צוגעוויינט, אַ לעבן פון שנאה און רווחים און רייסעניש און גרויס-האַלטעריי. וואָרעם די דאָקטרינע פון דעם הימלס-קיניגרייך, ווי ישוז

האָט זי, קענטיק, געלערנט, איז געווען ניט ווינציקער ווי אַ דרייסטע און אָנפשרותדיקע פאָדערונג צו בייטן און צו לייטערן פון גרונטאויס דאָס לעבן פון אונזער זיך ראַנגלענדיקן מין מענטש, צו לייטערן דאָס לעבן פון אויסווייניק און פון אינעווייניק. בכדי זיך צו באַקענען מיט דעם, וואָס עס איז פאַרבליבן פון אָט־דער פאָרכטלעכער לערנונג, באַדאַרף דער לעזער זיך ווענדן צו די עוואַנגעליעס; דאָ זייַנען מיר אויסן נאָר צו ווייזן די ווירקונג פון איר צונויפשטויס מיט אײַנגעשטעלטע אידעען.

די יידן האָבן געגלויבט, אַז דער איינציקער גאָט פון גאָר דער וועלט איז אַ גערעכטער גאָט, אָבער צוגלייך האָבן זיי אים געהאַלטן פאַר אַ האַנדלס־גאָט, וואָס האָט געמאַכט געשעפט מיט זייער פאָטער אברהם מכוח זיי, אַן אמת גוט געשעפט פאַר זיי, מחמת ער האָט זיי סוף־כל־סוף באַדאַרפט ברענגען צו דער איבערהערשאַפט איבער דער ערד*. מיט שרעק און צאָרן האָבן זיי דעריבער געהערט, ווי ישו קערט אַוועק גאָר זייער זיכערקייט. גאָט, האָט ער געלערנט, מאַכט קיין געשעפטן ניט; ניטאָ קיין אויסדערוויילט פאָלק און ניטאָ קיין פאַוואָריטן אין קיניגרייך פון הימל. גאָט איז דער ליבנדיקער פאָטער פון אַלין, וואָס לעבט, ער קאָן פונקט אַזוי ניט באַגינסטיקן איינעם מער פאַרן אַנדערן, ווי די אוניווערסאַלע זון. און אַלע מענטשן זייַנען ברידער פון איין געטלעכן פאָטער — זינדיקע גלייך ווי געליבטע זין. אין דעם משל פון גוטן שומרוני פאַרוואַרפט ישו מיט פאַראַכטונג יענע נאַטירלעכע טענדענץ, וואָס מיר אַלע האַלטן זיך פאַר איר, צו האַלטן גרויס דאָס אייגענע פאָלק און צו פאַרקלענערן דעם ווערט פון פרעמדן גלויבן און פון פרעמדע פעלקער. אין דעם משל פון די אַרבעטער שטופט ער אָפּ די עקשנותדיקע פרעטענזיע פון די יידן, אַז זיי האָבן אַ מין ערשטע היפּאָטעק אויסגעשטעלט

---

* דאָס איז ניט אַזוי פשוט, ווי דער מחבר שילדערט דאָס. גאָט זאָל ווערן קיניג איבער גאָר דער וועלט — דאָס איז געווען דער ענדציל פון יידישן גלויבן, אַ צייט פאַרן קריסטנטום. דער בונד מיט גאָט האָט אויך אַרויפגעלייגט חובות אויף יידן. זיי האָבן באַדאַרפט זיין מאָראַליש — דעמאָלט קומט זיי די הערשאַפט. די הערשאַפט איז, בכן, ניט פון יידן, נאָר פון מאָראַלישע יידן, ד"ה בעצם פון דער מאָראַל. (דער איבערזעצער).

איך גאָט. אַלעמען, וועמען גאָט נעמט אַריין אין זיין קיניגרייך, באַדינט ער גלייך; ניטאָ קיין אונטערשייד אין זיין באַהאַנדלונג, וואָרעם ס'איז ניטאָ קיין מאָס צו זיין גוטסקייט. פון אַלעמען, ווי דאָס זאָגט עדות דער משל פון פאַרגראָבענעם טאַלענט אָדער די מעשה מיט דער אַלמנהס פרוטה, האָט ער פאַרלאַנגט דאָס העכסטע. אין הימל־קיניגרייך זיינען ניטאָ קיין שום פריווילעגיעס, קיין שום הנחות, קיין שום פאַרענטפער.

נאָר ישו האָט פאַרוואָרפן ניט נאָר דעם צו־שטאַרקן פאָלקס־פאַטריאָטיזם פון די יידן. זיי זיינען געווען אויך אַ פאָלק פון ניט־געוויינטלעכער צוגעבונדנקייט און געטריישאַפט צו משפחה, און ער האָט געוואָלט האָבן, אַז אַלע שמאָלע און באַגרענעצנדיקע משפחה־געפילן זאָלן ווערן פאַרפלייצט אין דעם גרויסן שטראָם פון דער ליבע צו גאָט. דאָס גאַנצע הימל־קיניגרייך האָט באַדאַרפט זיין די פאַמיליע פון זיינע אָנהענגערס. עס ווערט דערציילט: „אין דער צייט, ווען ער האָט גערעדט צום פאָלק, דאָ זיינען געשטאַנען אינדרויסן זיין מוטער און זיינע ברידער, וואָס האָבן געוואָלט מיט אים ריידן. דעמאָלט האָט עמעצער געזאָגט צו אים: זע, דיין מוטער און דיינע ברידער שטייען אינדרויסן און ווילן מיט דיר ריידן. נאָר ער האָט געענטפערט און געזאָגט צו דעם, וואָס האָט גערעדט צו אים: ווער איז מיין מוטער? און ווער זיינען מיינע ברידער? און ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו זיינע תלמידים און האָט געזאָגט: אָט זיינען מיין מוטער און מיינע ברידער! וואָרעם ווער עס וועט טאָן דעם ווילן פון פאָטער, וואָס אין הימל, דער איז מיין ברודער און שוועסטער און מוטער“ (מתי 46,12 —50).

ישו האָט לא־די וואָס געקעמפט קעגן פאַטריאָטיזם און קעגן די קייטן פון די משפחה־געפילן אין נאָמען פון גאָטס אוניווערסאַלער פאָטערשאַפט און פון דער ברודערשאַפט פון אַלע מענטשן, נאָר עס איז קלאָר, אַז זיין תורה האָט פאַרוואָרפן אַלע מדרגות פון דער עקאָנאָמישער סיסטעם, אַלע פריוואַט־רייכטום און פערזענלעכע רווחים. אַלע מענטשן געהערן צום קיניגרייך; אַלץ, וואָס זיי האָבן, געהער צום קיניגרייך; דאָס רעכטפאַרטיקע לעבן פאַר אַלע מענטשן, דאָס איינציקע רעכטפאַרטיקע לעבן איז געווען צו דינען גאָטס ווילן

מיט אַלץ, וואָס אַ מענטש האָט, מיט אַלץ, וואָס ער איז. ווידער אַמאָל און נאָך אַמאָל פאַלט ער אָן אויף פּריוואַטע רייכטימער און אויף דעם ווילן, זיך אײַנצושליסן אין אַ פּריוואַטן לעבן.

„און אַז ער איז געגאַנגען ווייטער אין זיין וועג, איז איינער אַ מענטש געקומען צו לויפן און האָט געקניט פאַר אים און האָט געפרעגט: גוטער רבי, וואָס זאָל איך טאָן אויף צו אַרבן אייביק לעבן? און ישו האָט צו אים געזאָגט: פאַרוואָס רופסטו מיך גוטער? ניטאָ קיין גוטער, נאָר איינער, דאָס איז גאָט. דו ווייסט אַלע געבאָטן: זאָלסט ניט מנאף זיין, זאָלסט ניט טייטן, זאָלסט ניט גנבען, זאָלסט ניט זאָגן פאַלש עדות, זאָלסט ניט גזלען, זאָלסט אָפּגעבן כבוד דיין פאָטער און מוטער. און ער האָט געענטפערט און געזאָגט צו אים: רבי, איך האָב די אַלע זאַכן אָפּגעהיט פון מיין יוגנט-אויף. דעמאָלט האָט ישו אויף אים אַ קוק געטאָן מיט ליבשאַפט און האָט צו אים געזאָגט: איין זאַך פעלט דיר: גיי דיין וועג, פאַרקויף אַלץ, וואָס דו האָסט, און גיב דאָס אָפּ אָרעמעלייט, וועסטו האָבן אַן אוצר אין הימל, און קום נעם דעם קרייץ און גיי נאָך נאָך מיר. און ער האָט זיך מצער געווען אויף די רייד און איז אַוועק אַ טרויעריקער: וואָרעם ער האָט געהאַט אַ גרויס אייגנס.

„און ישו האָט זיך אַרומגעקוקט און האָט געזאָגט צו זיינע תלמידים: ווי שווער איז פאַר די, וואָס האָבן רייכטימער, אַריינצוגיין אין גאָטס קיניגרייך! און די תלמידים זיינען געווען נשתומם איבער זיינע ווערטער. נאָר ישו האָט ווידער געענטפערט און געזאָגט צו זיי: ווי שווער איז פאַר די, וואָס פאַרלאָזן זיך אויף רייכקייט, אַריינצוגיין אין גאָטס קיניגרייך! גרינגער איז פאַר אַ קעמל דורכצוגיין דורכן לעכל פון אַ נאָדל, איידער פאַר אַ רייכן אַריינצוגיין אין גאָטס קיניגרייך" (מאַרקוס 10, 17—25).

נאָך מער, אין זיין ברענענדיקער תשוקה צו דעם קיניגרייך, וואָס דאַרף אַלע מענטשן צונויפנעמען אין גאָט, האָט ישו ניט געקאָנט אַריבערטראָגן די אויסווייניקסטע גערעכטיקייט פון דער פאַרמאַלער רעליגיע. אַ צווייטער גרויסער טייל פון זיינע רייד איז געווענדט קעגן דער שטרענגער אָפּהיטונג פון די פּרטים פון אויסווייניקסטער

פרומקייט. „דערנאָך זיינען געקומען צו אים די פרושים און אייניקע פון די סופרים, וואָס זיינען געקומען פון ירושלים. און אַז זיי האָבן געזען, ווי עטלעכע פון זיינע תלמידים האָבן געגעסן ברויט מיט אומריינע, דאָס הייסט מיט אומגעוואַשענע הענט, האָבן זיי דאָס געהאַלטן פאַר פאַלש. וואָרעם די פרושים און אַלע יידן עסן ניט, איידער זיי האָבן געוואַשן די הענט, ווייל זיי האַלטן די טראַדיציע פון זייערע עלטערן. און אַז זיי קומען פון מאַרק, עסן זיי ניט, סיידן זיי האָבן זיך געוואַשן. און אַ סך אַנדערע זאַכן זיינען פאַראַן, וואָס זיי האָבן אָנגענומען צו האַלטן, אַ שטייגער ווי וואַשן שאָלן, שיסלען, קופערנע כלים און טישן. האָבן די פרושים און די סופרים אים געפרעגט: פאַרוואָס גייען ניט דיינע תלמידים לויט דער מסורה פון די אָבות, נאָר זיי עסן ברויט מיט אומגעוואַשענע הענט? האָט ער געענטפערט און געזאָגט צו זיי: גוט האָט ישעיה נבואה געזאָגט אויף אייך, צבועים, ווי עס שטייט געשריבן: „דאָס דאָזיקע פאָלק גיט מיר אָפ כבוד מיט זייערע ליפּן, נאָר זייער האַרץ איז ווייט פון מיר. אומזיסט טוען זיי דינען צו מיר, לערנענדיק די געבאָטן פון מענטשן". וואָרעם אַוועקגעלייגט אָן אַ זייט דאָס געבאָט פון גאָט, האַלט איר די טראַדיציע פון מענטשן, ווי דאָס וואַשן פון טעפּ און שאָלן; און אַ סך אַנדערע זאַכן טוט איר. און ער האָט צו זיי געזאָגט: איר וואַרפט אָפּ שטענדיק גאָטס געבאָט, כדי איר זאָלט האַלטן אייער אייגענע טראַדיציע" (מאַרקוס 7, 1–9).

אַזוי קאָנען מיר פאַרצייכענען אַ סך ערטער, וואו ער האָט אויסגעלאַכט די באַליבטע מצווה פון דעם פאָרמאַליסט, דאָס אָפּהיטן שבת.

ישו האָט פּראָקלאַמירט ניט בלויז אַ מאָראַלישע און סאָציאַלע רעוואָלוציע. עס זיינען פאַראַן אַ סך ראַיות, אַז זיין לערנונג האָט געהאַט אַ בפירושע פּאָליטישע ריכטונג. אמת, ער האָט געזאָגט, אַז זיין קיניגרייך איז ניט פון דער וועלט, אַז עס איז אין די מענטשנס הערצער און ניט אויף אַ טראָן. נאָר עס איז צוגלייך קלאָר, אַז וואו און אין וואָסער מאָס זיין קיניגרייך זאָל זיך נאָר איינשטעלן אין די מענטשנס הערצער, אין דער זעלביקער מאָס האָט די אויסוויניקסטע וועלט געמוזט ווערן רעוואָלוציאָנירט און באַנייט.

די טויבקייט און בלינדקייט פון זיינע הערערס האָט געקאָנט אַ סך דורכלאָזן און ניט איפּנעמען פון זיינע רייד, אָבער עס איז באַשיימפּערלעך, אַז אײן זאַך האָבן זיי ניט דורכגעלאָזט: דאָס איז זיין כוונה צו רעוואָלוציאָנירן די וועלט. אייניקע פון די פראַגעס, וואָס מען האָט געשטעלט ישון, און די ענטפערס, וואָס ער האָט געגעבן, גיבן אונז די מעגלעכקייט צו קומען אויף דער שפור פון זיינע לערנונגען, וואָס וועגן זיי איז אין די שריפטן ניט דערמאָנט. די דירעקטע ווענדונג פון זיין פּאָליטישער אַטאַקע איז דייטלעך צו זען פון דער מעשה מיט דער מטבע:

„און זיי האָבן געשיקט צו אים מענטשן פון די פרושים און פון די הערודיאַנער, צו כאַפּן אים אין זיינע ווערטער. און אַז זיי זיינען געקומען, האָבן זיי געזאָגט צו אים: רבי, מיר ווייסן, אַז דו ביסט וואָרהאַפטיק און דו האָסט פאַר קיינעם קיין מורא ניט: וואָרעם דו קוקסט ניט אויף דער פּערזאָן פון מענטשן, נייערט דו לערנסט גאָטס וועג אין אמת: איז דאָס לויטן געזעץ צו געבן אָפּצאָל דעם קיסר אָדער ניט? זאָלן מיר געבן אָדער ניט געבן? נאָר ער, ווייל ער האָט געוואוסט זייער פאַלשקייט, האָט געזאָגט צו זיי: פאַרוואָס פּרווט איר מיך? ברענגט מיר אַ פּרוטה, אַז איך זאָל זי זען. און זיי האָבן זי געבראַכט. און ער האָט געזאָגט צו זיי: וועמעס איז דאָס בילד און די אויפשריפט? און זיי האָבן געזאָגט צו אים: דעם קיסרס. און ישו האָט געענטפערט און געזאָגט צו זיי: גיט דעם קיסר, וואָס עס געהער דעם קיסר און גאָט — דאָס, וואָס עס געהער צו גאָט" (מאַרקוס 12, 13—17). לויט דער תורה, וואָס ער האָט געלערנט, איז פאַרן קיסר זייער ווינציק געבליבן.

דער גאַנצער גאַנג פון דער אָפּאָזיציע קעגן אים און די אומשטאַנדן פון זיין משפט און זיין באַשטראָפונג באַווייזן דייטלעך, אַז זיינע בני־דור האָבן געהאַלטן פון אים, אַז ער לייגט פאָר בפירוש, און ער האָט טאַקע בפירוש פאָרגעלייגט, איבערצובייטן און צונויפגיסן און צו פאַרברייטערן דאָס גאַנצע לעבן פון מענטשן. נאָר אַפילו זיינע נאָענטע תלמידים האָבן ניט תופס געווען דעם טיפן און ווייט־פאַרכאַפּנדיקן באַטייט פון אָט דעם פאָרלייג. זיי זיינען געווען אַלע איינגענומען פון דעם אַלטן יידישן חלום וועגן אַ קיניג, אַ

משיח, וואָס דאַרף גובר זיין די העלעניזירטע העראָדיאַנער און דעם רוימישן אייבערהאַר און אויפריכטן די אַיינגערעדטע גדולה פון דוד המלך. זיי האָבן פאַרזען דעם עצם מהות פון זיין תורה, הגם זי איז געווען פשוט און קלאָר: זיי האָבן באַשיימפערלעך געמיינט, אַז דאָס איז נאָר זיין סודותפולער שטייגער, ווי אַזוי ער וועט אויספירן דעם מופת, וואָס וועט אים אַוועקזעצן אויפן קיניגלעכן שטול אין ירושלים. זיי האָבן געמיינט, אַז ער איז איינער צווישן אַ ריי אַנדערע מלכים, מער ניט אַ מין מאַגישער קיניג, וואָס שטעלט אַרויס עפעס תביעות פון אַ מאָראַל, וואָס קאָן ניט פאַרווירקלעכט ווערן.

„און יעקב און יוחנן די זין פון זבדי זיינען געקומען צו אים און האָבן געזאָגט: רבי, מיר ווילן, דו זאָלסט טאָן פאַר אונז אַליין, וואָס מיר גלוסטן. און ער האָט צו זיי געזאָגט: וואָס ווילט איר, איך זאָל טאָן פאַר אייך? האָבן זיי געזאָגט צו אים: פאַרוואָרן אונז, אַז מיר זאָלן זיצן, איינער פון דער רעכטער האַנט, דער אַנדערער פון דער לינקער האַנט פון דיין גדולה. נאָר ישו האָט צו זיי געזאָגט: איר ווייסט ניט, וואָס איר בעט: קאָנט איר טרינקען פון דעם כוס, וואָס איך טרינק אויס? און ווערן געטויפט מיט דער טויף, וואָס איך בין מיט איר געטויפט? און זיי האָבן צו אים געזאָגט: מיר קאָנען. און ישו האָט געזאָגט צו זיי: איר וועט באמת טרינקען דעם כוס, וואָס איך טרינק, און מיט דער טויף, וואָס איך בין מיט איר געטויפט, וועט איר אויך ווערן געטויפט: נאָר צו זיצן ביי מיין רעכטער האַנט, דאָס געהער ניט מיר צו געבן, נאָר דאָס וועט זיין געגעבן יענע, וואָס פאַר זיי איז דאָס צוגעגרייט. און אַז די צען האָבן דאָס געהערט, זיינען זיי געוואָרן שטאַרק אומצופרידן מיט יעקבן און יוחנן. נאָר ישו האָט זיי גערופן צו זיך און האָט געזאָגט צו זיי: איר ווייסט, אַז די, וואָס זיינען געשטעלט צו רעגירן איבער די פעלקער, האָבן די אייבערהערשאַפט איבער זיי; און די גרויסע צווישן זיי האָבן די ממשלה איבער זיי. אָבער אַזוי דאַרף דאָס ניט זיין צווישן אייך: נייערט דער וואָס וויל זיין גרויס צווישן אייך, דער באַדאַרף זיין אייער באַדינער, און ווער עס וויל זיין דער עלטסטער פון אַלעמען, באַדאַרף זיין אַלעמענס קנעכט.

ווארעם אפילו דעם מענטשנס זון איז געקומען ניט צו ווערן באַ־דינט, נייערט צו דינען און אַוועקצוגעבן זיין לעבן ווי אַן אויסקויף פאַר אַ פולק" (מאַרקוס 10, 35—45).

דאָס איז געווען אַ קנאַפע טרייסט פאַר די יעניקע, וואָס האָבן געוואַרט אויף אַ געהעריקן שכר פאַר זייער דינסט און פאַר די שווע־רענישן פון גיין אין זיינע דרכים. זיי האָבן ניט געקאָנט גלויבן אין אָט דער תורה, אַז די עבודה גופא איז איר גרעסטער שכר. אַפילו נאָך זיין טויט אויפן קרייץ האָבן זיי נאָך געקאָנט, נאָכדעם ווי די ערשטע שרעק איז געווען פאַרביי, זיך אומקערן צום גלויבן, אַז נאָך אַלעמען איז ער ערגעץ־וואו פאַרבאָרגן אין דער וועלט פון צערעמאָניעס און פריווילעגיעס; אַז באַלד וועט ער דורך אַ וואונ־דערלעכן נס אויפשטיין תחית־המתים און זיך אומקערן און אויפ־שטעלן זיין טרוין מיט אַ סך גלאַנץ און חסד אין ירושלים. זיי האָבן געהאַלטן, אַז זיין לעבן איז געווען אַ קריגס־גאַנג און זיין טויט אַ קונץ.

ער איז געווען צו־גרויס פאַר זיינע תלמידים. און ווען מען באַ־טראַכט זיך, וואָס ער האָט געלערנט, איז דען אַ חידוש, וואָס אַלע, וואָס זיינען געווען רייך און גליקלעך, האָבן געשפירט אין זיין לער־נונג עפּעס אַן אימה פאַר אויסטערלישע זאַכן, אַז זייער גאַנצע וועלט וועט עפּעס ווי צערונען? אפשר האָבן די כוהנים און די רעגירערס און די רייכע לייט אים בעסער פאַרשטאַנען, איידער זיינע אָנהענגערס. ער האָט אַרויסגעצויגן אַלע פּריוואַטע פאַרוואָרענישן, וואָס זיי האָבן זיך געהאַט געמאַכט אַנטקעגן געזעלשאַפטלעכן לעבן, אויף דער שיין פון אַן אוניווערסאַלן רעליגיעזן לעבן. ער איז געווען ווי אַ שרעק־לעכער מאָראַלישער יעגער, וואָס טרייבט אַרויס די מענטשהייט פון אירע וואַרעמע נעסטער, וואו זי האָט געלעבט ביז דעמאָלט. אין דער ווייסער שיין פון זיין קעניגרייך האָט געטאָרט זיין ניט קיין אייגנטום, ניט קיין פּריווילעגיעס, ניט קיין שטאָלץ, ניט קיין יחוס: קיין שום אַנדער מאָטיוו ניט אָדער לוין, חוץ ליבע. איז דען געווען אַ חידוש, וואָס מענטשן זיינען געוואָרן געפּלעפט און פאַר־בלענדט און האָבן געמאַכט גוואַלדן קעגן אים? אפילו זיינע תלמידים האָבן געמאַכט גוואַלדן, ווען ער האָט ניט געוואָלט פאַרשטעלן פון

זיי די ליכטיקייט. איז דאָס אַ חידוש, אַז די כהנים האָבּן איינגעזען, אַז עס קאָן ניט זיין קיין שלום צווישן זיי און דעם דאָזיקן מענטשן, אַז אָדער ער מוז אומקומען, אָדער זיי? אין דען אַ חידוש, וואָס די רוימישע זעלנערס, בעת זיי זיינען געשטעלט געוואָרן פּנים אל פּנים מיט עפּעס אַזוינס, וואָס שטייגט אַריבּער זייערע השגות, און פאַרטומלט און פאַרחידושט דורך דער תורה, וואָס מאַכט צונישט גאָר זייער איינגעוויינטע וועלט, האָבּן ניט געהאַט קיין אַנדער ענט- פער ווי אַ ווילדן געלעכטער און האָבּן אים געקרוינט מיט דערנער און אָנגעטאָן אים אין אַ פּורפּל-מאַנטל און געמאַכט פון אים אַ חוזק-קיסר? וואָרעם נעמען אים ערנסט וואָלט געהייסן אַריינטרעטן אין אַ מאָדנע און אומרויִק לעבּן, פאַרלאָזן געוויינהייטן, איינצאַ- מען אינסטינקטן און אימפּולסן, אויספּרווון אַן אומגלויבּלעך גליק...

איז דען אַ חידוש, וואָס נאָך ביזן היינטיקן טאָג איז דער דאָזיקער גלילי צו-גרויס פאַר אונזערע קליינע הערצער?

---

## 3. די נייע אוניווערסאַלע רעליגיעס.

נאָר עס דאַרף ווערן באַמערקט, אַז אין דער זעלבּיקער צייט, וואָס אין ישוס לערנונגען זיינען געווען אַ סך זאַכן, וואָס אַ נגיד אָדער אַ כהן אָדער אַ סוחר אָדער אַ קיסרלעכער באַאַמטער אָדער סתם אַ לייטישער בירגער וואָלט זיי ניט געקאָנט אָננעמען אָן צו מאַכן די סאַמע רעוואָלוציאָנערע שינויים אין זיין לעבּנס-וועג, איז דאָך ניט געווען אין זיי קיין איין זאַך, וואָס אַן אָנהענגער פון דער פּאַקטישער תורה פון גאַוטאַמאַ בודאַ זאָל ניט קאָנען זייער גרינג אָננעמען, קיין זאַך ניט, וואָס זאָל פאַרבאָטן אַ בודיסט פון ערשטן דור, ער זאָל ניט זיין צוגלייך אויך אַ נאַזאַרענער, און קיין זאַך ניט, וואָס זאָל שטערן ישוס אַ פערזענלעכן תלמיד אָנצונע- מען אַלע לערנונגען פון בודאַ, וואָס זיינען פאַרשריבּן.

„און באַטראַכט ווידער דעם טאָן פון דעם אויסצוג פון די שריפטן פון אַ כינעזער, מאָו טי, וואָס האָט געלעבט אין פערטן יאָרהונדערט פאַר קר., בעת אין כינע האָבן געהערשט די תּורות פון קאָנפוציוס און לאַאָ טסע, איידער דער בודיזם איז אַריין אין דאָזיקן לאַנד, און זעט, ווי „נאַזאַרעניש“ ער איז.

„די קעגנזייטיקע אָנפאַלן פון איין מלוכה אויף דער אַנדערער; די קעגנזייטיקע אוזורפאַציעס פון פאַמיליע צו פאַמיליע; די קעגנזייטיקע רויבערייען פון מענטש צו מענטש; דאָס פעלן פון גענאָד אויף דער זייט פון הערשער און דאָס פעלן פון געטריישאַפט אויף דער זייט פון דינער; דאָס פעלן פון ליבשאַפט און קינדערשער איבערגעבנקייט צווישן פאָטער און זון, — דאָס און כּדומה נאָך אַזעלכע זאַכן זיינען שעדלעך פאַר דער אימפעריע. דאָס אַלץ נעמט זיך דערפון, וואָס עס איז נישטאָ קיין קעגנזייטיקע ליבע. אויב נאָר אָט די איינציקע מידה טובה זאָל קאָנען ווערן געמאַכט אוניווערסאַל, וואָלטן די פירשטן, וואָס ליבן איינע די אַנדערע, ניט געהאַט קיין שלאַכטפעלד; די עלטסטע פון פאַמיליעס וואָלטן ניט געפרווט מאַכן קיין אוזורפאַציעס; מענטשן וואָלטן ניט באַגאַנגען קיין רויבערייען; רעגירערס און דינערס וואָלטן געווען גענאָדפול און געטריי; עלטערן און קינדער וואָלט געווען גוט און פריינדלעך; ברידער וואָלטן געלעבט בשלום און מען וואָלט זיי גרינג איינגעשטילט. אויב מענטשן וואָלטן בכלל ליב געהאַט איינער דעם אַנדערן, וואָלט דער שטאַרקער ניט געמאַכט דעם שוואַכן פאַר זיין רויב; די פיל וואָלטן ניט געראַבירט די ווייניק, די רייכע וואָלטן ניט באַליידיקט די אָרעמע, די מיוחסים וואָלטן זיך ניט גרויס געהאַלטן אַנטקעגן פראָסטע מענטשן; און דער רמאַי וואָלט ניט אָפּגענאַרט דעם תּם.“*

דאָס איז ביז גאָר ענלעך צו דער תּורה פון ישו פון נצרת, איינגעשלאָסן אין אַ פּאָליטישער טערמינאָלאָגיע. די געדאַנקען פון מאָו טי זיינען נאָענט צוגעקומען צום קיניגרייך פון הימל.

* הירטה, די אַלטע געשיכטע פון כינע, קאַפיטל VIII.

די דאָזיקע גרונט־ענלעכקייט איז דער וויכטיקסטער היסטאָרישער אויסקוק פון די דאָזיקע גרויסע וועלט־רעליגיעס. גלייך אין אָנהייב זיינען זיי געווען גרונט־פאַרשיידן פון די אַלטע קולטן מיט זייערע כּוהנים, מזבּחות, הייליקטימער, יענע קולטן אויף צו דינען די באַשטימטע ענדלעכע געטער, וואָס האָבן געשפּילט אַזאַ גרויסע און וויכטיקע ראָלע אין די עלטערע סטאַדיעס פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג צווישן 15000 פאַר קר. און 600 פאַר קר. די דאָזיקע נייע וועלט־רעליגיעס, אָנגעהויבן פון 600 פאַר קר., זיינען געווען דער עיקר רעליגיעס פון האַרץ און פון אוניווערסאַלן הימל. זיי האָבן מבטל געווען אַלע די פאַרשיידענע באַגרענעצטע געטער, וואָס האָבן געדינט צו ווענדן די גורלות פון מענטשן, זינט די ערשטע געמיינדעס האָבן גענומען זיך פאַראייניקן דורך שרעק און האָפענונג. און איצט, אַז מיר קומען צום איסלאַם, וועלן מיר געפינען, אַז עס באַווייזט זיך צום דריטן מאָל די זעלביקע גרונט־דאָקטרינע, אַז אַלע מענטשן מוזן זיך איבערגעבן מיט זייער גאַנצן מהות דעם ווילן פון דעם איינציקן. געוואָרנט דורך די דערפאַרונגען פון קריסטנטום, האָט מאַכמעד מיט גאָר דער קראַפט ניט אויפגעהערט צו אונטערשטרייכן, אַז ער איז נאָר אַ מענטש, און אַזוי־אַרום האָט ער זיין לערנונג געראַטעוועט פון אַ סך פאַרדאַרבונג און פאַלשער אויסטייטשונג.

מיר זאָגן, אַז די דאָזיקע גרויסע רעליגיעס פון דער מענטשהייט, וואָס זיינען אויפגעקומען צווישן דער פּערסישער באַצווינגונג פון בּבל און דעם איינבראָך פון דער רוימישער אימפּעריע, האָבן קאָנקורירט צווישן זיך. צו דער דאָזיקער קאָנקורענץ האָבן גורם געווען נאָר זייערע חסרונות, זייערע אָנוואַקסן און צוקומענישן, די אונטערשיידן אין שפּראַך און אויסדרוק. און מיר דאַרפן אויסקוקן, ניט אַז איינע פון זיי זאָל גובר זיין די איבעריקע, אָדער אַז אַ וואָסער עס איז נייער נוסח זאָל פאַרנעמען זייער אָרט, נייערט אַז דער קלאָרער אמת, וואָס געפינט זיך אין איטלעכער פון זיי, זאָל געלייטערט ווערן פון די פּסולת, און דעמאָלט וועט זיך באַקומען בפירוש איין און דער זעלביקער אמת: אַז די מענטשנס הערצער, און דערמיט

זייער גאַנץ לעבן און אַלע מענטשלעכע אינסטיטוציעס זאָלן זיין אונטערטעניק צו איין ווילן, וואָס פירט זיי אַלעמען.

הגם עס זיינען געשריבן געוואָרן אַ סך נאַרישקייטן מכוח דעם ווידעראַנאַנד צווישן וויסנשאַפט און רעליגיע, איז אין דער אמתן ניטאָ גאָר אַזאַ ווידעראַנאַנד. דאָס, וואָס אַלע וועלט־רעליגיעס דרינגען דאָס אַרויס דורך רוח־הקודש און פאַרטיפן זיך אין דער אייגענער נשמה, באַווייזט די געשיכטע, ווי ווייט זי לייטערט זיך אויף, און די נאַטור־וויסנשאַפט, ווי ווייט איר פאַרנעם פאַרברייטערט זיך, ווי אַ פאַקט, וואָס לאָזט זיך דערווייזן און באַשטעטיקן מיטן שכל — דאָס איז, אַז די מענטשן בילדן איין אוניווערסאַלע ברודערשאַפט, אַז זיי קומען אַרויס פון איין שורש, אַז זייערע אינדיווידועלע לעבנס, זייערע נאַציעס און די ראַסעס מישן זיך אויס און פאַראייניקן זיך און וועלן סוף־כל־סוף פאַרשלינגען ווערן פון דעם איינעם בשותּפישן מענטשלעכן גורל אויף דער דאָזיקער קליינער פּלאַנעטע צווישן די שטערן. און איצט קאָן דער פּסיכאָלאָג שטיין זייט ביי זייט מיטן רעליגיעזן מוסר־זאָגער און פאַרזיכערן אונז, אַז עס איז ניטאָ קיין שלום אין האַרצן, עס קאָן ניט זיין קיין גלייכוואָג און זיכערקייט אין דער נשמה, סיידן דער מענטש האָט געפונען זיין לעבן דורך פאַרלירן דאָס און סיידן ער האָט געשולט און דיסציפּלינירט זיינע אינטערעסן און זיין ווילן אויף אַ צוועק, וואָס גייט ווייטער פון גלוסטן און קנאה און שרעק און אינסטינקטן און קליינלעכע אַפעקטן. די געשיכטע פון דער מענטשלעכער ראַסע און די רעליגיע לויפן פּאַראַלעל אַזוי נאָענט, אַז פאַרן מאָדערנעם צוקוקער ווייזט דאָס אויס, ווי עס וואָלט כמעט געווען איינס. ביידע דערציילן וועגן אַ באַשעפעניש, וואָס איז צוערשט געווען צעוואָרפן און בלינד און צעמומלט ביז גאָר, און האָט פּאַוואָליע זיך אַרויסגעטאַפּט זיין וועג צו דער קלאָרקייט און אויסלייזונג פון אַ געאָרדנטן און צוזאַמענהענגענדיקן צוועק. דאָס איז, בתכלית הקיצור, דער קאָנטור פון דער געשיכטע. צי עמעצער האָט אַ רעליגיעזן צוועק אָדער ער לייקנט אינגאַנצן דעם רעליגיעזן צוועק — די ליניעס פון דעם קאָנטור בלייבן אַלץ די זעלביקע.

---

## 4. די קרייציקונג פון ישו פון נצרת.

אין יאָר 30 נאָך קר., בעת טיבעריוס, דער צווייטער קיסר, איז געווען קיסר אין רוים און פּאָנטיוס פּילאַטוס איז געווען פּראָקוראַטאָר פון יהודה, אַ קורצע צייט פאַר פּסח, איז ישו פון נצרת געקומען קיין ירושלים. מסתמא איז ער געקומען אַהין דעמאָלט צום ערשטן מאָל. ביז דעמאָלט האָט ער געדרשנט דער עיקר אין גליל, און צום גרעסטן טייל אַרום דער שטאָט כפר נחום. אין כפר נחום האָט ער געדרשנט אין שול.

זיין אַריינגאַנג אין ירושלים איז געווען אַ פרידלעכער טריומף. ער האָט אין גליל געהאַט צונויפגעקליבן אַ סך אָנהענגער — אָפטמאָל האָט ער באַדאַרפט דרשענען פון אַ שיפל אויפן ים־כנרת, מחמת דער המון האָט זיך צופיל געשפּאַרט אויפן ברעג פון דער אָזערע. זיין שם איז געגאַנגען פאַר אים ביז צו דער הויפּטשטאָט. גרויסע מאַסן זיינען אַרויסגעקומען אים מקבל פּנים זיין. עס איז קלאָר, אַז זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען דעם מיין פון זיין לערנונג, און אַז זיי האָבן געגלויבט, אַז בדרך־נס וועט ער איבערקערן די איינגעשטעלטע אָרדענונג. ער איז אַריינגעריטן אין שטאָט אויף אַן אייזל, וואָס זיינע תלמידים האָבן געהאַט פאַר אים אַנטליען. דער המון האָט אים באַלייט מיט רופן „הושענאָ", וואָס מען פלעגט שרייען בעת אַ פריילעכן יום־טוב.

ער איז געקומען צום בית־המקדש. אויף דעם אויסווייניקסטן פּלאַץ זיינען געווען אָנגעשטעלט טישלעך פון חלפנים צו בייטן געלט און פאַרקויף־שטעלן פון טויבן צוליב קרבנות פאַר פרומע באַזוכער פון בית־המקדש. די דאָזיקע הענדלערס מיט רעליגיע האָט ער מיט זיינע אָנהענגער אַרויסגעטריבן פון בית־המקדש און איבערגעקערט זייערע טישלעך. דאָס איז געווען כמעט זיין איינציקער אַקט פון פּאָזיטיוון אַרויסווייז פון זיין שיטה.

אַ וואָך צייט האָט ער נאָכדעם געלערנט אין ירושלים, אַרומגערינגלט מיט אַ המון אָנהענגערס, און מחמת דעם האָבן די מאַכטאָרגאַנען אים ניט געקאָנט אַרעסטירן. דערנאָך אָבער האָבן די אָפיציעלע פאַרשטייער זיך צונויפגערעדט, אַז מען מוז פטור ווערן פון

אָט=דעם אויסטערלישן אַריינגעטראָגער. איינער פון זיינע תלמידים, יהודה,
איבערגעשראָקן און אַנטטוישט, מחמת ער האָט אַיינגעזען, אַז דורך
דעם אַריינגיין אין ירושלים איז גאָרנישט ניט אויפגעטאָן געוואָרן,
איז געקומען צו די יידישע כּוהנים, כּדי צו געבן זיי אַן עצה, ווי
אַזוי זיי קאָנען אַרעסטירן ישון. פאַר זיין דינסט האָבן זיי אים באַ=
לוינט מיט דרייסיק שקלים זילבער. די כּוהנים, און די יידן בּכלל,
האָבן געהאַט אַ סך טעמים מורא צו האָבן פאַר אָט=דעם אויפ=
שטאַנד, וואָס האָט פול געמאַכט די גאַסן פון ירושלים מיט אויפ=
גערעגטע מאַסן; למשל, די רוימער האָבן געקאָנט מיינען, אַז דאָס
איז אַן אויפשטאַנד קעגן זיי, אָדער בּכלל אויסנוצן דאָס ווי אַן אויס=
רייד אָנצוטאָן יידן צרות. מחמת דעם איז דער כּוהן=גדול קייפאַ,
וועלנדיק אַרויסווייזן זיין געטריישאַפט דעם רוימישן אייבערהאַר, גע=
ווען דער אָנפירער אין דעם פּראָצעס קעגן דעם אומבאַוואָפנטן משיח,
און די כּוהנים און דער אָרטאָדאָקסער המון פון ירושלים זיינען גע=
ווען די הויפּט=באַשולדיקער פון ישון.

ווי אַזוי ער איז געוואָרן אַרעסטירט אין דעם גאָרטן פון
גת=שמנים, ווי אַזוי פּאָנטיוס פּילאַטוס, דער רוימישער פּראָקוראַטאָר,
האָט אים געמשפּט און פאַרמשפּט, ווי אַזוי די רוימישע זעלנער האָבן
אים געקאַטעוועט און זיך איזדזעקעוועט איבער אים, און ווי אַזוי
ער איז געקרייציקט געוואָרן אויפן בּערגל גולגולתּא, — ווערן דעם
ווערט דערציילט מיט דער גרעסטער פּשטות און ווערדע אין די
עוואַנגעליעס.

די רעוואָלוציע איז מיטאַמאָל איינגעפאַלן. ישוס תלמידים האָבן
ווי איין מענטש אים פאַרלאָזן, און אַז מען האָט אָנגעוויזן אויף פּעט=
רוסן, אַז ער געהער צו זיי, האָט ער געזאָגט: „איך קען ניט
דעם מענטשן“. דאָס איז ניט געווען דער סוף, וואָס זיי האָבן גע=
וואַרט, בּשעת זיי זיינען געגאַנגען קיין ירושלים. מער ניט עטלעכע
פרויען און נאָענטע גוטע פריינד זיינען געבליבן היטן זיינע לעצטע
שעהן אין וויטאָג און דאָרשט אויפן קרייץ. צום סוף פון אַ לאַנגן
טאָג פון ליידן האָט דער דאָזיקער פאַרלאָזענער פירער געמאַכט נאָך
איין לעצטע אָנשטרענגונג און אויסגערופן אויף אַ הויכן קול: „מיין
גאָט! מיין גאָט! פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרלאָזן?“ און — איבער=

געלאָזט די דאָזיקע ווערטער אָפּהילכן דורך די דורות, ווי אַז אייביקע רעטעניש — איז ער געשטאָרבן.

עס האָט גאָר אַנדערש ניט געקאָנט געמאָלט זיין, ווי אַז תמימותדיקע גלויבערס זאָלן פּרווון צו פאַרשטאַרקן די שרעק פון דער דאָזיקער טראַגעדיע דורך נאַרישע מעשיות וועגן איבערקערענישן אין דער נאַטור, ענלעכע צו די, וואָס מען האָט אויסגעטראַכט, בכדי צו פאַרהערלעכן די באַקערונג פון גאַוטאַמאַ. מען דערציילט, אַז אויף דער ערד איז געפאַלן אַ פינסטערניש, און אַז דער פאָרהאַנג פון בית=המקדש איז צעריסן געוואָרן אין צווייען; נאָר אויב די אַלע זאַכן האָבן טאַקע געטראָפן, האָבן זיי אָבער קיין שום רושם ניט געמאַכט אויף דער שטימונג פון פאָלק אין ירושלים. עס איז ביי היינטיקן טאָג שווער צו גלויבן, אַז די אָרדענונג פון דער נאַטור זאָל אויף אַזאַ אופן זיין געשטערט. עס איז אַ סך שרעקלעכער זיך פאָרצושטעלן אַ וועלט באַשיימפערלעך גלייכגילטיק צו יענע דריי קרייצן אין דער רויטער בין=השמשות=שיין, און צו דער קליינער גרופּע נידערגעשלאָגענע און פאַריאושטע היטערס. פינסטערניש נעמט אַרום דאָס בערגל; די שטאָט אין דער ווייטנס גרייט זיך צו פּסח, ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען; קוים עמעצער, חוץ דאָס הייפעלע אַבלים אויפן וועג צו זייער היים, האָט אַ קלער געטאָן, צי ישו פון נצרת גוססט נאָך אָדער ער איז שוין טויט...

די נשמות פון די תלמידים זיינען אַ שטיקל צייט געווען פאַרזונקען אין פינסטערניש, און זיי האָבן גאָרנישט געקלערט. נאָר מיטאַמאָל האָט מען זיך גענומען שושקען, און עס האָבן גענומען אַרומגיין פאַרשיידענע מעשיות: אַז ישוס גוף געפינט זיך ניט אין דעם קבר, וואו מען האָט אים געהאַט מקבר געווען, אַז מען האָט אים געזען אַ לעבעדיקן, צוערשט איינער, דערנאָך אַן אַנדערער. באַלד האָבן זיי זיך געטרייסט מיטן גלויבן, אַז ער איז אויפגעשטאַנען אַ לעבעדיקער, אַז ער האָט זיך באַוויזן אַ סך מענטשן, אַז מען האָט געזען, ווי ער איז אַרויף אויפן הימל. עס האָבן זיך געפונען עדות, וואָס האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן אים געזען אַרומגיין אַ לעבעדיקן. ער איז אַרויף אין הימל — צו גאָט. באַלד האָבן זיי זיך איינגערעדט, אַז ער וועט אינגיכן קומען צוריק, אין מאַכט און



דער ים כנרת אין גליל.

גדולה, צו משפטן אַלע מענטשן. גאָר אינגיכן, האָבן זיי געזאָגט, וועט ער קומען צוריק צו זיי. אין אָט-די אויפלעבן פון זייער אַלטן חלום פון אַ זיכערער און צייטווייליקער גדולה האָבן זיי פאַרגעסן די גרעסטע מאָס, די ריזן-מאָס, וואָס ער האָט זיי געגעבן פון דעם הימלס-קיניגרייך.

---

### 5. הוספות צו ישום תורה.

די געשיכטע פון די ערשטע התחלות פון קריסטנטום איז די געשיכטע פון דעם קאַמף צווישן די אמתע לערנונגען און דעם גייסט פון ישו פון נצרת און צווישן די באַגרענעצונגען און פאַרברייטערונגען און פאַלשע אויסטייטשונגען פון די אַ סך נידעריקערע מענטשן, וואָס האָבן אים ליב געהאַט און זיינען אים נאָכגעגאַנגען פון גליל, און וואָס זיי זיינען איצט געווען די טרעגערס און היטערס פון זיין שליחות צו דער מענטשהייט. די עוואַנגעליעס און די אַפּאָסטאָל-געשיכטע זיינען געלאַטעטע און ניט אין אַלע טיילן גלייכווערטיקע געשיכטלעכע מקורים, אָבער עס קאָן כמעט קיין פראַגע ניט זיין, אַז אין גרויסן און גאַנצן גיבן זיי אָפּ אַן ערלעכן באַריכט פון יענע ערשטע טעג.

די ערשטער נאַזאַרענער, ווי מען פלעגט רופן די אָנהענגער פון ישו, שטעלן פאָר פון אָנהייב אָן אַ בילד פון אַ גרויסער צע-טומלעניש צווישן צוויי עקן, פון איין זייט ישום לערנונג, פון דער צווייטער זייט די באַמערקונגען און אויסטייטשן פון זיינע תלמידים. אַ געוויסע צייט האָבן זיי ווייטער פאַרשפּרייט זיינע לערנונגען וועגן דעם, אַז מען דאַרף אונטערדריקן דעם אייגענעם איך; זיי האָבן געהאַלטן זייער אייגנס בחברותא, זיי האָבן ניט געהאַט קיין אַנדער פאַרמעגן חוץ ליבע. נאָר פונדעסטוועגן האָבן זיי געבויט זייער גלויבן אויף די מעשיות, וואָס מען האָט דערציילט וועגן זיין אויפשטיין תחית-המתים און וועגן אַרויפפליען אין הימל און וועגן זיין צוגע-זאָגטן צוריקקומען. ווינציק צווישן זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס אָפּזאָגן זיך פון זיך אַליין איז פאַר זיך אַ שכר, און אַז דאָס איז טאַקע דאָס קיניגרייך פון הימל; זיי האָבן דאָס באַטראַכט פאַר

אַ קרבן, וואָס גיט זיי דאָס רעכט צו ווערן באַלוינט מיט מאַכט און הערשאַפט, ווען ער וועט קומען דאָס צווייטע מאָל. זיי האָבן איצט אַלע אידענטיפיצירט ישוע מיט צוגעזאָגטן קריסטוסן, דעם משיח, וואָס דאָס יידישע פאָלק וואַרט אויף אים אַזוי לאַנג. זיי האָבן אַרויסגעפונען ביי די נביאים נבואות וועגן דער קרייציקונג — באַזונדערס שטעלט זיך אויף די דאָזיקע נבואות די עוואַנגעליע פון מתי. אויפגעלעבט דורך דער דאָזיקער האָפענונג, געשטאַרקט דורך דעם הייליקן און ריינעם לעבן פון אַ סך פון די גלויבערס, האָט די נאַזאַרענישע תורה גענומען זיך זייער גיך אויסשפרייטן אין יהודה און סיריע.

און דאָ איז אויפגעשטאַנען אַ צווייטער גרויסער לערער, וואָס אַ סך מאָדערנע אַווטאָריטעטן האַלטן אים פאַרן אמתן גרינדער פון קריסטנטום — שאול פון טאַרסוס, אָדער פאַולוס. שאול איז געווען באַשיימפערלעך זיין יידישער נאָמען און פאַולוס זיין רוימישער נאָמען. ער איז געווען אַ רוימישער בירגער און אַ מענטש מיט אַ ברייטערער בילדונג און מיט אַ שמעלערן אינטעלעקטועלן פאַרנעם, ווי ישו איז, קענטיק, געווען. פון געבאָרן איז ער מסתמא געווען אַ ייד, הגם טייל יידישע שרייבערס לייקענען דאָס; ער האָט געוויס געלערנט ביי יידישע לערערס. נאָר ער איז געווען אַ בקי אין דער העלענישער טעאָלאָגיע פון אַלכּסנדריא, און זיין שפּראַך איז געווען גריכיש. טייל געלערנטע קלאַסיקער האַלטן, אַז זיין גריכישע שפּראַך איז ניט קיין גוטע; ער האָט ניט באַנוצט דאָס גריכיש פון אַטען, נאָר דאָס גריכיש פון אַלכּסנדריא, אָבער ער האָט דאָס גענוצט מיט מאַכט און פרייהייט. פּראָפעסאָר דושילבערט מערריי רופט דאָס „זייער גוט“. „ער איז פאַרטשעפּעט דורך דעם פילאָסאָפישן זשאַרגאָן פון די העלעניסטישע שולן און פון סטאָאיציזם. אָבער עס איז נתפעל צו ווערן פון דער מייסטערשאַפט פון זיין געהויבענער שפּראַך“. ער איז געווען אַ רעליגיעזער טעאָרעטיקער און לערער אַ צייט פריער, איידער ער האָט געהערט פון ישו פון נצרת, און ער באַווייזט זיך צוערשט אין דער דערציילונג פון נייעם טעסטאַמענט, ווי אַ ביטערער קריטיקער און קעגנער פון די נאַזאַרענער, וואָס האָט זיי שטאַרק גערודפט.

דער מחבר איז ניט געווען אין שטאַנד אַרויסצוגעפינען, וואָס **זיינען געווען פּאַולוסעס רעליגיעזע אידעען,** איידער ער איז געוואָרן ישוס אַן אָנהענגער. זיי האָבן געמוזט זיין אַ באַזיס, הגם נאָר אַן אויסגאַנג־באַזיס, פאַר זיינע נייע קוקן, און זייער אויסדרוק האָט געשטימט מיט דעם אַלגעמיינעם טאָן פון זיינע נייע דאָקטרינעס. כּמעט דאָס נעמלעכע ווייסן מיר ניט, וואָס איז די לערנונג פון יענעם גמליאל, וואָס ווערט אָנגערופן, ווי דער יידישער רבי, וואָס ביי אים האָט פּאַולוס געלערנט. אויך ווייסן מיר ניט וואָסערע לערנונגען פון די פרעמדע פעלקער האָבן צו אים דערגרייכט. עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז ער איז געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון מיטראַיזם. ער באַנוצט פראַזעס, וואָס קלינגען טשיקאַוו ענלעך צו מיטראַיסטישע פראַזעס. איינס איז קלאָר פאַר דעם, וואָס פאַרגלייכט זיינע פאַרשיידענע בריוו מיט די עוואַנגעליעס — אַז זיין גייסט איז געווען אָנגעזעטיקט מיט אַ געדאַנק, וואָס איז לחלוטין ניט צו געפינען אין די מימרות און לערנונגען פון ישו, וואָס זיינען דערגאַנגען צו אונז: דאָס איז דער געדאַנק פון אַ פערזאָן אַ קרבן, וואָס ווערט געבראַכט פאַר גאָט, כּדי מכפּר צו זיין אויף זינד. דאָס וואָס ישו האָט געלערנט — איז געווען אַ ניי געבוירן ווערן פון דער מענטשלעכער נשמה; דאָס וואָס פּאַולוס האָט געלערנט, איז געווען די אַלטע רעליגיע פון כּוהנים און מזבּח און בלוטפאַרגיסונג צוליב כּפּרה. ישו איז פאַר אים געווען דאָס קרבן־שאָף, יענער טראַדיציאָנעלער מענטשלעכער קרבן, אָן פלעק און מום, וואָס איז פאַראַן אין אַלע רעליגיעס פון די טונקל־ווייסע פעלקער. פּאַולוס האָט די נאַזאַרענער איינגענומען מיט איין קלאַפּ, ווייל ער האָט זיי געבראַכט אַ פולקום באַפרידיקנדיקע דערקלערונג פאַר דעם פאַקט פון דער קרייציקונג. דאָס האָט געוואָרפן אַ ליכטיקע שיין אויף דער געשעעניש, וואָס האָט פריער געקאָנט דערוועקן נאָר יאוש.

פּאַולוס האָט ישון קיינמאָל ניט געזען. אַלץ וואָס ער האָט געוואוסט פון ישון און פון זיין לערנונג האָט ער געמוזט איבערנעמען בקבלה פון ישוס תּלמידים. עס איז קלאָר, אַז ער האָט אַ סך אויפגענומען פון ישוס גייסט און פון זיין לערנונג וועגן אַ ניי־געבוירן־ווערן, אָבער ער האָט דאָס אויסגעבויט צו אַ טעאָלאָגי־

שער סיסטעם, צו אַ זייער פיינער און שאַרפזיניקער סיסטעם, וואָס איר ווירקונג איז נאָך ביי היינטיקן טאָג דער עיקר אַן אינטעלעקטועלע. און עס איז קלאָר, אַז דעם גלויבן פון די נאַזאַרענער, וואָס ער האָט געפונען ווי אַ דאָקטרינע פון מאָטיוו און וועג פון לעבן, האָט ער איבערגעמאַכט אין אַ דאָקטרינע פון גלויבן. ער האָט געפונען די נאַזאַרענער מיט אַ גייסט און האָפענונג, און האָט זיי געלאָזן קריסטן מיט די התחלות פון אַ דאָגמע.

נאָר מיר מוזן אָפּשיקן דעם לעזער צו דער אַפּאָסטאָל-געשיכטע און צו די פּאַולינישע בריוו, וואו ער וועט געפינען אַ באַריכט וועגן פּאַולוסעס מיסיע און זיין לערנונג. ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ גוואַלדיקער ענערגיע, און ער האָט געלערנט אין ירושלים, אַנטיוכיא, אַטען, קאָרינט, עפעסוס און רוים.

עס איז מעגלעך, אַז ער איז געקומען קיין שפּאַניע. ווי אַזוי ער איז געשטאָרבן, איז ניט באַוואוסט אויף געוויס, נאָר מען זאָגט, אַז ער איז דערהרגעט געוואָרן אין רוים בעת נירונס רעגירונג. אַ גרויסע שׂרפה האָט פאַרברענט אַ גרויסן טייל פון רוים, און די נייע סעקטע איז באַשולדיקט געוואָרן, אַז זי זאָל דאָס האָבן אונטערגעצונדן. די האַסטיקע אויסשפּרייטונג פון קריסטנטום איז צו פאַרדאַנקען פּאַולוסן מער ווי עמעצן אַנדערש. צוויי צענדליק יאָר נאָך דער קרייציקונג האָט די דאָזיקע נייע רעליגיע שוין צוגעצויגן דעם אויפמערק פון די רוימישע רעגירערס אין עטלעכע פּראָווינצן. אויב זי האָט פון פּאַולוסן געקראָגן אַ טעאָלאָגיע, איז אין איר נאָך געבליבן אַ סך פון דעם רעוואָלוציאָנערן און עלעמענטאַרן כּוח פון ישוס לערנונג. זי איז געוואָרן אַ ביסל מער טאָלעראַנט צו פּריוואַט-אייגנטום; זי האָט שוין מסכּים געווען אָנצונעמען רייכע אָנהענגער, ניט צו פאָדערן, זיי זאָלן דווקא אָפּגעבן זייער עשירות אין דער קאָמונע, און פּאַולוס האָט אַפילו מתּיר געמאַכט שקלאַפעריי („קנעכט, פאָלגט אייערע האַרן"), נאָר זי האָט זיך נאָך פעסט אַנטקעגנגעשטעלט קעגן געוויסע גרונט-אינסטיטוציעס פון דער רוימישער וועלט. זי האָט ניט געוואָלט ליידן די געטלעכקייט פון קיסר; די קריסטן האָבן ניט געוואָלט דינען צום קיסר אַפילו מיט אַ שטומען זשעסט ביים אַלטאַר, הגם זייער לעבן איז דערביי געשטאַנען אין קאָן. קריסטנטום

איז אַרויסגעטראָטן קעגן די גלאַדיאַטאָר-שפּילן. ניט באַוואָפנט, נאָר מיט געוואַלדיקן כּוח פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד, האָט דאָס קריסטנטום, בכן, ביים אָנהייב זיך אַרויסגעוויזן בפּירוש ווי אַ מרידה, וואָס האָט געווענדט אירע קלעפּ, אויב ניט קעגן די עקאָנאָמישע יסודות פון דער סיסטעם פון קיסרטום, איז דאָך קעגן אירע פּאָליטישע יסודות. מיר געפינען די ערשטע ידיעות וועגן קריסטנטום אין דער ניט-קריסטלעכער ליטעראַטור, ווען די פּאַרחידושטע רוימישע באַאַמטע האָבן אָנגעהויבן דורכצושרייבן זיך און פרעגן עצות איינער ביים אַנדערן מכּוח אָט-דעם מאָדנעם בונט פון די דאָזיקע בדרך-כלל רויִקע מענטשן, וואָס פאַרשפּרייט זיך און נעמט זיך אָן ווייטער.

אַ סך זאַכן פון דער געשיכטע פון די קריסטן אין די ערשטע צוויי יאָרהונדערטער פון דער קריסטלעכער ערע זיינען נאָך זייער טונקל. זיי האָבן זיך אויסגעשפּרייט ווייט און ברייט איבער דער וועלט, אָבער מיר ווייסן זייער ווייניק פון זייערע אידעעס אָדער צערעמאָניעס און גענג אין משך פון אָט-דער צייט. בכל-אופן האָבן זיי נאָך קיין איינגעשטעלטע דאָגמעס ניט געהאַט, און עס איז דערפאַר כּמעט קיין ספק ניט, אַז עס זיינען געווען גרויסע אונטערשיידן צווישן זייער גלויבן און זייער אויפפיר אין פאַרשיידענע ערטער אין משך פון אָט-דעם פּעריאָד. נאָר וואָסערע אונטערשיידן עס זיינען אייך געווען, אומעטום האָבן זיי, ווייזט אויס, אַרויסגעטראָגן אַ סך פון ישוס גייסט. און הגם אומעטום האָבן זיי דערוועקט ביטערע פיינטשאַפט און אַקטיווע קעגן-פּראָפּאַגאַנדע, באַווייזן דאָך די טענות גופא קעגן זיי, אַז בדרך-כלל האָבן זיי געפירט אַ רעכטפאַרטיק לעבן.

אין משך פון אָט דער דאָזיקער אומבאַשטימטער צייט האָבן זיך אין דעם קריסטלעכן קולט אַריינגעכאַפּט עלעמענטן פון פרעמדע קולטן, וואָס זיינען געווען כּמעט אין דער זעלביקער מאָס פּאָפּולער און פאַרשפּרייט, דאָס איז דער קולט פון מיטראַ און דער קולט פון סעראַפּיס-איזיס-האָרוס. פון דעם ערשטן האָבן די קריסטן, ווייזט אויס, איבערגענומען דעם זון-טאָג, ווי זייער הויפּט-טאָג פון קולט אָנשטאָט דעם יידישן שבת, דעם מנהג אָנצוצינדן אַ סך ליכט, בעת די רעליגיעזע צערעמאָניעס, די לעגענדע וועגן דעם בוקן זיך פון די

פאַסטעכער און מסתמא אויך יענע אידעען און פראַזעס מכּוח „טובלען זיך אין בלוט״ פון קריסטוס און אַז קריסטוס איז אַ בלוטיקער קרבן, ווי עס קלינגט נאָך ביי היינטיקן טאָג ביי געוויסע סעקטעס. וואָרעם מיר באַדאַרפן געדענקען, אַז אַ טויט דורך קרייציקונג איז קוים אַ מער בלוטיקער טויט ווי דורך הענגען; זאָגן, אַז ישו האָט פאַרגאָסן זיין בלוט פאַר דער מענטשהייט, איז באמת זייער ניט קיין



מיטרא, דער איראַנישער גאָט, וואָס זיין קולט האָט זיך פאַרשפּרייט איבער דער רוימישער וועלט, קוילעט דעם הייליקן אָקס.

פּינקטלעכער אויסדרוק. אַפילו אויב מיר דערמאָנען זיך, אַז ער איז געוואָרן געקאַטעוועט, אַז ער האָט געטראָגן אַ קרוין פון דערנער, און אַז זיין זייט איז געוואָרן דורכגעשטאָכן מיט אַ שפּיז, זיינען מיר נאָך אַליץ ווייט פון אַ „פאָנטאַן אָנגעפילט מיט בלוט״. אָבער דער מיטראַיזם איז אינגאַנצן געבויט אויף געוויסע, איצט פאַרגעסענע מיסטעריעס וועגן דעם, ווי מיטראַ קוילעט אַ געהייליקטן און גאָטווייליקן

אָקס. ווי עס ווייזט אויס, האָבן אַלע מיטראַישע היילִיקטימער געהאַט אַ פיגור פון מיטראַ, ווי ער קוילעט דעם דאָזיקן אָקס, וואָס פון וואַנד אין זיין זייט פליסט אַרויס אַ שטראָם בלוט, און פון דאָזיקן בלוט קומט אַרויס אַ ניי לעבן. דער געהייליקטער פון מיטראַ פלעגט פאַק־טיש זיך באָדן אין דעם בלוט פון דעם קרבן־אָקס, און איז דערביי געוואָרן „געבאָרן אויפסניי". ביי זיין איינהייליקונג פלעגט ער קו־מען פאַר אַן עסטראַדע, וואָס אויף איר פלעגט דער אָקס ווערן געקוילעט, און דאָס בלוט פלעגט אויף אים אַראָפּרינען. דאָ האָבן מיר, ווייזט אויס, צו טאָן מיט אַן איבערבלייב פון דעם פרימיטיוון בלוטיקן קרבן אין דער זיי־צייט, וואָס איז אפשר געווען די ערשטע רעליגיעזע אידעע פון די עלטסטע טעמפּל־ציוויליזאַציעס.

דער צושטייער פון אַלעקסאַנדרינישן קולט פאַר דעם קריסטלעכן געדאַנק און פּראַקטיק איז געווען נאָך באַטייטיקער. אין דער פּערזאָן פון האָרוס, וואָס איז געווען צוגלייך אי דער זון פון סעראַפּיס, אי אידענטיש מיט סעראַפּיס גופא, האָבן די קריסטן געפונען אַ בפירושע אַנאַלאָגיע אין זייערע קאַמפן מיט די אַלעקסאַנדרינישע מיסטעריעס. דער־פון איז שוין געווען אַ נאַטירלעכער טריט צו אידענטיפיצירן מאַריע מיט איזיס און צו דערהייבן זי צו אַ כמו־געטלעכער מדרגה — ניט געקוקט אויף ישוס שפּראַך, וואָס מיר האָבן שוין געבראַכט, אַז ער וויל זיין מוטער און זיינע ברידער ניט קענען. עס איז אויך געווען נאַטירלעך, וואָס דאָס קריסטנטום האָט אָנגענומען, כמעט אָן דאָס צו מערקן, די פּראַקטישע מעטאָדן פון די פאָלקס־רעליגיעס פון יענער צייט. זיינע כוהנים האָבן גענומען שערן זיך די האָר, ווי די עגיפּטישע כוהנים און טראָגן זייערע כאַראַקטעריסטישע מלבושים, ווייל עס האָט אויסגעוויזן, אַז דאָס איז דער ריכטיקער וועג אויס־צוצייכענען אַ כוהן. איין הוספה איז געקומען נאָך דער צווייטער. כמעט אומבאַמערקטערהייט איז די לכתחילהדיקע רעוואָלוציאָנערע לער־נונג באַגראָבן געוואָרן אונטער די דאָזיקע צוגעקומענע מנהגים. מיר האָבן שוין געפּרוווט זיך פאָרשטעלן, ווי גאַוטאַמאַ בודאַ קומט אַראָפּ קיין טיבעט און ווערט נשתומם, זעענדיק, ווי מען בוקט זיך צו זיין בילד אין להאַסאַ. מיר וועלן מער ניט משער זיין, ווי גרויס וואָלט געווען דער חידוש פון אַן ערנסטן נאַזאַרענער, וואָס האָט געקענט

זיין שטרענגן רבין און איז אים נאָכגעגאַנגען אויף זיין שווערן וועג אונטער דער ברענענדיקער גלילער זון, ווען ער וואָלט פּלוצים געוואָרן צוריקגעבראַכט אויף דער וועלט און וואָלט באַזוכט, לאָמיר זאָגן, אַ מעסע אין דער פּעטערס־קירך אין רוים און וואָלט געוואָר געוואָרן, אַז דאָס געבעקס, וואָס ליגט אויפן אַלטאַר, איז ניט קיין אַנדער זאַך ווי זיין געקרייציקטער רבי.

רעליגיע אין אַ וועלט־געמיינשאַפט איז ניט קיין סך זאַכן, נאָר איין זאַך, און עס האָט אַנדערש ניט געקאָנט געמאָלט זיין, ווי אַז אַלע לעבעדיקע אמונות פון יענער צייט און אַלע פילאָסאָפיעס און רעליגיעזע געדאַנקען, וואָס זיינען געקומען אין באַריר מיטן קריסטנטום, זאָלן דאָס אַריינגעמען אין זייער חשבון און זיך בייטן מיט די פראַזעס און געדאַנקען. די האָפענונג פון די ערשטע נאַזאַרענער האָט אידענטיפיצירט ישוע מיטן משיח; דער גלענצנדער גייסט פון פאַולוס האָט אַרומגערינגלט זיין לעבנס־געשיכטע מיט אַ מיסטישן באַטייט. ישו האָט גערופן מענער און פרויען צו אַ ריזיקער אונטערנעמונג, זיך אָפּצוזאָגן פון אייגענעם איך, צו ווערן ניי־געבאָרן אין קיניגרייך פון ליבע. די ליניע פון דעם קלענסטן ווידערשטאַנד פאַר דעם ניי־צוגעקומענעם קריסט, וואָס האָט געוואָלט מאַכן זיך די זאַך גרינגער, איז געווען זיך אַוועקצוהקירהן פון אָט־דער קלאָרער לערנונג, פון אָט דער האַרבער פאָדערונג, אין געפּלאָנטערטע טעאָריעס און צערעמאָניעס, וואָס האָבן זיין עצם לעבן געלאָזט אָן אַ זייט. וואָרעם אַ סך גרינגער איז זיך צו באַשפּריצן מיט בלוט, איידער זיך אויסלייטערן פון רשעות און קנאה־שנאה; צו עסן ברויט און צו טרינקען וויין און זיך איינריידן דערביי, אַז מען האָט אַריינגענומען אין זיך די גאָטהייט; צו געבן ליכט איז גרינגער פון צו געבן דאָס האַרץ; מען קאָן גאָלן דעם קאָפּ און באַהאַלטן דערביי די פאַלשקייט אין קאָפּ. די וועלט איז געווען פול אין יענער צייט מיט אַזעלכע געדרייטע פילאָסאָפישע און טעאָלאָגישע חקירות צום באַנוץ פאַר שוואַכע מענטשן. מיר קאָנען דאָ ניט פאַרברייטערן זיך איבער די באַזונדערע שטריכן פון נעאָפּלאַטאָניזם, גנאָסטיציזם, פילאָניזם און כדומה אַזעלכע שיטות, וואָס זיינען געווען זייער אַ פולע אין דער אַלעקסאַנדרינישער וועלט. נאָר אַליין איז דאָס געווען איין וועלט.

וואָס אין איר האָבּן געלעבּט די ערשטע קריסטן. די שריפטן פון אַזעלכע מענטשן, ווי אָריגינעס, פּלאָטין און אַווגוסטינוס בּאַווייזן, וואָס זיי האָבּן ניט אַנדערש געמוזט נעמען פון זייער צייט.

ישו האָט זיך אָנגערופן דער זון פון גאָט און אויך דער זון פון מענטש. נאָר ער האָט געלייגט ווייניק אַכט אויף דער פראַגע, ווער ער איז און וואָס ער איז, דער עיקר איז פאַר אים געווען די לערנונג וועגן קעניגרייך. דורך דעם, וואָס פּאַוולוס און זיינע נאָכגייער האָבּן דערקלערט, אַז ער איז געווען מער ווי אַ מענטש און געטלעך, האָבּן זיי, צי זיי זיינען גערעכט אָדער ניט, דערמיט געעפנט אַ בּרייטע טיר פאַר פאַרשיידענע חקירות. איז ישו געווען גאָט? אָדער גאָט האָט אים בּאַשאַפן? איז ער אידענטיש מיט גאָט אָדער אָפּגעזונדערט פון גאָט? דאָס איז ניט די אויפגאַבּע פון היסטאָריקער צו ענטפערן אויף די דאָזיקע פראַגעס, נאָר ער איז געצוואונגען זיי צו פאַרצייכענען, און אויך צו בּאַמערקן, ווי אומאויסמיידלעך זיי זיינען געווען, מחמת זיי האָבּן געהאַט אַן אומגעהייערע ווירקונג אויף דעם גאַנצן ווייטערדיקן לעבּן פון דער מערבדיקער מענטשהייט. אַרום פערטן יאָרהונדערט פון דער קריסטלעכער צייט געפינען מיר אַלע קריסטלעכע געמיינדעס אַזוי אויפגערעגט און צערייצט דורך געפלאָנטערטע און געדרייטע חקירות און רייסערייען וועגן דער טבע פון גאָט, אַז זיי האָבּן שוין ניט געקאָנט מער אָפּהיטן די פּשוטע לערנונגען פון צדקה און בּרידערלעכער הילף, וואָס ישו האָט געלערנט.

די הויפּט-מיינונגען, וואָס דער היסטאָריקער האָט צו פאַרצייכענען, זיינען די מיינונגען פון די אַריאַנער, די סאַבּעליאַנער און די טריניטאַריער. די אַריאַנער זיינען געגאַנגען נאָך אַריוסן, וואָס האָט געלערנט, אַז קריסטוס איז געווען נידעריקער פאַר גאָט; די סאַבּעליאַנער האָבּן געלערנט, אַז ער איז געווען אַ מאָדוס אָדער אַ בּחינה פון גאָט — גאָט איז געווען דער בּאַשעפער, דער אויסלייזער און העלפער, פּונקט ווי איין מענטש קאָן זיין אַ פאָטער, אַן אַפּוטרופּוס און אַן אורח; די טריניטאַריער, וואָס דער גרויסער פירער פון זיי איז

געווען אַטאַנאַסיוס, האָבן געלערנט, אַז דער פאָטער, דער זון און
דער הייליקער גייסט זיינען דריי פערזאָנען, אָבער איין גאָט. דער
לעזער דאַרף זיך ווענדן צו די אַטאַנאַסישע דאָגמעס, אויב ער וויל
באַקומען אַ גענויעם אויסדרוק פאַר דער דאָזיקער מיסטעריע, און
אויב ער וועט דעמאָלט ניט קאָנען זי תופס זיין און גלויבן אין
איר, מוז די אַחריות פאַלן אויף אַטאַנאַסיוסן. צו גיבאָנען מוז ער
זיך ווענדן, בכדי צו קריגן אַ חוזקדיקע שילדערונג פון די אַלע מחלוקתן.
דער מחבר פון דעם ווערק קאָן זיי ניט באַהאַנדלען ניט מיט אָפּשיי
און ניט מיט חוזק: ער מוז מודה זיין, אַז אים דאַכטן זיי אויס צו
זיין ווי אַ שעדלעכע צעטומלעניש פון מענטשלעכן גייסט, וואָס האָט
אינגאַנצן ניט קיין שייכות מיט יענעם לויטערן באַריכט וועגן ישו,
וואָס איז פאַרבליבן אין די עוואַנגעליעס. אָרטאָדאָקסיע איז געוואָרן
אַ פּרווו=סימן ניט נאָר פאַר קריסטלעכן דינסט, נייערט פאַר קריסט=
לעכן האַנדל און קריסטלעכער הילף. אַ קליין פינטל אין דער דאָגמע
האָט געקאָנט באַטייטן פאַר אַ מענטשן רייכקייט אָדער אָרעמקייט.
עס איז שווער צו לייענען די איבערגעבליבענע ליטעראַטור פון יע=
נער צייט אָן אַ שטאַרקן געפיל קעגן דעם דאָגמאַטיזם, דער רשעות,
דער קנאה=שנאה, דעם פּעדאַנטיזם פון די מענטשן, וואָס האָבן גע=
ריסן דאָס קריסטנטום אויף שטיקלעך צוליב די דאָזיקע טעאָלאָ=
גישע פּילפּולים. דער גרעסטער טייל פון די טריניטאַרישע דיספּו=
טאַנטן — וואָרעם געבליבן זיינען דער עיקר טריניטאַרישע דאָקו=
מענטן — באַשולדיקן זייערע קעגנער, מסתמא מיט רעכט, אַז זייערע
מאָטיוון זיינען נידעריקע און זייטיקע, נאָר זיי טוען דאָס אין אַזאַ
שטייגער, וואָס דעקט אויף זייער קלאָר זייער אייגענעם נידעריקן
גייסט. אַריוסן, למשל, באַשולדיקט מען, אַז ער האָט אָנגענומען
אַפּיקורסישע מיינונגען דערפאַר, וואָס מען האָט אים ניט באַ=
שטימט פאַרן ביסקופּ פון אַלכסנדריא. געשלעגערייען און אויסשלי=
סונגען און חרמות האָבן אָפּגעצייכנט די דאָזיקע מחלוקתן, און צום
סוף זיינען געקומען רדיפות פון דער מאַכט. די דאָזיקע פיינע חילוקים
מכוח דעם מהות פון דער גאָטהייט זיינען געוואָרן אויסגעקניפּלט
מיט פּאָליטישע און אינטערנאַציאָנאַלע סכסוכים. מענער, וואָס האָבן
זיך געריסן מכוח געשעפטלעכע ענינים, פרויען, וואָס האָבן גע=

וואָלט דערקוויקט זייערע מוחות; ביי אַזעלכע וועלט־זאַכן קען מען זיך ניט אַזוי לייכט באַרויקן אויף דער יידישער אויפֿקלערונג־טעטיקייט. דער גרעסטער טייל פֿון די באַרבאַרישע אַריינדרינגערס אין דער אימפּעריע זיינען געוועזן אַריאַנער; מסתמא ווייל זייערע פּשוטע נשמות האָבן ניט געקאָנט תּופֿס זיין די הנהגות פֿון די טרינטיטאַריער.

פֿאַרן סקעפּטיקער איז גרינג אָפּצושפּעטן פֿון די דאָזיקע וויכּוחים. אָבער אַפֿילו אויב מיר האַלטן, אַז די פּרוּוון צו זאָגן גענוי, וואָס פֿאַר אַ שייכות גאָט האָט צו זיך אַליין, זיינען חוצפּהדיקע און אינטעלעקטועל בריאה־משונהדיקע קלוגעניש — פֿונדעסטוועגן זיינען מיר געצוואונגען מודה צו זיין, אַז הינטער אָט־די פֿאַרדרייטע פּילפּולים מכּוח אוממעגלעכע דאָגמעס, האָט געשטעקט אַן עכטע תּשוקה צום אמת — הגם דער אמת איז אָפֿטמאָל געוואָרן שלעכט פֿאַרשטאַנען. ביידע צדדים האָבן אַרויסגעבראַכט עכטע מאַרטירער. אין דער ברען פֿון די דאָזיקע וויכּוחים, הגם ער האָט געשטאַמט אָפֿטמאָל פֿון רשעות און געמיינהייט, האָט דאָך געמאַכט די קריסטלעכע סעקטעס פֿאַר זייער ענערגישע פּראָפּאַגאַנדיסטן און פֿאַרשפּרייטער פֿון בילדונג. נאָך מער, הגם די געשיכטע פֿון קריסטנטום אין 4טן און 5טן יאָרהונדערט איז אין גרויסן און גאַנצן אַ באַריכט וועגן די דאָזיקע שלימזלדיקע וויכּוחים, נאָר דאָס דאַרף פֿאַר אונז ניט פֿאַרשטעלן דעם פֿאַקט, אַז דער גייסט פֿון ישו האָט געלעבט און האָט פֿאַראיידלט דאָס לעבן פֿון אַ סך קריסטן. דער טעקסט פֿון די עוואַנגעליעס, הגם ער איז מסתמא געלאַטעט געוואָרן אין משך פֿון דאָזיקן פּעריאָד, דאָך איז ער ניט געפּטרט געוואָרן, און ישו פֿון נצרת שיינט נאָך אַרויס פֿון דעם טעקסט אין זיין אייגענער גרויסקייט. די דאָזיקע שלימזלדיקע רייסערייען האָבן אויך ניט אָפּגעהאַלטן דאָס קריסטנטום צו בילדן אַן אַלגעמיינעם פֿראָנט קעגן גלאַדיאַטאָר־שפּילן און קעגן דעם דערנידעריקנדיקן קולט פֿון געצן און פֿון דעם גאָט־קיסר.

---

## 6. דער קאַמף און די רדיפות קעגן קריסטנטום.

ווי ווייט דאָס קריסטנטום האָט אַרונטערגעריסן די געטלעכקייט פון קיסר און די כאַראַקטעריסטישע אינסטיטוציעס פון דער אימפּעריע, באַדאַרף מען דאָס באַטראַכטן ווי אַ בונטאַרישע און צעשטערערישע באַוועגונג, און אַזוי האָבן דאָס טאַקע באַטראַכט דער גרעסטער טייל קיסרים ביז קאָנסטאַנטין דעם גרויסן. עס האָט באַגעגנט אַ היפּשע פיינטשאַפט, און צולעצט סיסטעמאַטישע פּרוּוון דאָס צו דערדריקן. דעציוס איז געווען דער ערשטער קיסר, וואָס האָט אָרגאַניזירט אָפיציעלע רדיפות, און די גרויסע צייט פון מאַרטירערס איז געווען אין דער רעגירונג פון דיאָקלעטיאַן (303 און די ווייטערע יאָרן). די רדיפות פון דיאָקלעטיאַן זיינען פאַקטיש געווען דער לעצטער קאַמף צווישן דער אַלטער אידעע פון גאָט-קיסר קעגן דער שוין שטאַרקער און מעכטיקער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געלייקנט זיין געטלעכקייט. דיאָקלעטיאַן האָט געהאַט רעאָרגאַניזירט די מאָנאַרכיע אין דער ריכטונג פון עקסטרעמען אַבסאָלוטיזם. ער האָט מבטל געווען די לעצטע סימנים פון רעפּובליקאַנישע אינסטיטוציעס. ער איז געווען דער ערשטער קיסר, וואָס האָט זיך אַרומגערינגלט פולקום מיט דעם שרעק-אָניאָגנדיקן עטיקעט פון אַן אָריענטאַלישן מאָנאַרך. דורך דער לאָגיק פון זיינע פּרעטענזיעס איז ער געווען געצוואונגען צו פּרוּוון אויסצוואָרצלען פולקום אַזאַ סיסטעם, וואָס האָט זיי לחלוטין פאַרלייקנט. דער פּרוּוו, וואָס מען האָט געשטעלט ביי די רדיפות די קריסטן, איז געווען, אַז זיי האָבן געמוזט ברענגען אַ קרבן דעם קיסר.

„הגם דיאָקלעטיאַנוס, וואָס האָט נאָך ניט געהאַט קיין חשק צו פאַרגיסן בלוט, האָט איינגעצאַמט די ווילדע רישעות פון גאַלעריוס, וואָס האָט פאָרגעלייגט, אַז איטלעכער וועלכער עס וועט זיך אָפּזאָגן פון צו ברענגען אַ קרבן זאָל תיכף ווערן פאַרברענט לעבעדיקערהייט, פונדעסטוועגן זיינען די שטראָפן, וואָס זיינען געווען איינגעשטעלט פאַר דער ווידערשפּעניקייט פון די קריסטן, געווען גענוג שטרענג און ווירקעוודיק. עס איז געוואָרן באַשטימט, אַז אַלע זייערע קירכן אין אַלע פּראָווינצן באַדאַרפן ווערן צעשטערט ביזן פונדאַ-

מענט; און עס איז געוואָרן דערקלערט טויט-שטראָף פאַר איטלעכן, ווער עס וועט זיך איינשטעלן אָפּצוהאַלטן אַ בשתּיקהדיקע פאַרזאַמלונג צוליב רעליגיעזן דינסט. די פילאָסאָפן, וואָס האָבן אויף זיך איצט גענומען די מיאוסע עובֿדא צו פירן דעם בלינדן פאַנאַטיזם פון די רודפים, האָבן מיט התמדה שטודירט די טבע און דעם מהות פון דער קריסטלעכער רעליגיע. און הוות ווי זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז די טעאָרעטישע יסודות פון דער אמונה געפינען זיך



דער קאָנסטאַנטין-בויגן אין רוים, ניט ווייט פון קאָלאָסעום. קאָנסטאַנטין האָט אים אויסגעבויט אין יאָר 312 נאָך זיין ניצחון איבער מאַקסענציוס.

אין די שריפטן פון די נביאים, פון די עוואַנגעליסטן און פון די אַפּאָסטאָלן, האָבן זיי דאָס מסתמא אונטערגעזאָגט דעם פּאַפּעל, אַז די בישאָפן און פּרעסביטערס זאָלן איבערענטפערן אַלע זייערע הייליקע ביכער אין די הענט פון די מאַגיסטראַטן, וואָס האָבן געהאַט די פאַראָרדענונג, אונטער די שווערסטע שטראָפן, צו פאַרברענען זיי עפנטלעך אויף אַ פייערלעכן שטייגער. לויט דעם זעלביקן עדיקט

איז קאָנפיסקירט געוואָרן מיט איין מאָל דאָס גאַנצע אייגנס פון דער קירך; די איינציקע טיילן, וואָס פון זיי האָט עס געקאָנט באַשטיין, זיינען פאַרקויפט געוואָרן אויף אַ ליציטאַציע, פאַראייניקט מיט די קיסרלעכע נחלאות, אַוועקגעשאָנקען די שטעט אָדער קאָרפּאָראַציעס אָדער דעם קיסרס הויף־לייט. נאָכדעם, ווי עס זיינען אָנגענומען געוואָרן אַזעלכע ווירקעוודיקע מיטלען אָפּצושאַפן דעם קולט און פונאַנדערצולאָזן די פאַרוואַלטונג פון די קריסטן, האָט מען נאָך געהאַלטן פאַר נייטיק אָנצווענדן גרויסע שטרענגקייטן קעגן אַזעלכע משונהדיקע מענטשן, וואָס ווילן נאָך אַלץ אָפּוואַרפן די רעליגיע פון דער נאַטור, פון חוים און פון זייערע עלטערן. מענטשן פריי־געבאָרענע זיינען געוואָרן דערקלערט פאַר אומפאַסיק צו קריגן כיבודים אָדער שטעלעס; ביי שקלאַפן איז אויף אַלעמאָל אָפּגענומען געוואָרן די האָפענונג צו ווערן פריי; און די גאַנצע געמיינדע פון די קריסטן איז געשטעלט געוואָרן אויסער דעם געזעץ. די ריכטערס האָבן געהאַט דאָס רעכט אויסצוהערן און צו משפטן אין איטלעכער אָנקלאַג קעגן אַ קריסט, נאָר קריסטן האָבן ניט געטאָרט באַקלאָגן זיך אויף אַן עוולה, וואָס מען איז באַגאַנגען קעגן זיי. אַזוי־אַרום האָבן די אומגליקלעכע קריסטן געמוזט אויסשטיין די שטרענגקייט פון געזעץ, אָבער זיי זיינען געווען אויסגעשלאָסן פון די טובות פון עפנטלעכער יוסטיץ... קוים איז דער דאָזיקער עדיקט געוואָרן אַרויסגעשטעלט עפנטלעך אויף דעם אָנזעעוודיקסטן אָרט אין ניקאָמעדיע, ווי איינער אַ קריסט האָט אים געכאַפּט און צעריסן, און צוגלייך אויסגעדריקט מיט די שאַרפסטע ווערטער זיין פאַראַכטונג און עקל פאַר אַזעלכע רישעותדיקע און טיראַנישע רעגירערס. דער דאָזיקער אָנפאַל האָט לויט דער מילדסטער מאָס זיך גערעכנט פאַר בגידה, און עס האָט געקומט דערפאַר טויט־שטראָף, און אויב דאָס איז אמת, אַז יענער קריסט איז געווען אַ מענטש פון יחוס און בילדונג, איז זיין שולד געווען נאָך שווערער. ער איז געוואָרן פאַרברענט אָדער, גענויער, געבראָטן אויף אַ שטילן פייער. און די שאַרפריכטערס, אין זייער אימפעט נקמה צו נעמען פאַר די פערזענלעכע באַליידיקונגען, וואָס ער האָט אָנגעטאָן די קיסרים, האָבן אויסגעשעפּט כל המינים עינויים, און זיינען דאָך ניט געווען אין שטאַנד צו ברעכן

זיין געדולד אָדער איבערצובייטן זיין שטענדיקן ביטול=שמייכל, וואָס איז געבליבן נאָך אויף זיין פּנים בעת דער גסיסה=פּיין".*

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע גזירה מיטן טויט פון אָט=דעם אומבאַוואוסטן מאַרטירער. נאָר, ווי גיבאָן שטרייכט אונטער, זיינען אונזערע ידיעות וועגן דער שטרענגקייט פון דער גזירה שטאַרק ספקדיקע. ער שאַצט אָפּ, אַז סך=הכּל זיינען אומגעקומען ביי אַ צוויי טויזנט קריסטן, און שטעלט אַנטקעגן די דאָזיקע צאָל אַנטקעגן די גרויסע מאַסן פאַרפייניקטע קריסטן בעת דער רעפאָרמאַציע=צייט, וואָס זיינען אומגעקומען דורך די הענט אויך פון קריסטן. גיבאָן איז געווען שטאַרק איינגענומען קעגן קריסטנטום, און דאָ איז ער קענטיק נוטה צו פאַרקלענערן די גבורה און די ליידן פון די קריסטן. אין אַ סך פּראָווינצן האָט מען זיך געוויס שטאַרק אַנטקעגנגעשטעלט קעגן דער אויספירונג פון דעם דאָזיקן געזעץ. נאָר מען האָט זיך געיאָגט נאָך עקזעמפּלאַרן פון די הייליקע שריפטן, און אין אַ סך ערטער האָט מען סיסטעמאַטיש צעשטערט קריסטלעכע קירכן. עס זיינען געווען פּייניקונגען און באַשטראָפונגען, און די תּפיסות זיינען פול געוואָרן מיט קריסטלעכע בישופן און פּרעסביטערס. מיר באַדאַרפן געדענקען, אַז די קריסטלעכע געמיינדע איז שוין געווען אַ זייער באַטייטיקער טייל פון דער באַפעלקערונג און אַז אַ חשובער טייל פון די באַאַמטע, וואָס האָבן באַדאַרפט אויספירן דעם עדיקט, האָבן אַליין געהערט צו דער פאַרבאָטענער אמונה. גאַלעריוס, וואָס האָט געהאַט דעם איבער=קאָנטראָל איבער די מזרחדיקע פּראָווינצן, איז געווען איינער פון די שטאַרקסטע רודפים, אָבער צולעצט, אויף זיין טויטן=בעט (311), האָט ער איינגעזען, אַז אַלע זיינע אָנפאַלן אויף דער גרויסער געמיינדע האָבן קיין ממשות ניט, און האָט איר פאַרזיכערט טאָלעראַנץ אין אַן עדיקט, וואָס גיבאָן גיט איבער זיין תּמצית:

„צווישן די וויכטיקע זאָרג, וואָס האָבן פאַרנומען אונזער גייסט צוליב דעם נוצן און אויפהיטונג פון דער אימפּעריע, איז געווען אונ=

---

* גיבאן, די ירידה און דער אונטערגאנג פון דער רוימישער אימפּעריע, קאפּ. XVI.

זער מיין צו פאַררוכטן און אויפצוריכטן אַלצדינג לויט די פּאַרצייטיקע געזעצן און דער געזעלשאַפטלעכער דיסציפּלין פון די רוימער. מיר




סטאַטוע פון קאָנסטאַנטין דעם גרויסן.

האָבן באַזונדערס געוואָלט צוריקפירן אויפן וועג פון שכל און נאַטור די פאַרפירטע קריסטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער רעליגיע און די צערעמאָניעס, וואָס זייערע עלטערן האָבן איינגעשטעלט,

און פֿאַרוואַרפֿנדיק מיט ביטול די מנהגים פֿון אַלטערטום, האָבן זיי
אויסגעקלערט משונהדיקע געזעצן און מיינונגען לויט דעם פּירזאָג
פֿון זייער פֿאַנטאַזיע און האָבן צונויפֿגעקליבן אַ פֿאַרשיידנאַרטיקע
געזעלשאַפֿט פֿון די פֿאַרשיידענע פּראָווינצן פֿון אונזער אימפּעריע.
די עדיקטן, וואָס מיר האָבן פֿאַרעפֿנטלעכט, כּדי צו צווינגען צו די=
נען די געטער, האָבן אויסגעשטעלט אַ סך פֿון די קריסטן אויף סכּנה
און אומגליק, אַ סך האָבן געליטן דעם טויט, און נאָך אַ סך מער
האַלטן זיך פֿאַרעקשנט פֿאַר זייער זינדיקער משוגעת, הגם זיי זיי=
נען געבליבן אויסגעשלאָסן פֿון אַ וואָסער עס איז עפֿנטלעכער אָפּ=
ריכטונג פֿון רעליגיע. מיר זיינען נוטה אויסצושפּרייטן אויף די דאָ=
זיקע אומגליקלעכע מענטשן די רעזולטאַטן פֿון אונזער געווינטלעכער
גענאָד. מיר דערלויבן זיי דעריבער פֿריי צו האַלטן זיך פֿאַר זייערע
פּריוואַטע מיינונגען און צונויפֿקלייבן זייערע צונויפֿקומען אָן מורא אָדער
באַשווערונג, פֿאָראויסגעזען שטענדיק, אַז זיי היטן אָפּ דעם געהע=
ריקן רעספּעקט פֿאַר די איינגעשטעלטע געזעצן און רעגירונג. דורך
אַן אַנדער רעסקריפּט וועלן מיר אָנזאָגן, וואָס מיר האָבן אין זינען,
צו די ריכטער און מאַגיסטראַטן. און מיר האָפֿן, אַז אונזער חסד וועט
באַוועגן די קריסטן צו ווענדן זייערע תּפֿילות צו דער גאָטהייט, וואָס
זיי דינען צו איר, פֿאַר אונזער געזונט און וואויל-זיין, פֿאַר זייער איי=
גענעם און פֿאַר דעם וואויל-זיין פֿון דער רעפּובליק".

עטלעכע יאָר שפּעטער האָט געקיניגט קאָנסטאַנטין דער גרוי=
סער, צוערשט ווי איינער צווישן שותּפֿים (312) און דערנאָך ווי דער
איינציקער הערשער (324), און די שווערע צייטן פֿאַרן קריסטנטום זיי=
נען געווען פֿאַרביי. אויב קריסטנטום איז געווען אַ בונטערישער און
צעשטערישער כּוח אַנטקעגן אַ היידנישער רוים, איז עס געווען אַ
פֿאַראייניקנדיקער און אָרגאַניזירנדיקער כּוח אינעווייניק אין דער איי=
גענער געמיינדע. דעם דאָזיקן פֿאַקט האָט תּופֿס געווען קאָנסטאַנטינס
זשעני. דער גייסט פֿון ישו, וואָס האָט געהערשט איבער אַלע חילוקי=
דעות אין דער דאָגמע, האָט געשאַפֿן אַ גרויסן פֿאַרבאָרגענעם אָרדן
איבער דער גאַנצער אימפּעריע און אַפֿילו אַריבער אירע גרענעצן.
די אמונה האָט זיך פֿאַרשפּרייט צווישן די באַרבאַרן איבער אַלע מחיצות;
זי האָט דערלאַנגט ביז קיין פּערסיע און צענטראַל-אַזיע. זי האָט

פארגעשטעלט די איינציקע האפענונג אויף מאראלישער אחדות, וואס ער האט געקאנט באמערקן אין דעם גרויסן זומפ פון באגרענעצט־קייט און עגאיזם, וואס ער האט באדארפט רעגירן איבער אים. זי, און נאר זי אליין, האט געהאט די מעלות פון אן ארגאניזירטן ווילן, וואס מחמת אזיינער איז ניט געווען, איז די אימפעריע זיך צעפאלן אויף שטיקלעך, פונקט ווי א שטיק צעפוילט געוואנט. אין יאר 312 האט קאנסטאנטין געמוזט שלאגן זיך פאר רוים און פאר זיין אייגענער מאכט אנטקעגן מאקסענציוס. האט ער ארויפגעשטעלט דעם קריסטלעכן צייכן אויף די שילדן און די פענער פון זיינע חיילות, און האט געלאזט מעלדן, אז דער גאט פון די קריסטן האט אים געהאלפן צו זיין פולן זיג אין דער שלאכט ביים מילווישן בריק הארט ביי רוים. דורך אט־דעם אקט האט ער זיך אפגעזאגט פון אלע פרעטענזיעס אויף געטלעכקייט, וואס אלכסנדר האט מחמת זיין נארישער גאווה דער ערשטער אריינגעבראכט אין דער מערבדיקער וועלט. מיט דעם בייפאל און מיט דער התלהבותדיקער אונטערשטי־צונג פון די קריסטן האט קאנסטאנטין זיך איינגעפעסטיקט פאר א מאנארך, מער אבסאלוט אפילו פאר דיאקלעטיאנוסן.

אין א משך צייט פון עטלעכע יאר איז קריסטנטום געווארן די אפיציעלע רעליגיע פון דער אימפעריע, און אין יאר 337 איז קאנ־סטאנטין אויף זיין טויטן־בעט געווארן געטויפט פאר א קריסט.

---

### 7. קאנסטאנטין דער גרויסער.

קאנסטאנטין דער גרויסער איז אין דער געשיכטע, לכל־הפחות, אזא הויפט־פיגור ווי אלכסנדר דער גרויסער אדער אווגוסטוס קיסר. מיר ווייסן זייער ווינציק פון זיין פערזענלעכקייט אדער פון זיין פרי־וואטן לעבן; קיין פלוטארך און קיין סוועטאניוס האבן ניט איבער־געלאזט קיין אינטימע און לעבעדיקע פרטים וועגן אים. פון זיינע שונאים האבן מיר מיאוסע מעשיות וועגן אים, און אנטקעגן דעם א סך בפירושע חניפה־מעשיות צו זיין לויב. נאר קיינער פון די דאזיקע שרייבערס גיט אונז ניט קיין לעבעדיק כאראקטער־בילד פון אים, ער איז פאר זיי א פארטיי־סימבאל, א פאן. דער פיינדלעכער

זאָסימוס דערציילט, אַז ער איז געווען, פּונקט ווי סרגון I, אַ ממזר לויט געבוירן; זיין פאָטער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער גענעראַל און זיין מוטער, העלענע, אַ טאָכטער פון אַ שענקער אין ניש אין סערביע. גיבאָן פאַרקערט האַלט, אַז דאָ איז געווען אַ געזעצלעכער שידוך. בכל=אופן איז דאָס געווען אַ שידוך פון אַ נידעריקן שטאַנד, און קאָנסטאַנטינס פּערזענלעכער זשעני האָט געמוזט גובר זיין ערנסטע מניעות. ער איז געווען לפי=ערך אומגעבילדעט, גריכיש האָט ער געקענט ווייניק אָדער גאָרניט. ווייזט אויס, אַז עס איז אמת, אַז ער זאָל האָבן פאַרטריבן זיין עלטסטן זון קריספּוסן און האָט געבראַכט דערצו, אַז ער איז געוואָרן פאַרמשפּט צום טויט לויט דער מסירה פון דעם יונגנס שטיפמוטער, פאַוסטאַ. און עס איז אויך באַוואויסט, אַז שפּעטער האָט ער איינגעזען, אַז פּריסקוס איז געווען אומשולדיק, און האָט געהייסן טויטן פאַוסטען — לויט איין באַריכט דורך לאָזן זי פאַרבריט ווערן אין אַ וואַנע, לויט אַ צווייטן באַריכט דורך אַוועקלאָזן זי אַ נאַקעטע אין אַ ווילדער בערג=געגנט אויף אויפצופרעסן פאַר ווילדע חיות; פון דער אַנדער זייט זיינען אָבער פאַראַן גאַנץ וואָגיקע ראיות, אַז זי האָט אים איבערגעלעבט. אויב זי איז אַפילו געוואָרן פאַרמשפּט צום טויט, בלייבט דער פאַקט, אַז אירע דריי זין, צוזאַמען מיט צוויי פּלימעניקעס זיינען געוואָרן באַשטימט פאַר קאָנסטאַנטינס יורשים. ס'איז קלאָר, אַז מען קאָן ניט אַרויסקריגן עפּעס פעסטס פון אָט=דער מיאוסער פאַרדרייעניש, און וואָס מען האָט געקאָנט מאַכן מיט די קנאַפּע מאַטעריאַלן, האָט דאָס געטאָן גיבאָן (קאַפּיטל XVIII). גיבאָן איז מחמת זיין אַנטי=קריסטלעכער אַיינשטעלונג פיינדלעך צו קאָנסטאַנטינען; נאָר ער איז מודה, אַז ער איז געווען איינגעהאַלטן און ריין. ער באַשולדיקט אים, אַז ער איז געווען אַן אויסבערענגער, מחמת ער האָט געבויט גרויסע עפנטלעכע בנינים, און אַז ער איז געווען אַ פּוסטער בעל=גאווה און אַ בעל=תאווהניק (!), וויל אויף דער עלטער האָט ער געטראָגן אַ פּאַרוק — גיבאָן אַליין האָט געטראָגן זיינע האָר פאַרבונדן מיט אַ פאַרשוואַרצטער סטענגע — און אַ קרוין און גרויסאַרטיקע מלבושים. נאָר אַלע שפּעטערדיקע קיסרים נאָך דיאָקלעטיאַן פלעגן טראָגן קריינען און גרויסאַרטיקע מלבושים.

נאָר אויב די פּערזאָן פון קאָנסטאַנטין דעם גרויסן בלייבט שאָטנדיק, אויב פון די פּרטים פון זיין פאַמיליען־לעבן האָבן מיר נאָר אַן אומבאַשטימטע טראַגעדיע, קאָנען מיר אָבער נאָך אַ סך זיך אָנ־



רעשטן פון קאָנסטאַנטינס באַזיליקע אין רוים.

שטויסן מכּוח דעם, וואָס ער האָט געהאַט אין זינען בנוגע זיין רעגי־רונג. אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז ער געווים געווען שטאַרק איינזאַם. ער איז געווען מער אַווטאָקראַט ווי וואָסער עס איז פריערדיקער קיסר — דאָס הייסט, אַז ער האָט געהאַט ווייניקער מענטשן,

וואָס וואָלטן אים געקאָנט העלפן מיט אַן עצה אָדער אונטערשטיצונג. עס איז ניט געבליבן קיין איין קלאַס מענטשן מיט אַ געזעלשאַפטלעכן און רעכטשאַפענעם זינען; ניט געווען קיין סענאַט, וואָס זאָל זיך באַטייליקן אין זיינע פלענער און זיי אַנטוויקלען. ווי ווייט ער האָט פאַרשטאַנען די געאָגראַפישע שוואַכקייט פון דער אימפעריע, ווי ווייט ער האָט פאָראויסגעזען, אַז איר פולער חורבן איז נאָענט, דאָס קאָנען מיר זיך פרוּוון אָנשטויסן. זיין אמתע רעזידענץ האָט ער געמאַכט אין ניקאָמעדיאַ אין ביטיניע; קאָנסטאַנטינאָפאָל אויף יענער זייט באָספאָר האָט ערשט געהאַלטן אין בויען זיך, בעת ער איז געשטאָרבן. פונקט ווי דיאָקלעטיאַן, האָט ער קענטיק פאַרשטאַנען די שוואַכקייט פון די גרענעצן פון זיין אימפעריע, און ער האָט, ווייזט אויס, קאָנצענטרירט זיין אויפמערק אויף די אויסלענדישע ענינים, בפרט אויף די ענינים פון אונגאַרן, דרום-רוסלאַנד און שוואַרצן ים. ער האָט רעאָרגאַניזירט די באַאַמטן-מאַשין פון דער גאַנצער אימפעריע; ער האָט איר געגעבן אַ נייע קאָנסטיטוציע און געזוכט איינצושטעלן אַ דינאַסטיע. ער איז געווען אַ בויער, וואָס האָט אָן אָפרו געאַרבעט; ער האָט געפרוּווט איינשטילן די סאָציאַלע מהומה דורך אַ פרוּוו צו אַנטוויקלען אַ סיסטעם פון קאַסטעס. אין דעם פרט האָט ער נאָכגעטאָן זיין גרויסן פאָרגייער דיאָקלעטיאַנוסן. ער האָט געפרוּווט מאַכן אַ קאַסטע פון די פויערים און קליינע ערדאַרבעטער און באַגרענעצן זיי אין זייער באַוועג-רעכט, כדי זיי זאָלן ניט קאָנען פאַרלאָזן זייערע נחלאות. דאָס הייסט, אַז פאַקטיש האָט ער געוואָלט זיי מאַכן פאַר לייב-אייגענע. עס האָבן איצט אויסגעפעלט שקלאַפן צוליב אַרבעט, וואָרעם די אימפעריע איז שוין ניט געווען מער קיין אָנפאַל-מאַכט, נאָר מען איז פאַרקערט אויף איר אָנגעפאַלן. לייב-אייגנטום האָט באַדאַרפט זיין אַ סגולה צו דעם אויספעל פון אַרבעטער. צוליב זיינע בוי-אָנשטרענגונגען האָט ער געמוזט אַרויפלייגן שטייערן אַזעלכע שווערע, ווי קיין מאָל ניט פריער. אַלע די דאָזיקע זאַכן ווייזן אויף אַן איינזאַמען און געוואַלדטוערישן גייסט. זיין רעכט אויף אָריגינאַלקייט ליגט דערין, וואָס ער האָט באַשיימפערלעך פאַרשטאַנען, אַז בכדי צוזאַמענצוהאַלטן די אימפעריע, מוז זיין אַ וואָסער עס איז פאַראייניקנדיקע מאָראַלישע אידעע.

ערשט אַז ער האָט זיך צוגעווענדט צום קריסטנטום, האָט ער, ווייזט אויס, זיך באַקענט מיט די ווילדע קריגערייען צווישן די טעאָלאָגן. ער האָט געמאַכט אַ גרויסע אָנשטרענגונג אויסצוגלייכן די חילוקי־דעות, בכדי צו האָבן אין דער געמיינדע אַן איינהייטלעכע און האַרמאָנישע לערנונג, און לויט זיין איניציאַטיווע איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַן אַלגעמיינער קאָנציל פון דער קירך אין ניקעאַ אַ שטאָט ניט ווייט פון ניקאָמעדיאַ און קעגנאיבער קאָנסטאַנטינאָפּאָל; דאָס איז געווען אין יאָר 325. דער קירכן־פּאָטער עוסעביוס גיט אַ טשיקאַווע שילדערונג פון אָט דער אויסטערלישער פאַרזאַמלונג, וואָס דער פאָרזיצער פון איר איז געווען דער קיסר, הגם ער איז נאָך ניט געווען קיין געטויפטער קריסט. דאָס איז ניט געווען זיין ערשטער קירכן־קאָנציל, וואָרעם נאָך אין יאָר 314 איז ער געווען פאָרזיצער פון קאָנציל אין אַרל. אויפן קאָנציל אין ניקעאַ איז ער געזעסן אינמיטן דער פאַרזאַמלונג אויף אַ גילדענעם שטול, און היות ווי גריכיש האָט ער פאַרשטאַנען ווייניק, דעריבער מעגן מיר משער זיין, אַז ער איז געווען געצוואונגען מער אויפצופאַסן אויף דער האַלטונג און די תנועות פון די רעדנערס און צוצוהערן זיך צו זייער אינטאָנאַציע. דער קאָנציל איז געווען אַ שטורמישער. אַז דער אַלטער אַריוס איז אויפגעשטאַנען ריידן, האָט איינער אַ געוויסער ניקאָלאַי פון מיראַ אים אַ זעץ געטאָן אין פּנים, און דערנאָך האָבן אַ סך גענומען צולויפן זיך, פאַרשטעקט די אויערן מיט די פינגער, מאַכנדיק דעם אָנשטעל, אַז זיי קאָנען ניט אַריבערטראָגן זיין אפּיקורסות. מען מעג זיך אויסמעלן דעם גרויסן קיסר, וואָס איז געווען טיף פאַראינטערעסירט אין דער איינהייט פון זיין אימפּעריע און פּעסט ביי זיך צו מאַכן אַ סוף צו די דאָזיקע חילוקי־דעות, ווי ער בייגט זיך צו צו זיינע טאָלמעטשערס און בעט זיי אים צו פאַרטייטשן, וואָס איז דאָס פאַר אַ מהומה.

די מיינונגען, וואָס האָבן געהערשט אין ניקעאַ, זיינען פאַרפיקסירט געוואָרן אין די ניקעישע דאָגמעס, אַ שטרענג טריניטאַרישע סיסטעם, און דער קיסר האָט אונטערגעהאַלטן די מיינונג פון די טריניטאַריער. נאָר שפּעטער, אַז אַטאַנאַסיוס איז זיך באַגאַנגען צו שטרענג מיט די אַריאַנער, האָט ער אים פאַרטריבן פון אַלכּסנדריאַ;

און אז די קירך אין אלכסנדריא האָט געוואָלט מחרים זיין אריוסן, האָט ער זי געצוואונגען אים ווידער אריינצונעמען.

---

## 8. די איינשטעלונג פון אָפיציעלן קריסטנטום.

די דאָזיקע דאַטע, 325 נאָך קר., איז אַ זייער באַקוועמע דאַטע אין אונזער געשיכטע. דאָס איז די דאַטע פון דעם ערשטן אַלוועלט-לעכן („עקומעניש") קאָנציל פון גאָר דער קריסטלעכער וועלט (דער קאָנציל פון אַרל, וואָס מיר האָבן דערמאָנט, איז געווען אונויפגע-קליבן נאָר פון דער מערבדיקער העלפט). די דאַטע באַצייכנט דעם מאָ-מענט, ווען אויף דער סצענע פון דער מענטשלעכער געשיכטע טרעט אַרויף די קריסטלעכע קירך און דאָס קריסטנטום, ווי עס ווערט פאַר-שטאַנען אין דער וועלט ביזן היינטיקן טאָג. זי באַצייכנט די גענויע באַשטימונג פון דער קריסטלעכער לערנונג דורך די ניקעישע דאָגמעס.

מיר מוזן ווענדן דעם אויפמערק פון לייענער אויף די טיפע אונטערשיידן צווישן אָט דעם אַנטוויקלטן קריסטנטום פון ניקעאַ און צווישן דער לערנונג פון ישו פון נצרת. אַלע קריסטן האַלטן, אַז די לעצטע איז פולקום נכלל אין דעם ערשטן, אָבער דאָס איז אַ פראַגע, וואָס געהערט ניט צו אונז. אָבער בפירוש קלאָר איז, אַז די לערנונג פון ישו פון נצרת איז אַ נביאישע תורה פון דעם נייעם טיפּ, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט די יידישע נביאים. עס איז ניט געווען קיין כהונישע תורה, האָט ניט געהאַט קיין געהייליקטן טעמפּל און קיין מזבח. זי האָט ניט געהאַט קיין דינים און קיין צערעמאָניעס. איר קרבן איז געווען אַ „געבראָכן האַרץ און געפאַלן געמיט". איר איינציקע אָרגאַניזאַציע איז געווען די אָרגאַניזאַציע פון זאָגערס, און איר הויפּט-פונקציע איז געווען די דרשה. אָבער דאָס פולקום אויסגעפורעמטע קריסטנטום פון 4טן יאָרהונדערט, הגם זיין קערן איז געבליבן ישו'ס לערנונג אין די עוואַנגעליעס, נאָר עס איז געווען דער עיקר אַ כ ה ו נ י ש ע ר ע ל י ג י ע, פון יענעם טיפּ, וואָס די וועלט קען אים שוין טויזנטער יאָרן. דער צענטער פון זיין אויסגעאַרבעטן ריטואַל איז געווען אַן אַלטאַר, און דער הויפּט-אַקט פון קולט איז געווען דער



חורבות פון רוימישן טעאטער אין אַרל, פראַנקרייך.

קרבן, וואָס אַ געהייליקטער כּוהן ברענגט, די מעסע. און עס האָט געהאַט אַן אָרגאַניזאַציע פון דיאַקאָנען, כּוהנים און בּיסקופּן, וואָס האָט זיך האַסטיק אַנטוויקלט.

אָבער אויב דאָס קריסטנטום האָט געהאַט אָנגענומען אַ שטאַרקע אויסוויינקסטע ענלעכקייט צו די קולטן פון סעראַפּיס, אַמאָן אָדער בעל-מרדוך, מוזן מיר דאָך געדענקען, אַז זיין כּהונהשאַפט האָט פאַרמאָגט געוויסע נייע שטריכן. אין ערגעץ האָט זי ניט געהאַט קיין כלומרשט געטלעך בילד פון גאָט. עס איז ניט געווען קיין הויפּטטעמפּל, וואָס אין אים געפינט זיך דער גאָט, וואָרעם גאָט איז געווען אומעטום. ניט געווען קיין קדשי קדשים. זיינע אומעטום פאַרשפּרייטע אַלטאַרן זיינען אַלע געווען געווענדט צו דער ניט-געזעענער אוניווערסאַלער דריי-איינהייט. אַפילו אין זיינע צום מיינסט אַרכאַאישע געשטאַלטן האָט דאָס קריסטנטום פאַרמאָגט עפּעס נייס.

אַ זייער וויכטיקע זאַך איז פאַר אונז צו פאַרצייכענען די ראָלע, וואָס דער קיסר האָט געשפּילט ביים פיקסירן דאָס קריסטנטום. ניט נאָר דער קאָנציל פון ניקעאַ איז צונויפגערופן געוואָרן דורך קאָנסטאַנטין דעם גרויסן, נייערט אַלע גרויסע קאָנצילן, די צוויי אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל (381 און 553), דער פון עפעסוס (431) און פון כאַלקעדאָן (451), זיינען אויך צונויפגערופן געוואָרן דורך דער קיסרלעכער מאַכט. און עס איז באַשיימפּערלעך ביז גאָר, אַז אין אַ סך זאַכן פון דער געשיכטע פון קריסטנטום פון יענער צייט אַנטפּלעקט זיך דער גייסט פון קאָנסטאַנטין דעם גרויסן פּונקט אַזוי, און אַפילו נאָך מער, ווי דער גייסט פון ישו. מיר האָבן שוין געזאָגט, אַז ער איז געווען אַ ריינער אַווטאָקראַט. די לעצטע סימנים פון רוימישן רעפּובּליקאַניזם האָבן זיך געהאַט אויסגעוועבט אין די טעג פון אַורעליאַן און דיאָקלעטיאַן. ער האָט געפּרוווט, ווערליק ער האָט דאָס פאַרשטאַנען, צו פאַרריכטן די איינגעבראָכענע אימפּעריע, כּל-זמן עס איז נאָך געווען צייט, און ער האָט געאַרבעט אָן שום יועצים, אָן אַן עפנטלעכער מיינונג און אָן אַ געפיל, אַז מען דאַרף האָבן אַזאַ הילף אָדער אָנהאַלט. דער געדאַנק אויסצוגלייכן אַלע חילוקי-דעות

און צעטיילונגען, אויסגיסן דאָס גאַנצע דענקען אין איין פורעם, דורך אַרויפלייגן אויף אַלע מאמינים דעם חוב צו האַלטן זיך פאַר איין דאָגמע, איז אַ לחלוטין אַווטאָקראַטישער געדאַנק, דאָס איז דער געדאַנק פון דעם איינזאַמען מענטשן, וואָס פילט, אַז בכדי ער זאָל בכלל עפּעס קאָנען טאָן, מוז ער זיין פּטור פון אָפּאָזיציע און קריטיק. דערפאַר איז די געשיכטע פון דער קירך אונטער זיין השפּעה געוואָרן אַ געשיכטע פון שטאַרקע מלחמות, וואָס האָבן געמוזט קומען נאָך זיין פּלוצימדיקן און שטרענגן רוף צו אחדות. פון אים האָט די קירך איבערגענומען די נטיה צו זיין באַפעלעריש און ניט־אָפּגעפרעגט, צו אַנטוויקלען אַ צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציע און צו גיין פּאַראַלעל מיט דער אימפּעריע.

אַ צווייטער גרויסער אַווטאָקראַט, וואָס האָט אויך מיטגעהאָלפן אַרויפצושטעמפּלען אויפן קאַטוילישן קריסטנטום אַ בפירוש אויטאָריטאַטיוון כאַראַקטער, איז געווען טעאָדאָסיוס I, טעאָדאָסיוס דער גרויסער (379 — 395). ער האָט פאַרבאָטן די ניט־רעכטגלויביקע קריסטן זיך צונויפצוקלייבן, האָט איבערגעגעבן אַלע קירכן צו די טריניטאַריער און האָט אומעטום אין דער אימפּעריע צעשטערט די היידנישע טעמפּלען, און אין יאָר 390 האָט ער געהייסן צעברעכן די גרויסע סטאַטוע פון סעראַפּיס אין אלכסנדריא. עס האָט ניט געטאָרט זיין קיין קאָנקורענץ, קיין שום באַגרענעצונג פאַר דער שטרענגער איינהייט פון דער קירך.

מיר קאָנען דאָ ניט דערציילן וועגן די גרויסע אינעווייניקסטע מהומות אין דער קירך, וועגן די פאַרשיידענע אפּיקורסישע סעקטעס, וואָס האָבן איר געשטערט: די אַריאַנער און פּאַוליקאַנער, די גנאָסטיקער און מאַניכעיער. וואָלט זי געווען ווינציקער אויטאָריטאַטיוו און מער טאָלעראַנט בנוגע צו פאַרשיידענע מיינונגען; וואָלט זי אפשר געוואָרן נאָך אַ מעכטיקערע קערפּערשאַפט, ווי זי איז איצט. נאָר ניט געקוקט אויף אַלע מהומות, האָט זי אויף אַ געוויסער צייט אונטערגעהאַלטן אַ באַגריף פון דער איינהייט פון מין מענטש, וואָס איז אַ סך אינטימער און אַ סך ברייטער, ווי וואָסער עס איז פריערדיקע. אַרום 5טן יאָרהונדערט איז דאָס קריסטנטום שוין געווען גרעסער, פעסטער און דויערהאַפטיקער, ווי וואָסער עס איז אימפּעריע

איז ווען עס איז געווען, וואָרעם עס איז געווען ניט אַ זאַך, פשוט אַרויפגעלייגט אויף מענטשן, נייערט עפעס אַזוינס, וואָס איז געווען אַריינגעפלאָכטן אין געוועב פון זייער גייסט. עס האָט דערגרייכט ווייט אַריבער די לעצטע ווינקעלעך פון דער אימפעריע, ביז קיין אַרמעניע, פערסיע, אַביסיניע, אירלאַנד, דייטשלאַנד, אינדיע און טורקעסטאַן. „הגם צונויפגעשטעלט פון ווייט צעשפּרייטע פאַרבאַנדן, איז עס דאָך באַטראַכט געוואָרן ווי איין קערפער פון קריסטוס, ווי איין פאָלק פון גאָט. די דאָזיקע אידעאַלע איינהייט האָט געפונען אַן אויסדרוק אויף פאַרשיידענע וועגן. דער פאַרקער צווישן די פאַרשיידענע קריסטלעכע געמיינדעס איז געווען זייער אַקטיוו. קריסטן זיינען שטענדיק געווען זיכער, אַז זיי וועלן אונטערוועגס שטענדיק געפינען אַ וואַרעמע הכנסת=אורחים ביי זייערע גלויבנס=ברידער. שלוחים און בריוו זיינען פריי געשיקט געוואָרן פון איין קירך צו דער צווייטער. מיסיאָנערן און עוואַנגעליסטן זיינען כסדר געגאַנגען פון איין אָרט צום אַנדערן. דאָקומענטן פון פאַרשיידענע מינים, דערין די עוואַנגעליעס און אַפּאָסטאָל=געשיכטעס, האָבן צירקולירט ווייט און ברייט. אַזוי אַרום האָט דער געפיל פון איינהייט געפונען אַן אויסדרוק אויף פאַרשיידענע וועגן, און די אַנטוויקלונג פון די ווייט אָפּגעזונדערטע טיילן פון קריסטנטום האָט זיך צוגעפאַסט מער אָדער ווייניקער נאָענט צו אַ בשותפישן טיפ" (ענציקלאָפּעדיאַ בריטאַניקאַ, אַרטיקל „קירכן=געשיכטע").

דאָס קריסטנטום האָט אויפגעהיט לכל=הפחות די פאָרמאַלע טראַדיציע פון איר אַלגעמיינער איינהייט פון גייסט ביז 1054, וואָס דעמאָלט האָבן די לאַטייניש ריידנדיקע מערבדיקע קירך און די הויפּט=קירך פון לכתחילה גריכיש=ריידנדיקע, די „אָרטאָדאָקסע" קירך, זיך אָפּגעשיידט פון אַנאַנד, לפנים איבער דער פראַגע, צי מען זאָל צוגעבן צוויי ווערטער צו די גלויבנס=דאָגמעס. לויט דער אַלטער דאָגמע „שטאַמט דער הייליקער גייסט פון פאָטער". די לאַטיינער האָבן געוואָלט מוסיף זיין און האָבן מוסיף געווען filiaque, דאָס איז טייטש: „און פון זון", און אַז די גריכן האָבן ניט געוואָלט פאָלגן, האָבן זיי זיי אויסגעשלאָסן פון זייער געמיינדע. נאָך שוין פרי, אין פינפטן יאָרהונדערט, האָבן די קריסטן אין מזרח=סיריע, פערסיע,

צענטראַל־אַזיע — עס זיינען געווען קירכן אין מערוו, העראַט און סאַמאַרקאַנד — און אינדיע אָפּגעטיילט זיך איבער אַן ענלעכער סיבה. די דאָזיקע ביז גאָר אינטערעסאַנטע אַזיאַטישע קריסטן זיינען באַוואוסט אין דער געשיכטע ווי די נעסטאָריאַנישע קירך, און זייער השפעה האָט זיך אויסגעשפרייט אַזש קיין כינע. די עגיפּטישע און די אַביסינישע קירך האָבן זיך אויך אָפּגעטיילט זייער פרי איבער ענלעכע אומדערקלערלעכע פּונקטן. נאָר אַ צייט פריער, איידער די לאַטיינישע און די גריכיש־ריידנדיקע העלפטן פון דער קירך האָבן זיך צעשיידט פאָרמאַל, האָבן זיי זיך פּאַקטיש צעשיידט ביים אונטערגאַנג פון דער אימפּעריע. באַלד פון אָנהייב איז זייער מצב געווען פאַרשיידן. בעת די גריכיש־ריידנדיקע מזרחדיקע אימפּעריע האָט זיך געהאַלטן, און דער קיסר פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט געהערשט אין דער קירך, איז די לאַטיינישע העלפט פון דער אימפּעריע, ווי מיר האָבן שוין דערציילט, זיך צעפאַלן, און די מערבדיקע קירך איז, אַזוי אַרום, געבליבן פריי פון דער ממשלה פון אַ קיסר.

חוץ דעם איז די קירכלעכע מאַכט אין דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער אימפּעריע געווען צעטיילט צווישן די אייבער־ביסקופּן, אָדער פּאַט־ריאַרכן, פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אַנטיוכיאַ, אלכּסנדריא און ירושלים. אין מערב אָבער איז די מאַכט געווען קאָנצענטרירט ביים פּאַטריאַרך, אָדער פּויפּס, פון רוים. דער ביסקופּ פון רוים איז שוין געווען אָנערקענט ווי דער ערשטער צווישן די פּאַטריאַרכן, און דאָס האָט מיטגעווירקט צו באַרעכטיקן זיינע אויסנאַמלעכע פּרעטענזיעס אויף אַ כמו־קיסרלעכער מאַכט. נאָכדעם ווי די מערבדיקע אימפּעריע איז געפאַלן, האָט ער איבערגענומען דעם טיטל „פּאָנטיפיקס מאַקסימוס“, וואָס עס האָבן געטראָגן די קיסרים, און איז אַזוי אַרום געוואָרן דער כּוהן גדול פון דער רוימישער טראַדיציע. איבער די קריסטן פון מערב איז זיין אייבערהערשאַפט געוואָרן פול אָנערקענט, נאָר אין די לענדער פון דער מזרחדיקער אימפּעריע און אין די יורידיקציע־קרייזן פון די אַנדערע פיר פּאַטריאַרכן האָט זי פון אָנהייב געמוזט אויפגעצוואונגען ווערן.

געדאַנקען וועגן דער וועלט־רעגירונג פון דער קירך האָבן גע־הערשט שוין אין 4טן יאָרהונדערט. דער הייליקער אויגוסטין, אַ

בירגער פון היפאָ, אין צפון־אַפריקע, וואָס האָט געשריבן צווישן 354 און 430, האָט געגעבן אַן אויסדרוק פאַר די וואַקסנדיקע פּאָליטישע אידעען פון דער קירך אין זיין בוך „די מלוכה פון גאָט". „די מלוכה פון גאָט" פירט דעם גייסט גאָר גלייך צו דער הנהגה, אַז מען קאָן איבערמאַכן די מלוכה פאַר אַ טעאָלאָגישן און אָרגאַניזירטן קיניג־רייך פון הימל. די מלוכה, ווי אויגוסטין שטעלט זי פאָר, איז אַ



די קירך פון די הייליקע אַפּאָסטאָלן אין סאַלאָניק. אַ מוסטער פון ביזאַנ־טישע קירכן. ארכיטעקטור פון 12טן י"ה.

„גייסטלעכע געזעלשאַפט פון גלויביקע, וואָס שטייען אונטער אַ באַ־זונדער השגחה". דער טראָט פון דעם צו אַ פּאָליטישער אָנווענדונג איז ניט זייער גרויס. די קירך באַדאַרף זיין די וועלט־רעגירערין איבער אַלע פעלקער, די געטלעך געפירטע רעגירונגס־מאַכט איבער אַ גרויסן בונד פון ערדישע מלוכות. אין שפּעטערע יאָרן האָבן די דאָזיקע אידעען זיך אַנטוויקלט צו אַ באַשטימטער פּאָליטישער טעאָ־ריע און פּאָליטיק. אַז די באַרבאַרישע שבטים האָבן זיך איינגעזעצט

און זיינען געוואָרן קריסטן, האָט דער פויפס אָנגעהויבן צו פאָדערן די אייבערהערשאַפט איבער זייערע מלכים. אין משך פון עטלעכע יאָרהונדערטער איז דער פויפס געוואָרן אין טעאָריע, און ביז צו אַ געוויסער מאָס אויך אין דער פראַקטיק, דער כהן־גדול, דער צענזאָר, דער שופט און דער גאָטלעכער מאָנאַרך פון קריסטנטום; זיין השפעה האָט אין מערב זיך אויסגעשפרייט אַ סך ווייטער ווי די לעצטע דערגרייכונגען פון דער אימפעריע, ביז קיין אירלאַנד, נאָרוועגן און שוועדן און איבער גאַנץ דייטשלאַנד. מער ווי טויזנט יאָר האָט געהערשט אין אייראָפּע די דאָזיקע אידעע וועגן אַן איינהייט פון קריסטנטום — וואָס האָט געדאַרפט זיין אַ מין גרויסע אַמפיקטיאָנע (פעלקער־ברודערשאַפט), וואָס אירע מיטגלידער זיינען אַפילו אין צייטן פון מלחמה באַגרענעצט קעגן געוויסע עקסטרעמע מעשים דורך דער אידעע פון אַן אַלגעמיינער ברודערשאַפט און פון אַן אַלגעמיינער געטריישאַפט צו דער קירך. די געשיכטע פון אייראָפּע, אָנגעהויבן פון פינפטן ביז אַראָפּ צום פופצנטן יאָרהונדערט, איז, ברייט גענומען, די געשיכטע פון דורכפאַל פון דער דאָזיקער אידעע פון אַ געטלעכער וועלט־רעגירונג, בעת מען האָט זי באַדאַרפט פאַרווירקלעכן.

---

### 9. די קאַרטע פון אייראָפּע 500 נאָך קר.

מיר האָבן שוין אין פריערדיקן קאַפיטל געגעבן אַ באַריכט וועגן דעם, ווי אַזוי די ווילדסטע באַרבאַרישע פעלקער זיינען אַריינגעדרונגען אין אייראָפּע. מיר וועלן איצט מאַכן אַ קורצן איבערבליק איבער דער פּאָליטישער צעטיילונג פון אייראָפּע צום סוף פון 5טן יאָרהונדערט. פון דער מערבדיקער אימפעריע, פון דער לכתחילהדיקער רוימישער אימפעריע, איז קיין שום סימן ניט געבליבן, ווי אַ בפירושער און באַזונדער פּאָליטישער טייל. פּאָליטיש איז זי געווען אינגאַנצן צעבראָכן. איבער אַ סך טיילן פון אייראָפּע האָט זיך געהאַלטן אין די מענטשנס גייסטער אַ מין לעגענדאַרישע איבערהערשאַפט פון דער העלענישער מזרחדיקער אימפעריע סתם. ווי פון ד ע ר אימפעריע. דער קיסר פון קאָנסטאַנטינאָפּאַל איז נאָך געווען, לכל־הפחות אין דער טעאָריע, אַ קיסר.

אין בריטאַניע האָבן די שטאַרק באַרבאַרישע גערמאַנישע אַנגלען, סאַקסן און יוטן געהאַט איינגענומען די מזרחדיקע העלפט פון ענגלאַנד; אין מערב פון דעם אינזל האָבן די בריטן זיך נאָך געהאַלטן, נאָר בהדרגה זיינען זיי צוריקגעשטופּט געוואָרן קיין וויילס און קאָרנוואַל.




די אַנגלאָ-סאַקסן זיינען קענטיק געווען די אָנרחמנותדיקסטע און ענערגישסטע צווישן די באַרבאַרישע באַצווינגערס, וואָרעם דאָרט וואו זיי האָבן געהערשט האָט זייער שפּראַך אַרויסגעשטופּט די קעל-טישע אָדער לאַטיינישע — וואָסערע איז ניט באַוואוסט — וואָס די בריטן האָבן גענוצט. די דאָזיקע אַנגלאָ-סאַקסן זיינען נאָך ניט געווען קיין קריסטן.

דער גרעסטער טייל פון גאַליע, האָלאַנד און דאָס ריינלאַנד איז געוועזן אונטער דעם היפּש מעכטיקן, קריסטיאַניזירטן און אַ סך מער ציוויליזירטן קיניגרייך פון די פראַנקן. דער ראָנע=טאָל איז געוועזן אונטער דעם באַזונדער קיניגרייך פון די בורגונדער. שפּאַניע און אַ טייל פון דרום=פראַנקרייך איז געוועזן אונטער דער רעגירונג פון די וויזיגאָטן, נאָר סוועבן האָבן געהערשט איבער דעם צפונית=מערבית=ווינקל פון דעם האַלב=אינזל.

וועגן דעם קיניגרייך פון די וואַנדאַלן אין אַפריקע האָבן מיר שוין געשריבן. איטאַליע, וואָס איז אין מנהגים און באַפעלקערונג נאָך געווען רוימיש, האָט זיך געפונען אונטער דער רעגירונג פון די אָסטראָגאָטן. אין רוים איז קיין קיסר ניט געבלין; טעאָדאָריק I האָט רעגירט ווי דער ערשטער פון אַ ריי גאָטישע מלכים, און זיין רעגירונג האָט זיך אויסגעשפּרייט אַריבער די אַלפּן ביז קיין פּאַנאָניע און אַראָפּ דעם אַדריאַטישן ים ביז דאַלמאַציע און סערביע.

אין מזרח=זייט פון גאָטישן קיניגרייך האָבן רעגירט פעסט די קיסרים פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל. די בולגאַרן זיינען אין יענער צייט נאָך געווען אַ מאָנגאָלישער שבט פון פערד=רייטנדיקע נאָמאַדן אין דער געגנט פון וואָלגע. די אַרישע סערבן זיינען אָקאָרשט געווען אַראָפּגעקומען קיין דרום=זייט צו די ברעגעס פון שוואַרצן ים אין דעם לכתּחילהדיקן היים=לאַנד פון די וויזיגאָטן. די טורקאָ=פינישע מאַדיאַרן זיינען נאָך אין אייראָפּע ניט געווען. די לאַנגאָבאַרדן זיינען נאָך געווען אין צפון=זייט פון דונאַי.

דער זעקסטער יאָרהונדערט איז אויסגעצייכנט דורך אַ פּאַזיס פון מאַכט מצד דער מזרחדיקער אימפּעריע אונטער דעם קיסר יוסטיניאַן (527 — 565). אין יאָר 534 איז איינגענומען געוואָרן דאָס וואַנדאַלישע קיניגרייך; 553 זיינען די גאָטן געוואָרן אַרויסגעטריבן פון איטאַליע. ווי נאָר יוסטיניאַן איז געשטאָרבן (565), זיינען די לאַנגאָבאַרדן אַראָפּ קיין איטאַליע און האָבן זיך באַזעצט אין לאָמבאַרדיע, נאָר ראַווענאַ, רוים, דרום=איטאַליע און צפון=אַפריקע האָבן זיי איבערגעלאָזט אונטער דער רעגירונג פון דער מזרחדיקער אימפּעריע.

דאָס איז געווען דער פּאָליטישער מצב פון דער וועלט, וואָס אין איר האָט זיך אַנטוויקלט די אידעע פון קריסטנטום. דאָס טעגלעכע

לעבן פֿון יענער צייט איז געשטאַנען אויף אַ זייער נידעריקער מדרגה, סיי פֿיזיש, סיי אינטעלעקטועל און מאָראַליש. מען זאָגט אָפֿט, אַז אייראָפּע איז אין זעקסטן און זיבעטן יאָרהונדערט צוריקגעפֿאַלן אין באַרבאַרנטום, אָבער דאָס דריקט ניט אויס די ווירקלעכע לאַגע. עס איז אַ סך ריכטיקער צו זאָגן, אַז די ציוויליזאַציע פֿון דער רוימישער אימפּעריע איז איבערגעגאַנגען אין אַ פֿאַזיס פֿון לעצטער דעמאָראַליזאַציע. באַרבאַרנטום איז אַ סאָציאַלע אָרדענונג פֿון אַן עלעמענטאַרן טיפּ, אָבער אין זיינע גרענעצן איז עס אָרדענונג; נאָר דער צושטאַנד פֿון אייראָפּע בעת דער דאָזיקער צעשפּאָלטנקייט איז געווען אַ סאָציאַלע אומאָרדענונג. זיין מאָראַל איז געווען ניט די מאָראַל פֿון אַ פּרימיטיוון נעגער־דאָרף אין אַפֿריקע, נאָר די מאָראַל פֿון די שמוציקע הינטערגעסלעך פֿון דער גרויסער שטאָט. אין אַ דאָרף פֿון ווילדע וויים דער ווילדער מענטש, אַז ער געהער צו אַ געמיינשאַפֿט, און לעבט און פֿירט זיך אויף לויט אָט דעם באַוואוסט; אין דעם שמוציקן הינטערגעסל ווייסט דער יחיד ניט פֿון קיין פֿאַרבונדנקייט צו אַ קיבוץ און ניט ער פֿירט זיך אויף אין הסכם מיט אַזאַ באַוואוסט.

מער ניט זייער פֿאַוואָליע און שוואַך האָט דאָס קריסטנטום ווידער באַלעבט דאָס פֿאַרלאָרענע געפֿיל פֿון געמיינשאַפֿט און האָט אויסגעלערנט די מענטשן זיך צו פֿאַראייניקן אַרום דער אידעע פֿון קריסטנטום. דאָס סאָציאַלע און עקאָנאָמישע געבוי פֿון דער רוימישער אימפּעריע איז געלעגן אין חורבות. איר ציוויליזאַציע איז געווען אַ ציוויליזאַציע פֿון רייכקייט און פֿון פּאָליטישער מאַכט, אונטערגעהאַלטן דורך באַגרענעצונג און שקלאַפֿעריי פֿון די גרויסע מאַסן מענטשן. זי האָט פֿאָרגעשטעלט אַ בילד פֿון אויסווייניקסטן גלאַנץ און פֿאַרפֿיינערטן לוקסוס, נאָר הינטער אָט דעם שיינעם אויסווייניק איז געווען אכזריות, טעמפּקייט און איינגעשטאַנענקייט. זי האָט געמוזט צעבראָכן ווערן, זי האָט געמוזט ווערן אָפּגעשאַפֿט, איידער עפּעס בעסערס האָט געקאָנט זי פֿאַרבייטן.

מיר האָבן שוין געווענדט דעם אויפֿמערק צו איר אינטעלעקטועלער טויטקייט. פֿאַר אַ משך פֿון דריי יאָרהונדערטער האָט זי גיט אַרויסגעבראַכט ניט קיין וויסנשאַפֿט ניט קיין ליטעראַטור, וואָס

זאָל האָבן אַ וואַסער באַטייט. נאָר דאָרט, וואו מענטשן זיינען ניט צו רייך און מעכטיק, אַז זיי זאָלן קאָנען קומען צו אַ נסיון פון ווילדער צעלאָזנקייט, און ניט צו אָרעם און באַגרענעצט, אַז זיי זאָלן קאָנען זאָרגן פאַר עפּעס אַנדערש, חוץ דער טאָגטעגלעכער נויט, — קאָנען זיך אַנטוויקלען יענע ניט־פאַראינטערעסירטע נייגעריקייט און יענע לויטערע אימפּולסן, וואָס גיבן דער וועלט אַ געזונטע פילאָסאָפיע און וויסנשאַפט און אַ גרויסע קונסט. די פּלוטאָקראַטיע פון רוים האָט אַזאַ מיטל־קלאַס געמאַכט אוממעגלעך. ווען מענער און פרויען זיינען אומבאַגרענעצט און ניט אייגנגעהאַלטן דורך קיין זאַך, באַווייזן די פאַקטן פון דער געשיכטע, אַז זיי זיינען מסוגל צו ווערן ווילדער ווי חיות רעות אין זייער צעלאָזנקייט; פאַרקערט, ווען זיי זיינען אומגליקלעך און געררודפט, דעמאָלט זיינען זיי נוטה צו ניט־אייגנגעהאַלטענע טראַגישע אַרויסוייזן, צו ווילדע אויפשטאַנדן אָדער צו די חומרות און סיגופים פון דער רעליגיע.

עס איז אפשר ניט ריכטיק צו זאָגן, אַז די וועלט איז געוואָרן אומגליקלעך אין יענער „פינסטערער תקופה", וואָס מיר קומען איצט צו איר; אַ סך נעענטער צום אמת איז צו זאָגן, אַז די גוואַלדטועריש און וואולגאַרע פאַלשקייט פון רוימישן אימפּעריאַליזם, יענע וועלט פון פּאָליטיק־מאַכערס, אַוואַנטוריסטן, ערד־איינגנטימער און פינאַנסיסטן איז איינגעזונקען אין דעם ים פון אומגליק, וואָס איז שוין געווען פריער. די געשיכטעס, וואָס מיר האָבן פון יענער צייט, זיינען זייער שוואַכע; עס זיינען געווען ווינציק ערטער, וואו מענטשן האָבן געקאָנט שרייבן, און עס איז געווען ווינציק אויפמונטערונג צו שרייבן בכלל; קיינער איז ניט געווען זיכער, אַז זיין כּתב־יד וועט בלייבן גאַנץ, אָדער אַז עמעצער וועט אים בכלל לייענען. נאָר מיר וויסן גענוג, בכדי צו דערציילן, אַז די צייט איז געווען ניט נאָר אַ צייט פון מלחמות און רויבערייען, נייערט אויך פון הונגער און פּעסט. קיין ווירקעוודיקע סאַניטאַרע אָרגאַניזאַציע איז נאָך אויף דער וועלט ניט געווען, און די וואַנדערונגען פון יענער צייט האָבן געוויס צעשטערט יענעם היגיענישן גלייכוואָג, וואָס האָט זיך געהאַט ערגעץ איינגעשטעלט. אַטילאַס ווילדע מעשים אין צפון־איטאַליע זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דעם אויסבראָך פון אַ קדחת־קרענק אין יאָר

452. אַ גרויסע עפּידעמיע פון צרעת האָט זיך פאַרשפּרייט צום סוף פון יוסטיניאַנס רעגירונג (565); דאָס האָט געווים אָפּגעשוואַכט די פאַרטיידיקונג פון איטאַליע קעגן די לאַנגאָבאַרדן. אין יאָר 543 זיינען צען טויזנט מענטשן געשטאָרבן אין איין טאָג אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל (גיבאָן זאָגט: „איטלעכן טאָג"). אַ מגפה האָט געווילדעוועט אין רוים אין יאָר 590. דער זיבעטער יאָרהונדערט איז אויך געווען אַ יאָרהונדערט פון מגפות. דער ענגלענדער בעדאַ, איינער פון די ווייניק שרייבערס פון יענער צייט, פאַרצייכנט מגפות אין ענגלאַנד אין די יאָרן 664, 672, 678, 683, און ניט ווייניקער פון פיר אין משך פון פון איינע צוואַנציק יאָר! גיבאָן פאַרבינדט די מגפות אין יוסטיניאַנס צייט מיט דער גרויסער קאָמעטע פון 531 און מיט די זייער אָפטע און ערנסטע ערדציטערנישן אין יענער צייט. „אַ סך שטעט פון מזרח זיינען געבליבן ליידיק פון איינוואוינער, און אין עטלעכע געגנטן פון איטאַליע איז ניט געווען, ווער עס זאָל אַראָפּנעמען דאָס געדעטענייש פון די פעלדער און ווייַנגערטנער". ער האַלט, אַז „דער עצם מין מענטש, וואָס איז קיין מאָל נישט געווען גאָר גוט, איז שטאַרק געפאַלן אין אייניקע פון די שענסטע לענדער פון דער ערד". אַ פּולע האָבן אין יענע פינסטערע טעג געמיינט, אַז גאָר די וויסנשאַפט און אַלצדינג, וואָס האָט געמאַכט דאָס לעבן אָנגענעם און גלוסטיק, איז אונטערגעגאַנגען.

ווי ווייט דער אַלגעמיינער מצב איז אונטער די דאָזיקע תנאים פון אָרעמקייט און אומזיכערקייט געווען ערגער, ווי אונטער דער שטיקנדיקער אָרדענונג פון דער אימפּערישער סיסטעם, איז שווער צו זאָגן. עס זיינען מסתמא געווען אָרטיקע אונטערשיידן, אין איין אָרט די ממשלה פון גוואַלד-טוערישע קריגסלייט און אַנדערשוואו אַ גוט-געשטעלטע פרייהייט, איין יאָר אַ הונגער און דאָס צווייטע יאָר אַ שפע. אויב עס זיינען געווען אַ סך רויבערס, זיינען פאַרשוואונדן שטייער-מאָנערס און קרעדיטאָרן. אַזעלכע מלכים ווי די פון די פראַנקישע און גאָטישע קיניגרייכן זיינען פאַקטיש פאַרן גרעסטן טייל פון זייערע אַזוי גערופענע אונטערטאַנען געווען נאָר פאַנטאַזיע-בילדער; דאָס לעבן פון איטלעכער געגנט איז זיך געגאַנגען אויף זייער אַ נידעריקער מדרגה, קיינער איז פון דער פרעמד ניט געקומען, ניט צו



די קירך האגיא סאפיא (איצט מעטשעט) אין קאנסטאנטינאפאל, א בארימטער מוסטער פון ביזאנטישער ארכיטעקטור.

האַנדלען ניט צו מאָנען אָפּצאָלן. טייל פּעיקע מענטשן האָבּן געקאָנט פֿאַרכאַפּן גרעסערע אָדער קלענערע שטרעקעס לאַנד מיט אַ מער אָדער ווייניקער באַגרינדעטן רעכט אויפֿן טיטל האַר צי שררה צי דוכּוס, וואָס זיי פֿאַרמאָגן פֿון דער טראַדיציע פֿון דער געוועזענער אימפּעריע אָדער וואָס זיי האָבּן געקראָגן פֿון קיניג. אַזעלכע אָרטיקע שררות פֿלעגן צונויפֿקלייבּן באַנדעס משרתים און בּויען פֿאַר זיך פֿעסטונגען. אָפּטמאָל פֿלעגן זיי צופּאַסן בּנינים, וואָס האָבּן פֿריער עקסיסטירט. למשל, דער קאָלאָסיי אין רוים, די אַרענע פֿון גרויסע גלאַדיאַטאָר-שפּילן, איז געוואָרן געמאַכט פֿאַר אַ פֿעסטונג, דאָס זעלבּע אויך דער אַמפּיטעאַטער אין אַרל. דאָס אייגענע איז אויך געווען מיט דעם גרויסן קבר-בּנין פֿון האַדריאַנוס אין רוים.

אין די אונטערגייענדיקע און איצט אומגעזונטע שטעט און שטעטלעך האָבּן זיך נאָך געהאַלטן צוזאַמען די קלענער געוואָרענע קאָרפּאָראַציעס פֿון בּעלי-מלאכות, וואָס האָבּן בּאַדינט מיט זייער אַרבּעט די בּאַדערפֿענישן פֿון די אַרומיקע דערפֿער, נאָך דעם ווי זיי האָבּן זיך געשטעלט אונטערן שוץ פֿון אַ וואָסער עס איז שכנישן שררה.

---

## 10. קריסטנטום ראַטעוועט די ווירטשאַפֿט.

אַ וויכטיקן אָנטייל אין דעם סאָציאַלן ווידער-אויפֿבּוי, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין זעקסטן און זיבּעטן יאָרהונדערט נאָך דעם חורבּן און מהומה פֿון 4טן און 5טן י״ה, האָבּן גענומען די קריסטלעכע מאָנאַכישע אָרדנס, וואָס זיינען איצט אויפֿגעקומען אין דער מערבדיקער וועלט.

קלויסטערס פֿון מאָנאַכן האָבּן עקסיסטירט אין דער וועלט פֿאַרן קריסטנטום. בּעת דעם פּעריאָד פֿון סאָציאַלער נויט צווישן יידן פֿאַר דער צייט פֿון ישו פֿון נצרת איז געווען אַ סעקטע אסיים, וואָס האָט געלעבּט אָפּגעזונדערט אין געמיינדעס, אָפּגעגעבּן צו אַ שטרענגן לעבּן פֿון התבּודדות, ריינקייט און אָפּזאָגן זיך פֿון דער וועלט. אויך דער בּודיזם האָט אַנטוויקלט זיינע געמיינדעס פֿון מענטשן, וואָס האָבּן זיך אָפּגעזונדערט פֿון דער אַלגעמיינער אַרבּעט און פֿאַרקער מיט דער-

וועלט, בכדי צו פירן אַ לעבן פון שטרענגקייט און הסתכלות. די געשיכטע פון בודאַ, ווי מיר האָבן זי דערציילט, באַווייזט, אַז אַזעלכע אידעעס האָבן געהערשט אין אינדיע אַ צייט פאַר בודאַ, און אַז ער האָט זיי סוף־כל־סוף אָפּגעוואָרפן. גאָר פרי אין דער געשיכטע פון קריסטנטום איז אויך צווישן קריסטן אויפגעקומען אַן ענלעכע באַוועגונג אַוועקצוגיין פון דער רייסעניש און פון דעם גלוסט און פון דעם דרוק פון דעם טעגלעכן לעבן פון די מענטשן. באַזונדערס אין עגיפּטן זיינען אַ סך מענער און פרויען אַרויס אין מדבר און האָבן דאָרט געפירט אַן איינזאַם לעבן אין תפילה און הסתכלות, וואוינענדיק אין לחלוטינדיקער אָרעמקייט אין היילן אָדער אונטער פעלזן און ציענדיק זייער חיונה נאָר פון די צופעליקע נדבות פון יענע, וואָס האָבן געהאַלטן פון זייער הייליקייט. אַזאַ לעבן האָט פאַרן היסטאָריקער אַ קנאַפּן באַטייט — לויטן עצם מהות איז אַזאַ לעבן אָפּגעזונדערט פון געשיכטע — אויב די דאָזיקע מאָנאַכישע טענדענץ וואָלט ביי די מער ענערגישע און פּראַקטישע אייראָפּעער ניט אָנגענומען אַן אַנדער ווענדונג.

איינער פון די צענטראַלע פיגורן אין דער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון מאָנאַכנטום אין אייראָפּע איז דער הייליקער בענעדיקט, וואָס האָט געלעבט צווישן 480 און 544. ער איז געבאָרן געוואָרן אין ספּאָלעטאָ אין איטאַליע און איז געווען אַ יונגערמאַן פון אַ פיינער משפּחה און מיט גוטע כשרונות. דער שאָטן פון דער צייט איז געפאַלן אויף אים, און פּונקט ווי בודאַ האָט ער זיך אַריינגעטאָן אין רעליגיעזן לעבן און האָט צוערשט קיין גרענעץ ניט געוואוסט צו זיין שטרענגער נזירות. פופציק ענגל. מייל פון רוים איז פאַראַן דער אָרט סוביאַקאָ, און דאָ ביים עק פון רוי פון אַניאָ, הינטער אַ געדיכטן אָנוואַקס פון גראָזן און קוסטעס, איז געשטאַנען אַ פּאַרלאָזענער פּאַלאַץ, וואָס עס האָט אויסגעבויט דער קיסר נירון, מיט אַן אַרויסקוק אויף אַ קינסטלעכער אָזערע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין יענע טעג פון איבערמאָסיקער רייכקייט דורך פאַרצאַמען דעם שטראָם פון טייך. באַקליידט נאָר מיט אַ האָרענעם בגד, האָט בענעדיקט זיך אויסגעקליבן צום וואוינען אַ הייל אין אַ הויכן פעלז, געווענדט קיין דרום־זייט, וואָס האָט אַריבערגעהאַנגען איבערן טייך; די לאַגע פון דעם אָרט



אַ דעקאָרירטע פּאַנעל פון אַ טיר פון קירך פון דער הייליקער סאָפיאַ, מיט אַ ביזאַנטישער אויפשריפט.

איז געווען אַזאַ, אַז קיינער האָט אַהין ניט געקאָנט צוקומען, און שפּייז פאַרן מתבודד האָט זיינער אַ געטרייער אָנהענגער געמוזט אים אַראָפּלאָזן אויף אַ שטריקל. דריי יאָר האָט ער דאָ געלעבט, און זיין שם האָט זיך פאַרשפּרייט אומעטום, פּונקט ווי דער שם פון בודאַ מיט אַ טויזנט יאָר פריער ביי ענלעכע אומשטאַנדן.

פּונקט ווי ביי בודאַן, איז אויך די געשיכטע פון בענעדיקטן דורך נאַרישע און לייכט־גלויביקע תלמידים באַשווערט געוואָרן מיט אַ סך משונהדיקע מעשיות וועגן וואונדער און אַנטפּלעקונגען. נאָר אינגיכן געפינען מיר אים שוין ניט פאַרנומען מער מיט פּייניקן זיך אַליין, נאָר ווי אַן אָנפירער פון אַ גרופּע פון צוועלף קלויסטערס, וואָס זיינען געוואָרן אַ מקום מקלט פאַר אַ סך מענטשן. מען האָט געבראַכט צו אים יונגעלייט צו האָדעווען, און דער גאַנצער כאַראַקטער פון זיין לעבן האָט זיך איבערגעביטן.

פון סוביאַקאָ איז ער אַוועק ווייטער קיין דרום ביז מאָנטע קאַסינאָ, אויפן האַלבן וועג צווישן רוים און נעאַפּאָל, אַן איינזאַמער און שיינער באַרג, אינמיטן פון אַ גרויסן קרייז מאַיעסטעטישע הויכקייטן. עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז דאָ האָט ער נאָך אין זעקסטן יאָרהונדערט נאָך קר. געפונען אַ טעמפּל פון אַפּאָלאָ אין אַ געהייליקטן וועלדל, און די מענטשן פון יענעם קאַנט האָבן נאָך אָפּגעריכט אַ קולט פאַרן הייליקטום. זיינע ערשטע אַרבעטן זיינען דאָ געווען מיסיאָנערישע, און מיט גרוס מי האָט ער איבערגערעדט די פּראָסטע היידן, זיי זאָלן צעשטערן זייער טעמפּל און אויסהאַקן דאָס וועלדל. דער מוסד אויפן מאָנטע קאַסינאָ איז געוואָרן אַ באַרימטער און מעכטיקער צענטער נאָך ביים לעבן פון זיין גרינדער. אויסגעמישט מיט נאַרישע אויסטראַכטענישן פון וואונדער־גלוסטיקע מאָנאַכן וועגן פאַרטריבענע רוחות, וועגן תלמידים וואָס שפּאַנען אַרום איבערן וואַסער, וועגן געשטאָרבענע קינדער, וואָס זיינען געוואָרן לעבעדיק, קאָנען מיר נאָך אַרויסגעפינען עפּעס פון בענעדיקטס אמתן גייסט. באַזונדערס באַטייטפול זיינען יענע מעשיות, וואָס שילדערן אים ווי אַ קעגנער פון עקסטרעמע סיגופים. ער האָט געשיקט אַ בריוו צו אַ מתבודד, וואָס האָט אַרויסגעפונען אַ נייע מדרגה פון הייליקייט דורך צושמידן זיך צו אַ פעלז אין אַ שמאָלער הייל, און געעצהט אים, ער זאָל איינהאַלטן

דעם אימפּעט זיינעם. „צערייס דיין קייט“, האָט געשריבן בענעדיקט, „וואָרעם דער אמתער קנעכט גאָטס איז צוגעשמידט ניט דורך אייזן צו פעלזן, נאָר צו רעכטפאַרטיקייט דורך קריסטוסן“.

חוץ דעם וואָס בענעדיקט האָט ניט געהאַלטן פון די סיגופים פון די מתבודדים, האָט ער נאָך געפאָדערט ביי די מאָנאַכן, זיי זאָלן שווער אַרבעטן. דורך די לעגענדעס שיינט נאָך אַרוים אַ קלאָרער אָנווייז אויף דעם טומל, וואָס זיינע פּאַטריצישע תלמידים האָבן געמאַכט דערפאַר, וואָס זיי זיינען געווען מחויב צו אַרבעטן, אָנשטאָט צו פאַרברענגען זייער צייט אין תעניתים און תפילות, און די נייטיקע אַרבעטן זאָלן אָפּטאָן די ברידער פון אַ נידעריקערן קלאַס. אַ דריטע מערקווערדיקע זאַך פון בענעדיקטן איז געווען זיין פּאָליטישע השפּעה. ער האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ צו פאַראייניקן די גאָטן מיט די איטאַליענער, און עס איז קלאָר, אַז טאָטילאַ, זיין גאָטישער קיניג, איז געקומען צו אים נאָך אַן עצה, און ער האָט געהאַט אויפן קיניג אַ גרויסע השפּעה. אַז טאָטילאַ האָט אָפּגענומען נעאַפּאָל ביי די גריכן, האָבן די גאָטן באַשיצט די פרויען קעגן אָנפאַלן, און זיי זיינען אַפילו מיט די געפאַנגענע זעלנער זיך באַגאַנגען מענטשלעך. אַז בעליסאַר, יוסטיניאַנס גענעראַל, האָט איינגענומען נעאַפּאָל מיט צען יאָר פריער, האָט ער געפייערט דעם ניצחון זיינעם דורך אַן אַלגעמיינער שחיטה.

די מאָנאַכישע אָרגאַניזאַציע, וואָס בענעדיקט האָט געשאַפן, איז געווען אַ זייער גרויסע התחלה פאַר דער מערבדיקער וועלט. איינער פון זיינע אויסגעצייכנטע אָנהענגערס איז געווען דער פּויפּס גרעגאָר דער גרויסער (560 — 604), דער ערשטער מאָנאַך, וואָס איז געוואָרן אַ פּויפּס (590). ער איז געווען איינער פון די פעיִקסטע און ענערגישסטע פּויפּסן; ער האָט מיט הצלחה געשיקט מיסיעס צו די נאָך ניט באַקערטע פעלקער, באַזונדערס צו די אַנגלאָ-סאַקסן. ער האָט רעגירט אין רוים ווי אַן אומאָפּהענגיקער קיניג, אָרגאַניזירט אַרמייען, געשלאָסן אָפּמאַכן. זיין השפּעה איז צו פאַרדאַנקען, וואָס די כללים פון דעם בענעדיקטינער-אָרדן זיינען געוואָרן אַ חוב כמעט פאַר אַלע לאַטיינישע מאָנאַכן.

ענג פֿאַרבונדן מיט די דאָזיקע צוויי מענער, וואָס האָבן מיטגעווירקט דערצו, אַז די עגאָיסטישע סיגופֿים פֿון די פֿריערדיקע מתבודדים זאָלן זיך אַנטוויקלען צו אַ ציוויליזירנדיקן מאָנאַכנטום, איז געווען קאַסיאָדאָר (490 — 585). ער איז געווען באַשיימפֿערלעך אַ סך עלטער פֿאַר דעם פּויפּס גרעגאָר און מיט צען יאָר יינגער פֿאַר בענעדיקטן. פּונקט ווי די דאָזיקע צוויי האָט ער געשטאַמט פֿון פּאַטריציער, פֿון אַ סירישער משפּחה, וואָס האָט זיך באַזעצט אין איטאַליע. ער האָט געהאַט געמאַכט אַ היפּשע אָפֿיציעלע קאַריערע אונטער די גאָטישע מלכים. און אַז די מפּלות פֿון די דאָזיקע מלכים און די גרויסע מגפֿה, צווישן די יאָרן 545 און 553, האָבן געעפֿנט דעם וועג פֿאַר אַ נייער באַרבאַרישער רעגירונג פֿון די לאַנגאָבאַרדן, האָט ער זיך צוריקגעצויגן צו אַ מאָנאַכישער קאַריערע. ער האָט געגרינדעט אַ קלויסטער אויף זיין אייגענער נחלה, און האָט די מאָנאַכן, וואָס ער האָט צונויפֿגעקליבן, באַוואויגן צו אַרבעטן לויט דעם שטייגער פֿון די בענעדיקטינער, הגם צי האָבן די מאָנאַכן אָפּגעהיט די בענעדיקטינער כּללים, וואָס זיינען אין יענער צייט פֿאָרמולירט געוואָרן פֿון מאָנטע קאַסינאָ, דאָס ווייסן מיר ניט. נאָר עס קאָן קיין ספֿק ניט זיין, אַז ער האָט געהאַט אַ השפּעה אויף דעם דאָזיקן גרויסן אָרדן פֿון אַרבעטער, לערער און פֿאָרשער. עס איז באַשיימפֿערלעך, אַז ער איז געווען טיף באַטריבט איבער דעם אונטערגאַנג פֿון בילדונג, און אים האָט געאַרט, וואָס עס קאָן פֿאַרלאָרן גיין דאָס גאַנצע פֿריערדיקע וויסן און די גאַנצע ליטעראַטור, און גלייך פֿון אָנהייב האָט ער געפֿירט זיינע ברידער מאָנאַכן צו דער אויפֿגאַבע אויפֿצוהיטן און אויפֿצוריכטן די דאָזיקע זאַכן. ער האָט צונויפֿגעקליבן אַלטע כּתבֿ־ידן און געגעבן זיי איבערשרייבן. ער האָט געמאַכט זון־זייגערס און וואַסער־גלאָקן און כּדומה אַזעלכע אַפּאַראַטן, אַ קליינער לעצטער אויפֿבליץ פֿון עקספּערימענטעלער וויסנשאַפֿט אין דעם חושך וואָס האָט זיך געקליבן. ער האָט געשריבן אַ געשיכטע פֿון די גאָטישע מלכים, און וואָס עס איז נאָך מערקווערדיקער פֿאַר זיין חוש פֿאַר דער נויט פֿון דער צייט, ער האָט געשאַפֿן אַ ריי שול־ביכער פֿאַר די פֿרייע קונסטן און אַ גראַמאַטיק. זיין השפּעה איז מסתּמא נאָך געווען גרעסער ווי די השפּעה פֿון הייליקן בענעדיקט בנוגע צו מאַכן דאָס מאָנאַכנטום פֿאַר

א מאַכטפולן אינסטרומענט צוליב אויפריכטן די סאָציאַלע אָרדע-נונג אין דער מערבדיקער וועלט.

די פאַרשפרייטונג פון קלויסטערס פון דעם בענעדיקטינער-אָרדן אָדער פון אַן ענלעכן טיפ איז אין 7טן און 8טן יאָרהונדערט געווען זייער באַטייטיק. אומעטום געפינען מיר זיי ווי ליכטיקע צענטערס, ווי זיי ריכטן אויף, האַלטן איין און הייבן אויף דעם שטאַנד פון דער ערד-קולטור, ווי זיי היטן אויף אַ מין עלעמענטאַרע בילדונג, פאַר-שפרייטן נוציקע קונסטן, מולטיפליצירן און זאַמלען ביכער און האַלטן פאַר די אויגן פון דער וועלט דאָס בילד און דעם מוסטער פון אַ געזעלשאַפטלעכן רוקן-ביין. זינט דעמאָלט איז די אייראָפּעישע מאָ-נאַכישע סיסטעם אין משך פון אַכט יאָרהונדערטער געבליבן אַ סיס-טעם פון ליכט-פלעקן, וואָס האָבן באַלויכטן אַ וועלט, וואָס וואָלט אָן זיי אינגאַנצן געבליבן אַ כאַאָס. ענג פאַרבונדן מיט די בענעדיק-טינער קלויסטערס זיינען געווען די שולן, וואָס פון זיי זיינען שפּעטער אַרויסגעוואַקסן די מיטלעלטערלעכע אוניווערסיטעטן. די שולן פון דער רוימישער וועלט זיינען אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען אין איינעם מיטן אַלגעמיינעם סאָציאַלן חורבן. געווען אַ צייט, ווען נאָר ווינציק גייסטלעכע אין בריטאַניע און גאַליע האָבן געקאָנט לייענען די עוואַנ-געליע אָדער זייערע געבעט-ביכער. נאָר בהדרגה איז דאָס לער-נען אויפגעריכט געוואָרן אין דער וועלט. אָבער אַז געלערנטקייט איז אויפגעריכט געוואָרן, איז עס שוין ניט מער געווען די צוואַנג-אַרבעט פון אַ געלערנטן שקלאַף, נייערט די רעליגיעזע עבודה פון אַ באַזונדער קלאַס איבערגעגעבענע מענטשן.

אויך אין מזרח איז געווען אַן איבעררייס אין דער טראַדיציע פון בילדונג. דאָרט אָבער איז די סיבה געווען ניט אַזוי סאָציאַלע אומאָרדענונג, ווי רעליגיעזע אומטאָלעראַנץ, און דער בראָך איז על-כל-פּנים ניט געווען אַזאַ פולקומער. יוסטיניאַן האָט פאַרמאַכט און צעטריבן די איינגעשמעלערטע און אינטעלעקטועל אַראָפּגעקומענע שולן פון אַטען (529), נאָר ער האָט דאָס אין זייער אַ גרויסער מאָס געטאָן מיטן מיין אָפּצושאַפן אַ קאָנקורענט צו דער נייער שול, וואָס ער האָט געוואָלט גרינדן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואָס איז געווען מער דירעקט אונטער דעם קיסרס השגחה.

דווקא ווי די נייע לאַטיינישע וויסנשאַפט פון די וואַקסנדיקע מערבדיקע אוניווערסיטעטן האָט ניט געהאַט קיין אייגענע טעקסט־ביכער און ליטעראַטור, האָט זי, ניט געקוקט אויף דער שטרענג טעאָלאָגישער ריכטונג, וואָס האָט דאָס ניט געדאַרפט דערלאָזן, געמוזט אָנקומען בדרך כלל צו די לאַטיינישע קלאַסיקער און צו די לאַטיינישע איבערזעצונגען פון דער גריכישער ליטעראַטור. זי האָט געמוזט אויפהיטן אַ סך מער פון דער דאָזיקער גלענצנדער ליטעראַטור, ווי זי האָט געהאַט בדעה דאָס צו טאָן.

---

## 11. ביזאַנטישע קונסט.

זינט די רעזידענץ פון דער אימפעריע איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין ביזאַנץ, באַווייזט זיך אין דער וועלט אַ נייער טיפּ אַרכיטעקטור און אַ נייער קינסטלערישער גייסט, דער ביזאַנטישער. ער האָט דערלאַנגט צו אַ הויכער אַנטוויקלונג אין דער רעגירונג פון קיסר יוסטיניאַן (527 — 565), וואָס פון אים וועלן מיר דערציילן אין ווייטערדיקן קאַפּיטל; ער איז געגאַנגען אַראָפּ און האָט זיך דערהויבן צו אַ פרישן אויפבלי אין 11טן יאָרהונדערט. ער איז נאָך איצט אַ לעבעדיקע קונסט־טראַדיציע אין מזרח־אייראָפּע. ער דריקט אויס די באַגרענעצונגען און אימפּולסן פון דעם נייעם אָפיציעלן קריסטנטום. אָריענטאַלישע שטריכן און באַזונדערס עגיפּטישע און פּערסישע נטיות זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דער קלאַסישער טראַדיציע. אויפן אָרט פון פּריימוטיקייט און גראַציע איז געקומען גלאַנץ.

איין כאַראַקטעריסטישער שטריך פון זיין דעקאָראַציע איז אַ באַזונדער שטייפקייט; גאָר די בויגעוודיקייט פון דער גריכישער און רוימישער סקולפּטור און מאָלעריי זיינען פאַרשוואונדן, און אויף זייער אָרט האָבן מיר מאָזאַיק, וואָס ווייזט פלאַכע, סימעטרישע, אויסגעשטרעקטע פיגורן אַן־פאַס. קוים איז אין ערגעץ פאַראַן אַ פּראָפיל אָדער אַ נטיה צו פאַרקירצונג. עס מאַכט דעם איינדרוק, אַזוי ווי דער נאַטירלעכער קערפּער, וואָס די גריכן האָבן אים פאַרגעטערט, וואָלט געוואָרן אַ זאַך, וואָס מען מיאוסט זיך דערמיט, וואָס דערוועקט

שרעק. אַזוי אַרום איז דערגרייכט געוואָרן אַ גרויסאַרטיקע און פייער־לעכע ווערדע. די גרייסע מאָזאַיק־פיגורן גאָט דער באַשעפער, די



איינער פון די צוויי עלטסטע קריסטלעכע סארקאָפאגן, אין דער באזיליקע סאן וויטאלע, ראווענא.

בתולה מיטן קינד מאַכן אַן אײַנדרוק אויפֿן קוקער, ווי זיי וואָלטן אַראָפּגעבויגן זיך פֿון די גרויסע קופּלען, וואָס אויף זיי זיינען זיי אויסגעמאָלט. מאָלערייַ און אויספּוץ פֿון ביכער באַווייזן די העלביקע פּלאַמענדיקע שטייפֿקייט. סקולפּטור, ווידער, איז געפֿאַלן און שטאַרק קאַלירטע גראַטעס פֿון אויסגעשניצטע אָרנאַמענטן האָבן פֿאַרנומען דעם אָרט פֿון מאָדעלירטע פֿאָרמען. גאָלד, זילבער און עמאַל זיינען באַאַרבעט געוואָרן מיט אַ גלאַנץ, וואָס האָט קיין גלייכן ניט געהאַט. טעקסטיל־אויסאַרבעטונגען, געבראַכט פֿון מזרח, זיינען אָפֿט געווען פּערסיש אין מוסטער. שפּעטער זיינען אַריינגעקומען איסלאַמישע השפּעות, און די קערפּערלעכע פֿאָרמען זיינען נאָך מער דערשטיקט געוואָרן.

מוזיק איז געוואָרן מאַסיוו און וויכטיק. די מוזיק פֿון די ערשטע קריסטלעכע יאָרהונדערטער איז געווען מער פֿרום און ענטוזיאַסטיש, איידער אויסגעאַרבעט, און שטאַמט גיכער פֿון סעמיטישע, איידער פֿון העלענישע מקורים. וועלטלעכע מוזיק איז געווען לחלוטין פֿאַרבאָטן. „אַ קריסטלעכע בתולה״, זאָגט דער הייליקער היעראָנימוס, „טאָר ניט וויסן, וואָס עס איז אַ לירע אָדער אַ פֿלייט״. דאָס זינגען מזמורים און די מוזיק־אינסטרומענטן האָבן די קריסטן איבערגענומען פֿון דער יידישער עבודה, און האָבן זיך באַגרענעצט מער אָדער ווייניקער פֿולקום מיט אָרגאַניזירטע כאָרן. אַנטיפֿאָנישער געזאַנג איז געווען דער געוויינטלעכער מנהג. דער גאַנצער פֿאַרזאַמלטער עולם האָט געזונגען הימנען — פֿאַרשטייט זיך, אין איין שטים, וואָרעם צו זינגען אין פֿאַרשיידענע שטימען האָט מען נאָך ניט געהאַט פֿאַרשטאַנען. דאָס איז געווען אַן אויסגאַנג פֿאַר איינגעהאַלטענע און אונטערדריקטע עמאָציעס. עס האָבן זיך באַוויזן הימנען אויסגעמישט אין גריכיש און לאַטייניש; טייל, זאָגט מען, זיינען נאָך פֿאַרבליבן אין די איצטיקע הימנען. דער הייליקער גרעגאָר, גרעגאָר דער גרויסער, דער מעכטיקער אָרגאַניזאַטאָר פֿון דער קירך, וואָס פֿון אים וועלן מיר האָבן צו דערציילן אין אַ ווייטערדיקן קאַפּיטל, האָט איינגעשטעלט די ליטורגישע מוזיק פֿון דער קירך אין זעקסטן יאָרהונדערט.

---

## קאַפּיטל 29

# די געשיכטע פון אַזיע בעת דער ירידה פון דער מערבדיקער און דער ביזאַנטישער אימפּעריע

1. יוסטיניאַן דער גרויסער. 2. די סאַסאַנידישע אימ־פּעריע אין פּערסיע. 3. די ירידה פון סיריע אונטער די סאַסאַנידן. 4. די ערשטע שליחות פון דעם איסלאַם. 5. זאָראָאַסטער און מאַני. 6. הונישע פעלקער אין צענטראַל־אַזיע און אינדיע. 7. די די־נאַסטיעס פון כאַן און טאַנג אין כינע. 8. אינטע־לעקטועלע פּענטעס אין כינע. 9. אַלטע כינעזישע קונסט. 10. די נסיעות פון יואַן טשוואַנג.

אין די פריערדיקע צוויי קאַפּיטלען האָבן מיר קאָנצענטרירט אונזער אויפמערק דער עיקר אויף דעם, ווי אַזוי עס איז אין דער לפי־ערך קורצער צייט פון פיר יאָרהונדערטער חרוב געוואָרן די פּאָליטישע און סאָציאַלע אָרדענונג פון דעם מערבדיקן טייל פון דער אימפּעריע פון צעזאַר און טראַיאַנוס. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם פאַקט, וואָס דער דאָזיקער חורבן איז געווען אַ פולער. פאַר אַן אינטעלי־גענטן און געזעלשאַפטלעך געשטימטן גייסט, וואָס האָט געלעבט אין דער צייט און אונטער די אומשטאַנדן פון הייליקן בענעדיקט און קאַסיאָדאָר, האָט עס טאַקע געמוזט אויסזעהן, אַזוי ווי די שיין פון דער ציוויליזאַציע ווערט אַליך בלאַסער און האַלט ביי אויסגע־לאָשן ווערן. אָבער מיט דעם ברייטערן קוק, וואָס עס גיט אונז דאָס שטודיום פון דער וועלט־געשיכטע, מעגן מיר באַטראַכטן די דאָזיקע באַשאָטנטע יאָרהונדערטער ווי אַ פּאַוזע, און מסתמא ווי אַ נייטווענ־דיקן פּאַוזע, אין דער אַנטוויקלונג פון די פּאָליטישע אידעען און השגות. און אויב אין משך פון דער צייט האָט געהויערט איבער

מערב־אייראָפּע אַ טונקל געפיל פון אומגליק, מוזן מיר געדענקען, אַז אין גרויסע טיילן פון דער וועלט איז קיין רעגרעס ניט געווען.




קיסר יוסטיניאַן I, בילד אין מאָזאַיִק אין אַ קירך אין ראַווענאַ.

מיט זייערע מערבדיקע פאָראורטיילן זיינען די אייראָפּעיִשע שרייבערס צופיל נוטה אונטערצושאַצן די פעסטקייט פון דער מזרח־

דיקער אימפעריע, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אויף קאָנסטאַנטינאָפּאָל. די אימפּעריע האָט פאַרקערפּערט אַ סך אַן עלטערע טראַדיציע ווי די טראַדיציע פון רוים. אַז דער לעזער וועט זיך לויט אַ קאַרטע פאָרשטעלן איר אויסשפּרייט אין זעקסטן יאָרהונדערט און אַז ער וועט זיך באַקלערן, אַז די אָפיציעלע שפּראַך איז געוואָרן גריכיש, וועט ער פאַרשטיין, אַז דאָס, וואָס מיר באַהאַנדלען דאָ, איז נאָר לויטן נאָמען אַ טייל פון דער רוימישער אימפעריע; פאַקטיש איז דאָס יענע העלע־נישע אימפעריע, וואָס וועגן איר האָט געחלומט הערזאָט און וואָס אלכסנדר דער גרויסער האָט זי געגרינדעט. ריכטיק איז, אַז זי האָט זיך אָנגערופן רוימיש און איר פאָלק „רוימער" און נאָך ביזן הײַנטיקן טאָג רופט מען מאָדערן גריכיש „ראָמאַיִש". אמת איז אויך, אַז קאָנ־סטאַנטין דער גרויסער האָט קיין גריכיש ניט געקאָנט און אַז יוסטי־ניאַנס אויסשפּראַך איז געווען אַ שלעכטע. אָבער אָט די אַלע אויבנ־אויפיקייטן פון נאָמען און פאָרם קאָנען ניט איבערבייטן דעם פאַקט, וואָס די אימפעריע איז אין דער אמתן געווען אַ העלענישע, מיט אַן עבר פון זעקס יאָרהונדערטער אין קאָנסטאַנטין דעם גרויסנס צייט. און בעת די אמתע רוימישע אימפעריע איז אײַנגעשרומפּן געוואָרן אינ־גאַנצן אין פיר הונדערט יאָר, האָט די דאָזיקע העלענישע „רוימישע אימפעריע" זיך געהאַלטן איבער עלף יאָרהונדערטער — פון 312, דעם אָנהייב פון קאָנסטאַנטין דעם גרויסנס רעגירונג, ביז 1453, ווען קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון די אָטאָמאַנישע טערקן.

און בעת מיר האָבן געהאַט צו דערציילן פון אַ פולן סאָציאַלן צעפאַל אין מערב, האָבן מיר ניט קיין גלייכע חורבנות אין מזרח. שטעט און שטעטלעך האָבן געבליט, דאָס לאַנד איז געווען גוט קול־טיווירט, האַנדל איז אָנגעגאַנגען. אין משך פון אַ סך יאָרהונדערטער איז קאָנסטאַנטינאָפּאָל געווען די גרעסטע און רײַכסטע שטאָט אין דער וועלט. מיר וועלן זיך דאָ ניט עסקן מיט די נעמען און מיט די שגעונות, מיט די פאַרברעכן און די אינטריגעס פון אירע קיסרים. פונקט ווי דער גרעסטער טייל מאָנאַרכן פון גרויסע מלוכות, האָבן ניט זיי געפירט זייער אימפעריע; זיי זײַנען פון איר גע־טראָגן געוואָרן. מיר האָבן שוין דערציילט מיט אַ געווויסער אריכות

וועגן קאָנסטאַנטין דעם גרויסן (312 — 337), מיר האָבן דערמאָנט טעאָדאָסיוס דעם גרויסן (379 — 395), וואָס האָט אויף אַ קורצער צייט ווידער געהאַט פאַראייניקט די אימפּעריע, און יוסטיאַנען I (527 — 565). איצט וועלן מיר דערציילן עפּעס וועגן העראַקליוסן (610 — 641).

יוסטיניאַן האָט, ווי קאָנסטאַנטין, געהאַט אפשר סלאַוויש בלוט אין זיינע אָדערן. ער איז געווען אַ מאַן מיט גרויסע אַמביציעס און מיט אַ גרויסן אָרגאַניזיר-כּוח, און ער האָט געהאַט מזל צו האָבן אַ ווייב מיט גלייכע אָדער נאָך גרעסערע כּשרונות, די קיסרין טעאָדאָראַ, וואָס איז אין אירע יונגע יאָרן געווען אַן אַקטריסע פון אַ מסופּקדיקער רעפּוטאַציע. נאָר זיינע כּבוד-זוכערישע פּרוּוון אויפצוריכטן די אַלטע גדולה פון דער אימפּעריע האָבן מסתּמא אַריבערגעשטייגט זיינע כּוחות. ווי מיר האָבן שוין דערציילט, האָט ער אָפּגענומען די אַפריקאַנישע פּראָווינץ פון די וואַנדאַלן און דעם גרעסטן טייל איטאַליע פון די גאָטן. ער האָט אויך צוריק אַיינגענומען דרום-שפּאַניע. ער האָט אויסגעבויט די גרויסע און שיינע קירך סאַנקטאַ סאָפיאַ אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, געגרינדעט אַן אוניווערסיטעט און קאָדיפיצירט דאָס געזעץ. נאָר קעגן דעם מוזן מיר שטעלן דאָס, וואָס ער האָט געשלאָסן די שולן פון אַטען. דערווייל האָט אַ גרויסע מגפה אָנגעטאָן חורבנות אין דער וועלט, און מיט זיין טויט איז זיין באַנייטע און פאַרברייטערטע אימפּעריע אַיינגעפאַלן, ווי אַ דורכגעשטאָכענער פּענכער. דעם גרעסטן טייל פון די איטאַליענישע באַצווינגונגען האָבן צוגענומען די לאַנגאָבאַרדן. איטאַליע איז אין יענער צייט געווען כּמעט אַ מדבר; די היסטאָריקער פון די לאַנגאָבאַרדן זאָגן, אַז זיי זיינען אַריינגעקומען אין אַ פּוסטן לאַנד. די אַוואַרן און סלאַוון האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פון דונאַי-לאַנד אַראָפּ צום אַדריאַטישן ים, סלאַווישע שבטים האָבן זיך אַיינגעזעצט אין יענע לענדער, וואָס זיינען איצט סערביע, קראָאַציע, דאַלמאַציע — דאָס זיינען די היינטיקע יוגאָ-סלאַוון. חוץ דעם, האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסער און אויסמאַטערנדיקער געראַנגל מיט דער סאַסאַנידישער אימפּעריע פון פּערסיע.

נאָר איידער מיר וועלן עפּעס זאָגן וועגן דעם דאָזיקן געראַנגל, וואָס אין אים האָבן די פּערסער געהאַלטן דריי מאָל ביי אַיינגעמען

קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און וואָס איז באַשלאָסן געוואָרן דורך אַ גרויסער מפּלה פון די פּערסער ביי נינווה (627), איז נייטיק צו סקיצירן בקיצור די געשיכטע פון פּערסיע זינט דער צייט פון די פּאַרטער.

---

## 2. די סאַסאַנידישע אימפּעריע אין פּערסיע.

מיר האָבן שוין געצויגן אַ פאַרגלייך צווישן די קורצע פיר יאָרהונדערטער פון רוימישן אימפּעריאַליזם און דער פאַרעקשנטער לעבעדיקייט פון דעם אימפּעריאַליזם אין דעם פרת=חידקל=לאַנד. מיר האָבן אגב=אורחא געוואָרפן אַ בליק אויף די העלעניזירטע באַקטרישע און סעלעווקידישע מאָנאַרכיעס, וואָס האָבן געבליט אין דער מזרחדיקער העלפט פון אלכסנדרס געוועזענער מלוכה אין משך פון דריי יאָרהונדערטער, און מיר האָבן דערציילט, ווי אַזוי די פּאַרטער זיינען אַראָפּגעקומען קיין מעסאָפּאָטאַמיע אין לעצטן יאָרהונדערט פאַר קר. מיר האָבן געשילדערט די שלאַכט ביי קאַרע און קראַסוסעס מפּלה. דערנאָך האָט אין משך פון דריטהאַלבן יאָרהונדערט אין מזרח רעגירט אַ פּאַרטישע דינאַסטיע אַרסאַקידן און אין מערב האָבן געוועלטיקט די רוימער, און צווישן זיי זיינען געווען סיריע און אַרמעניע, און די גרענעצן האָבן זיך איבערגערוקט קיין מזרח און קיין מערב, געווענדט אָן דעם, וואָסער צד איז געווען שטאַרקער. מיר האָבן פאַרצייכנט די ווייטסטע אויסשפּרייטונג קיין מזרח פון דער רוימישער אימפּעריע אונטער טראַיאַנוסן, און מיר האָבן באַמערקט, אַז אַן ערך אין דער זעלביקער צייט זיינען די אינדאָ=סקיטן אַריינגעדרונגען קיין אינדיע.

אין יאָר 226 איז אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע, און די אַרסאַקידישע דינאַסטיע האָט אָפּגעטראָטן דעם אָרט אַ מעכטיקערער דינאַסטיע, די סאַסאַנידן אונטער אַרדאַשיר I. דאָס איז געווען אַ נאַציאָנאַלע פּערסישע דינאַסטיע. אין איין פּרט האָט די אימפּעריע פון אַרדאַשיר I פאָרגעשטעלט אַ טשעקאַוון פּאַראַלעל צו דער אימפּעריע פון קאָנסטאַנטין דעם גרויסן מיט הונדערט יאָר שפּעטער. אַרדאַשיר האָט געפּרווט פאַרפעסטיקן זיין מלוכה דורך איינשטעלן זי אויף אַ רעליגיעזער איינהייט, און האָט דעריבער אָנגענומען פאַר דער מלוכה=

רעליגיע די אַלטע פּערסישע אמונה פון זאָראָאַסטער, וואָס מיר וועלן וועגן איר ריידן שפּעטער.

די דאָזיקע נייע סאַסאַנידישע אימפּעריע איז תיכּף געוואָרן אַגרעסיוו, און אונטער סאַפּור I (שבור מלכא), דעם זון און דעם יורש פון אַרדאַשיר, האָט זי איינגענומען אַנטיוכיא. מיר האָבן שוין דערציילט, ווי דער קיסר וואַלעריאַן האָט געליטן אַ מפּלה און איז גענומען געוואָרן



קיסר יוסטיניאַן מיטן בּיסקופּ מאַקסימיאַן און סוויטע, מאָזאַיק אין אַ קירך אין ראַווענא.

געפאַנגען (260). אָבער אַז סאַפּור איז געגאַנגען פון אַ ניצחון־מאַרש אין קליין־אַזיע, איז אויף אים אָנגעפאַלן און האָט אים צעקלאַפּט אָדענאַט, דער אַראַבּישער קיניג פון פּאַלמירע, אַ גרויסער האַנדלס־צענטער אין מדבּר.

אין משך פון אַ קורצער צייט אונטער אָדענאַט, און שפּעטער אונטער זיין אלמנה זענאָבּיאַ, איז פּאַלמירע געווען אַ היפּשע מלוכה, אַריינגעשפּאַרט צווישן צוויי אימפּעריעס. דערנאָך איז זי אַריינגעפאַלן

אין די הענט פון קיסר אוירעליאַן, וואָס האָט אַוועקגעפירט די קיניגין זענאָביאַ געשמידט אין קייטן, כדי אויסצופוצן זיין טריומף אין רוים (272).

מיר וועלן ניט פּרוּוון צו צייכענען די באַוועגטע געשיכטע פון די סאַסאַנידן אין משך די ווייטערדיקע דריי יאָרהונדערטער. דורך אָט דער צייט האָט די מלחמה צווישן פּערסיע און צווישן דער אימפּעריע פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל פאַרוויסט קליין-אַזיע, ווי אַ הייך-קרענק. קריסטנטום האָט זיך ווייט פאַרשפּרייט און איז געוואָרן גערודפט, וואָרעם נאָכדעם ווי רוים איז געוואָרן קריסטיאַניזירט, איז דער פּערסישער מאָנאַרך געבליבן דער איינציקער גאָט-קיניג אויף דער ערד, און ער האָט אין קריסטנטום געזען נאָר די פּראָפּאַגאַנדע פאַר זיין ביזאַנטישן קעגנער. קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז געוואָרן די באַשיצערין פון די קריסטן און פּערסיע די באַשיצערין פון די זאָראָאַסטעריאַנער; אין אַן אָפּמאַך פון יאָר 422 האָט די איין אימפּעריע מסכּים געווען צו טאָלערירן די זאָראָאַסטער-אמונה און די צווייטע — קריסטנטום. אין יאָר 483 האָבן די קריסטן פון מזרח זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דער אָרטאָדאָקסער קירך און זיינען געוואָרן די נעסטאָריאַנישע קירך; די דאָזיקע קירך האָט, ווי מיר האָבן שוין באַמערקט, צעשיקט אירע מיסיאָנערן ווייט און ברייט איבער צענטראַל-און-מזרח-אַזיע. די דאָזיקע אָפּשיידונג פון אייראָפּע, וויבאַלד זי האָט די קריסטלעכע בּיסקופּן פון מזרח פריי געמאַכט פון דער רעגירונג פון ביזאַנטישע פּאַטריאַרכן, און אַזוי אַרום אַראָפּגענומען פון דער נעסטאָריאַנישער קירך דעם חשד פון פּאָליטישער אומלאָיאַלקייט, האָט גורם געווען דערצו, אַז קריסטנטום האָט גענאָסן פולע טאָלעראַנץ אין פּערסיע.

מיט כּוזרו I (531 — 579) איז אָנגעשטאַנען דער לעצטער פּעריאָד פון דער סאַסאַנידישער מאַכט. ער איז געווען אַ בן-דור פון יוסטיניאַן און איז געגאַנגען אין זיינע דרכים. ער האָט רעפאָרמירט די אָפּצאָלן, אויפגעריכט דאָס אָרטאָדאָקסע זאָראָאַסטערטום, אויסגעשפּרייט זיין מאַכט ביז קיין דרום-אַראַביע (יעמען), וואָס ער האָט אָפּגענומען ביי די קריסטלעכע אַבעסינער, פאַרברייטערט זיינע צפונדיקע גרענעצן ביז קיין מערב-טורקעסטאַן און האָט געפירט אַ ריי מלחמות מיט יוסטיניאַן. זיין שם ווי אַן אויפגעקלערטער רעגירער איז

געשטאַנען אַזוי הויך, אַז ווען יוסטיניאַן האָט געשלאָסן די שולן אין אַטען, זיינען די לעצטע גריכישע פילאָסאָפן אַוועק צו זיין הויף.



די קירך סאַן אַפּאָלינאַ־ע אין ראַווענאַ, אויסגעבויט אַרום 500 נאָך קר.

זיי האָבן אין אים געזוכט דעם קיניג דעם פילאָסאָף, — דעם מיראַזש, וואָס עס האָבן בשעתם געזוכט, ווערליק מיר האָבן דערציילט, קאָנ־

פּוציוס און פּלאַטאָן. די פילאָסאָפן אָבער האָט די אַטמאָספערע פון אָרטאָדאָקסן זאָראָאַסטערטום נאָך ווינציקער געשמעקט אַפילו ווי דאָס אָרטאָדאָקסע קריסטנטום, און אין יאָר 549 האָט כּוזרו געהאַט די פריינדלעכקייט אַריינצושטעלן אין אַ וואָפנשטילשטאַנד=אָפּמאַך מיט יוסטיניאַנען אַ פּונקט, אַז זיי איז דערלויבט אומצוקערן זיך צוריק קיין גריכנלאַנד, און עס ווערט פאַרזיכערט, אַז מען וועט זיי ניט טשעפּען פאַר זייער היידנישער פילאָסאָפיע אָדער פאַר זייער אַריבערגיין צו די פּערסער.

אין צוזאַמענהאַנג מיט כּוזרו הערן מיר וועגן אַ נייעם הונישן פאָלק אין צענטראַל=אַזיע, די טערקן, וואָס מיר ווערן געוואָר, אַז צוערשט זיינען זיי געווען פאַרבונדן מיט אים און שפּעטער מיט קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

כּוזרו II (590 — 628), דער אייניקל פון כּוזרו I, האָט געהאַט אויסצושטיין ניט=געוויינטלעכע בייטן פון מזל. ביים אָנהייב פון זיין קאַריערע האָט ער אויפגעטאָן וואונדערלעכע גבורות אַנטקעגן דער אימפּעריע פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דריי מאָל (608, 615 און 626) האָבן זיינע אַרמייען דערגרייכט ביז כאַלקעדאָן, וואָס ליגט גלייך קעגנאיבער קאָנסטאַנטינאָפּאָל; ער האָט איינגענומען אַנטיוכיא, דמשק און ירושלים (614), און פון ירושלים האָט ער אַוועקגעפירט אין זיין הויפּטשטאָט קטעסיפאָן אַ קרייץ, וואָס מען האָט געזאָגט, אַז דאָס איז דער אמתער קרייץ, וואָס אויף אים איז ישו געוואָרן געקרייציקט (אָבער אַ שטיק פון דעם דאָזיקן אָדער פון אַן אַנדער אמתן קרייץ איז שוין געווען אָנגעקומען אין רוים. ווערליק מען האָט דערציילט, זאָל דאָס האָבן געבראַכט די „קיסרין העלענע“, די אידעאַליזירטע און קאַנאָניזירטע מוטער פון קאָנסטאַנטין — אַ געשיכטע, וואָס גיבאָן האַלט פון איר ווינציק)*. אין יאָר 619 האָט כּוזרו איינגענומען דאָס גרינגע לאַנד עגיפּטן. צו דער דאָזיקער באַצווינגער=קאַריערע האָט געמאַכט סוף=כּל=סוף אַן ענד דער קיסר העראַקליוס (610), וואָס האָט ווידער אויפגעריכט די מיליטער=מאַכט פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אַ שטיקל צייט האָט העראַקליוס אויסגעמיטן אַ גרויסע שלאַכט, ווייל ער האָט גע=

* די ירידה און אונטערגאַנג פון דער רוימישער אימפּעריע קאַפּ. XXIII.

קליבן כוחות. ער איז אַרויסגעטראָטן אין מאַרש גוט צוגעגרייט אין יאָר 623. די פּערסער האָבן געליטן אַ רײ מפּלות, און די גרעסטע איז געווען אין דער שלאַכט ביי נינווה (627). נאָר קיין איינער פון די צדדים האָט ניט געהאַט גענוג כּוח צו צעקלאַפּן דעם אַנדערן אינגאַנצן. צום סוף פון דעם קאַמף איז נאָך אַ ניט-צעקלאַפּטע פּערסישע אַרמיי ביים באָספּאָר, הגם אין מעסאָפּאָטאַמיע זיינען געווען זיגרייכע ביזאַנטישע חיילות.

אין יאָר 628 איז כּוזרו II אַראָפּגעזעצט געוואָרן פון דער מלוכה און דערהרגעט פון זיין אייגענעם זון. אַן אומאַנטשיידענער שלום איז געוואָרן געמאַכט צווישן די צוויי אויסגעמאַטערטע אימפּעריעס אין אַ יאָר מיט עפּעס אַרום, און עס זיינען אײַנגעשטעלט געוואָרן די אַלטע גרענעצן. און דער אמתער קרײץ איז צוריק אָפּגעשיקט געוואָרן צו הערַאַקליוסן, וואָס האָט אים ווידער אויפגעשטעלט אין ירושלים מיט גרויס פּאַראַד און צערעמאָניע.

---

### 3. די ירידה פון סיריע אונטער די סאַסאַנידן.

אַזוי גיבן מיר בקיצור די הויפּט-געשעענישן אין דער געשיכטע סיי פון דער פּערסישער און סיי פון דער ביזאַנטישער אימפּעריע. מער אינטערעסאַנט פאַר אונז און ווינציקער גרינג צו געבן זיינען די שינויים, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין לעבן פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונגס-מאַסע פון די אימפּעריעס אין יענער צייט. דער מחבר קאָן געפינען ווינציק באַשטימטע ידיעות מכּוח די גרויסע מגפות, וואָס, ווערליק מיר ווייסן, איז די וועלט געוואָרן געפּלאָגט מיט זיי אין צווייטן און זעקסטן יאָרהונדערט פון דער קריסטלעכער צייט. געווים האָבן זיי פאַרטיליקט די באַפעלקערונג און מסתמא דעזאָרגאַניזירט די סאָציאַלע אָרדענונג, פּונקט אַזוי ווי דאָס איז געשען, ווערליק מיר ווייסן, אין דער רוימישער און כינעזישער אימפּעריע.

דער פאַרשטאָרבענער סער מאַרק סייקס, וואָס זיין פריציייטיקער טויט אין פּאַריז בעת דער עפּידעמיע פון אינפלוענציע אין יאָר 1919 איז געווען אַ ניט-אויסצופילנדיקער אָנווער פאַר גרויס-בריטאַניע, האָט

געשריבן אין זיין ווערק „דעם כאַליפס לעצטע ירושה" אַ לעבעדיקן איבערבליק איבער די אַלגעמיינע לעבנס-תנאים אין פאָדעראַזיע און משך פון דעם פעריאָד, וואָס מיר האַלטן איצט אין באַטראַכטן. אין די ערשטע יאָרהונדערטער פון דער איצטיקער ערע, זאָגט ער: „איז די פירונג פון דער מיליטער-אַדמיניסטראַציע און פון די קיסרלעכע פינאַנסן געוואָרן אין געדאַנק פון מענטשן אינגאַנצן אָפּגעטיילט פון דער פאַקטישער רעגירונג. ניט געקוקט אויף דער ערגסטער טיראַניע פון אידיאָטן, שיכורים, אויסוואורפן, משוגעים, ווילדע מענטשן און צעלאָזענע פרויען, וואָס האָבן פון צייט צו צייט געהאַלטן אין זייערע הענט די לייצעס פון דער רעגירונג, האָבן דאָך מעסאָפּאָטאַמיע, בבל און סיריע געהאַט אַ פיל-צאָליקע באַפעלקערונג, די גרויסע קאַנאַלן און דאַמבעס זיינען געהאַלטן געוואָרן אין גוטער אָרדענונג, האַנדל און אַרכיטעקטור האָבן געבליט, הגם עס זיינען כסדר דורכגעגאַנגען פיינדלעכע אַרמייען און אַלע ווילע פלעגט זיך בייטן די נאַציאָנאַליטעט פון דעם גובערנאַטאָר. דער אינטערעס פון איטלעכן פויער איז געווען קאָנצענטרירט אין דער הויפּט-שטאָט פון געגנט; דער אינטערעס פון איטלעכן שטאָט-מענטש איז געווען, אַז זיין שטאָט זאָל פּראָגרעסירן און רייך ווערן; און אָפט פלעגט מען אַפילו זיין צופרידן, ווען עס פלעגט קומען אַ פיינדלעכע אַרמיי, אויב נאָר דער ניצחון אירער איז געווען אַ געזיכערטער, און מען האָט זיך געקאָנט פאַרלאָזן, אַז די קאָנטראַקטן וועלן ווערן געצאָלט.

„אַן אָנפאַל פון צפון ווידער (טוראַנער פון טורקעסטאַן אָדער אַוואַרן פון קאַווקאַז) האָט געמוזט אַרייניאָגן שרעק. דעמאָלט האָבן די איינוואוינער פון די דערפער געמוזט זוכן אַ באַהעלטעניש הינטער די מויערן פון שטאָט, וואָס פון דאָרט האָבן זיי געקאָנט נאָר דערקענען פון וויטנס דעם רויך, וואָס האָט דערציילט וועגן די שאָדנס און חורבנות, וואָס נאָמאַדן טוען אָן. אָבער כל-זמן די קאַנאַלן זיינען ניט געווען צעשטערט (און זיי זיינען געווען געבויט אַזוי סאָליד און פעסט, אַז זייער גאַנצקייט איז געווען געזיכערט), האָט ניט געקאָנט אָנגעטאָן ווערן אַזאַ שאָדן, וואָס זאָל זיך ניט לאָזן פאַרריכטן.

„אין אַרמעניע און פּאָנטוס איז שוין דער מצב געווען גאָר אַן אַנדערער. דאָס זיינען געווען בערג-געגנטן, וואָס זיינען געווען באַזעצט דורך קריגערישע שבטים, וואָס בראש פון זיי זיינען געשטאַנען מעכטיקע איינגעבאָרענע אַדל-פאַמיליעס אונטער דער רעגירונג פון אָנערקענטע מלכים, בעת אין די טאָלן און פליינען האָבן פרידלעכע ערד-אַרבעטער צוגעשטעלט די נויטווענדיקע עקאָנאָמישע מיטלען. קאַפּאַדאָקיע און קיליקיע האָבן זיך געפונען דורכאויס אונטער גריכישער השפעה און האָבן געהאַט אַ סך רייכע און הויך ציוויליזירטע שטעט, חוץ דעם האָבן זיי פאַרמאָגט אַ באַטייטיקן האַנדלס-פּלאַץ. דעם גאַנצן וועג פון קיליקיע צום העלעספּאָנט איז דער ברעג פון מיטללענדישן ים געווען פול אָנגעזעצט מיט רייכע שטעט און גריכישע קאָלאָניעס, דורכאויס קאָסמאָפּאָליטיש אין געדאַנק און שפּראַך, מיט אַזעלכע מוניציפּאַלע און לאָקאַלע אַמביציעס, וואָס האָבן קענטיק אויסגעפּאַסט פאַרן גריכישן כאַראַקטער. דער גריכישער פאַס האָט זיך אויסגעשפּרייט פון קאַריע ביזן באָספּאָר, און האָט זיך געצויגן פאַזע ברעג אַזש ביז קיין סינאָפּע אויפן שוואַרצן ים, וואו ער האָט זיך בהדרגה פאַרלאָרן.

„סיריע איז געווען צעריסן, ווי אַ בונטע קאָלדרע, אין כל-ערליי הויפּטמאַנשאַפטן און שטאָטישע קיניגרייכן, אָנגעהויבן מיט די כמעט באַרבאַרישע מלוכות פון קאָמאַגענע און עדעסאַ (אורהאַי, אורפאַ) אין צפון-זייט. דרומדיקער פון איר איז געווען באַמביקע מיט אירע גרויסע טעמפּלען און כּהנישע רעגירערס. ווייטער צום ברעג האָט אַ געדיכטע באַפעלקערונג אין דערפער און שטעטלעך זיך גרופּירט אַרום די פרייע שטעט אַנטיוכיאַ, אַפּאַמעאַ און עמעסאַ (חומס); אין דער זעלביקער צייט איז די גרויסע שטאָט פון סעמיטישע סוחרים פּאַלמירע ווייט אין מדבר געוואָרן רייך און גרויס, מחמת זי איז געווען אַ נייטראַלער האַנדלס-פּלאַץ צווישן פּאַרטיע און רוים. צווישן לבנון און דעם מול-לבנון געפינען מיר, אויפן שפּיץ פון איר גדולה, די שטאָט העליאָפּאָליס (בעל-בכי, באַלבעק), וואָס אירע איינגעפאַלענע חורבות דערוועקן נאָך ביי היינטיקן טאָג אונזער באַוואונדערונג... פאַרקערעווענדיק אין דער ריכטונג צו גליל געפינען מיר די וואונדערלעכע שטעט געראַסאַ און פילאַדעלפיאַ (רבת-עמון, אַמאַן), פאַר-

בונדן דורך סאָלידע געמויערטע וועגן און פאַרזאָרגט מיט ריזיקע אַקוועדוקטן... סיריע איז נאָך אַזוי רייך אין חורבות און רעשטן פון יענעם פעריאָד, אַז עס איז ניט שווער צו מאַכן זיך אַ בילד פון דעם מהות פון איר ציוויליזאַציע. די קונסטן פון גריכנלאַנד, וואָס זיינען אַ צייט פריער אַריינגעבראַכט געוואָרן, האָבן זיך אַנטוויקלט צו אַ גרויסאַרטיקייט, וואָס גרענעצט מיט וואולגאַרקייט. די רייכקייט פון אָרנאַמענטירונג, די אויסבריינגערישע הוצאות, די גרויסהאַלטערישע עשירות, דאָס אַליך זאָגט עדות, אַז דער גוסט פון די תאוואהדיקע און אַרטיסטישע סעמיטן איז דעמאָלט געווען דער זעלביקער וואָס איצט. איך בין געשטאַנען אין די קאָלאָנאַדעס פון פאַלמירע און האָב געזעהן אין איינעם פון די איצטיקע רייכע האָטעלן, איז חוץ דעם, וואָס דער לעצטער איז געבויט פון אַייזן, פאַרשמירט מיט פאַלשן געהילץ, פאַלשן טינק, פאַלשן גאָלד, פאַלשן סאַמעט און פאַלשן שטיין, איז די ווירקונג געווען די זעלביקע. אין סיריע זיינען געווען גענוג שקלאַפן, אַז מען זאָל קאָנען שאַפן אמתע בנינים, אָבער דער קינסטלערישער גייסט איז געווען אַזוי געפאַלן, אַז אַלצדינג איז געמאַכט געוואָרן מיט מאַשינעריע. לגבי די שטעט האָט די באַפעלקערונג פון דאָרף באַדאַרפט וואוינען אַ סך שענער, ווי זיי וואוינען איצט, אין הייזער פון ליים מיט טרוקענע שטיינערנע ווענט. דרויסן אין די ווייטע פאַשע-לענדער האָבן די בעדוינער אַרומגעפירט זייערע טשערעדעס אין פרייהייט אונטער דער רעגירונג פון נאַבאַטעישע מלכים פון זייער אייגענער ראַסע, אָדער זיי האָבן געדינט ווי וועכטערס און פירערס פון די גרויסע האַנדלס-קאַראַוואַנעס.

„הינטער אָט די פאַסטעכער איז געלעגן דער טרוקענער מדבר, וואָס האָט געדינט ווי אַ ניט-דורכדרינגלעכער צווישנשייד אויף צו באַשיצן די פאַרטישע מלוכה אויף יענער זייט פרת, וואו עס זיינען געשטאַנען די גרויסע שטעט קטעסיפאָן, סעלייקיאַ, האַטראַ, נציבין, חרן און נאָך הונדערטער, וואָס אַפילו זייערע נעמען זיינען שוין פאַרגעסן. די דאָזיקע גרויסע שטעט האָבן זיך געהאַלטן אַדאַנק דער געוואַלדיקער פרוכפּערקייט פון דער ערד אין מעסאָפּאָטאַמיע, וואָס איז דעמאָלט נאָך געווען באַוואַסערט פון קאַנאַלן, וואָס די נעמען פון זייערע בויערס זיינען שוין דעמאָלט געווען פאַרשוואונדן אין דעם נעפּל פון

פאַרגאַנגענהייט. בבל און נינווה זיינען שוין מער ניט געווען; די יור־שים פון פערסיע און מוקדון האָבן אָפּגעטראָטן דעם אָרט פאַר פּאַרטיע; אָבער דאָס פאָלק און די ערדבאַאַרבעטונג זיינען געווען די זעלביקע, ווי אין דער צייט, ווען דער באַצווינגער כורש האָט צום ערשטן מאָל אונטערטעניק געמאַכט דאָס לאַנד. די שפּראַך פון אַ סך מענטשן אין די שטעט איז געווען גריכיש, און די קולטורעלע



מאָזאַיקע אין דער קירך סאַן וויטאַלע אין ראַווענא. אויסגעמאָלט די קיסרין טעאָדאָרא מיט איר סוויטע.

בירגער פון אַנטיוכיאַ זיינען געווען ביכולת צו קריטיקירן די פילאָסאָפיעס און די טראַגעדיעס פון אַטען. נאָר די מיליאָנען ערדאַרבעטער־באַפעלקערונג האָבן אפשר געוואוסט וועגן אָט דער זאַך ניט מער, וויפיל אַ פויער אין עסעקס וויים ביי היינטיקן טאָג, וואָס עס טוט זיך אין דער הויפטשטאָט".

פאַרגלייכן מיר דאָס מיטן צושטאַנד צום סוף זיבעטן יאָרהונדערט.

„סיריע איז איצט געווען אַ פֿאַראָרעמט און געשלאָגן לאַנד, און אירע גרויסע שטעט, הגם נאָך באַפעלקערט, האָבן געמוזט זיין אָנגעפילט מיט חורבות, וואָס עס האָט שוין ניט געקלעקט קיין געזעלשאַפטלעכע מיטלען אויף זיי אָפּצוראַמען. דמשק און ירושלים זיינען נאָך ניט געווען געקומען צו זיך נאָך אַזעלכע לאַנגע און שרעקלעכע באַלעגערונגען; אַמאַן און געראַש זיינען אַראָפּגעזונקען צו נעבעכדיקע דערפער אונטער דעם דרוק און הערשאַפט פון די בעדוינען. דער חאַוראַן האָט אפשר נאָך באַוויזן סימנים פון וואוילשטאַנד, ווי ער איז געווען באַוואוסט אין טראַיאַנוסעס צייטן; נאָר די שלעכטע בנינים און די גראָבע אויפשריפטן פון יענער צייט באַווייזן אַלע אויף אַ מיאוסער ירידה. דרויסן אין מדבר איז פאַלמירע געשטאַנען פוסט און פאַרלאָזן, חוץ וואָס דאָרט איז געווען אַ גאַרניזאָן אין שלאָס. אויף די ברעגעס און אויפן לבנון איז נאָך געווען צו זען אַ שאָטן פון אַמאָליקער אַרבעט און אַמאָליקן רייכטום; נאָר אין צפון=זייט האָט חורבן, פאַרוויסטונג און פאַרלאָזטקייט געמוזט זיין דער אַלגעמיינער צושטאַנד פון לאַנד, וואָס אין משך פון הונדערט יאָר איז עס מיט זיכערער רעגלמעסיקייט באַפאַלן געוואָרן יאָר אויס יאָר איין און אין משך פון פופצן יאָר האָט זיך עס געפונען אונטער דער ממשלה פון אַ שונא.

„קאַפּאַדאָקיע איז אומבאַמערקטערהייט אַריינגעפאַלן אין באַרבאַרנטום; די גרויסע באַזיליקעס און שטעטישע בנינים, וואָס דער גראָבער דאָרפסמאַן האָט ניט געקאָנט ניט פאַרריכטן ניט אויפריכטן, זיינען אויסגעגליכן געוואָרן מיט דער ערד. דער אַנאַטאָלישער האַלב=אינזל איז געוואָרן צעאַקערט און צעבראָנעוועט דורך פערסישע אַרמייען; די גרויסע שטעט אויסגערויבט און אויסגעליידיקט".

---

## 4. די ערשטע שליחות פון דעם איסלאַם.

אין דער צייט, וואָס העראַקליוס איז געווען פאַרנומען מיט איינשטעלן אָרדענונג אין דער דאָזיקער שוין פאַרוויסטער סיריע נאָכן טויט פון כּוזרו II און פאַר דעם ענדגילטיקן שלום מיט פערסיע, האָט מען צו

אים געבראַכט אַן אויסטערלישע שליחות. געבראַכט האָט מען זי געהאַט־צו אַ קיסרלעכן וואַך־פּאָסטן ווייט אין מדבר אין דרום־זייט פון דמשק. דער בריוו איז געווען געשריבן אַראַביש, אין דער אומבאַקאַנטער־סעמיטישער שפּראַך פון די נאָמאַדישע שבטים אין דרומדיקן מדבר. און מסתמא איז צום קיסר אָנגעקומען נאָר אַן איבערזעצונג — און מען מעג משער זיין, אַז דער איבערזעצער האָט צוגעלייגט פון זיך עטלעכע ביטולדיקע באַמערקונגען.

דאָס איז געווען אַ משונהדיקער, מליצהדיקער אַרויסרוף פון איינעם אַ פּאַרשוין, וואָס האָט זיך אָנגערופן „מוחאַמעד דער נביא פון גאָט". דער דאָזיקער מוחאַמעד, איז געשטאַנען געשריבן, ווענדט זיך צו הערקליוסן, ער זאָל אָנערקענען דעם איינציקן גאָט און דינען צו אים. מער איז אין דאָקומענט גאָרנישט ניט געשטאַנען, וואָס זאָל האָבן עפּעס אַ באַטייט.

עס ווערט ניט פאַרצייכנט אין די כראָניקעס פון דער צייט, ווי אַזוי הערקליוס האָט די שליחות אויפגענומען. מען מעג משער זיין, אַז קיין ענטפער איז דערויף ניט געווען. דער קיסר האָט מסתמא אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען, און בכלל איז די מעשה אים געווען טשיקאַווע אַ ביסל.

נאָר אין קטעסיפאָן האָבן זיי געוואוסט מער מכות אָט דעם מוחאַ־מעד. מען האָט דערציילט, אַז דאָס איז אַ פאַלשער נביא, וואָס טוט אָן צרות, ווייל ער האָט דערוועקט יעמען, די רייכע פּראָווינץ פון דרום־אַראַביע, מורד צו זיין קעגן דעם גרויסן קיניג. דער קיניג קאַוואַד איז געווען שטאַרק פאַרנומען אין דער רעגירונג. ער האָט געהאַט אַראָפּ־געזעצט און דערהרגעט זיין פאָטער כוזרו II, און האָט געפּרווט רעאָרגאַניזירן די פערסישע מיליטער־קרעפטן. צו אים איז אויך געקו־מען פונקט אַזאַ שליחות, וואָס איז געשיקט געוואָרן צו הערקליוסן. די מעשה האָט אים אַריינגעבראַכט אין כעס. ער האָט צעריסן דעם בריוו, אַ שמיץ געטאָן די שטיקלעך דעם שליח אין פּנים אַריין און גע־הייסן אים זיך אָפּטראָגן.

אַז מען האָט דאָס דערציילט דעם שיקער, ווייט אין דעם שמוציקן קליינעם שטעטל מעדינאַ, איז ער געוואָרן שטאַרק דערצאָרנט.

„פונקט אַזוי, האַר פון דער וועלט", האָט ער אויסגעשריען, „זאָלסטו אַרויסרייסן זיין קיניגרייך פון זיינע הענט!" (628 נאָך קר.).

---

### 5. זאָראָאַסטער און מאַני.

נאָר איידער מיר נעמען זיך דערציילן וועגן אויפקום פון איסלאַם אין דער וועלט, וועט זיין גוט צו פאַרפולן אונזער איבערבליק איבער דעם מצב פון אַזיע באַגינען פון זיבעטן יאָרהונדערט. און עטלעכע ווערטער מוז מען שענקען דער רעליגיעזער אַנטוויקלונג אין דער פּערסישער געזעלשאַפט בעת דעם סאַסאַנידישן פּעריאָד.

זינט די טעג פון כורש האָט די אמונה פון זאָראָאַסטער גובר געווען די אַלטע געטער פון נינווה און בבל. זאָראָאַסטער (אַזוי האָבן די גריכן אַרויסגערעדט דעם איראַנישן זאַראַטושטראַ) איז פונקט ווי בודאַ געווען אַן אַריער. מיר ווייסן גאָרנישט וועגן דער צייט, ווען ער האָט געלעבט — טייל אַוטאָריטעטן האַלטן, אַז ער האָט געלעבט ביי 1000 פאַר קר., אַנדערע האַלטן, אַז ער איז געווען אַ בן=דור פון בודאַ און קאָנפוציוס. דאָס נעמלעכע ווייסן מיר ניט, וואו ער איז געבוירן געוואָרן און געווי, צו וואָסער פאָלק ער האָט געהערט. זיין תורה איז געבליבן אין די ביכער זענד אַוועסטאַ. נאָר היות ווי זי שפּילט מער ניט קיין גרויסע ראָלע אין דער וועלט=געשיכטע, קאָנען מיר דאָ ניט באַהאַנדלען זי בפרטיות. דעם צענטראַל=פונקט פון זיין רעליגיע האָט געבילדעט די אַנטקעגנשטעלונג פון אַ גוטן גאָט הורמיז (אָרמוזד), דעם גאָט פון ליכטיקייט, אמת, אָפנהאַרציקייט, קעגן אַ שלעכטן גאָט, אַהרימון, דעם גאָט פון סודות=מאַכעריי, אָפנאַרעריי, דיפּלאָמאַטיע, פינסטערניש און נאַכט. ביים אַריינגיין אין דער געשיכטע געפינען מיר שוין די דאָזיקע רעליגיע אַרומגערינגלט מיט אַ סיסטעם פון צערעמאָניעס און כהונהשאַפט; זי האָט קיין געצנבילדער ניט געהאַט, זי האָט אָבער געהאַט כוהנים, טעמפּלען און מזבחות, וואָס אויף זיי האָט געברענט אַ הייליק פייער און וואָס פאַר זיי זיינען אָפּגעריכט געוואָרן קרבן=צערעמאָניעס. צווישן אַנדערע תקנות פון דער דאָזיקער רעליגיע איז געווען דאָס, וואָס טויטע האָט מען ניט געטאָרט ניט באַגראָבן,

ניט פֿאַרברענען. די פּאַרסן פֿון אינדיע, די לעצטע זאָראָאַסטריער, וואָס זיינען נאָך איצט געבליבן, טראָגן נאָך איצט אַרויס זייערע מתים אין געוויסע אָפּענע טורעמס, די „טורעמס פֿון שטילשווייגן", וואָס אַהין קומען צו פֿליען רויב־פֿויגלען.

אונטער די סאַסאַנידישע מלכים פֿון אַרדאַשיר (227 נאָך קר.) און ווייטער איז די דאָזיקע רעליגיע געווען די אָפֿיציעלע רעליגיע. דער ראש פֿון דער רעליגיע איז געווען די צווייטע פּערזאָן נאָכן קיניג אין דער מלוכה, און דער קיניג גופֿא איז, לויט דעם פֿאַרצייטיקן מנהג, באַטראַכט געוואָרן, אַז ער איז אַ גאָט אָדער אַ האַלבער גאָט, און האָט אַ געוויסע אייגנטימלעכע נאָענטע שייכות מיט הורמיזן.

נאָר די רעליגיעזע יוירונג אין דער וועלט האָט זיך אַריינגעכאַפּט אויך אין דער פּערסישער אימפּעריע, און אַנטקעגן דער אייבער־הערשאַפֿט פֿון דער זאָראָאַסטער־רעליגיע איז אויפֿגעשטאַנען אַ קאַמף. ניט נאָר איז דאָס קריסטנטום אַריינגעדרונגען קיין מזרח, וועדליג מיר האָבן שוין דערציילט, נייערט עס זיינען אויפֿגעקומען אין פּערסיע נייע סעקטעס, וואָס האָבן פֿאַרקערפּערט די נייע צייט־אידעעס. איין עלטערער נוסח אָדער צווייג פֿון זאָראָאַסטעריזם איז שוין געווען אָנגערופֿן, דאָס איז דער מיטראַיזם. ער האָט זיך אויסגעשפּרייט ביז קיין אייראָפּע אין ערשטן יאָרהונדערט פֿאַר קר., נאָך די מזרחדיקע מלחמות פֿון פּומפּיוס דעם גרויסן. ער איז געוואָרן געוואַלדיק פּאָפּולער ביי די זעלנער און ביים געמיינעם פֿאָלק, און אַזש ביז דער צייט פֿון קאָנסטאַנטין דעם גרויסן איז ער געווען אַן ערנסטער קאָנקורענט פֿון קריסטנטום. מיטראַ איז געווען אַ גאָט פֿון ליכטיקייט, וואָס האָט „אָפּגעשטאַמט" פֿון הורמיז און איז געבאָרן געוואָרן בדרך נס, כמעט אויפֿן זעלביקן וועג ווי די דריטע פּערזאָן פֿון דער קריסטלעכער דריי־איינהייט שטאַמט אָפּ פֿון דער ערשטער. וועגן דעם דאָזיקן צווייג פֿון זאָראָאַסטרישן שטאַם האָבן מיר מער גאָרנישט וואָס צו זאָגן. אין דריטן יאָרהונדערט נאָך קר. איז אָבער אויפֿגעקומען אַן אַנדער רעליגיע, דער מאַניכעיזם, וואָס וועגן אים איז כדאַי דאָ עפּעס צו פֿאַרצייכענען.

מאַני, דער גרינדער פֿון מאַניכעיזם, איז געבאָרן געוואָרן ווי אַ זון פֿון אַ פֿיינער משפּחה אין עגבאַטאַנע, דער אַלטער הויפּטשטאָט

פון מדי (216 נאָך קר.). ער איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין קטעסיפאָן. זיין פאָטער האָט געהערט צו אַ רעליגיעזער סעקטע, און ער איז אויפגעוואַקסן אין אַ ספערע פון רעליגיעזע וויכוחים. אין אַזוי איז



חורבות פון יופיטער-טעמפל אין בעל-בכי. געבליבן זיינען די 6 קאָלאָנעס פון 54 אַזעלכע.

ער געקומען צו דער איינגלויבעניש, אַז ער האָט געפונען דעם לעצטן אמת — אַן איינגלויבעניש, וואָס איז דער באַוועג־כוח פון אַלע גרינדערס פון רעליגיעס. אין דעם גלויבן האָט ער גענומען פּראָקלאַמירן זיין תורה. דאָס איז געשען אין יאָר 242, ווען עס האָט רעגירט דער צווייטער מאָנאַרך פון הויז סאַסאַנידן, סאַפּור I.

פאַר דעם אופן, ווי אַזוי די מענטשנס געמיטער זיינען אין יענער צייט באַוועגט געוואָרן, איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס אין זיין תורה איז געווען אַ מין טעאָקראַסיאַ. ער האָט דערקלערט, אַז ער פּראָקלאַמירט גאָר ניט קיין נייע זאַך. די גרויסע באַגרינדערס פון רעליגיעס פאַר אים זיינען אַלע געווען גערעכט: משה, זאָראָאַסטער, בודאַ, יעזוס קריסטוס— אַלע זיינען זיי געווען אמתע נביאים, נאָר אים איז געווען באַשערט צו באַקרוינען און קלאָר צו מאַכן זייערע געפעלערטע און געפּלאָנטערטע תורות. ער האָט דאָס געטאָן אין דער זאָראָאַסטרישער שפּראַך. ער דערקלערט די פּלאָנטערנישן און סתירות פון לעבן ווי אַ קאַמף צווישן ליכטיקייט און פינסטערניש, הורמיז איז געווען גאָט און אהרימון — דער שטן. אָבער ווי אַזוי דער מענטש איז געשאַפן געוואָרן, ווי אַזוי ער איז אַריינגעפאַלן פון ליכטיקייט אין פינסטערניש, ווי אַזוי ער ווערט אַרויסגעפּלאָנטערט און אויסגעלייזט פון פינסטערניש און וואָסער ראָלע שפּילט דאָ יעזוס אין אָט דער מאָדנער מישענינע פון רעליגיעס, — דאָס קאָנען מיר דאָ ניט דערקלערן, אַפילו אויב מיר וואָלטן געוואָלט. אונזער אינטערעס פאַר דער סיסטעם איז אַ היסטאָרישער און ניט קיין טעאָלאָגישער.

נאָר ביז גאָר אינטערעסאַנט היסטאָריש איז דער פאַקט, וואָס מאַני איז לא די וואָס אַרומגעגאַנגען איבער איראַן און האָט פאַרשפּרייט די דאָזיקע נייע און פאַר אים ענדגילטיק ריכטיקע אידעעס זיינע, נאָר ער האָט דערלאַנגט קיין טורקעסטאַן, קיין אינדיע און איבער די דורכגענג קיין כינע. די דאָזיקע פרייהייט פון רייזן איז כדאי פאַרצייכנט צו ווערן. עס איז אויך אינטערעסאַנט דערפאַר, וואָס עס באַווייזט אונז דעם פאַקט, אַז טורקעסטאַן איז שוין מער ניט געווען קיין לאַנד פון געפערלעכע נאָמאַדן, נאָר אַ לאַנד, וואו שטעט האָבן געבליט און מענטשן האָבן געהאַט גענוג בילדונג און פרייע צייט צוליב טעאָלאָגישע חקירות.

מאַנים אידעען האָבן זייער גיך זיך פאַרשפרייט קיין מזרח און קיין מערב, און זיי זיינען געווען אַ זייער פּרוכפּעריקער וואָרצל פאַר אַפּיקורסישע שיטות אין גאָר דער קריסטלעכער וועלט אין משך כמעט פון טויזנט יאָר.

אַרום 270 נאָך קר. איז מאַני געקומען צוריק קיין קטעסיפאָן און האָט געוווינען אַ סך אָנהענגער. דאָס האָט געבראַכט צו אַ סיכסוך צווישן אים און צווישן דער אָפיציעלער רעליגיע און דער כהונה־שאַפט. אין יאָר 277 האָט דער רעגירנדיקער מאָנאַרך אים געלאָזט קרייציקן, און פון זיין קערפּער איז, איבער אַן אומבאַוואוסטן טעם, געוואָרן אַראָפּגעריסן די הויט. דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן מוראדיקע רדיפות קעגן זיינע אָנהענגער. פונדעסטוועגן האָט דער מאַניכעיזם זיך געהאַלטן אין פּערסיע עטלעכע יאָרהונדערטער לעבן נעסטאָריאַנישן קריסטנטום און דעם אָרטאָדאָקסן זאָראָאַסטריזם (מאַזדאַיזם).

---

## 6. הונישע פעלקער אין צענטראַל=אַזיע און אינדיע.

עס ווערט איצט קלאָר, אַז זין פינפטן און זעקסטן יאָרהונדערט פאַר קר. האָבן לא די וואָס פּערסיע, נאָר אויך יענע געגנטן, וואָס זיינען איצט טורקעסטאַן און אַפגאַניסטאַן, אַ סך מער געהאַט אויפגעטאָן אין ציוויליזאַציע, ווי פראַנקרייך און ענגלאַנד אין יענער צייט. אין די לעצטע פאָר צענדליק יאָר איז אַראָפּגענומען געוואָרן דער שלייער פון טונקל, וואָס האָט צוגעדעקט די געשיכטע פון יענע געגנטן, און עס איז אַנטדעקט געוואָרן אַ גאַנץ היפשע ליטעראַטור, געשריבן ניט נאָר אין די שפּראַכן פון דער טערקישער גרופּע, נאָר אין סאָגדיאַניש און אין אַן אַנדער אַרישער שפּראַך. די דאָזיקע מאַנוסקריפּטן שטאַמען פון 7טן יאָרהונדערט און שפּעטער, און זייער אלף=בית איז צוגעפּאַסט פון אַרמיש, וואָס די מאַניכעישע מיסיאָנערן האָבן אים איינגעפירט, און אַ סך פון די אַנטדעקטע כתב=ידן — מען האָט געפונען די שטיקער פאַרמעט אַריינגעשטעלט אָנשטאָט שויבן אין פענסטער — זיינען שוין געשריבן ניט ערגער פון די מאַנוסקריפּטן פון די בענעדיקטינער.

אויסגעמישט מיט אַ גרויסער מאַניכעישער ליטעראַטור, זיינען פֿאַראַן איבערזעצונגען פֿון קריסטלעכע שריפֿטן און פֿון בודיסטישע ביכער. אַ סך פֿון דעם דאָזיקן מאַטעריאַל באַדאַרף נאָך גענויער אויסגעפאָרשט ווערן.

סער דעניסאָן האָט דערקלערט, אַז דאָס דאָזיקע צענטראַל־אַזיאַטישע לאַנד איז דעמאָלט נאָך געווען אין גרויסן און גאַנצן אַריש בנוגע שפּראַך און קולטור, זיין קונסט איז נאָך געווען צום גרעסטן טייל פּערסיש און אינדיש לויט אירע הויפּט־שטריכן.

אַלצדינג שטופּט צו דער מסקנא, אַז יענע יאָרהונדערטער, וואָס זיינען געווען יאָרהונדערטער פֿון חורבן און רעגרעס אין אייראָפּע, זיינען געווען לפי־ערך אַ צייט פֿון פּראָגרעס אין מיטל־אַזיע און ווייטער קיין מזרח אין כינע.

אין צפֿון זייט פֿון קאַספּישן ים איז נאָך געגאַנגען אַ שטראָם פֿון הונישע פֿעלקער, וואָס האָבן זיך איצט גערופֿן טאָטערן און טערקן, אָבער מען דאַרף דאָס באַטראַכטן מער ווי אַן איבערגאַנג פֿון דער באַפֿעלקערונג, איידער ווי אַ וואַנדערונג פֿון גאַנצע שבטים. די וועלט פֿון דונאַי ביז צו די כינעזישע גרענעצן איז נאָך געווען אין גרויסן און גאַנצן אַ נאָמאַדישע וועלט, מיט שטעט, וואָס זיינען אויסגעוואַקסן אויף די הויפּט־האַנדלסוועגן. מיר באַדאַרפֿן דאָ ניט דערציילן וועגן דעם שטענדיקן צונויפֿשטויס צווישן די טערקישע שבטים פֿון מערב־טורקעסטאַן מיט די פּערסער אין דרום־זייט פֿון זיי, וועגן דעם דורות־לאַנגן קריג צווישן די טוראַניער און איראַניער. מיר הערן גאָרנישט וועגן גרויסע מאַרשן פֿון פּערסער קיין צפֿון, נאָר עס זיינען פֿאַרצייכנט אין די כראָניקעס גרויסע אָנפֿאַלן אויף דרום, סיי פֿון די טוראַניער אין מזרח־זייט פֿון קאַספּישן ים און סיי פֿון די אַלאַנען אין מערב־זייט. דאָס איז געווען פֿאַר דער גרויסער פֿעלקער־וואַנדערונג אין דריטן און פֿערטן יאָרהונדערט, וואָס האָט אַוועקגעטראָגן די הונען און אַלאַנען קיין מערב ווייט ביז אין האַרץ פֿון אייראָפּע אַריין. נאָר עס איז געווען פּונקט אַזאַ באַוועגונג פֿון די נאָמאַדן אין מזרח־זייט פֿון פּערסיע און אין דרום־זייט דורך אַפֿגאַניסטאַן קיין אינדיע, ווי די דאָזיקע באַוועגונג קיין צפֿונית־מערבית. די דאָזיקע שטראָמען פֿון נאָמאַדן האָבן געשטראָמט איבער פּערסיע אַליין איינס,

אין וואָסער זייט זיי זיינען געגאַנגען. מיר האָבן שוין דערמאָנט די יועך־טשי, וואָס זיינען סוף־כל־סוף אַראָפּ קיין אינדיע אונטערן נאָמען אינדאָ־סקיטן אין צווייטן יאָרהונדערט. אַן אָפּגעשטאַנענער, נאָך נאָמאַדישער טייל פון יועך־טשי איז געבליבן אין צענטראַל־אַזיע און איז געוואָרן פּילצאָליק אין די סטעפּעס פון טורקעסטאַן אונטערן נאָמען עפּטאַליטן אָדער ווייסע הונען. נאָכדעם ווי זיי זיינען אין משך פון דריי יאָרהונדערטער געווען אַ שעדיקונג און אַ סכּנה פאַר פּערסיע, האָבן זיי גענומען אין די פוסטריט פון זייערע קרובים אָנפאַלן אויף אינדיע; דאָס איז געשען אין יאָר 470, ווינציקער ווי אַ פערטל יאָרהונדערט נאָך אַטילאַס טויט. זיי זיינען ניט איינגעוואַנדערט אין אינדיע; זיי זיינען געקומען און אַוועק, געראַבעוועט אין אינדיע און אומגעקערט זיך מיט זייער רויב צוריק אין זייער לאַנד, פּונקט ווי די הונען האָבן שפּעטער זיך איינגעפּעסטיקט אין דער גרויסן פּליין פון דונאַי און פלעגן אָנפאַלן אויף גאַנץ אייראָפּע.

די געשיכטע פון אינדיע אין משך פון די זיבן יאָרהונדערטער, וואָס מיר ווילן איצט שילדערן, איז באַשטימט דורך די דאָזיקע צוויי גרענעץ־פּונקטן: דעם אָנפאַל פון די יועך־טשי, אָדער אינדאָ־סקיטן, וואָס האָבן אויסגעמעקט די לעצטע סימנים פון דער העלעני־שער רעגירונג, און דעם אָנפאַל פון די עפּטאַליטן. פאַרן ערשטן אָנפאַל פון די אינדאָ־סקיטן איז אָפּגעשטופּט געוואָרן אַ כוואַליע פון אויסגעוואָרצלטע שבטים, די סאַקאַס. אַזוי־אַרום האָט אינדיע סך־הכל איבערגעטראָגן דריי כוואַליעס פון באַרבאַרישע אָנפאַלן: אַרום 100 נאָך קר., אַרום 120 נאָך קר., און אַרום 470 נאָך קר. אָבער נאָר די ערשטע פון די דאָזיקע אינוואַזיעס איז געוואָרן צו אַ שטענדיקער באַזעצונג און ישוב. די אינדאָ־סקיטן האָבן געמאַכט זייער הויפּט־קוואַרטיר ביים צפונית־מערביתדיקן גרענעץ און האָבן געגרינדעט אַ דינאַסטיע, די קושאַנישע, וואָס האָט רעגירט איבער דעם גרעסטן טייל פון צפון־אינדיע ביז צו מזרח־זייט פון בענאַרעס.

דער וויכטיקסטער צווישן די דאָזיקע קושאַנישע מלכים איז געווען קאַנישקאַ (די גענויע דאַטע פון זיין רעגירונג איז ניט באַוואוסט); ער האָט פאַראייניקט מיט צפון־אינדיע קאַשגאַר, יאַרקענד און

באַטאַן. פּונקט ווי אַסאָקאַ, איז ער געווען אַ גרויסער און מעכטי־קער באַשיצער פון בודיזם. די דאָזיקע באַצווינגונגען, די גרויסע אימפּעריע ביים צפונית־מערבית־גרענעץ, האָט מסתמא געבראַכט אינדיע צו אַ נאָענטן פאַרקער מיט טיבעט און כינע.

די ווייטערדיקע טיילונגען און פאַרבינדונגען פון דער מאַכט אין אינדיע איז שווער צו באַטראַכטן אין דעם באַגרענעצטן אָרט, וואָס איז אין אונזער רשות. צייטנווייז האָט אינדיע מיט אירע פיל מלוכות אויסגעזען ווי אַ קאָלדרע צונויפגעשטוקעוועט פון שמאַטעס; צייטנ־ווייז פלעגן גרויסע אימפּעריעס, ווי די פון די גופּטאַס, פאַרכאַפּן גרויסע שטרעקעס. די אימפּעריע פון די גופּטאַס האָט געבליט אין דעם 4טן, 5טן און 6טן י״ה, און אונטער איר שוץ איז אויפגעקומען אַ מאָדערנער הינדויזם, און עס איז געווען אַ פּעריאָד פון גרויסער ליטעראַרישער אַקטיוויטעט. די אַלע זאַכן האָבן אַריינגעטראָגן ווינציק שינויים אין געוויינטלעכן לעבנסשטייגער פון די אינדישע פעלקער. בראַמיניזם האָט זיך געהאַלטן פעסט קעגן בודיזם, און ביידע רעליגיעס האָבן געבליט זייט ביי זייט. די מאַסע פון דער באַפעלקערונג האָט דעמאָלט געלעבט כמעט אַזוי ווי זי לעבט היינט; די קליידונג, די באַאַרבעטונג פון דער ערד, דער בוי פון הייזער איז געווען אויף דעם זעלביקן שטייגער, וואָס איצט.

דער אַריינרייס פון די עפטאַליטן איז מערקווערדיק ניט אַזוי מחמת זיינע שטענדיקע רעזולטאַטן, נאָר מחמת די אַכזריותדיקע מעשים, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן. די עפטאַליטן זיינען געווען זייער שטאַרק ענלעך צו אַטילאַס הונען מיט זייער באַרבאַריזם; זיי זיינען נאָר געווען אָנפאַלער, זיי האָבן ניט געגרינדעט אַזאַ מאָנאַרכיע ווי די קושאַנישע דינאַסטיע; זייערע עלטסטע האָבן איבערגעלאָזט זייערע הויפּטקוואַרטירן אין מערב־טורקעסטאַן. מיהיראַגולאַ, זייער פעיקסטער אָנפירער, איז געוואָרן אָנגערופן דער אַטילאַ פון אינדיע. איינע פון זיינע הויפּט־פאַרווייליגונגען, דערציילט מען, איז געווען צו לאָזן אַראָפּ־קייקלען העלפאַנדן פון הויכע שטיילע בערג, כדי צו קוקן, ווי זיי מאַטערן זיך. זיינעווילדע מעשים האָבן באַוואויגן די אינדישע פירשטן, וואָס זיינען אים געווען אונטערטעניק, מורד צו זיין, און זיי האָבן אים באַזיגט (528). נאָר אַ סוף צו די אָנפאַלן פון די עפטאַליטן האָבן

געמאַכט ניט אינדער, נאָר די טערקן, וואָס האָבן זיך פאַראייניקט מיט די פערסער און האָבן חרוב געמאַכט דעם צענטראַלן לאַגער פון די עפטאַליטן ביים אָקסוס (565). נאָך דער דאָזיקער מפּלה זיינען די עפטאַליטן גיך צעשמאָלצן געוואָרן אינגאַנצן אין דער אַרומיקער באַפעלקערונג, פונקט אַזוי ווי די הונען נאָך אַטילאַס טויט מיט הונדערט יאָר פריער. נאָמאַדן אָן אַ צענטראַלן פאַשע=אָרט מוזן זיך צעשפּרייטן; אַנדערש קאָן גאָרנישט געמאָלט זיין. מען זאָגט, אַז איינע פון די איצטיקע ראַדזשפּוט=שבטים אין ראַדזשפּוטאַנאַ און צפון=אינדיע שטאַמען פון די דאָזיקע ווייסע הונען.



רעשטן פון דער גרויסער קאָלאָנאַדע אין פּאַלמירע. זי האָט זיך געצויגן לכתחילה אויף דריי פערטל מייל און איז באַשטאַנען פון קרוב צו 750 זיילן פון קאַלך-שטיין.

צום באַדויערן מוזן מיר זיך אָפּזאָגן פון צו געבן דאָ אַ באַריכט פון דער אַנטוויקלונג פון ריטעריי אין די דאָזיקע קליינע ראַדזשפּוט=מלוכות, וואָס איז טשיקאַווע ענלעך צו דער גלייכצייטיקער אַנטוויקלונג פון ריטערטום אין אייראָפּע.

אויך קאָנען מיר דאָ ניט אָנצייכענען, אַפילו ניט אין אַלגעמיינע שטריכן, די אַנטוויקלונג פון דער קונסט אין אינדיע צווישן אַלכסנדרס צייט און דעם אָנקום פון איסלאַם: קיין פאָרשער האָט נאָך ניט צוגעגרייט דעם וועג פאַר אונז. די העלענישע השפּעה אויף דער אינדישער סקולפּטור און אַרכיטעקטור איז געווען גרויס, און מסתמא זיינען קינסטלער, באַזונדערס מאָלערס, כסדר געגאַנגען פון

פּערזיע אין צענטראַל־אַזיע קיין אינדיע און צוריק. בודיסטישע קונסט איז שטרענג העלעניש, און אַז דער בודיזם האָט, ווי מיר האָבן דאָס שוין דערציילט, אין 2טן יאָרהונדערט נאָך קר. און שפּעטער, זיך פאַרשפּרייט אין כינע, האָט ער אַריינגעטראָגן אַ געוויסע העלענישע גראַציע און פיינקייט אין די בילדער פון בודאַ און בכלל אין דער כינעזישער רעליגיעזער קונסט. נאָר דער קלימאַט פון אינדיע ווירקט צעשטערעריש אויף קונסטווערק, ווען זיי ווערן פאַרלאָזן. דינאַסטיעס, וואָס זיינען כמעט פאַרגעסן אינגאַנצן, האָבן געלעבט אין שיינקייט און לוקסוס, און האָבן איבערגעלאָזן זייער ווינציק פון זייער שיינקייט.

עס זיינען געבליבן רעשטן פון מאָלערייען אויף פעלזן אין די היילן פון אַדזשאַנטאַ, וואָס זיינען שוין כמעט אָפּגעריבן. אַדזשאַנטאַ געפינט זיך אין האַידעראַבאַד, ביי אַ ווינקל דורכגאַנג אין די ווינדיאַ־בערג. צווישן צווייטן און זיבעטן יאָרהונדערט איז דאָרט געווען אַ בודיסטישער קלויסטער, מיט גרויסע זאַלן און גאַלערייען, וואָס זיינען געווען אויסגעהאַקט אין פעלזן, און אין משך פון דעם פּעריאָד, דער עיקר אין פינפטן און זעקסטן יאָרהונדערט, זיינען די דאָזיקע היילן אויסגעפּוצט געוואָרן, אויף דעם חשבון פון פאַרשיידענע מאָנאַרכן און רייכע לייט, דורך אַ צאָל אויסגעצייכנטע מאָלערס. ביי היינטיקן טאָג קוקן מיר אויף די דאָזיקע רעשטן און ווערן נתפּעל, זיי ווייזן באַשיימפּערלעך אויף אַ הויפלעבן אין רייכקייט און גלאַנץ און לוקסוס, וואָס קיין אַנדער זכר פון דעם איז בכלל ניט געבליבן; די סוזשעטן פון די געמעלן לאָזן זיך טיילמאָל ניט אויסטייטשן באַשטימט; טייל זיינען סצענעס פון בודאַס לעבן און לעגענדעס וועגן אים; טייל האָבן, ווייזט אויס, אַ שייכות צום גאָט אינדראַ, טייל ווייזן פּשוט דאָס טעגלעכע לעבן ביים הויף; איין סצענע, איז מען משער, שטעלט פאָר דעם קבלת־פּנים פון שלוחים, וואָס כוזרו II האָט געשיקט. די דאָזיקע היילן און בילדער האָט באַזוכט אין מאַכמעדס צייט יואַן־טשוואַנג, אַ כינעזישער רייזנדער, וואָס מכוח אים וועלן מיר האָבן אַ סך צו דערציילן אַ ביסל שפּעטער.

---

### 7. די דינאַסטיעס פון כאַן און טאַנג אין כינע.

די זעלביקע זיבן יאָרהונדערטער, וואָס האָבן געזען דעם אָנהייב און דעם סוף פון די קיסרים אין רוים און דעם פולקומען איינבראָך און איבערשטעלונג פון דעם סאָציאַלן, עקאָנאָמישן, פאָליטישן און רעליגיעזן לעבן פון מערב-אייראָפּע, האָבן אויך געזען זייער טיפע שינויים אין דער כינעזישער וועלט. עס איז אַלגעמיין אָנגענומען, סיי פון כינעזישע און יאַפּאַנישע און סיי פון אייראָפּעישע היסטאָריקער, אַז די כאַן-דינאַסטיע, וואָס אונטער איר געפינען מיר כינע צום אָנהייב פון דאָזיקן פעריאָד, און די טאַנג-דינאַסטיע, וואָס מיט איר ענדיקט ער זיך, זיינען ענלעכע קיסרלעכע הייזער, וואָס האָבן געהערשט פאַקטיש איבער דער זעלביקער אימפעריע, און אַז די פיר יאָרהונדערטער צעטיילונג, וואָס פאַלן אַריין צווישן דעם סוף פון דער כאַן-דינאַסטיע (220) און דעם אָנהייב פון דעם טאַנג-פעריאָד (618), זיינען געווען גיכער אַ צייט פון מהומות, איידער פון אַ שינוי אין תוך. די צעטיילונגען פון כינע, האַלטן זיי, זיינען געווען נאָר פאָליטישע און טעריטאָריעלע, און אָפּגענאַרט דורך דעם פאַקט, אַז ביים אָנהייב און ביים סוף פון יענע פיר יאָרהונדערטער האָט כינע פאַרנומען אַלץ די זעלביקע לאַגע אין אַזיע און איז נאָך געווען בפירוש כינע מיט אַ בשותפישער קולטור, אַ בשותפישער שריפט און אַן אַלגעמיינעם סכום פון אידעעס, — האָבן זיי אויסן געלאָזן די זייער גרונטיקע צעשטערונג און דעם ווידער-אויפבוי, וואָס איז פאָרגעקומען, און די פּאַראַלעלע דערשיינונגען אין כינע צו דעם, וואָס איז געשען אין אייראָפּע.

עס איז אמת, אַז אין דער כינעזישער וועלט איז דער סאָציאַלער חורבן קיינמאָל ניט געווען אַזוי פולקום, ווי אין דער אייראָפּעישער וועלט. עס זיינען אין משך פון גאַנצן פעריאָד פאַרבליבן היפשע שטרעקעס, וואו די אויסאַרבעטונג פון די לעבנסקונסטן איז זיך געגאַנגען ווי געוויינטלעך. דאָ איז ניט געווען קיינמאָל אַזאַ ירידה פון רייכקייט, פון אויספּוץ, פון קינסטלערישער

און ליטעראַרישער פּראָדוקציע, ווי מיר האָבן דאָס געהאַט צו פאַר־
צייכענען אין מערב, און ניט אַזאַ אָפּזאָג פון יעטווידער גראַציע



דער גרויסער הויף אין בעל־בכי.

און תענוג. מיר פאַרצייכענען, למשל, אַז „טיי" באַווייזט זיך אין
דער וועלט און זיין באַנוץ פאַרשפרייט זיך אומעטום אין כינע.
אין זעקסטן יאָרהונדערט נאָך קר. האָט מען אין כינע אָנגע־

הייבן צו טרינקען טיי. און עס זיינען געווען כינעזישע פּאָעטן, וואָס האָבן געשריבן פיינע שירים איבער דער ווירקונג פון דער ערשטער שאָל טיי, פון דער צווייטער און דריטער שאָל און אַזוי ווייטער. כינע האָט ניט אויפגעהערט צו פּראָדוצירן שיינע מאָלערייען אַ צייט לאַנג נאָכן פאַלן פון דער כאַן-רעגירונג. אין צווייטן, דריטן און פערטן יאָרהונדערט זיינען געמאָלט געוואָרן עטלעכע פון די ליבלעכסטע לאַנדשאַפטן, וואָס מענטשן האָבן ווען עס איז געשאַפן. עס איז אויך ווייטער געפירט געוואָרן אַ היפּשע פּראָדוקציע פון שיינע וואַזעס און שניצערייען. עס זיינען געמאַכט געוואָרן פיינע בנינים און דעקאָראַציעס. אין דער זעלביקער צייט, ווען מען האָט אָנגעהויבן טרינקען טיי, האָט מען אויך אָנגעהויבן דרוקן מיט הילצערנע ברעטער, און מיטן זיבעטן יאָרהונדערט איז געקומען אַ מערקווערדיקע אויפלעבונג פון פּאָעזיע.

פאַרשיידענע אונטערשיידן צווישן די אימפּעריעס פון מזרח און מערב האָבן געבראַכט דערצו, אַז די ערשטע איז געווען שטאַנדהאַפטיקער. כינע האָט ניט געהאַט קיין אַלגעמיינע מטבעות-סיסטעם. די מזומן-און-קרעדיט-סיסטעם פון דער מערבדיקער וועלט, וואָס איז צוגלייך פרוכפּעריק און געפערלעך, האָט ניט אָנגעשפּאַנט איר עקאָנאָמיש לעבן. ניט וואָס דער עצם געדאַנק פון מטבעות איז ניט געווען באַוואוסט. פאַר קליינע קניות האָבן די פאַרשיידענע פּראָווינצן גענוצט געלעכערטע „מטבעות" פון צינק און קופּער, אָבער פאַר גרעסערע געשעפטן איז קיין אַנדער אויסבייט-מיטל ניט געווען, חוץ געשטעמפּלטע צאַנקענס זילבער. די דאָזיקע גרויסע אימפּעריע פלעגט נאָך דורכפירן דעם גרעסטן טייל געשעפטן אויפן יסוד פון בייט-האַנדל, פּונקט ווי דער, וואָס האָט געהערשט אין בבל אין די צייטן פון די אַראַמישע סוחרים. און אַזוי איז דאָס געבליבן נאָך ביזן באַגינען פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

מיר האָבן געזען, ווי אַזוי די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אָרדענונג איז אין דער רוימישער רעפּובליק צעשטערט געוואָרן מחמת דער צו-שטאַרקער פליסעוודיקייט פון אייגנטום, וואָס געלט האָט געבראַכט דערצו. געלט איז געוואָרן אַבסטראַקט און האָט אָנגעוואָרן דעם צוזאַמענהאַנג מיט די רעאַלע ווערטן, וואָס זיי האָט עס

באַדאַרפֿט רעפּרעזענטירן. יחידים און קיבוצים פֿלעגן אַריינפֿאַלן אין חובות אומבאַקלערטערהייט, און די וועלט איז געווען באַהערשט פֿון אַ קלאַס גבירים, וואָס זיינען געווען קרעדיטאָרן, מענטשן, וואָס האָבן ניט געהאַט צו טאָן מיט קיין רעאַלן רייכטום, מער ניט, וואָס זיי האָבן פֿאַרמאָגט דעם כּוח צונויפֿצונעמען געלט. אין כּנען איז ניט געקומען צו אַזאַ אַנטוויקלונג פֿון „פֿינאַנץ־קאַפּיטאַל". רייכטום איז אין כּנען געבליבן רעאַל און אָנזעעוודיק. אין כּנען האָט מען ניט באַדאַרפֿט האָבן קיין ליצינישע געזעצן און ניט קיין טיבעריוס גראַקכוס. די אידעע פֿון אייגנטום האָט אין כּנען זיך ניט אויסגע־שפּרייט ווייט אַריבער די ממשותדיקע זאַכן. דאָ איז ניט געווען קיין „אַרבעט"־שקלאַפֿעריי, ניט קיין קבוצה־קנעכטשאַפֿט. עס זיינען געווען מיידלעך שקלאַפֿינס, וואָס האָבן געטאָן שטוביקע אַרבעט, און פֿרויען, וואָס מען פֿלעגט קויפֿן און פֿאַרקויפֿן, אָבער דאָס איז נאָר געווען אַ גרינגע פֿאַרברייטערונג פֿון דער געוויינטלעכער אונטער־טעניקייט פֿון די פֿרויען אין דער פֿאַמיליע. דער באַאַרבעטער פֿון לאַנד איז אין דעם גרעסטן טייל פֿאַלן געווען אויך דער אייגנטימער. מער ניט ער האָט געהאַט צו צאָלן ערד־שטייער. געווען אַ גע־וויסע צאָל קליינע פּריצים, אָבער קיין גרויסע מאַיאָנטקעס זיינען ניט געווען. מענטשן, וואָס האָבן קיין ערד ניט געהאַט, האָבן געאַרבעט פֿאַר שכירות, וואָס פֿלעגט ווערן געצאָלט על־פּי־רוב מיט נאַטור־פּראָדוקטן, — פּונקט ווי דאָס איז געווען אין אַלטן בבל.

די דאָזיקע זאַכן האָבן גורם געווען צו שטאַנדהאַפֿטיקייט, און די געאָגראַפֿישע לאַגע פֿון כּנען האָט געבראַכט צו איינהייט. פֿונדעסט־וועגן איז די מאַכט פֿון דער כּנען־דינאַסטיע געגאַנגען אַראָפּ, אפשר אָפּגעשוואַכט דורך אַ פֿאַרשייטן לעבן, און צולעצט, אַז עס האָט אַ קלאַפּ געטאָן צום סוף פֿון צווייטן יאָרהונדערט נאָך קר. די וועלט־קאַטאַסטראָפֿע פֿון דער גרויסער פּעסט, די זעלביקע פּעסט, וואָס האָט אָנגעהויבן אַ יאָרהונדערט פֿון מהומות אין דער רוימישער אימפּעריע, איז די דאָזיקע דינאַסטיע איינגעפֿאַלן, ווי אַן אויסגעפֿויל־טער בוים אין אַ שטורעם. און דער מזרח האָט פּונקט ווי דער מערב אַרויסגעוויזן די זעלביקע טענדענץ צעריסן צו ווערן אין אַ

צאָל צווישן אַנאַנד קעמפנדיקע מלוכות, און אויך דאָרט קומען אויף
באַרבאַרישע רעגירערס.

מ״ר פו האַלט, אַז די פּאָליטישע אָפּגעשוואַכטקייט פון כינע
אין יענער צייט נעמט זיך אין אַ גרויסער מאָס פון דעם עפּיקורעיזם,
וואָס שטאַמט, לויט זיין מיינונג, פון לאַאָ=טסעס סקעפּטישן אינדי=
ווידואַליזם. דער דאָזיקער פּאַזיס פון צעטיילונג איז באַוואוסט אונ=
טערן נאָמען „דער פּעריאָד פון דריי קיניגרייכן”. אין פערטן יאָר=
הונדערט האָט זיך איינגעפעסטיקט אַ דינאַסטיע רעגירער פון מער
וייניקער ציוויליזירטע הונען אין דער פּראָווינץ שען=סי. דאָס דאָ=
זיקע הונישע קיניגרייך האָט אַרומגענומען ניט נאָר צפון=כינע, ניי=
ערט אויך גרויסע שטרעקעס פון סיביר. די דאָזיקע דינאַסטיע האָט
אין זיך איינגעזאַפּט די כינעזישע ציוויליזאַציע, און איר השפעה
האָט אַוועקגעטראָגן דעם כינעזישן האַנדל און כינעזישע וויסנשאַפט
ביז צום פּאָלאַר=קריין. מ״ר פו פאַרגלייכט די דאָזיקע סיבירער מאָ=
נאַרכיע מיט דער אימפּעריע פון קאַרל דעם גרויסן אין אייראָפּע,
וואָס מיר וועלן באַלד באַשרייבן; עס איז געווען אַ באַרבאַרישע מלוכה,
וואָס איז געוואָרן „כיניזירט”, פּונקט ווי קאַרל איז געווען אַ באַר=
באַר, וואָס איז געוואָרן ראָמאַניזירט.

פון אַ צונויפשמעלצונג פון די דאָזיקע סיבירער מיט איינגע=
באָרענע צפון=כינעזישע עלעמענטן איז אויפגעקומען די סוי=דינאַסטיע,
וואָס האָט איינגענומען דעם דרום. די דאָזיקע סוי=דינאַסטיע באַ=
צייכנט דעם אָנהייב פון אַ רענעסאַנס אין כינע. אונטער אַ מאָנאַרך
פון די סוי האָט כינע איינגענומען די אינזלען ליו=טשיו, און עס איז
געווען אַ פּאַזיס פון גרויסער ליטעראַרישער אַקטיוויטעט. מען זאָגט,
אַז די צאָל בענד אין דער קיסרלעכער ביבליאָטעק איז אין יע=
נער צייט אויסגעוואַקסן ביז 54.000. אין באַגינען פון זיבעטן יאָר=
הונדערט הייבט זיך אָן די גרויסע טאַנג=דינאַסטיע, וואָס האָט זיך
געהאַלטן דריי יאָרהונדערט.

דער רענעסאַנס פון כינע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט די
סויס און דערגרייכט זיין שפּיץ ביי די טאַנגס, איז, ווערליג מ״ר
פו האַלט, אַן אמת ניי געבוירן ווערן. „דער גייסט, שרייבט ער,
איז געווען אַ נייער; דאָס באַצייכנט די טאַנג=ציוויליזאַציע מיט בפירוש

קענטיקע שטריכן. פיר הויפט-פאקטארן זיינען געווארן פאראייניקט און צונויפגעשמאלצן: 1) די כינעזישע פרייהייטלעכע קולטור, 2) כינעזישער קלאסיציזם, 3) אינדישער בודיזם און 4) דער צפונדיקער קריגסמוט.

„עס איז געקומען אויף דער וועלט א נייע כינע. די סיסטעם פון פראווינצן, די צענטראלע אדמיניסטראציע און די מיליטערישע ארגאניזאציע פון דער טאנג-דינאסטיע איז געווען לחלוטין פארשיידן פון דעם, ווי זייערע פארגייערס האבן געהאט איינגעשטעלט. די קונסטן זיינען געווארן באווירקט א סך און באלעבט דורך אינדישע און צענטראל-אזיאטישע השפעות. די ליטעראטור איז ניט געווען א פשוטער המשך פון דער פריערדיקער. זי איז געווען א נייע שאפונג. די רעליגיעזע און פילאסאפישע שולעס פון די בודיסטן זיינען געווען א נייס. עס איז געווען א פעריאד פון שינויים אין תוך.

„עס וואלט געווען אינטערעסאנט צו פארגלייכן די דאזיקע שאפונג פון כינע מיטן גורל פון דער רוימישער אימפעריע אין אירע שפעטערע צייטן. פונקט ווי די רוימישע וועלט איז געווען צעטיילט אין א מזרחדיקער און מערבדיקער העלפט, אזוי איז די כינעזישע אימפעריע געווען צעטיילט אויף א דרומדיקער און צפונדיקער. פונקט ווי אין דער רוימישער אימפעריע, אזוי האבן די בארבארן געמאכט אינוואזיעס אויך אין כינע. זיי האבן איינגעשטעלט די הערשאפט אויף אן ענלעכן שטייגער. די אימפעריע פון קארל דעם גרויסן שטייט אנטקעגן דער אימפעריע פון דער סיבירער דינאסטיע (שפעטער ווי); פונקט ווי יוסטיניאן האט צייטווייליק איינגענומען די מערבדיקע אימפעריע, אזוי האט ליו-יי איינגענומען צייטווייליק דעם צפון. די ביזאנטישע ליניע שטימט מיט די דרומדיקע דינאסטיעס. נאר פון דעם פונקט אן צעגייען זיך די צוויי וועלטן. כינע האט צוריק איינגעשטעלט איר איינהייט; איראפע באדארף דאס נאך טאן".

די ממשלה פון דעם קיסר טאי-טסונג (627), דעם צווייטן מאנארך פון דער טאנג-דינאסטיע, האט זיך אויסגעשפרייט אין דרום-זייט ביז קיין אנאם, און אין מערב-זייט ביזן קאספישן ים. איר דרומדיקער גרענעץ אין דער ריכטונג איז געגאנגען מיט די גרענעצן

פון פּערסיע. אירע צפונדיקע גרענעצן האָבן זיך געצויגן פאַזע די אַלטאַי=בערג פון קירגיזער סטעפּ, אין צפון=זייט פון מדבר גאָבי. נאָר זי האָט ניט אַריינגענומען קאָרעאַ, וואָס ערשט זיין זון האָט זי באַצוואונגען. די דאָזיקע טאַנג=דינאַסטיע האָט ציוויליזירט און אַריינגענומען אין כינעזישן פאָלק די גאַנצע באַפעלקערונג אין דרום, און פונקט ווי די כינעזער פון צפון רופן זיך אַליין אָן די „לייט פון כאַן", אַזוי רופן זיך די דרומדיקע כינעזער די „לייט פון טאַנג". דאָס געזעץ איז געוואָרן קאָדיפיצירט, די ליטעראַרישע עקזאַמעניר=סיסטעם איז געוואָרן רעווידירט, און עס איז געוואָרן אַרויסגעבראַכט אַ פולע און גענויע אויסגאַבע פון אַלע כינעזישע קלאַסיקער.

צום הויף פון טאַי=טסונג זיינען געקומען שלוחים פון ביזאַנץ, און, וואָס עס האָט אַ גרעסערן באַטייט, פון פּערסיע איז געקומען אַ קאָמפּאַניע נעסטאָריאַנישע מיסיאָנערן (635). טאַי=טסונג האָט זיי אויפגענומען מיט גרויס כבוד; ער האָט אויסגעהערט זייער באַריכט וועגן די הויפט=עיקרים פון זייער אמונה און האָט באַפוילן, אַז די קריסטלעכע שריפטן זאָלן ווערן איבערזעצט אין כינעזיש, בכדי ער זאָל קאָנען זיי גענויער אויספאָרשן.

אין יאָר 638 האָט ער געלאָזט וויסן, אַז ער געפינט אַיין, איז די נייע רעליגיע איז פולקום גוט און אַז עס איז דערלויבט צו פאַרשפּרייטן זי אומעטום אין דער אימפּעריע. ער האָט אויך דערלויבט אויסצובויען אַ קירך און צו גרינדן אַ קלויסטער. אין סיאַנפו איז פאַראַן ביזן היינטיקן טאָג אַן אויסגעקריצטער שטיין (דער „נעסטאָריאַנישער דאָקומענט"), דאַטירט פון 781 נאָך קר., וואָס אויף אים זיינען די דאָזיקע פאַקטן פאַרשריבן אויף כינעזיש צום אָנדענק.

אין יאָר 628, זיבן יאָר פאַר די נעסטאָריאַנער, איז צום הויף פון טאַי=טסונג געקומען נאָך אַ מערקווערדיקערע שליחות. דאָס איז געווען אַ גרופּע אַראַבער, וואָס זיינען געקומען איבערן ים קיין קאַנטאָן אין אַ האַנדלס=שיף פון יאַנבו דעם האַפן פון מעדינאַ אין אַראַביע. (אַגב=אורחא, איז אינטערעסאַנט צו וויסן, אַז עס זיינען בכלל געווען דעמאָלט אַזעלכע שיפן, וואָס האָבן געפירט האַנדל

צווישן מערב און מזרח). די דאָזיקע אַראַבער האָט געשיקט דער זעלביקער מאַכמעד, וואָס מיר האָבן שוין אים דערמאָנט, וואָס האָט זיך טיטולירט „דער נביא פון גאָט“. די בשורה, וואָס זיי האָבן געבראַכט צו טאַי־טסונג, איז מסתמא געווען אידענטיש מיט דער איינפאָדערונג, וואָס די אַראַבישע שלוחים האָבן געבראַכט דאָס זעלביקע יאָר צום ביזאַנטישן קיסר העראַקליוס און צו קאַוואַד אין קטעסיפאָן.



סקולפּטור פון א קארניז פון יופּיטער־טעמפּל אין בעל־בכי.

נאָר דער כינעזישער מושל האָט ניט מבטל געווען די שלוחים, ווי דאָס האָט געטאָן העראַקליוס, און ניט ער האָט זיי באַליידיקט לויטן שטייגער פון פאָטער־מערדער קאַוואַד. ער האָט זיי פיין אויפגענומען, אַרויסגעזאָגט אַ גרויסן אינטערעס צו זייערע טעאָלאָגישע מיינונגען און זיי געהאָלפן, זאָגט מען, אויסבויען אַ מעטשעט פאַר אַראַבישע סוחרים אין קאַנטאָן — דער מעטשעט שטייט

נאָך ביזן היינטיקן טאָג און איז איינער פון די עלטסטע מעטשעטן אין דער וועלט.

---

### 8. אינטעלעקטועלע פענטעס אין כינע.

די העפלעכקייט, די קולטור און די מאַכט פון כינע אונטער די ערשטע מושלים פון דער טאַנג-דינאַסטיע זיינען אַ בולטער קאָנ-טראַסט צו דער ירידה, אומאָרדענונג און צעריסנקייט פון דער מערב-דיקער וועלט, אַז דאָס איז עלול צו דערוועקן איינע פון די אינ-טערעסאַנטסטע פראַגעס אין דער געשיכטע פון דער ציוויליזאַציע. פאַרוואָס האָט כינע ניט איינגעהאַלטן די פירערשאַפט, וואָס זי האָט געוואונען דורך איר האַסטיקן צוריקקער צו אײנהייט און אָרדענונג? פאַרוואָס באַהערשט זי ניט ביי היינטיקן טאָג די וועלט קולטורעל און עקאָנאָמיש?

אַ צייט לאַנג איז זי געווים געגאַנגען בראש פון דער מענטש-הייט. ערשט טויזנט יאָר שפּעטער, אין 16טן און 17טן יאָרהונדערט, מיט דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע, מיט דער אויסשפּרייטונג פון געדרוקטע ביכער און פון פאָלקס-בילדונג אין מערב, מיט דעם באַ-גינען פון די מאָדערנע וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען, מעגן מיר זאָגן מיט זיכערקייט, אַז די מערבדיקע וועלט האָט אָנגעהויבן אַרי-בערצויאָגן כינע. אונטער דער רעגירונג פון די טאַנגס, דעם פּעריאָד פון איר גרעסטער מאַכט, און דערנאָך ווידער אונטער דער קונסט-לערישער אָבער גיכער דעקאָדענטער סונג-דינאַסטיע (960—1279), און דערנאָך אין דעם פּעריאָד פון דער קולטורעלער מינג-דינאַסטיע (1368—1644) האָט כינע פאָרגעשטעלט אַ בילד פון וואוילשטאַנד, גליק און קינסטלערישער אַקטיוויטעט, וואָס האָבן וויט אַריבערגעשטיגט אַלע אַנדערע מלוכות אין יענער צייט. אַז מיר זעען, אַז זי האָט אַזויפיל דערגרייכט, פאַרוואָס האָט זי ניט דערגרייכט מער? כינעזישע שיפן זיינען געגאַנגען איבער די ימים, און אין משך פון דער צייט איז געווען אַ היפשער האַנדל מיט די וויטסטע לענדער. פאַרוואָס האָבן די כינעזער קיינמאָל ניט אַנטדעקט אַמעריקע אָדער אַווסטראַליע?

עס זיינען פאַראַן אַלטע בושמענישע פעלז־געמעלן, וואָס באַ־ווייזן אפשר, אַז איינציקע כינעזישע שיפן האָבן דערגרייכט ביז דרום־אַפריקע אין אַן אומבאַוואוסטער צייט; מען זאָגט, אַז עס זיינען פאַראַן סימנים, אַז כינעזער האָבן באַזוכט מעקסיקע. אויב דאָס איז ריכטיק, האָבן די דאָזיקע צופעליקע רייזעס, ווייזט אויס, אויפ־געטאָן ניט מער, ווי די אַרומשיפונג פון אַפריקע דורך די קאַרטאַגער אָדער די פריע באַזוכן פון די נאָרמאַנען אין



דער „טרוין פון כוזרו" אין קטעסיפאָן. רעשט פון סאַסאַנידישער ארכיטעקטור.

אַמעריקע. מ"ר וואָגאַן זאָגט, אַז עס זיינען פאַראַן כינעזישע אויסקריצונגען אויף פעלזן אויך אין ניי־זעלאַנד און ניי־קאַליפאָרניע. בכדי אַז אַן אַנטדעקונג זאָל בלייבן געזיכערט פאַר דער געזעלשאַפט און זאָל באַפרוכפערן דאָס איינגעשטעלטע און געוואונטע וויסן, איז נייטיק מער ווי אַן אינדיווידועלער זשעני אָדער אַן אונטערנעמער, וואָס ווערט פון קיינעם ניט געשטיצט. די געזעלשאַפט גופא מוז זיין צוגעגרייט.

אין כינע איז געווים געווען אַזוי פיל איזאָלירטע אָבסערוואַציע, גייסטרייכקייט און דערפינדערישקייט, פונקט ווי אין וואָסער עס איז

אַנדער טייל פֿון דער וועלט. די כינעזער האָבן געוואוסט פֿון שיס־פּולווער אין 16טן יאָרהונדערט; זיי האָבן גענוצט ערטערווייז קויל־און גאַז־באַהייצונג יאָרהונדערטער פֿריער, איידער מען האָט דאָס גענוצט אין אייראָפּע; זייער בריקן־בוי, זייערע הידראַוולישע מאַשינעס זיינען געווען וואונדערבאַר; זייער מאַטעריאַלן־קענטשאַפֿט, ווי עס איז צו זען פֿון זייערע עמאַל־אַרבעטן און לאַקירונגען, איז געווען זייער גרויס. פֿאַרוואָס האָבן זיי קיינמאָל ניט אָרגאַניזירט אַ סיסטעם פֿון פֿאַרצייכענען און אָרגאַניזירן די וויסנשאַפֿטלעכע פֿאָרשונג, וואָס האָט געגעבן דער וועלט די מאָדערנע וויסנשאַפֿט? און פֿאַרוואָס האָט אינטעלעקטועלע דערציִונג קיינמאָל זיך ניט אויסגעשפּרייט צווישן די גרויסע מאַסן פֿון דער באַפֿעלקערונג, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס זיי האָבן בדרך־כּלל זיך געמיט אָנצושאַפֿן זיך גוטע מאַנירן און איינגעניט זיך אין אַליינבאַגרענעצונג? פֿאַרוואָס זיינען די ברייטע מאַסן אין כינע אַזוי אומגעבילדעט נאָך ביי היינטיקן טאָג, און פֿאַרוואָס זיינען זיי אַזוי שטענדיק געווען, ניט געקוקט אויף זייער ניט־געוויינטלעך הויכער מדרגה פֿון נאַטירלעכער אינטעליגענץ?

מען איז געוויינטלעך זיך נוהג צו ענטפֿערן אויף די דאָזיקע פֿראַגעס מיט פֿלאַכע תּירוצים. מען זאָגט אונז, אַז דער כינעזער איז לויט זיין טבע דער קאָנסערוואַטיווסטער צווישן די מענטשן־קינדער, אַז להיפּוך צו די אייראָפּעיִשע פֿעלקער, איז זיין גייסט געווענדט צום עבֿר, אַז ער איז דער גערנווילִיקער שקלאַף פֿון עטיקעט און פּרעצעדענט אין אַזאַ מאָס, וואָס אַ מערבֿדיקער גייסט קאָן דאָס גאָרניט משׂיג זיין. מען שילדערט אים, ווי ער וואָלט האָבן אַזאַ באַזונדער גייסטיקע סטרוקטור, אַז מען איז כּמעט נוטה צו מיינען, אַז דאָס קאָן ווערן דערקלערט נאָר אין דעם פֿאַל, אויב זיין מוח זאָל אויך זיין אַנדערש געבויט. די פֿאַרהויבונגען פֿון קאָנפֿוציוס אויף דער חכמה פֿון די אַלטע ווערן שטענדיק געבראַכט ווי אַ ראַיה צו באַשטעטיקן די דאָזיקע הנחות.

נאָר ווען מיר פֿאָרשן אים נעענטער די דאָזיקע פֿאַראַלגעמיינערונג, דערמאָלט צעגייט זי אין דער לופֿט. די העכערע אינטעלעקטועלע איניציאַטיווע, די פֿרייע אונטערנעמונג, די נטיה צום עקספּערימענטעלן, וואָס מען האַלט, אַז דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן מערבֿ־

דיקן גייסט, אַנטפּלעקט זיך אין דער געשיכטע פון דעם גייסט נאָך אין משך פון באַשטימטע פּאַזעס און אונטער אויסגעמלעכע אומשטאַנדן. אין איבעריקן ווייזט די מערבדיקע וועלט זיך אַרויס פּונקט אַזוי טראַדיציאָנעל און קאָנסערוואַטיוו, ווי כינע. און פאַרקערט, ביי געוויסע תנאים, ווען עס איז פאַראַן אַ סיבה, וואָס שטופּט, האָט דער כינעזישער גייסט זיך אַרויסגעוויזן פּונקט אַזוי דערפינדעריש און קערעווודיק, ווי דער אייראָפּעישער, און דער קרובישער יאַפּאַנישער גייסט דאָס נעמלעכע. וואָרעם נעמען מיר, למשל, די גריכן, געפאַלט דער גאַנצער אויפשוואונג פון זייער גייסטיקער מאַכט צווישן דעם זעקסטן יאָרהונדערט פאַר קר. און דער ירידה פון מוזיי אין אַלכּסנדריא אונטער די לעצטע פּטאָלעמייער אין 2טן יאָרהונדערט פאַר קר. גריכן זיינען געווען פאַר אָט־דער צייט און גריכן זיינען געווען שפּעטער, אָבער אַ געשיכטע פון טויזנט יאָר פון דער ביזאַנטישער מאָנאַרכיע ווייזט די העלענישע וועלט לכל־הפּחות פּונקט אַזוי פאַרגליווערט און איינגעשטאַנען, ווי כינע. ווייטער האָבן מיר שוין געווענדט דעם אויפמערק אויף דער לפי־ערכדיקער אומפּראָדוקטיווקייט פון איטאַליענישן גייסט בעת דעם רוימישן פּעריאָד און אויף זיין שפּעדיקער פּראָדוקטיווקייט זינט דעם רענעסאַנס פון בילדונג. דער ענגלישער גייסט ווידער האָט געהאַט אַ פּאַזיס פון ליכטיקייט אין זיבעטן און אַכטן יאָרהונדערט, און האָט דערנאָך ווידער ניט געשיינט ביזן פופצנטן יאָרהונדערט. דער גייסט פון די אַראַבער ווידער, ווי מיר וועלן באַלד דערציילן, האָט פּלוצים אויפגעשיינט, ווי אַ שטערן אין משך פון אַ האַלב טוץ דורות נאָכן דערשיינען פון איסלאַם, אָבער ניט פריער און ניט דערנאָך האָט ער עפּעס אויפגעטאָן וויכטיקס. פון דער אַנדערער זייט איז אין כינע שטענדיק געווען אַ סך צעשפּרייטע דערפינדערישקייט, און דער פּראָגרעס פון דער כינעזישער קונסט זאָגט עדות אויף נייע באַוועגונגען און מעכטיקע באַנייונגען. מיר זיינען מגזם די פאַרערונג פון די כינעזער לגבי זייערע אָבות; פּאַטעראַרד איז צווישן די כינעזישע מאָנאַרכן כמעט אַן אָפטערער פאַרברעך, ווי ביי די מושלים פון פּערסיע. נאָך מער, עס זיינען געווען אין כינע עטלעכע באַפרייונגס־באַוועגונגען, עטלעכע קאַמפן קעגן די „אַלטע וועגן“, וואָס זיינען פאַרצייכנט אין די כראָניקעס.

עס איז שוין אַרויסגעזאָגט געוואָרן די השערה, אַז פּאָזעס פון אַן אמתן אינטעלעקטועלן פּראָגרעס אין אַ געזעל־שאַפט זיינען, ווייזט אויס, פאַרבונדן מיט דער עקסיסטענץ פון אַ באַזונדער קלאַס מענטשן, וואָס זיינען גענוג פריי, אַז זיי זיינען ניט מחויב צו האָרעווען צוליב פּרנסה איבער די כּוחות, און ניט גע־נוג רייך און מעכטיק, אַז זיי זאָלן קאָנען זיך דערלויבן פאַרשיידענע תּאוות, לוקסוס און אַכזריות. זיי מוזן האָבן אַ געפיל פון זיכערקייט, אָבער ניט קיין השגה, אַז זיי שטייען איבער אַלע מענטשן. דער דאָ־זיקער קלאַס, האָבן מיר נאָך געגעבן אָנצוהערן, באַדאַרף זיין מסוגל צו ריידן פריי און צו באַוועגן זיך גרינג פון אָרט צו אָרט. מען טאָר אים ניט נאָכקוקן, צי זאָגט ער ניט אַרויס וואָסער אַפּיקורסות, און מען טאָר אים ניט רודפן פאַר געדאַנקען, וואָס ער זאָגט אַרויס. אַזאַ גליקלעכער צושטאַנד האָט געוויס געהערשט אין גריכנלאַנד בעת אירע בעסטע טעג. אומעטום אין דער געשיכטע, וואו עס ווערט דערציילט וועגן אַ דרייסטער פילאָסאָפיע אָדער וועגן רעאַלע אויפ־טוען אין דער וויסנשאַפט, איז פאַראַן אַ קלאַס פון אינטעליגענטע, פרייע מענטשן.

אין די טעג פון די דינאַסטיעס טאַנג און סונג און מינג האָבן געמוזט זיין אין כינע אַ גרויסע צאָל מענטשן, וואָס האָבן געלעבט אין אָנגענעמע אומשטאַנדן, פון דעם זעלביקן קלאַס מענטשן, וואָס האָט צוגעשטעלט דעם גרעסטן טייל פון די יונגעלייט פאַר דער אַקאַדעמיע אין אַטען, אָדער די ליכטיקע גייסטער פון איטאַליע אין דער רענעסאַנס־צייט, אָדער די מיטגלידער פון דער לאָנדאָ־נער קיניגלעכער געזעלשאַפט (ראָיאַל סאָסייטי), די מוטער־געזעל־שאַפט פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט. און דאָך האָט כינע ניט אַרויסגעבראַכט אין יענע גינסטיקע פעריאָדן קיין אָנהייבן פון וויסנ־שאַפט.

אויב מיר וואַרפן אָפּ דעם געדאַנק, אַז עס איז פאַראַן אַ טיפער ראַסן־אונטערשייד צווישן כינע און דעם מערב, וואָס מאַכט די כינעזער קאָנסערוואַטיוו לויט זייער טבע און דעם מערב פּראָ־גרעסיוו לויט זיין טבע, — דעמאָלט זיינען מיר געצוואונגען צו זוכן דיווירקלעכע סיבה, וואָס האָט גורם געווען צו אָט־דעם אונטער־

שייד אין דער פראַגרעסיווקייט, אין אַן אַנדער ריכטונג. אַ סך מענטשן זיינען נוטה צו מיינען, אַז די סיבה, וואָס האָט אַזוי שטאַרק פאַרהאַלטן כינע אין משך פון די לעצטע פיר אָדער פינף יאָרהונדערט, ניט געקוקט אויף אַלע אירע לכתחילהדיקע מעלות, באַשטייט דערין, וואָס דער כינעזישער גייסט איז געפאַנגען אין אַ שריפט און אין אַ געדאַנקען־שפּראַך, וואָס איז אויסגעאַרבעט און אַזוי שווער, אַז די גייסטיקע ענערגיע פון לאַנד איז אין גרויסן און גאַנצן צעפּטרט געוואָרן אויף אָנצושאַפן זיך ידיעות פון די שריפטן. דער דאָזיקער קוק פאַרדינט, מען זאָל אים אויספּרווון.

מיר האָבן שוין געגעבן אַ באַריכט וועגן די באַזונדערקייטן פון דער כינעזישער שריפט און פון דער כינעזישער שפּראַך. די יאַפּאַנישע שריפט שטאַמט אָפּ פון דער כינעזישער און באַשטייט פון אַ סיסטעם פאָרמען, וואָס ווערן געשריבן גיכער. אַ גרויסע צאָל פון די דאָזיקע פאָרמען זיינען אידעאָגראַמען אַריבערגענומען פון כינעזיש, וואָס ווערן באַנוצט גענוי אַזוי ווי עס ווערן גענוצט די כינעזישע אידעאָגראַמען, נאָר אַ צאָל צייכנס ווערן גענוצט אויף אויסצודריקן טראַפן. די יאַפּאַנישע שריפט בלייבט אַ שווערע סיסטעם, פונקט אַזוי שווער ווי די שומערישע, אָבער ניט אַזוי שווער, ווי די כינעזישע; עס איז געווען אין יאַפּאַן אַ באַוועגונג אָנצונעמען אַ מערבדיקן אַלף־בית. קאָרעאַ האָט מיט אַ צייט פריער געמאַכט אַ טריט פאָראויס און האָט פון די זעלביקע כינעזישע התחלות אַנטוויקלט אַן אמתן אַלף־בית.

חוץ די דאָזיקע אויסנאַמען, שטאַמען אַלע גרויסע שריפט־סיסטעמעס, וואָס ווערן באַנוצט אין דער וועלט, פון מיטללענדישע אַלף־בית, און זיי זיינען ניט אין ערך גרינגער אויסצולערנען און צו באַהערשן, ווי די כינעזישע. דאָס באַטייט, אַז בעת אַנדערע פעלקער לערנען זיך אויס אַ לפי־ערך פּשוטע מעטאָדע אויסצולייגן אין שריפט די שפּראַך, וואָס זיי זיינען צו איר צוגעוווינט, מוז דער כינעזער באַוועלטיקן אַ גרויסע מאַסע קאָמפּליצירטע וואָרט־צייכנס און וואָרט־גרופּעס. ער מוז אויסלערנען ניט נאָר די צייכנס, נייערט די איינגעשטעלטע גרופּירונג פון די צייכנס, כדי אויסצודריקן פאַרשיידענע באַטייטן. ער מוז זיך גוט איינחזרן אַ געוויסע צאָל מוסטער־

האַפּטע קלאַסישע ווערק. דערפון נעמט זיך, וואָס בעת מען געפינט אין כינע גאָר אַ פולע מענטשן, וואָס ווייסן דעם באַטייט פון געוויסע אָפּטע און געוויינטע צייכנס, זיינען פאַראַן גאָר ווינציק מענטשן, וואָס פאַרמאָגן גענוג ידיעות אויף צו פאַרשטיין אַ בלאַט צייטונג, און נאָך ווינציקער אַזעלכע, וואָס קאָנען לייענען און פאַרשטיין פיינע געדאַנקען. אין אַ שוואַכערן גראַד איז דאָס ריכטיק אויך פאַר יאַפּאַן. עס איז קיין ספק ניט, אַז איראָפּעישע לייענער, בפרט אין אַזעלכע רייכע שפּראַכן, ווי ענגליש אָדער רוסיש, זיינען שטאַרק פאַרשיידן צווישן אַנאַנד בנוגע צום פאַרנעם פון די ביכער, וואָס זיי קאָנען פאַרשטיין און אין וואָסער מאָס זיי פאַרשטייען, וואָס זיי לייענען; זייער קאָנען בייט זיך אין הסכּם מיט דער צאָל ווערטער, וואָס זיי ווייסן. אָבער בכדי מען זאָל אין כינעזיש דערלאַנגען צו אַ גלייכער מדרגה פון פאַרשטיין, מוז מען פּטרן אַ סך מער מי און צייט. די דערציִונג פון אַ מאַנדאַרין אין כינע איז דער עיקר לערנען לייענען.

און עס קאָן זיין, אַז דאָס, וואָס דער געבילדעטער קלאַס מענטשן האָט זיך אַזוי כּסדר פאַרנומען אין משך פון די יאָרן, ווען מען לערנט זיך אויס צום גרינגסטן, גראָד מיט כינעזישע קלאַסיקער, האָט ביי אים געשאַפן אַ באַזונדער ליבשאַפט צו דער דאָזיקער טראַדיציאָנעלער ווימנשאַפט, וואָס ער האָט אויף איר געפּטרט אַזוי פיל צייט און ענערגיע. ווינציק מענטשן, וואָס האָבן געהאָרעוועט אויף אויסצובויען אַ וואָסער סיסטעם פון וויסנשאַפט, ווילן גערן זי אויסמעקן, בכדי איינצופירן עפּעס פרעמדס און נייס. די דאָזיקע נטיה איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן מערב, פונקט אַזוי ווי פאַרן מזרח; מען קאָן זי זען ביי די געלערנטע פון די בריטישע און אַמעריקאַנישע אוניווערסיטעטן, גענוי ווי ביי כינעזישע מאַנדאַרינען; די ענגלענדער ווילן נאָך ביי היינטיקן טאָג ניט אָפּטרעטן פון זייער איצטיקער באַרבאַרישער אָרטאָגראַפיע אין דער ריכטונג פון אַ פאָנעטישן אַלף־בית און אויסלייג, ניט געקוקט אויף די גרויסע און בפירושע נוצן, וואָס אַזאַ בייט וואָלט זיי געקאָנט ברענגען סיי אין פּרט פון פאָלקסבילדונג און סיי אין פּרט פון נאַציאָנאַלער פּראָפּאַגאַנדע. די באַזונדערהייטן פון דער כינעזישער שריפט און די בילדונגס־סיסטעם,

וואָס איז גערדונגען פון דער דאָזיקער שריפט, האָט געמוזט ווירקן דור נאָך דור אין זין פון באַגינסטיקן דעם פלאַסטישן טיפּ, וואָס לאָזט זיך לערנען גרינג, און אָפּשטופּן דעם פאַרעקשנטן און זעלבשטענדיקן טיפּ, האַלטן אים ווייט פון אַלע פּאָזיציעס פון השפּעה און מאַכט. די דאָזיקע דערקלערונג לייגט זיך גוט אויפן שכל.

אָבער די קלאַסישע עקזאַמינִיר־סיסטעם איז אײַנגעשטעלט געוואָרן אין איר פולער שטרענגקייט ערשט בעת דער לפי־ערך שפּעטער מינג־דינאַסטיע. די מינג־דינאַסטיע (1644—1368) איז געווען אַ פּאַטריאָטישע און קאָנסערוואַטיווע דינאַסטיע, וואָס האָט זיך אײַנגעפעסטיקט אין כינע נאָך דער רעגירונג פון די מאָנגאָלן. דער ערשטער פון די קיסרים פון דער מינג־דינאַסטיע, בעת ער האָט רעאָרגאַניזירט די עקזאַמענִיר־סיסטעם אויף שטרענגערע יסודות, האָט געזאָגט: „דאָס וועט ברענגען אַלע אינטעליגענטן פון גאָר דער וועלט אין מײַן נעץ אַרײַן". די „פינף קלאַסיקער און די פיר ביכער" האָבן געהאַלטן געפאַנגען דעם גייסט פון כינע. פאַר דער צייט, וואָס אַ מענטש האָט זיך דורכגעאַרבעט דורך דעם מאַטעריאַל, ווערט זײַן ווערטן־סיסטעם אַזוי שטייף און ניט צו ענדערן, ווי די אויפפירכללים פון אַ וואָסער עס איז געלערנטן אין אָקספאָרד.

עס זײַנען געווען עטלעכע פרוּוון צו פאַראײנפאַכן די כינעזישע שריפט און אָנצונעמען אַ סיסטעם פון אַלף־בית. אין די ערשטע צייטן פון בודיזם אין כינע, בשעת מען האָט אַ סך איבערזעצט פון סאַנסקריט, האָבן אינדישע השפּעות כמעט געהאַט דערפירט דערצו: מען האָט אַרויסגעפונען צוויי כינעזישע אַלף־ביתן, און איטלעכער פון זיי איז געוואָרן אַ ביסל גענוצט. אָבער עס איז געווען אַ זאַך, וואָס האָט געשטערט, אַז די דאָזיקע אַלף־ביתן זאָלן בכלל אָנגענומען ווערן, און די זעלביקע זאַך שטערט ביי היינטיקן טאָג אײַנצופירן אַ פאָנעטישע שריפט־סיסטעם אין כינע: דאָס איז דער פאַקט, וואָס בעת די ליטעראַרישע שריפט און פראַזעאָלאָגיע איז איינע און די זעלביקע פון איין עק כינע ביזן אַנדערן, זײַנען דער אויסרייד און די אָרטיקע דיאַלעקטן אַזוי ווייט פאַרשיידן פון איין פּראָווינץ ביז דער אַנדערער, אַז די מענטשן קאָנען ניט פאַרשטיין איינער דעם צווייטן. עס איז אָבער פאַראַן אַ „מוסטער־כינעזיש", אַ

בוך-שפּראַך, וואָס בדרך-כּלל פֿאַרשטייען זי אַלע כינעזער, וואָס האָבן געקראָגן שול-בילדונג; און אָט אויף דער מעגלעכקייט צוצופּאַסן אַ וואָסער עס איז אַלף-בית-סיסטעם צו שרייבן דאָס דאָזיקע מוסטער-כינעזיש שטיצן זיך די האָפֿענונגען פֿון אַ סך בילדונגס-רעפֿאָרמער אין כינע ביי הייַנטיקן טאָג. מען האָט אויסגעפֿורעמט אַ כינעזישן אַלף-בית; מען לערנט אים אין די פֿאָלקס-שולן, מען לאָזט אַרויס אין אים צייטונגען און בראָשורן. די שטרענגע עקזאַמעניר-סיסטעם, וואָס האָט דערהרגעט יעטווידער אינטעלעקטועלע איניציאַטיווע, איז בטל געוואָרן.

עס איז געמאַכט געוואָרן אַ היפּשע פֿאַראייַנפֿאַכונג אין דער ריכטונג פֿון אייַנפֿירן גערעדטע דיאַלעקטן אין געשריבענעם כינעזיש. דאָס שאַפֿט גרינגקייט און קלאָרקייט; אַפֿילו אין די אַלטע צייכנס איז אַזאַ גערעדט כינעזיש גרינגער צו לייענען און צו שרייבן, און עס איז אַ סך מער, ווי דאָס קלאַסישע כינעזיש, צוגעפּאַסט צו די נויטן פֿון אַ מאָדערנעם ליטעראַרישן אויסדרוק.

נאָר עס זייַנען געווען אפֿשר אויך אַנדערע סיבות, וואָס האָבן ניט דערלאָזן כינע צו ווערן די פֿירערין פֿון דער מענטשהייט. די עצם הצלחה פֿון כינע און דער פֿריער וואוילשטאַנד און די אַלגעמיינע צופֿרידנקייט אין עבר — דאָס אַלץ האָט געמוזט מיטהעלפֿן צו באַפֿעסטיקן אין דאָזיקן לאַנד די אַלייַנבאַנוגעוודיקייט און קאָנסערוואַטיזם פֿון דעם מין מענטש. קיין בעל-חי בייט זיך ניט, ווען זייַן מצב איז „גוט גענוג“ אויף דורכצולעבן זיך. און אין דעם פּרט איז דער מענטש נאָך אַ בעל-חי. ביזן נייַנצנטן יאָרהונדערט, מער ווי צוויי טויזנט יאָר, איז אין דער געשיכטע פֿון כינע ניט געשען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט געקאָנט דערוועקן אין גייַסט פֿון אַ כינעזער אַן ערנסטן ספֿק אין דער הנחה, אַז זייַן אייגענע ציוויליזאַציע איז די העכסטע אין דער וועלט, און עס איז דעריבער ניט געווען באַשיימפּערלעך קיין גרונט זי אומצוענדערן. כינע האָט אַרויסגעבראַכט אַ שפֿע פֿון שיינער קונסט, אַן אָנגענעמע פּאָעזיע, אַ הפֿלאדיקע קאָך-קונסט, און טויזנטער מיליאָנען גליקלעכע לעבנס

פון דור צו דור. זי איז געווען און איז אַ לאַנד פון קליינע אייגנ־
טימער; אַלע הענט זיינען געוואונטשן און קאָנען ווערן פאַרנומען אין
די אַלטע לאַנדווירטשאַפטלעכע פרנסות. נאָך מער, עס זיינען פאַראַן
אויך אויסגאַנגען פאַר עקספּאַנסיווע כוחות. אין צפון־זייט און אין
מערב־זייט איז נאָך פאַראַן אַ סך אָרט פאַר אַ ישוב. דעריבער האָט
קיין זאַך ניט געטראָפן, קיין שום אינעווייניקסטע שטאַרקע שפּאַ־
נונג, וואָס זאָל פונאַנדערדרייסן די פּאַטריאַרכאַלע כינעזישע פאַמיליע,
וואָס מאַכט חתונה אירע זין יונגערהייט און האַלט זיי אין דער היים,
ביז זיי דערלאַנגען צו עקאָנאָמישער זעלבשטענדיקייט. אַזוי האָט



א פּאַרסישער „טורעם פון שטילשווייגן”. דא לייגן די פּאַרסן אוועק זייערע
טויטע, און די רויבפייגלען קומען זיי אויפפרעסן.

זיך כינע געלעבט, און לעבט נאָך ביז איצט אָן אַלגעמיינער נויט,
קנעכטשאַפט, דערנידערונג און אומגליק, וואָס זיינען געווען דער
יסוד פון דער ממשלה פון די רייכע אין דער רוימישער אימ־
פּעריע און וואָס האָבן סוף־כל־סוף געפירט צו איר חורבן. געווען
אַ סך אָרעמקייט, אַ סך אומצופרידנקייט, אָבער עס איז ניט גע־
ווען קיין מאַסנהאַפטיקע אויסגעוואָרצלטע אָרעמקייט, עס איז ניט
געווען קיין נויטווענדיקע אומצופרידנקייט פון גאַנצן פאָלק. נאָך איט־
לעכער מהומה, נאָך איטלעכן אומגליק פלעגט די באַפעלקערונג באַלד
קומען צו זיך; די וואונדן האָבן זיך אויסגעהיילט. אין משך פון
טויזנט יאָר האָט די כינעזישע סיסטעם, הגם זי האָט צייטנווייז

געסקריפּעט און געשאָקלט זיך, דאָך אויסגעוויזן צו זיין זיכער קעגן צעשטערונג. עס האָבן זיך געביטן דינאַסטיעס, עס זיינען געווען בונטן, פּאַזיסן פון אומאָרדענונג, הונגער־יאָרן, מגפות; צוויי גרויסע אינוואַזיעס האָבן אַריינגעזעצט פרעמדע דינאַסטיעס אויפן שטול פון „הימלס־זון“; נאָר ס'איז ניט געווען קיין איין שטופּ אַזעלכער, וואָס זאָל רעוואָלוציאָנירן דעם סדר פון טעגלעכן לעבן. די קיסרים און דינאַסטיעס האָבן געקאָנט קומען און אַוועקגיין; די מאַנדאַרינען, די עקזאַמענס, די קלאַסיקער און דאָס איינגעוויינטע לעבן זיינען געבליבן. זינט דער צייט פון דער טאַנג־דינאַסטיע, הגם די כינעזישע ציוויליזאַציע האָט זיך אויסגעשפּרייט ביז קיין אַנאַם, קאַמבאָדזשאַ, סיאַם, טיבעט, נעפּאַל, קאָרעאַ, מאָנגאָליע און מאַנדזשוריע, נאָר עס איז געווען ניט מער ווי אַ געאָגראַפישער אויסשפּרייט. דאָס כינעזישע פאָלק פון זיבעטן יאָרהונדערט נאָך קר. איז געווען אין תוך פונקט אַזוי ציוויליזירט ווי מיט טויזנט יאָר שפּעטער.

---

## 9. אַלטע כינעזישע קונסט.

דאָ באַדאַרפן מיר אפשר מאַכן עפּעס אַ באַמערקונג וועגן דער קונסט און אַרכיטעקטור פון כינע בעת דעם פּעריאָד פון די כאַנס און טאַנגס און די דינאַסטיעס, וואָס צווישן זיי. איבער טעמים, וואָס מיר זיינען ניט ביכולת זיי צו באַשטימען, האָבן די כינעזער שטענדיק ליבער באַנוצט צום בויען געהילץ און ציגל, איידער שטיינער. נאָך איצט קאָן מען געפינען אין כינע אַ סך גוטע בוי־שטיינער. חוץ דער גרויסער מויער, זיינען קוים באַוואוסט וואָסערע חורבות אָדער בנינים פון פריער פאַר דעם עלפטן יאָרהונדערט נאָך קר. נאָר בילדער און כראָניקעס זאָגן עדות אויף אַ לאַנגער טראַדיציע, וואָס ציט זיך צוריק ביז צו דער טסאין־דינאַסטיע אָדער נאָך פריער.

די עלטסטע בוי־פאָרמען שטאַמען אָפּ דירעקט פון מאָנגאָלישן געצעלט. דער הויפּט־שטריך איז דער גרויסער דאַך, וואָס קאָן זיין אַ צווייענדיקער צי אַ דרייַיקער און מיט אַן אויסגעקריצטן און לאַקירטן האָלץ־ווערק. דער דאַך גופא האָט געקאָנט זיין געדעקט

מיט גלאַזירטע און אויסגעצייכנט קאָלירטע דאַכלקעס. בדרך כלל זיינען די בנינים פון איין גאָרן, אויסגעשפּרייט האָריזאָנטאַל. אַן אָפטער שטריך אין כינעזישן בוי־פּלאַן איז דער ערן־טויער. פאַראַן אַ סך שטיינערנע בריקן, טייל זייער שיינע. די צום הימל ווייזנדיקע פּאַגאָדע איז אַ דריטער טיפּ פון אויסשטרעקונג, זיי צוזאַמען מיט די טעראַסעס און באַלוסטראַדעס מאַכן פאַר פול די אַלגעמיינע סכעמע פון די כינעזישע בנינים. דאָס איז געווען די אַרכיטעקטורישע לאַנדשאַפט פון כינע צום אָנהייב פון דער קריסטלעכער ערע, און אַזוי איז עס געבליבן ביזן היינטיקן טאָג. די פּאַגאָדע, זאָגט מען, — אפשר מיט אומרעכט — שטאַמט פון אינדיש־בודיסטישן איינפלוס, און זי זאָל זיין דער כינעזישער עקוויוואַלענט פון דער אינדישער מאָנומענטאַלער „סטופּאַ“.

די זעלביקע גלייכגילטיקייט צו האַלטעוודיקע מאַטעריאַלן האָבן מיר אין דער כינעזישער פּלאַסטישער קונסט פאַר דער כאַן־דינאַסטיע. כמעט דער איינציקער אויסנאַם איז בראָנזע. מיר ווייסן בראָנזענע קריג און פיגורן פון דער טשאָו־דינאַסטיע און אַפילו פון דער שאַנג־דינאַסטיע. זיי זיינען אַזוי קונציק און אַזוי שיין געמאַכט, אַז מען מוז משער זיין, אַז אין יענער צייט האָט געמוזט עקסיסטירן אַ גאַנצע וועלט פון ענלעכע קינסטלערישע פּראָדוקטן, וואָס זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען. ערשט זינט דער כאַן־דינאַסטיע און נאָך דעם אָנהייב פון דער קריסטלעכער ערע קומען מיר צו אַ באַזיס פון כינעזישן לעבן, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ סך רעשטן אין אַן אַנדער מאַטעריאַל.

מען זאָגט, אַז מאָלעריי איז די הויפּט־קונסט פון כינע, און אַ סך שיינע ווערק זיינען שוין געשאַפן געוואָרן בית דעם כאַן־פּעריאָד. קו־קאַי־טשיך (4 י׳ה, נאָך קר.) ווערט אָנגערופן ווי איינער פון די גרויסע כינעזישע מייסטערס פון פּענזל. טייל פון זיינע ווערק זיינען נאָך געבליבן, און זיי ווייזן אַ צייטיקייט און מייסטערשאַפט, וואָס זאָגן עדות אויף אַ גוט־איינגעשטעלטער שולע. די כינעזישע מאָלעריי איז אַלעמאָל אין וואַסער־פאַרבן; אָנשטאָט גרויסע פרעסקעס געפינען מיר געמעלן אויף זיידנס אָדער פּאַפּיר, און זי אונטערשיידט זיך פון די מערבדיקע ווערק דערמיט, וואָס זי האָט בפירוש ניט

ליב אויסצובילדן רעליעפן. זי איז פלאך, אטמאספעריש, דעליקאט און זי האט צו טאן מער מיט לאנדשאפטן און ווינציקער מיטן עצט אויסמעלן דעם מענטשלעכן קערפער. די צייט פון דער טאנג-דינאסטיע האלטן א סך קריטיקער פארן העכסטן פעריאד פון דער כינעזישער מאלעריי.



א פרעסקא-מאלעריי פון הייל אדזשאנטא אין אינדיע.

כינעזישע סקולפטור האלט בשום-אופן ניט שריט מיט דער כינעזישער מאלעריי-קונסט, און איז קוים יוערט דערמאנט צו ווערן לעבן אייראפעישע ווערק, דערפאר אבער איז כינעזישע טעפעריי מער ווי אויסגעצייכנט. די כינעזער פלעגן אנברענגען זייערע טעפער-אויסארבעטונגען אין א סך א העכערער טעמפעראטור, ווי די מערב-דיקע וועלט, און האבן פראדוצירט פארצעליי אין אומפארגלייכלעך

גלאָז צום סוף פון דעם טאַנג=פעריאָד. שוין די טעפעריי פון כאַן=פעריאָד איז געווען זייער האַרט און פיין. אַ גרויסע צאָל פון גלאַזירטע ליימענע פיגורן פון דינערס, פערד, קעמלען און אַזוי ווייטער פון דעם טאַנג=פעריאָד געפינען זיך אין איראָפעישע שטיבער און קאָלעקציעס. זיי שטאַמען פון קברים, און זיי זיינען אַריינגעלייגט געוואָרן אין די קברים במקום געקוילעטע שקלאַפן און בעלי=חים פון אַ מער באַרבאַרישן עבר. אָט=די שחיטות ביים קבר, כדי צו פאַרזאָרגן דעם פאַרשטאָרבענעם מאָנגאָלישן עלטסטן מיט דינערשאַפט און מיט בהמות צו טראָגן זיינע משאות אין לאַנד פון די שאָטנס, האָבן זיך געהאַלטן אין כינע ביזן 7טן אָדער 6טן יאָרהונדערט פאַר קר. דערנאָך האָט מען אָנשטאָט דעם גענומען לייגן בילדער. די הונען אין דער צייט פון אַטילאַ האָבן נאָך אָפּגעהיט דעם אַלטן מנהג פון אַן אמתער שחיטה, נאָר אין עגיפּטן איז עס געווען פאַרשוואונדן נאָך פאַר די עלטסטע דינאַסטיעס, און אָנשטאָט דעם זיינען געלייגט געוואָרן אין די קברים בילדער.

---

## 10. די נסיעות פון יואַן טשוואַנג.

אין יאָר 629, אַ יאָר נאָכן אָנקום פון מוכאַמעדס שלוחים קיין קאַנטאָן און דרייסיק יאָר מיט עפּעס נאָכדעם ווי דעם פויפּס גרעגאָרס מיסיאָנערן זיינען אַראָפּ אין ענגלאַנד, האָט אַ געוויסער געלערנטער און געטרייער בודיסט מיטן נאָמען יואַן=טשוואַנג, אָדער ווי אַנדערע אַווטאָריטעטן ווילן אַרויסריידן: היוען=טסיאַנג, זיך אַוועקגעלאָזט אין וועג אַריין אויף אַ גרויסער רייזע פון סיאַן=פו (סי=ניאַן), דער הויפּטשטאָט פון טאַי=טסונג, קיין אינדיע. ער איז געווען אויף דער רייזע זעכצן יאָר. ער האָט זיך אומגעקערט אין יאָר 645 און האָט אָנגעשריבן אַ באַריכט פון זיינע נסיעות, וואָס איז אויפגעהיט געוואָרן ווי אַ כינעזיש קלאַסיש ווערק. איינעם אָדער צוויי פונקטן פון דעם, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, באַדאַרף מען דאָ פאַרצייכענען, וואָרעם זיי קאָנען ווערן איסגענוצט צוליב אונזער אַלגעמיינעם איבערבליק איבער דעם צושטאַנד פון דער וועלט אין זיבעטן יאָרהונדערט נאָך קר.

יואַן טשוואַנג איז געווען פּונקט אַזוי לֹהוט נאָך וואונדער און
פּונקט אַזוי לייכטגלויביק ווי הערָאדאָט, נאָר אָן זיין פיינעם חוש פאַר



א הייליגטום, אויסגעהאקט אין פעלז. פון הייל פון אדזשאנטא.

געשיכטע: ער האָט קיינמאָל ניט געקאָנט פֿאַרבייגיין פֿאַרביי אַ מאָנומענט אָדער אַ חורבה און צו דערגיין עפּעס אַ וואונדערלעכע מעשה וועגן דעם. כינעזישע פֿאָרשטעלונגען וועגן דעם, וואָס עס פּאַסט ניט פֿאַר ליטעראַטור, האָבן אים אַפֿשר געשטערט צו דערציילן אונז אַ סך פּרטים, ווי אַזוי ער איז געררייזט, ווער זיינען געווען זיינע באַגלייטער, וואו פֿלעגט ער איינשטיין אָדער וואָס האָט ער געגעסן און ווי אַזוי פֿלעגט ער דעקן זיינע הוצאות — אַלץ פּרטים, וואָס זיינען שטאַרק וויכטיק פֿאַרן היסטאָריקער. פֿונדעסטוועגן האָט ער אונז געגעבן אַ רײ ליכטיקע בליקן אויף כינע, צענטראַל־אַזיע און אינדיע אין דעם פּעריאָד, וואָס מיר האַלטן איצט אין באַטראַכטן.

זיין נסיעה איז געווען אַ גוואַלדיקע. ער איז געגאַנגען און געקומען צוריק אויפֿן וועג פֿון פּאַמיר. ער איז געגאַנגען דורכן צפֿונדיקן וועג, דורכגעשניטן דעם מדבר גאָבי, אַרומגעגאַנגען די גרויסע טיפֿע בלויע אָזערע איסיק־קול, און אַזוי ביז טאַשקענט און סאַמאַרקאַנד, און דערנאָך מער וויניקער אין די פֿוסטריט פֿון אַלכּסנדר דעם גרויסן קיין דרום־זייט איבער דעם כאַיבער־דורכגאַנג און פּעשאַוואַר. צוריקגעגאַנגען איז ער מיטן דרומדיקן וועג, דורכגעשניטן דעם פּאַמיר פֿון אַפֿגאַניסטאַן ביז קאַשגאַר, און אַזוי פֿאַזע די צוריקצי־ליניע וואָס איבער איר זיינען געגאַנגען אין פֿאַרקערטער ריכטונג די יועך־טשי מיט זיבן יאָרהונדערט צוריק, און דורך יאַרקענד, פֿאַזע די שיפּועים פֿון די קוען־לון־בערג, בכדי צו קומען צו זיין פֿריערדיקן וועג ניט ווייט פֿון דעם מדבר־עק פֿון גרויסן מויער. סיי אַהין און סיי צוריק האָט ער געמוזט דורכמאַכן אַ שווערן וועג איבער די בערג. ווי אַזוי ער האָט אַרומגערייזט איבער אינדיע, קאָן מען ניט דערגיין; ער איז דאָרטן געווען פֿערצן יאָר, און איז דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן האַלבאינזל, פֿון נעפּאַל ביז ציילאָן.

אין יענער צייט איז געווען אַ קיסרלעכער עדיקט, וואָס האָט פֿאַרבאָטן אויסלענדישע רייזעס, אַזוי אַז יואַן־טשוואַנג איז אַרויס פֿון סיאַן־פֿו בשתיקה, ווי עס אַנטלויפֿט אַ פֿאַרברעכער. מען האָט אים נאָכגעיאָגט, כּדי צו שטערן אים אויסצופֿירן זיין פּראָיעקט. ווי אַזוי ער האָט געקויפֿט פֿון אַ פֿרעמדן זקן אַ דאַר, ברוין־האָריק פֿערד,



כינעזישע מאַלעריי פון דעם טאַנג-פּעריאָד.

וואָס האָט געקענט די שטעגן פון מדבר, ווי אַזוי ער האָט זיך פאַרבייגעגנבעט פאַרביי אַ וואַך־הויז ביים גרענעץ מיט דער הילף פון אַ „פרעמדן פאַרשוין", וואָס האָט אים געמאַכט אַ בריק פון טריקענע צווייגן נידעריקער איבן טייך, ווי אַזוי ער האָט דורכגע־שניטן דעם מדבר, געפירט דורך די ביינער פון מענטשן און בהמות, ווי אַזוי ער האָט געזען אַ מיראַזש, און ווי אַזוי ער האָט זיך צוויי מאָל קוים אַרויסגעראַטעוועט, ווען מען האָט אויף אים געשאָסן פיילן, בעת ער האָט גענומען וואַסער ניט ווייט פון די וואַך־טורעמס ביי דעם מדבר־שליאַך, — דאָס וועט דער לייענער געפינען אין זיין „לעבנס־באַשרייבונג". ער האָט אָנגעוואָרן דעם וועג אין מדבר נאָבי און פיר נעכט און פינף טעג האָט ער קיין וואַסער ניט געהאַט; אַז ער איז געווען אין די בערג צווישן גלעטשערס, זיינען צוועלף מענטשן פון זיין קאָמפּאַניע דערפראָרן געוואָרן אויף טויט. דאָס אַליין איז פאַראַן אין „לעבן"; ער דערציילט ווינציק פון דעם אין זיין אייגענעם באַריכט וועגן זיינע נסיעות.

ער ווייזט אונז די טערקן, די דאָזיקע נייע אַנטוויקלונג פון דער הונישער טראַדיציע, ווי זיי האַלטן פאַרנומען ניט נאָר די געגנט, וואָס איז איצט טורקעסטאַן, נאָר אַלצדינג פאַזע דעם צפונדיקן וועג. ער דערמאָנט אַ סך שטעט און אַ באַטייטיקע ערד־קולטור. ער קומט אין פאַרקער מיט פאַרשיידענע מושלים, פאַרבינדעטע אָדער מער־ווייניקער נאָמינעל אונטערטעניק צו כינע; צווישן אַנדערע האָט ער אַ באַגעגעניש מיטן כאַן פון די טערקן, אַ גרויסהאַלטערישן פאַר־שוין אָנגעטאָן אין אַ גרינעם סאַטען, זיינע לאַנגע האָר דורכגעפלאָכטן מיט זיידנס.

„די גילדענע שטיקערייען פון דעם דאָזיקן גרויסן געצעלט האָבן געשיינט מיט בלענדנדיקן גלאַנץ; די גרויסע שרים פון הויף זיינען געזעסן אויף קאָבריצעס אין לאַנגע שורות פון ביידע זייטן, אַלע אָנגעטאָן אין גרויסאַרטיקע בראָקאַט־קליידער, בעת די איבעריקע באַ־דינערס פון הויף זיינען געשטאַנען פון הינטן. איר האָט געזען, אַז הגם דאָס איז געווען אַ גרענעץ־רעגירער, אָבער דאָך האָט אַליץ געהאַט אַן אייבזען פון פיינקייט און עלעגאַנץ. דער כאַן איז אַרויס־געקומען פון זיין געצעלט אַרום דרייסיק טריט, מקבל־פנים צו זיין

יאַן טשוואַנג, וואָס נאָך אַ העפלעכער באַגריסונג איז ער אַריין אין געצעלט... נאָך אַ קורצער הפסקה זיינען אַריינגעלאָזן געוואָרן שלוחים פון כינע און קאַאָ־טשאַנג און זיי האָבן דערלאַנגט זייערע בריוו און באַגלויב־פּאַפּירן, וואָס דער כאַן האָט איבערגעלייענט. ער איז געווען שטאַרק געהויבן ביי זיך און האָט געהייסן די שלוחים זיך זעצן; דערנאָך האָט ער באַפוילן ברענגען וויין און מוזיקער פאַר זיך און פאַר זיי און וויינטרויבן־זאַפט פאַר די עולי־רגל. דערנאָך האָבן אַלע צוגעווינטשעוועט איינער דעם צווייטן, און דאָס אָנפילן און אויסליידיקן די בעכערס האָט אָנגעמאַכט אַ קלינגעריי און זשומעריי, בעת די געמישטע מוזיק פון פאַרשיידענע אינסטרומענטן האָט זיך געלאָזט הערן; הגם די לידער זיינען געווען פאָלקס־ניגונים פון אויסלענדער, דאָך האָבן זיי מענג געווען די חושים און משמח געווען די נשמה. אין אַ ווײַלע אַרום האָט מען דערלאַנגט הויפנס געבראָטן רינדפלייש און שאָפּן־פלייש פאַר די אַנדערע, און כשרע שפּייז, ווי קיכלעך, מילך, קאָנפעקטורן, האָניק און וויינטרויבן פאַר די עולי־רגל. נאָך דער סעודה האָט מען ווידער דערלאַנגט וויינטרויבן־זאַפט, און דער כאַן האָט פאַרבעטן יאַן טשוואַנג אויסצונוצן די געלעגנהייט, און דער עולה־רגל האָט דערקלערט די לערנונגען פון די „צען מידות טובות“, רחמנות פאַרן לעבן פון בעלי־חיים און די פּאַראַמיטאַס און באַפרייונג. דער כאַן האָט אויפגעהויבן זיינע הענט, האָט זיך געבוקט און האָט מיט פרייד געגלויבט און אָנגענומען די לערנונג“.

יאַן טשוואַנג באַשרייבט סאַמאַרקאַנד ווי אַ גרויסע און רייכע שטאָט: „אַ גרויסער האַנדלס־לאַגער, דאָס לאַנד אַרום איז זייער פרוכפּעריק, מיט אַ שפע פון ביימער און בלומען, און האָדעוועט אַ סך פיינע פערד. אירע איינוואוינער זיינען קונציקע פאַך־לייט, געשיקט און ענערגיש“. מיר מוזן געדענקען, אַז אין יענער צייט איז אין אַנגלאָ־סאַקסישן ענגלאַנד קיים געווען אַזוינס ווי אַ שטאָט.

אַז זיין דערציילונג דערגייט צו זיינע איבערלעבונגען אין אינדיע, דעמאָלט איז יאַן־טשוואַנג דער פרומער בודיסט גובר דעם רייזנדער, און דאָס בוך ווערט איבערגעפּאַקט מיט משונהדיקע מעשיות וועגן אומגלויבלעכע נסים. פונדעסטוועגן באַקומען מיר אַן איינ־

דריק פון הייזער, בגדים און כּלומה, וואָס איז שטאַרק ענלעך צו דעם, וואָס מיר געפינען אין אינדיע ביי היינטיקן טאָג. פּונקט ווי איצט האָט אויך דעמאָלט די קאַליידאָסקאָפּישע פאַרשיידנאַרטיקייט פון אַן אינדישן המון קאָנטראַסטירט מיט דער בלויער איינפאָרמיקייט פון דער מאַסע אין כינע. אין בודאַס צייט איז אַ ספק, צי מען האָט אין אינדיע געקאָנט לייענען און שרייבן; איצטער איז לייענען און שרייבן געווען אַ געוויינטלעכע זאַך. יואַן טשוואַנג גיט אַן אינטערעסאַנטן באַריכט וועגן אַ גרויסן בודיסטישן אוניווערסיטעט אין נאַלאַנדאַ, וואָס זיינע חורבות זיינען ניט לאַנג געוואָרן אַנטדעקט און אויסגעגראָבן. נאַלאַנדאַ און טאַקסילאַ זיינען געווען, ווייזט אויס, באַטייטיקע דערציִונגס־צענטערס אַן ערך אין דער צייט, ווען אין אַטען זיינען געעפנט געוואָרן די שולן. ער האָט אויך באַזוכט די היילן פון אַדזשאַנטאַ, וואָס וועגן זיי האָבן מיר שוין גערעדט. יואַן טשוואַנג האָט געפינען די קאַסטן־סיסטעם פולקום אײַנגעפעסטיקט, קעגן דעם געזעץ פון בודאַ, און די בראַמינען האָבן איצט געהאַלטן אין גובר זיין. ער רופט אָן די פיר הויפּט־קאַסטעס, וואָס מיר האָבן דערמאָנט, נאָר זיין באַריכט וועגן זייערע פונקציעס איז אַנדערש. די סודרעס, זאָגט ער, זיינען געווען די באַאַרבעטער פון דער ערד. אינדישע שרייבערס זאָגן, אַז זייער עובדא איז געווען צו באַדינען די „צוויימאָל געבאָרענע" קאַסטעס איבער זיי.

נאָר, ווי מיר האָבן שוין באַמערקט, איז יואַן טשוואַנגס באַריכט וועגן דער אינדישער ווירקלעכקייט דורכגעזאַפּט מיט לעגענדעס און פרומע אויסטראַכטענישן. צוליב דעם איז ער געקומען און פון דעם האָט ער געהאַט הנאה. דאָס איבעריקע איז געווען, ווי מיר וועלן זען, אַן אויפגאַבע, וואָס איז אים געשטעלט געוואָרן. די אמונה פון בודאַ, וואָס איז אין די טעג פון אַסאָקאַ, און אַפילו שפּעטער אין דער צייט פון קאַנישקאַ, געווען ריין גענוג, אַז זי זאָל קאָנען באַגייסטערן, איז איצט געווען אינגאַנצן פאַרזונקען אין אַ געמיש פון משונה־ווילדע איינגלויבענישן און זאַבאָבאָנעס: אַ פילאָסאָפיע פון בודאַס אָן אַ צאָל, מעשיות וועגן התגלותן און מופתים, ווי אין אַ פאַסטנאַכט־שפּיל, וועגן טראָגעדיק הערן בדרך־נס הונדערט זעקס־ציינערדיקע העלפאַנדן, וועגן גוטהאַרציקע פירשטן, וואָס לאָזן זיך אויפ־



א מוסטער פון כינעזישער טעפּעריי פון טאנג-פּעריאָד. ליימענע פיגור פון א לאָזאָן.

פרעסן פון אויסגעהונגערטע טיגערס, וועגן טעמפּלען, אויסגעבויט איבער געהייליקטע נעגל־אָפּשניצן און כּדומה אַזעלכע זאַכן. מיר קאָנען דאָ אַזעלכע מעשׂיות ניט געבן; אויב דעם לייענער געפעלן אַזעלכע זאַכן, דאַרף ער זיך ווענדן צו די פּובליקאַציעס פון דער קיניגלעכער אַזיאַטישער געזעלשאַפט אָדער פון דער אינדישער געזעלשאַפט, דאָרט וועט ער געפינען די משוגענע פאַנטאַזיעס איבער גענוג. קענן אַזאַ בודיזם, וואָס איז געווען גייסטיק אונטערגעגראָבן און דערשטיקט אין זיין פאַרגילטער דעקאָראַציע, האָט דער בראַמיניזם אומעטום זיך געשטאַרקט און פאַרכאַפּט דעם פּלאַץ, ווי יואַן־טשוואַנג באַמערקט מיט פאַרדראָס.

צוזאַמען מיט די דאָזיקע באַווייזן פון אַ גרויסער גייסטיקער ירידה אין אינדיע, געפינען מיר אין יואַן־טשוואַנגס דערציילונג כּסדר מעשׂיות וועגן פאַרוויסטע שטעט. אַ גרויסער טייל פון לאַנד האָט נאָך געליטן פון די ווילדקייטן פון די עפּטאַליטן און אַנדערע מהומות. ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל געפינען מיר אַזעלכע שילדערונגען: „ער איז געגאַנגען קיין צפונית־מזרחית דורך אַ גרויסן וואַלד, דער וועג איז געווען אַ שמאָלער, געפערלעכער שטעג, מיט ווילדע בופלאָקסן און ווילדע העלפאַנדן, און רויבערס און יעגערס האָבן געלאָקערט אומעטום צו טויטן רייזנדערס, און אַרויסגעגאַנגען פון וואַלד איז ער געקומען אין לאַנד קאָו־שי־נאַ־קאַ־לאָ (קוסינאַגאַראַ). די שטאָט־מויערן זיינען געלעגן אין חורבות, און די שטעטלעך און דערפער אַרום זיינען געווען פאַרלאָזט. די ציגל־פונדאַמענטן פון דער „אַלט־שטאָט“ (דאָס איז די שטאָט, וואָס איז געווען די הויפּטשטאָט) האָבן געהאַלטן אַרום צען „לי“ אין היקף; דאָ זיינען געווען ווינציק איינוואוינער, דאָס אינעווייניקסטע פון שטאָט איז געווען אַ ווילדע וויסטעניש“. דער חורבן איז אָבער ניט געווען קיין אומעטומיקער; עס ווערן לכל־הפּחות פונקט אַזוי פיל מאָל דערמאָנט באַפעלקערטע שטעט און דערפער און באַאַרבעטע שטרעקעס.

די „לעבנס־באַשרייבונג“ דערציילט וועגן אַ סך שווערעניש אויפן צוריקוועג: ער איז אַריינגעפאַלן צווישן רויבערס; דער גרויסער העלפאַנד, וואָס האָט געטראָגן זיינע משׂאות, איז דערטרונקען געוואָרן;

ער האָט געהאַט אַ סך שוועריקייטן צו קריגן אַ נייעם טראַנספּאָרט. מיר קאָנען דאָ די דאָזיקע טרעפעניש ניט איבערדערציילן.

דער צוריקקער פון יואַן=טשוואַנג קיין סיאַן=פו, דער כינעזישער הויפּשטאָט, איז געווען, ווי מיר ווערן געוואָר, אַ טריומף. לויפערס האָבן געמוזט אָנזאָגן אַפריער, אַז ער קומט. עס איז געווען אַן עפנטלעכער יום=טוב; די גאַסן זיינען געווען אויסגעפּוצט מיט פריילעכע פענער, עס האָט געשפּילט מוזיק. מען האָט אים אַריינגעפירט אין שטאָט מיט גרויס פּאַראַד און צערעמאָניע. עס זיינען געווען נייטיק צוואַנציק פערד צו טראָגן דאָס געווינס פון זיינע נסיעות: ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך הונדערטער בודיסטישע ביכער געשריבן אין סאַנסקריט און געמאַכט פון געריייניקטע פּאַלמען=בלעטער און בערקענער קאָרע צונויפגעבונדן אינאיינעם אין רייען; ער האָט געהאַט אַ סך בילדער פון בודאַ, גרויסע און קליינע, געמאַכט פון גאָלד, זילבער, קרישטאָל און סאַנדל=האָלץ; ער האָט געהאַט הייליקע געמעלן און ניט ווייניקער ווי הונדערט מיט פופציק גוט=באַגלויביקטע אמתע רעליקוויעס פון בודאַ אַליין. יואַן=טשוואַנג איז געוואָרן פאָרגעשטעלט דעם קיסר, וואָס איז זיך מיט אים באַגאַנגען ווי מיט אַ פערזענלעכן גוטן פריינד, האָט אים מיטגענומען אין פּאַלאַץ אַריין און האָט אים אויסגעפרעגט טאָג=פאַר=טאָג וועגן די חידושים פון יענע הפלאדיקע לענדער, וואו ער איז אַזוי לאַנג אָפּגעווען. נאָר בעת דער קיסר האָט געפרעגט וועגן אינדיע, איז דער פרומער בודיסט געווען נוטה צו ריידן נאָר וועגן בודיזם.

די ווייטערדיקע געשיכטע פון יואַן=טשוואַנג האָט צוויי עפּיזאָדן, וואָס וואַרפן אַ שיין אויף דער גייסטיקער אַרבעט פון דעם גרויסן מאָנאַרך טאַי=טסונג, וואָס איז מסתמא געווען פונקט אַזאַ מוסלים, ווי ער איז געווען אַ קריסט אָדער בודיסט. די צרה מיט אַלע רעליגיעזע ספּעציאַליסטן באַשטייט דערין, וואָס זיי ווייסן צופיל וועגן זייער אייגענער רעליגיע און מיט וואָס זי אונטערשיידט זיך פון די איבעריקע; די מעלה, אָדער דער חסרון, פון אַזעלכע שעפערישע מלוכה=מענער ווי טאַי=טסונג און קאָנסטאַנטין דער גרויסער, איז, וואָס זיי ווייסן לפי=ערך ווייניק וועגן אַזעלכע ענינים. באַשיימפערלעך, אַז דאָס גרונטגוטס פון אַלע די דאָזיקע רעליגיעס האָט דעם קיסר טאַי=טסונג אויס=



לעבנס-גרויסע שטיינערנע סקולפטור פון בודא אמידא. מוסטער פון כינעזישער קונסט פון דער טאנג-דינאסטיע.

געוויזן צו זיין איין-און-דאָס זעלביקע גרונט-גוטס. אַזוי איז דאָס געווען נאַטירלעך פאַר אים פאָרצולייגן, אַז יואַן-טשוואַנג זאָל איצט זיך אָפּזאָגן פון זיין פרומען לעבן און קומען אַרבעטן ביי אים אין זיין מיניסטעריום פאַר אויסווייניקסטע ענינים. נאָר יואַן-טשוואַנג האָט דערויף ניט מסכים געווען. דעמאָלט האָט דער קיסר פאַרלאַנגט, ער זאָל כאָטש אָנשרייבן אַ באַריכט וועגן זיינע נסיעות, און אַזוי האָבן מיר געקראָגן דאָס דאָזיקע קלאַסישע ווערק. און צולעצט האָט טאַי-טסונג פאָרגעלייגט דעם דאָזיקן העכסט אָנגעזעעטיקטן בודיסט, ער זאָל איצט אויסנוצן זיין קענטשאַפט פון סאַנסקריט, כדי צו איבערזעצן די ווערק פון דעם גרויסן כינעזישן לערער לאַאָ-טסע, בכדי ער זאָל ווערן צוטריטלעך פאַר אינדישע לייענער.

דעם קיסר האָט, בלי-ספק אויסגעוויזן, אַז דאָס וועט זיין אַ פיינער אָפּצאָל און אַ נוציקער דינסט פאַר יענעם גרונט-גוטס, וואָס ליגט הינטער אַלע רעליגיעס. אין גרויסן און גאַנצן, האָט ער געמיינט, קאָן לאַאָ-טסע זיך אויסגלייכן מיט בודאַ אָדער ער שטייט נאָך אַ ביסעלע העכער פאַר אים, און דערפאַר איז אויב מען וועט זיין ווערק פאָרלייגן די בראַמינער, וועלן זיי אים מיט פרייד אָננעמען. גענוי אין דעם זעלביקן גייסט האָט קאָנסטאַנטין דער גרויזער געטאָן, וואָס ער האָט געקאָנט, בכדי צו מאַכן שלום צווישן אַריוסן און אַטאַנאַסיוסן. נאָר פאַרשטייט זיך, אַז יואַן-טשוואַנג האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם פאָרשלאָג. ער איז אַוועק אין אַ קלויסטער, און האָט פאַרבראַכט זיין רעשט יאָרן דערמיט, וואָס ער האָט איבערזעצט וויפיל ער האָט געקאָנט פון דער בודיסטישער ליטעראַטור, וואָס ער האָט געהאַט מיטגעבראַכט מיט זיך, אין עלעגאַנטער כינעזישער שריפט.

# אינהאַלט פון IIIטן באַנד.

## בוך VI. קריסטנטום און איסלאַם

# אילוסטראַציעס פון ב. III

זייט